# פון אונזער אלטען אוצר

געקליבענע פערל פון אונזערע אלטע קוואלען און
בל׳ערליי ספרים, פון די ראשונים און אחרונים,
איינגעטיילט אויף די סדרות פון דער תורה.

געזאמעלט און בעארבייט
פון ב. יאושזאהן

ערשטער באנד
בראשית

הוצאת
התלמוד

די ערשטע אויסגאבע „פון אונזער אלטען אוצר" (ערשינען אין די יאָהרען 1932—1939) איז באשטאנען פון אכט בענדער און איז געווען איינגעטיילט אין פיר באזונדערע זאמלונגען: יעדע צוויי בענדער האָבען ענטהאלטען חמשה חומשי תורה, ימים טובים, חמש מגילות און פרקי־אבות.

אין דער איצטיגער אויסגאבע — וועלכע ערשיינט אין א פארגרעסערטען פאָרמאט — זענען אלע זאמלונגען פאראייניגט. אזוי ארום ענטהאלט דער ערשטער באנד, ספר בראשית, דאָס גאנצע מאטעריאל אויף בראשית וואָס איז פריהער געווען איינגעשלאָסען אין די אכט בענדער — ווי אויך נייעם מאטעריאל, וואָס ב. יאושזאָהן ז"ל האָט געהאט צוגעגרייט פאר א נייער זאמלונג. און אזוי וועלען אויך קומען די ווייטערע בענדער.



B. YEUSHSON: FUN UNSER ALT'N OITZER

נדפס ברפוס אופסט ישראלי ליצוא
Printed in Israel 1974

שוין עטליכע יאָהר, ווי איך בעשעפטיג זיך מיט'ן זאמלען די פערל פון אונזער אלטען אוצר — פונ'ם ים־התורה.

דער קרייז פון די עוסקים־בתורה ווערט, לײדער, ביי אונז וואָס־ווייטער אלץ מינערער; די „גירסא דינקותא" ווערט פערגעסען; זעלטען ווער עס נעהמט זיך היינט צייט מעיין צו זיין אין אונזערע אלטע ספרים.

איך האָב זיך דעריבער געשטעלט אלס אויפגאבע ארויסצוגעבען א סעריע זאמלונגען — „פון אונזער אלטען אוצר" — וועלכע זאָלען ענטהאלטען די גלענ־צענדסטע פערל פון אונזערע טויזענדער תורה־ספרים אין אלע מקצועות: אויס־געוועהלטע מאמרי חז"ל פון ש"ס און מדרשים, שארפזיניגע פירושים בדרך פשט, דרוש און פלפול, דברי מוסר, מגיד'ישע משלים, הארבע שאלות, וועלט־קשיות, חסיד'ישע תורה־ווערטלעך, הנהגות און מדות פון אונזערע גאונים און צדיקים, שיחות־חולין של תלמידי־חכמים, חריפות'דיגע רבנ'ישע הלצות א.א.וו. דאָס אלץ, ווי וויט מעגליך, בעאַרבייט און פאָפולאַריזירט, עס זאָל זיין פער־שטענדליך און צוגעפאסט אויך פאר'ן מאָדערנעם לעזער.

**ב. י.**

ווארשא, כ"ה ניסן תרצ"ב

די אויבענגעבראכטע שורות פון מיין פאטער'ס ז"ל הקדמה זענען געשריבען געוואָרען מיט העכער צוואנציג יאָהר צוריק.

די אידישע וועלט איז זייט דאן פאר־יתומ'ט געוואָרען און פאראָרימט געוואָרען זענען זייט דאן די קוואלען אונזערע פון תורה און חכמה. דער קול־תורה איז פארשטומט געוואָרען דאָרט, וואו ער האָט אמאָל אָבגעהילכט מיט אזא קראפט, צעשפרייטענדיג זיין ליכט איבער'ן אידישען לעבען אין דער גאַרער וועלט.

דער אלטער אוצר פון טיפער אידישער חכמה און חריפות, פקחות און מוסר, איז היינט צו טאָג אונז טייערער ווי ווען־עס־איז. און מעהר ווי ווען־עס־איז, איז וויכטיג, אז דאָס דאָזיגע ליכט פון אונזער אלטען אוצר זאָל ארייַנדרינגען און בלייבען אין אונזערע שטובען און הערצער — נישט נאָר אלס א דענקמאָל פאר א פארשוואונדענער וועלט, נאָר, נאָכמעהר, אלס א טייל פון אונזער לעבען, פונ'ם אידישען לעבענס־וועג.

אין יאָהר 1930 האָט ב. יאושזאָהן ז"ל (צום ערשטען מאָל אין דער אידישער פרעסע) איינגעפירט, יעדען ערב־שבת, אין ווארשאווער „היינט" דאָס ווינקעל פון תורה — „פון אונזער אלטען אוצר". און ער איז אָנגעגאנגען מיט דער ארבייט ביז די לעצטע שעה'ן פון זיין לעבען, געפינענדיג אין איהר א קוואל פון ערמוטיגונג אין טעג פון צאָרן און גרויל.

פיעל יאָהרען ארבייט, און נאָך מעהר ליבע און דביקות, האָט ב. יאושזאָהן ז"ל געווידמעט דער זאמלונג און באארבייטונג פון אָט די פערל איג'ם ברייטען אידישען קוואל.

איך האָף, אז אויך דאָס גרויסע מאטעריאל וואָס ער האָט צונויפגעזאמעלט און נישט באוויזען צו באארבייטען וועט, מיט דער צייט, ערגענצען די איצטיגע בענדער.

**ה. יוסטמאן**

ירושלים, אלול תשי"ג.

# בְּרֵאשִׁית

## בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ... (א. א.)

„בראשית" — פלעגט זאָגען רבי משה לייב סאסובער — דאס ערשטע, וואס א איד דארף וויסען, איז — „ברא אלקים את השמים ואת הארץ", אז דער אויבערשטער האָט באשאפען די וועלט, אז עס איז דאָ א מנהיג און עס פיהרט זיך נישט, חלילה, אליין...

אינ׳ם וואָרט „בראשית" זענען מרומז די זעקס וויכטיגסטע עיקרים, וועלכע זענען נויטיג פאר׳ן מענש, נעמליך: **ב**טחון, **ר**צון, **א**הבה, **ש**תיקה, **י**ראה, **ת**ורה...

(ווילנער גאון)

„ב ר א" איז — בנים, קינדער; „ב ר א" איז — בריאות, געזונד; „ב ר א" איז — תבואה, שפייז. „בראשית", אָט דאָס איז דער ראשית, די ערשטע פאָדערונגען, די הויפט-פערלאנגען פון איטליכען מענש — „בני, חיי ומזוני"...

(רבי וואָלף סטריקאָווער)

די תורה הויבט זיך אָן מיט א ב׳, און אויך די גמרא הויבט זיך אָן יעדע מסכתא מיט דף ב׳, נישט מיט דף א׳, כדי מרמז צו זיין, אז וויפיעל מיר זאָלען נישט פאָרשען און חקרנ׳ען, זענען מיר נאָך אלץ נישט צוגעקומען צו דעם א׳. מיר ווייסען נאָך גאָרנישט און מיר האלטען נאָך אלץ פאר׳ן אָנהויב...

(רבי לוי יצחק בערדיטשעווער)

„אמר רבי יצחק לא הי׳ צריך להתחיל את התורה מהחודש הזה לכם וכו׳". (רש״י)

אין פיעל ספרים, צווישען זיי אויך אין „נחל קדומים" פון חיד״א, ווערט געבראכט, אז רבי יצחק, וואס ווערט דאָ דערמאָהנט, איז דער נאָמען פון רש״י׳ס פאָטער און לכבודו הויבט רש״י אָן דעם פירוש אויף תורה מיט׳ן פאָטערס א מאמר.

באמת אָבער געפינט זיך דער דאָזיגער מאמר אין זהר פ׳ בא דף ל״ט: „אמר רבי יצחק לא היה צריך לכתוב אורייתא אלא מהחדש הזה לכם וכו׳". דער זעלבער מאמר ווערט אויך געבראכט אין בראשית רבה פ״א אין נאָמען פון „רבי יהושע דסכנין בשם רבי לוי" און אין מדרש רבה שיר השירים, אויפ׳ן פסוק „הביאני המלך חדריו", אין נאָמען פון ר׳ ינאי.

(פרדס יוסף)

בעת רבי לוי יצחק בערדיטשעווער איז זיך איינמאָל צונויפגעקומען מיט רבי שניאור זלמן מלאדי, האָט ער זיך פאר איהם מתנצל געווען, אז ער ליידט שטארק

דערפון, וואָס ער איז נאָך נישט דערגאנגען צו דער מדרגה צו קאָנען דינען דעם אויבערשטען אָהן א שום פערזענליכע פניה און נגיעה.

דערויף האָט איהם רבי שניאור זלמן געטרייסט, אז אויך דער רבונו של עולם, וואָס פון זיינע מדות דארפען מיר זיך אראָבלערנען, האָט אין זיינע מעשים א פערזענליכע נגיעה, דען עס שטעהט דאָך: „כל מה שברא הקב״ה בעולמו לא ברא אלא לכבודו״ (אבות פרק ו׳, יא.).

— עס איז נישט קיין פערגלייך — ענטפערט רבי לוי יצחק — ביים רבונו של עולם איז דאָך די נגיעה — לשם שמים...

„בראשית ברא, אין המקרא הזה אומר אלא דרשוני וכו׳״ (רש״י)

רבי ישראל ריזשינער פלעגט שטארק פעראיבעל האָבען אויף יענעם מין מגידים, וועלכע צוקאלעטשען די פסוקים, ארויסדרייגענדיג פון זיי די פערשידענסטע זאכען, וואָס זענען פאר זיי נויטיג. און ער פלעגט זאָגען: „בראשית ברא, אין המקרא הזה אומר״ — באלד דער ערשטער פסוק פון דער תורה בעט זיך רחמים ביי די דרשנים, אז נישט אנדערש, אלא, נאָר — „דרשוני כמו שדרשו חז״ל — דרשנט מיך אויפ׳ן זעלבען שטייגער און אופן, ווי עס טהוען די חז״ל — בשביל התורה וכו׳ ובשביל צדיקים״ — אָדער איהר זאָלט דערמיט אויסען זיין צו זאָגען א ריכטיגען פשט אין דער תורה, אָדער „בשביל צדיקים״, אָנצוווייזען דעם עולם דעם דרך צדיקים און איהם מעורר זיין צו תשובה און מעשים טובים...

„הדא הוא דכתיב ראש דברך אמת״ (ילקוט).

די סופי תיבות פון די ערשטע דריי ווערטער „בראשית ברא אלקים״, זענען די אותיות „אמת״. דאָס ווארט „אמת״ בעטרעפט במספר קטן — 9, דאָס ווארט „שקר״ — 6, און ווען מען זאל צעהלען יעדע דריי אותיות, אנהויבענדיג פונ׳ם „ראש דברך״, פונ׳ם אות, מיט וועלכען עס הויבט זיך אָן די תורה, פון דער ב׳, וועלען זיי שטענדיג בעטרעפען די צאָהל 9, דעם מספר פון „אמת״, למשל: ב׳, ג׳, ד׳ — איז 9, ה׳ ו׳ ז׳ — 18 (8 און 1 איז 9) ח׳, ט׳, י׳ — 27 (7 און 2 איז 9) כ׳, ל׳, מ׳ — 90 (ווידעראמאָל 9), נ׳, ס׳, ע׳ — במספר קטן 18 (8 און 1 איז 9), פ׳, צ׳, ק׳ — במספר קטן — 27 (7 און 2 איז 9), ר׳, ש׳, ת׳ — במספר קטן — 9.

דאגעגען ווען מען זאל אנהויבען צעהלען פון א׳, וועלען יעדע דריי אותיות באטרעפן — 6, דעם מספר פון „שקר״: א׳, ב׳, ג׳ — איז 6, ד׳, ה׳, ו׳ — 15 (5 און 1 איז 6), ז׳, ח׳, ט׳ — 24 (4 און 2 איז 6), י׳, כ׳, ל׳ — במספר קטן 6, מ׳ נ׳, ס׳ — במספר קטן 15 (5 און 1 איז 6) און אזוי ווייטער...

(דת ודעת)

## ברא אלקים את...

די סופי־תיבות פון די דאָזיגע דריי ווערטער, מיט וועלכע עס הויבט זיך אָן בריאת־העולם, ווי די סופי־תיבות פון די ווערטער „ברא אלקים לעשות״, מיט וועלכע

עס פערענדיגט זיך בריאת־העולם, זענען — „א מ ת". דאָס איז דער יסוד פון דער בריאה. אָהן דעם קאָן די וועלט קיין קיום נישט האָבען...

(צרור המור)

## והארץ היתה תוהו ובוהו וכו'... (א. ב.)

„והארץ היתה תוהו — זה מעשיהן של רשעים, ויאמר אלקים יהי אור — זה מעשיהן של צדיקים, אבל איני יודע באיזה מהן חפץ, ממה דכתיב וירא אלקים את האור כי טוב — הוי במעשיהן של צדיקים הוא חפץ ואינו חפץ במעשיהן של רשעים".

וועגען דעם זין און בעדייטונג פון דאָזיגען אונפערשטענדליכען מאמר איז שוין א סך טינט פערגאָסען געוואָרען, וואָרום ווי געשיקט זיך עס, ווי קאָן דען גאָר זיין א הוה אמינא צו מיינען, אז השי"ת וואָלט בעסער וועלען די מעשים פון די רשעים?

נאָר די גמרא זאָגט: „גדולה הסרת הטבעת יותר ממ"ח נביאים וז' נביאות שנתנבאו לישראל, שכולן לא החזירן למוטב וזו החזירן למוטב" (מגילה י"ד).

אלזאָ נישט־נור די צדיקים זענען בכח מחזיר למוטב צו זיין די אידען, נאָר אָפט ווערט עס דערגרייכט מיט א פיל גרעסערן ערפאָלג דורך די רשעים, וואָס מיט זייער אונגעוועהנליכער רשעות צווינגען זיי די אידען תשובה צו טהון. וועלכער וועג איז בעסער? — „ממה דכתיב וירא אלקים את האור כי טוב, הוי במעשיהן של צדיקים הוא חפץ". אמבעסטען איז דער ערשטער וועג, אז די אידען זאָלען תשובה טהון דורך די מעשים פון די צדיקים, און נישט דורך דעם, וואָס די רשעים וועלען זיי נויטען און צווינגען דערצו...

(דת ודעת)

## ויאמר אלקים יהי רקיע בתוך המים... (א. ו.)

„יתחזק הרקיע שאעפ"י שנבראו שמים ביום א' עדיין לחים היו וקרשו בשני מגערת הקב"ה באומרו יהי רקיע" (רש"י).

און דערפון — האט געזאָגט דערויף דער חידושי הרי"ם — נעהמט זיך דער אויסדרוק „יראת שמים" און „ירא שמים", דען די ערשטע, וועלכע האָבען ארויסגעוויזען יראה פאר'ן אויבערשטען זענען געוועזן די הימלען...

## ויהי ערב ויהי בקר יום שני... (א. ח.)

„למה לא נאמר בשני כי טוב, מפני שכתוב בו ויבדל". פארוואָס ווערט אויפ'ן צווייטען טאָג נישט געזאָגט „כי טוב", ווייל אינ'ם דאָזיגען טאָג איז בעשאפען געוואָרען פירוד, מחלוקת — „ויהי מבדיל בין מים למים"... אלזאָ, מה־דאָך אויף אזא אונשולדיגען פירוד, וועלכער איז דאָך נויטיג געוועזן פאר'ן תיקון־העולם, ווערט נישט געזאָגט „כי טוב", מכל־שכן ביי א ווירקליך פיינדליכע און שעדליכע מחלוקת...

(בראשית רבה)

פרעגט זיך: אויך אין יום ראשון שטעהט דאָך „ויבדל" („ויבדל אלקים בין האור ובין החשך"), פארוואָס איז דארט יאָ געשריבען „כי טוב"? — דער תירוץ איז: דאָרט,

אינ'ם ערשטען טאָג, איז דער הבדל געמאַכט געוואָרען צווישען אור און חשך, געשיקט זיך טאקע צו זאָגען דערויף — „כי טוב". אזוי איז גוט. אזוי דאַרף זיין. אור און חשך מוזען זיין דערווייטערט צווישען זיך. ליכט און פינסטערניש קאָנען נישט און טאָרען נישט לעבען צוזאַמען. דאָ אָבער, אין צווייטען טאָג, איז דער הבדל געמאַכט געוואָרען „בין מים למים", צווישען איין און דעם זעלבען עלעמענט, צווישען לייבליכע ברידער, און דאָס איז נישט גוט. אויף אזא פירוד קאָן מען, ליידער, נישט זאָגען „כי טוב"...

(הרב ש. קליין)

## יהי מארת ברקיע השמים... (א. יד.)

דערפאַר איז דאָס וואָרט „מארת" חסר, אָהן א ו', ווייל די לבנה, הגם פאַר אונז לייכט זי, איז זי אָבער באמת, כידוע, א גאַנץ געוועהנליכער פינסטערער פּלאַנעט „דלית לה מדגרמה כלום"...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

## ואת המאור הקטן לממשלת הלילה ואת הכוכבים... (א. טז.)

„ואת הכוכבים — על ידי שמיעט את הלבנה הרבה צבאיה להפיס דעתה" (רש"י)

וואָס פאַר א פּיוס און בעפרידיגונג איז דאָס פאַר דער לבנה, וואָס מען האָט אויך בעשאַפען שטערען? אנטקעגן דער זון איז זי דאָך נאָך אלץ געבליבען דער „המאור הקטן"?

דער פּיוס איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס אנשטאָט צו זיין די קלענסטע, האָט מען איהר געוויזען, אז ס'זענען פאַרהאַן נאָך קלענערע פון איהר. פאַר די יעניגע, וואָס ליידען פון קנאה, איז אויך דאָס גופא שוין א געוויסע בעפרידיגונג...

(תורת יהודה)

## ויאמר אלקים נעשה אדם... (א. כו.)

מיט די דערמאָהנטע ווערטער האָט זיך השי"ת געווענדעט צו די בעשאַפענע ברואים: „נעשה אדם" — צוזאַמען, בשותפות, זאָלען מיר צונויפשטעלען דעם מענש; זאָל איהם יעדעס בעשעפעניש עפּיס צושטייער געבען... צניעות זאָל ער זיך אָפּלערנען פון החתול, גזל — פון נמלה, עזות — פון נמר, גבורה — פון אריה, זריזות — פון נשר, און אזוי ווייטער...

(ווילנער גאון)

„אָדם" איז דער סימבאָל פון אחדות. דאָס איז דער הויפּט־יסוד און הויפּט־תנאי פאַר דער מענשליכער עקזיסטענץ. נור ביי א פרידליכער צוזאַמענלעבונג וועלען מענשען קענען עקזיסטירען.

דאָס וואָרט „אָדם" האָט נישט קיין לשון־רבים...

(עוללות אפרים)

בשעת בריאת־האדם האָבען זיך די מלאכים פונאנדערגעטיילט אין פערשידענע גרופּען. א טייל פון זיי האָבען מסכים געווען, מען זאָל בעשאפען דעם מענש, אנדערע זענען געווען געגען. „חסד" האָט געזאָגט: זאָל מען איהם בעשאפען, דען ער וועט זיין א גומל־חסדים, „אמת" אָבער האָט גע׳טענה׳ט: זאָל מען איהם נישט בעשאפען, דען ער וועט זיין כולו שקרים. „צדק" האָט געזאָגט: זאָל מען איהם בעשאפען, דען ער וועט טהון צדקות, „שלום" אָבער האָט גע׳טענה׳ט: זאָל מען איהם נישט בעשאפען, דען ער וועט זיך פערנעהמען שטענדיג מיט מחלוקת. „מה עשה הקב"ה? — נטל אמת והשליכו לארץ" (וממילא איז שוין געווען א מעהרהייט דערפאר, מען זאָל דעם מענש יא בעשאפען)...

(בראשית רבה)

פרעגט זיך: פארוואָס האָט מען, אום צו בעקומען א מעהרהייט, גראָד אראָב־געוואָרפען דעם „אמת" און נישט דעם צווייטען געגנער — „שלום"?... דער תירוץ איז: ווען מען וואָלט אראָבגעוואָרפען דעם „שלום" און עס וואָלט פערבליבען דער „אמת", וואָלטן דאן די אנדערע צוויי, דער „חסד" מיט׳ן „צדק", נישט געקאָנט מכריע זיין, דען — געגען אמת פועל׳ט נישט קיין מעהרהייט...

(רבי שלמה קלוגער)

ווען מען ווארפט אראָב דעם שלום — האָט געענטפערט דערויף רבי חיים בריסקער — וואָלט עס געוואָרען צובראָכען און עס וואָלט געוואָרען אויס שלום, דאגעגען דעם אמת קאָן מען נישט צוברעכען. וויפיעל עס זאָל דערפון נישט בלייבען, אפילו נור א שטיקעל אמת — איז עס אלץ אמת...

ווען מען וואָלט אראָבגעוואָרפען דעם „שלום" און דער „אמת" וואָלט ווייטער געבליבען מיט זיין טענה: „אל יברא, שכולו שקרים", — האָט געזאָגט דערויף רבי מענדעלי קאָצקער — וואָס וואָלט שוין דאן גֶעהאָלפען די פערטיידיגונג פון „חסד": „שהוא גומל חסדים" און דער לימוד־זכות פון „צדק": „שהוא עושה צדקות", וויבאלד סיי די צדקות און סיי די חסדים זענען אין דער ווירקליכקייט נישט מעהר ווי שקר...

(אוהל תורה)

לעולם האָבעןביידע בעלי־דברים א ביסעל מגזם געווען מיט זייערע טענות, אז „כולו קטטות" און „כולו שקרים", דען א געוויסע מאָס שלום און א קליינע דאָזע אמת איז נאָך פאָרט פארהאן אויף דער וועלט. איז בנוגע דעם שלום, מעג ער אביסעל מגזם זיין, דען אזוי איז שוין די טבע זיינע, דער שלום טרייבט שטענדיג א ביסעל איבער... דאגעגען דער אמת, אויב ער איז מגזם, איז עס דאָך אויס אמת, און מיט זיין טענה: „שכולו שקרים", האָט ער אלזאָ אליין געזאָגט שקר... און דעריבער — „והשליכו לארץ".

(משל ומליצה)

דעריבער האָט מען איהם אראָבגעוואָרפען אויף דער ערד, ווייל דאָ, אויף דער ערד, וועט ער זעהן, אז עס איז נישט מעגליך אויסצוקומען אויף דער וועלט בלויז מיט'ן אמת...

(אסם בושם)

— דעריבער — פלעגט זאָגען דער רבי ר' בונם — האָט מען אראָבגעוואָרפען דעם „אמת" און נישט דעם „שלום", ווייל אָהן שלום קאָן גאָרנישט זיין, קאָן מען נישט עקזיסטירען, דאגעגען אָהן אמת, אויב מען מיינט לשם שלום, קומט מען שוין שפּעטער צום אמת אויך...

און רבי מענדעלי, דער רבי פון קאָצק, האָט געזאָגט דערויף, אז דערפאר האָט מען דעם אמת אראָבגעוואָרפען צו דער ערד, בכדי דערמיט צו ווייזען, אז צום אמת קאָן מען נישט דערגרייכען בקומה זקופה, מיט א פערריסענעם קאָפּ, מיט תקיפות און עקשנות פון „קבלו דעתי". — צום אמת דארף מען זיך אראָבבויגען...

רבי מענדעלי קאָצקער און רבי יצחק וואָרקער האָבען צווישען זיך געלעבט אין פריינדשאפט, בשלום ושלוה, דאגעגען די חסידים פלעגען זיך כסדר ארומקריגען. איינמאָל האָבען זיך די צווי רביים צונויפגעטראָפען, רופט זיך אָן דער וואָרקער צום קאָצקער: כ'האָב פאר אייך, קאָצקער רבי, גוטע נייעס: אונזערע חסידים האָבען צווישען זיך שלום געמאכט! ווי רבי מענדעלי האָט דאָס דערהערט האָט ער א געשריי געטהון: אוי וועה, כ'האָב מורא אז דער שקר האָט גובר געווען! חידושט זיך רבי יצחק וואָרקער: פארוואָס עפּיס? ווי פאלט איהר אויס? ענטפערט איהם רבי מענדעלי: אין מדרש ווערט דערצעהלט, אז בשעת בריאת־האָדם זענען חסד און צדק געווען דערפאר, מען זאָל יאָ בעשאפען דעם מענש, שלום און אמת זענען געווען געגען, „מה עשה הקב"ה? נטל אמת והשליכו לארץ". איז דאָך אין פלוג קשה: מילא פון אמת איז מען טאקי פטור געוואָרען און ער האָט מעהר נישט געשטערט, אָבער וואָס האָט מען געטהון מיט'ן שלום, אויך ער איז דאָך געווען פון די געגנער און וואָס האָט מען אויף זיינע טענות געענטפערט? נאָר דער תירוץ איז: יעדע מחלוקה לשם־שמים שטאמט פון מקור האמת, דער אמת דערלאָזט נישט צו קיין אונערליכען, פאלשען שלום, קוים אָבער בעזייטיגט מען דעם אמת, האָט מען שוין דאן פאר'ן שלום נישט וואס מורא צו האבען... און דערפאר, אז איך הער פון אייך, דאס די חסידים אונזערע האָבען צווישען זיך שלום געמאכט, האָב איך שטארק מורא, צי האָבען זיי נישט אמאָל אוועקגעוואָרפען דעם אמת, צי האָט נישט אמאָל דער שקר, חלילה, גובר געווען...

(אהל יצחק)

צווישען די פערשידענע טענות, וואָס די מלאכים האָבען ארויסגעשטעלט געגען בריאת האָדם, איז אויך געווען די טענה: „אל יברא, שכולו קטטות", אז עס לוינט איהם נישט צו בעשאפען, דען ער וועט זיך פערנעמען בלויז מיט מחלוקת און קריגערייען. בשעת אָבער השי"ת האָט דערזעהן, אז „מלאכי השרת מדיינין אלו עם אלו", אז צוליב דער דאָזיגער פראגע הויבען זיך אָן די מלאכים אליין ארומצוקריגען, האָט ער בעשלאָסען

נישט צו רעכענען זיך מעהר מיט זייער מיינונג און איהם יאָ צו בעשאפען, וואָרום מען קאָן דאָך נישט פערלאַנגען פונ׳ם מענשען, אז ער זאָל נאָך זיין בעסער פון די מלאכים...

(חדושי הרי״ם)

„כל אדם שיש בו גסות הרוח כאלו כפר בעיקר" (סוטה ה׳)

פארוואָס איז „כאילו כפר בעיקר"? —

האָט געענטפערט דערויף דער רבי ר׳ העשיל: פונ׳ם פסוק „נעשה אדם", ווייל ער איז געשריבען בלשון רבים, האָבען די מינים ארויסגעדרינגען, אז עס זענען פאַרהאַן, חלילה, שתי רשויות, באמת אָבער, ווי עס ערקלערען די חז״ל, איז עס דעריבער געשריבען בלשון רבים כדי „ללמד דרך ארץ ומדת ענוה שיהא הגדול נמלך ונוטל רשות מן הקטן". קוים אָבער איז איינער א בעל־גאוה, א גס־רוח, בעווייזט ער דאָך דערמיט, אז ער האלט נישט פונ׳ם דרש, אז דערפאר איז „נעשה אדם" געשריבען בלשון רבים, „כדי ללמד דרך ארץ ומדת ענוה", און לויט איהם קומט דאָך אליזאָ אויס, אז עס זענען חלילה, געווען שתי רשויות, און דעריבער — „כאילו כפר בעיקר".

ביים בעשאפען אָדם׳ן האָט זיך השי״ת פריהער מתיעץ געווען מיט די מלאכים, דאגעגען ביי חוה׳ן האָט ער זיך מיט קיינעם פריהער נישט בעראטען.

און דערפאר מאכען די פרויען יעדען טאָג א ברכה: „שעשני כרצונו" — ער האָט מיך בעשאפען לויט זיין אייגענעם רצון...

(ישועות יעקב)

## ויברא אלקים את האדם... (א. כז.)

פארוואָס שטעהט נישט אויך ביי בריאת־האדם „כי טוב"? — ווייל אלע אנדערע ברואים, מיט׳ן מאָמענט, וואָס זיי זענען בעשאפען געוואָרען, זענען זיי געווען פולקאָם פערענדיגט, פולקאָם פארטיג און מען האָט גלייך געקאָנט זעהן, אויף וויפיעל זיי זענען געלונגען. דעם מענשען אָבער איז געגעבען געוואָרען די בחירה, ער זאָל זיך אליין ערשט אָנהויבען ענטוויקלען, און דעריבער איז פריהצייטיג צו שרייבען אויף איהם „כי טוב", דען מען דאַרף פריהער אָבוואַרטען און זעהן, ווי אזוי ער וועט זיך אויפפיהרען, וואָס פון איהם וועט אויסוואַקסען...

(לויט׳ן כלי־יקר)

## זכר ונקבה ברא אותם... (א. כז.)

דערויף זאָגט דער בעל־הטורים:

„זכר בגמטריא ברכה, ונקבה בגמטריא קללה"...

די לעצטע גמטריא שטימט אָבער נישט, דען „קללה" בעטרעפט 165 און „ונקבה" — נאָר 163... סיידען אפשר עס דאַרף שטעהן אין בעל־הטורים: „ובנקבה".

## ויראל אלקים את כל אשר עשה והנה טוב מאד... (א. לח.)

„והנה טוב מאד — זה יצר הרע“. אויך ער איז דעם מענשען נויטיג... וואָרום ווען נישט דער יצר־הרע, וואָלט דער מענש קיין הויז נישט געבויט, קיין פרוי נישט גענומען, קיין קינדער נישט געבוירען און קיין משא־ומתן נישט געפיהרט...

(בראשית רבה)

„טוב זה מלאך החיים, מאד זה מלאך המות“. (ילקוט)

„טוב“ — דער, וואָס לאָזט זיך בעגנוגענען מיט'ן ביסעל גוטס, וואָס ער האָט און ער איז א שמח בחלקו, „זה מלאך החיים“, פערלענגערט עס און פערזיסט איהם דאָס לעבן, דאגעגען „טוב מאד“, ווען דער מענש איז קיינמאָל נישט צופרידען און ער יאָגט זיך נאָכ'ן „מאד“, נאָך לוקסוס און נאָך מותרות — „זה מלאך המות“, איז דאָס זיין מלאך־המות, וואָס איז איהם מקצר די יאָהרען...

(דובנער מגיד)

## ויהי ערב ויהי בקר יום הששי... (א. לא.)

ווי אזוי מעגען מיר אָנהויבען דעם שבת'דיגען קידוש מיט די ווערטער „ויהי ערב ויהי בקר יום הששי“, ווערהענד עס איז דאָך א בפירוש'ער מאמר: „כל פסוקא דלא פסקיה משה אנן לא פסקינן“, אז מען טאָר נישט פונאנדערטיילען און אנהויבען פון א האלבען פסוק?

דידאָזיגע פראגע ווערט בערירט אין חתם־סופר ח"א סי' י', ווי אויך אין סידור פון רבי יעקב עמדין, און דער ענטפער איז, אז אין מס' סופרים פרק א' הלכה ז' ווערט דייטליך געזאָגט, אז „ויהי ערב ויהי בקר“ איז א גאנץ בעזונדערער פסוק.

חוץ לזה, ווי עס איז צו זעהן פון ברכות י"ד, טאָר מען נאָר נישט מ ס י י ם זיין אין מיטען א פסוק, אָבער אָנהויבען — יאָ.

## ויפח באפיו נשמת חיים... (ב. ז.)

א נשמה, וועלכע זאָל שטענדיג לעבען, וועלכע שטארבט נישט אָב צוזאמען מיט'ן קערפער...

(חזקוני)

## ויטע ד' אלקים גן בעדן מקדם... (ב. ח.)

א חדוש, וואָס אין דער צייט, וואָס עס האָט זיך שוין איינגעגעבען צו ענטדעקען אלע פערבאָרגענסטע און געהיימסטע ווינקעלעך פון דער וועלט, איז נאָך פונדעסטוועגען עד־היום נישט געלונגען אויסצוזוכען דאָס אָרט פון גן־עדן, וועגען וועלכען עס ווערען אין דער תורה אָנגעוויזען דייטליכע סימנים, וואו עס געפינט זיך?

נאָר גאנץ מעגליך, אז פערשידענע רייזענדע האָבען שוין לאנג אויסגעזוכט

און געפונען דעם גן־עדן און דאָס, וואָס מיר ווייסען נישט וועגען דעם, איז דערפאַר, ווייל ווער פון זיי וועט עס זיין אזא נאר און וועלען פון דאָרט צוריקקומען?...

(ספר התשבי פון ר׳ אלי׳ בחור)

— אין פלוג — פלעגט זאָגען רבי נפתלי ראָפשיצער — קאָן זיך אויסדוכטען, אז עס וואָלט אפשר בעסער געווען, ווען דער גן־עדן מיטן גיהנום וואָלטען זיך געפונען דאָ אויף אונזער וועלט, כדי אלע זאָלען זעהען, ווי מען איז די רשעים מעניש פאר זייערע זינד און די צדיקים בעקומען שכר פאר זייערע מעשים־טובים, און דער מוסר־השכל זאָל אלעמען שטעהען פאר די אויגען... באמת אָבער איז בעסער, וואָס ס׳איז נישט אזוי. וואָרום שטעלט אייך פאָר, ווען מיר זעהען, ווי מען נעהמט א איד, וואָס אלע האָבען איהם ביי זיין לעבען געהאלטען פאר א צדיק תמים, און מען פיהרט איהם גאָר פלוצים אריין אין גיהנום, וואָס וואָלטען מענשען דאמאָלס געזאָגט? זיי וואָלטען דאָך דאמאָלס גרויס תרעומות געהאט אויפ׳ן רבונו של עולם... און דעריבער זאָגט טאקי דוד המלך: „מה רב טובך אשר צפנת ליריאיך, פעלת לחוסים בך, נגד בני אדם״. דעריבער האָט מען דאָס אלץ בעהאלטען אויף שפעטער — „נגד בני אדם״, כדי די בני אדם, די מענשען, זאָלען פערשפאָרען קשיות צו פרעגען...

— רבונו של עולם — פלעגט זאָגען א געוויסער צדיק — ווען די זינדיגע תאוות און דער יצר־הרע וואָלטען געווען בלויז דערמאָהנט אין דער תורה, דאגעגען דעם גן־עדן מיט׳ן גיהנום וואָלטען מיר געהאט ביי זיך און זיי וואָלטען געשטאנען איטליכען פאר די אויגען, וואָלט דאמאָלס זיכער קיין שום בשר־ודם נישט געזינדיגט. איצט אָבער, ווען ס׳איז ליידער פערקעהרט: ווען דער יצר־הרע און די אלע זינדיגע תאוות געפינען זיך אין אונז, און דער גן־עדן מיט׳ן גיהנום — אין דער תורה, טאָ וואָס איז דער חידוש, וואָס דער מענש האלט אין איין זינדיגען?...

(אור הנר)

## ועץ החיים בתוך הגן... (ב. ט.)

דער מענש, ווערט געזאָגט אין רמב״ם (הלכות דעות פרק א׳), דארף אין אלע מדות זיך בעמיהען צו דערווייטערן פון עקסטרעמען און צו געהן נור בדרך הממוצע, אין מיטעלוועג, און אזוי איז אונז אויך מרמז דער פסוק: „ועץ החיים בתוך הגן״, דער לעבענס־בוים געפינט זיך בתוך הגן, אין מיטען פון גאָרטען...

דערויף זאָגט דער רמב״ן: „וכבר אמרו, שלשה אמרו אמת ואבדו מן העולם, ואלו הן: נחש, ומרגלים ודואג האדומי הבארותי״.

וואו געפינט זיך אין די חז״ל אזא מאמר?

צווייטענס, וואו געפינען מיר אין תנ״ך, אז דואג האדומי זאָל בעצייכענט ווערען מיט׳ן וואָרט „הבארותי״?

(כנסת הגדולה)

## ויניחהו בגן-עדן לעבדה ולשמרה... (ב. טז.)

השי״ת האָט געוואָלט אויספּרובען דעם ניי־בעשאפענעם מענש, ווי אזוי ער וועט זיך אויפפיהרען, ווען ער וועט זיך געפינען אין א גן־עדן, ארומגערינגעלט מיט בלויז גוטס, און אָט האָט זיך ארויסגעוויזען, אז דווקא דאָרט, זייענדיג פערזאָרגט מיט כל־טוב, איז ער דעם ערשטען חטא בעגאנגען...

(דברי חכמים)

אינ׳ם נוסח פון די „שבע־ברכות״, מיט וועלכע מען בענשט חתן־כלה, ווערט געזאָגט: „שמח תשמח רעים אהובים כשמחך יצירך בגן־עדן מקדם״. פארוואָס עפּעס ווערט עס גראָד פערגליכען צו יענער שמחה? — עס ווערט געמיינט צו ווינשען דעם יונגען פּאָר׳ל, זיי זאָלען זיך געגענזייטיג בלייבען טריי, פונקט ווי עס זענען זיך טריי געווען אדם וחוה אין גן־עדן, ווען ס׳איז נאָך קיין פרעמדער מאן און קיין פרעמדע פרוי אויף דער וועלט נישט געווען, און דאן האָבען זיי דאָך זיכער איינער דעם צווייטען נישט פערראַטען...

(אנ׳אלט ווערטעל)

## לעבדה ולשמרה...

„לעבדה — זו מצות עשה, ולשמרה — זו מצות לא תעשה״ (רש״י)

געוועהנליך טייטשט מען, אז דאָס בעציהט זיך בכלל אויף די מצוות, די עשה׳ס און לא־תעשה׳ס פון דער תורה.

דער מגן־אברהם אָבער, אין זיין ספר „שמן ששון״, טייטשט גאנץ איינפאך, אז דאָס רעדט זיך וועגען ערד־ארבייט. „לעבדה — זו מצות עשה״, עס איז א מצות־עשה, פונקט ווי יעדע אנדערע מצוה פון דער תורה, צו בעארבייטען די ערד, „ולשמרה — זו מצות לא־תעשה״, אויב מען היט נישט די ערד און מען לאָזט זי וויסט און אונ־בעארבייט, איז מען עובר אויף א לא־תעשה...

## ומעץ הדעת טוב ורע לא תאכל... (ב. יז.)

דער רבי ר׳ זישע האָט זיך אמאָל געוואונדערט צום ברודער זיינעם, דעם רבי׳ן ר׳ אלימלך, און געזאָגט: ברודער־סערדצע! עס ווערט געזאָגט אין די ספרים הקדושים, אז אדם הראשון האָט כולל געווען אין זיך אלע אידישע נשמות, האָט זיך דאָך אויך דיין נשמה דאָרט געפונען, טאָ פארוואָס האָסטו דאן דערלאָזט, אז אדם זאָל זינדיגען און עסען פון עץ־הדעת? — ענטפערט איהם דערויף דער רבי ר׳ אלימלך: איך האָב איהם געלאָזט, ליעבער ברודער, ווייל אויב נישט, וואָלט ער זיך שטענדיג ארומ־געטראָגען מיט די אפּיקורסישע ספקות, מיט וועלכע דער נחש האָט איהם אָנגעשטעקט, איינרעדענדיג איהם, אז אויב ער וועט עסען פון עץ־הדעת, דאן — והייתם כאלקים״, און „הרהורי עבירה קשים מעבירה״... בעסער זאָל ער שוין בעגעהן דעם חטא גופא, איידער ארומטראָגען זיך דעם גאנצען לעבען מיט אזעלכע זינדיגע, אפּיקורסישע מחשבות...

## כי ביום אכלך ממנו מות תמות... (ב. יז.)

אמת טאקי, ער האָט נאָך געלעבט נאכהער גאנצע ניין הונדערט און דרייסיג יאָהר, אָבער אנדערש האָט דאָס דאָזיגע לעבען אויסגעזעהן און א גאנץ אנדערען טעם האָט אדם הראשון אינ׳ם דאָזיגען לעבען געפיהלט פאר׳ן חטא פון עץ הדעת, בשעת ער איז געווען פערזיכערט מיט אונשטערבליכקייט, בשעת דער געדאנק וועגען טויט האָט גאָר לגמרי נישט עקזיסטירט, און אנדערש — בעת ער האָט דערהערט די גזירה וועגען אונ־פערמיידליכען טויט, זינט דאן איז „כי ביום אכלך ממנו מות תמות״, איז פונקט ווי ער וואָלט אינ׳ם זעלבען טאָג געווען געשטאָרבען. זינט די דאָזיגע גזירה, איז צוגענומען געוואָרען די פרייד און צופרידענהייט פון לעבען, אין וועלכען מען ווערט כסדר פער־פאָלגט און עס שוועבט אונאויפהערליך פאר די אויגען דער געדאנק און פחד פאר׳ן יום־המיתה.

„כי ביום אכלך ממנו מות תמות״, פונ׳ם דאָזיגען טאָג אָן וועסטו אין דיין לעבען כסדר פיהלען דעם טעם פון טויט...

(בינה לעתים)

## אעשה לו עזר כנגדו... (ב. יח.)

רבי ישעיה׳לע פראגער האָט געהאט א ווייב אנ׳ארורה, וועלכע האָט איהם תמיד דאָס לעבען פארביטערט. צו די אלע צרות איז זי נאָך געווען אויסערגעוועהנליך פרום און גאנצע טעג האָט זי געהאלטען אין איין דאווענען. פלעגט רבי ישעיה׳לע זאָגען, אז דאָס, ווייזט אויס, איז די כוונה פונ׳ם מאמר חז״ל: „זכה — נעשית לו עזר, לא זכה — כנגדו״. דער פשט דערפון איז אזוי: איז דער מאן זוכה און בעקומט א גוט ווייב, ווערט זי איהם א העלפערין — ער, דער מאן, זיצט און לערנט, און זי דערלאנגט איהם א גלאָז טהיי; ער דאווענט, און זי גרייט איהם צו דערווייל דעם פריהשטיק. האָט ער אָבער נישט זוכה געווען און געטראָפען אויף אנ׳אשה רעה, דאן איז „כנגדו״, ווערט זי זיינס א געגנערין, א קאָנקורענטין: ער דאווענט אין איין ווינקעל, זי — אין א צווייטען ווינקעל; ער זאָגט תהלים, זי — מעמדות; ער לערנט — זי זופט דעם מנורת־המאור. שלעכט איז נעבעך דעם מאן — פלעגט ער אויספיהרען — וועלכער האָט א ווייב א מרשעת, אָדער נאָך ערגער איז, ווען זי איז דערצו א פ ר ו מ ע מרשעת...

## ויקח אחת מצלעותיו... (ב. כא.)

מה־דאָך — פלעגט זאָגען דערזעלבער רבי ישעיה׳לע פראגער — אז דאָס ווייב איז א טייל פונ׳ם מאנ׳ס קערפער, ווערענדיג בעשאפען פון זיין אייגען פלייש, האָט ער פונדעסטוועגען אזויפיעל צרות פון איהר אויסצושטעהן און זי איז מעהר „כנגדו״ ווי „עזר״, טאָ קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלען, וואָס פאר א „פרוי״ דאָס וואָלט געווען און וויפיעל מען וואָלט בעדארפען ליידען פון איהר, ווען זי וואָלט בעשאפען געוואָרען אלס א גאנץ בעזונדער זעלבסטשטענדיג בעשעפעניש...

## ויביאֶהָ אל האדם... (ב. כג.)

בשעת מען האָט רבי חיים צאנזער, אלס חתן, געפרובט אין לערנען, האָט דער

פרובער איהם געפרעגט א קשיא: ווי אזוי האָט אָדם הראשון מקדש געווען חוה׳ן? דער דין איז דאָך, אז קידושין דארפען זיין פאר עדות, און זיי האָבען דאָך קיין עדות נישט געהאט, דען אויסער זיי איז דאָך נאָך קיין שום מענש אויף דער וועלט נישט געווען?

דערויף האָט איהם רבי חיים, וועלכער איז נאָך דאמאָלס א יונג יונגעל געווען, געענטפערט מניה וביה: דער דין אז מען דאָרף מקדש זיין פאר עדות, ווערט אין דער גמרא געדרונגען דערפון, וואָס עס ווערט ארויסגעלערנט „דבר דבר מממון" (קידושין ס"ה), און דערויף פרעגט די גמרא: „אי מה להלן הודאת בעל־דין כמאָה עדים דמי, אף כאן הודאת בעל־דין כמאָה עדים דמי"? און די גמרא ענטפערט: „התם לא קאָ חייב לאחריני, הכא קאָ חייבה לאחריני", דאָרט, ביי דיני ממונות, בשעת דער נתבע איז אליין מודה, אז ער איז שולדיג דעם תובע געלד, ברענגט ער דערמיט קיינעם קיין שאָדען נישט און ער איז דעריבער בעגלויבט, דאָ אָבער, בשעת די פרוי ערקלערט, אז פלוני האָט איהר מקדש געווען, ליידען דערפון אנדערע, דען איהרע נאָהנטע קרובות וועלען שוין קיינמאָל נישט קענען חתונה האָבען מיט איהם און זיינע קרובים — מיט איהר, און דעריבער איז זי אָהן עדות נישט בעגלויבט, און היות ווי אדם מיט חוה האָבען נאָך דאמאָלס נישט געהאט קיין קרובים און עס איז נישט געווען דער חשש פון „הכא קאָ חייבה לאחריני", איז שוין ממילא נישט נויטיג געווען קיין עדות, דען — „הודאת בעל דין כמאה עדים דמי"...

## זאת הפעם עצם מעצמי ובשר מבשרי... (ב. כג.)

„זאת הפעם", נאָר דאָס מאָל... פון היינט אָן און שטענדיג וועט דער מאנסביל ארויסקומען פון דער פרוי; בלויז „זאת הפעם", אלס אויסנאהם — „עצם מעצמי ובשר מבשרי", איז די פרוי ארויסגעקומען פונ׳ם מאנסביל...

(חצי מנשה)

## לזאת יקרא אשה כי מאיש לקחה... (ב. כג.)

מכאן, פון דאנען (פונ׳ם וואָרט־שפיעל „אשה"—„איש") איז א בעוויז, אז די תורה איז געגעבען געוואָרען אין לשון־קודש...

(בראשית רבה)

## ותתן גם לאישה עמה ויאכל... (ג. ו.)

„מה ראה אדם הראשון וחטא? — ראה שתים ולא ראה שלש"... (מדרש פליאה)

דער זין פונ׳ם דאָזיגען אין פלוג אונפערשטענדליכען מאמר איז פאָלגענדער:

„הסתכל בשלשה דברים — זאָגען די חז"ל — ואין אתה בא לידי עבירה: מאין באת, ולאָן אתה הולך, ולפני מי אתה עתיד ליתן דין וחשבון". אדם־הראשון אָבער האָט געהאט די מעגליכקייט צו זעהן נאָר צוויי זאכען: „לאָן אתה הולך" און „ולפני מי אתה עתיד", דאגעגען דעם סאמע ערשטען מוסר־השכל — „מאין באת", האָט ער נישט געקאָנט זעהן, וואָרום ער איז דאָך בעשאפען געוואָרען דורכ׳ן בורא זעלבסט. און דאָס איז דער פשט — „ראה שתים ולא ראה שלש"...

(ווילנער גאון)

„שלא תמות היא ויחיה הוא וישא אחרת" (רש"י)

פונוואנען איז דער דאָזיגער דרש געדרינגען דאָ פון פסוק ? —

פון וואָרט „עמה", דען עס וואָלט דאָך געווען גענוג עס זאָל שטעהן: „ותתן גם לאישה ויאכל" ? „עמה" בעדייט, אז זי האָט אויפגעפאסט, ער זאָל עסען צוזאמען מיט איהר, גלייכצייטיג, מורא האָבענדיג צו עסען פריהער, טאָמער וועט דער טויט קומען מאָמענטאל, ווי נאָר זי וועט אָנהויבען צו עסען און דאן — „ויחיה הוא וישא אחרת"...

(קול מבשר)

וועה איז דעם מאן — פלעגט זאָגען דער ראדאָמסקער רבי, דער „תפארת־שלמה" — וואָס דאָס וויב איז איהם מפרנס ! אנ׳איינציג מאָל נור איז חוה געווען די שפייזעריין פון איהר מאן און זעהט, צו וואָס דאָס האָט גורם געווען און ווי אומגליקליך דאָס האָט זיך געענדיגט....

## ותפקחנה עיני שניהם וידעו כי ערֻמים הם... (ג ז.)

געמיינט האָבען זיי, אז נאָכדעם ווי זיי וועלען פערזוכען פון עץ־הדעת און עס וועלען זיך עפענען זייערע אויגען און זיי וועלען דערגרייכען צו דער מדרגה פון „לדעת טוב ורע", וועלען זיי זיך פיהלען העכסט גליקליך, לסוף זענען זיי פון דעם אלעם בלויז דערגאנגען — „כי ערומים הם", אז זיי זענען נאקעט... און אזוי איז עס אויך ביז׳ן היינטיגען טאָג: „ויוסיף דעת יוסיף מכאוב". וואָס מעהר דעת מען פערזוכט, אלץ מעהר פיהלט מען זיך נאקעט, אלץ פיינליכער איז דאָס געפיהל וועגען דער אייגענער נישטיגקייט און מינדערווערטיגקייט...

(רבי יצחק אליהו לאנדוי)

## המן העץ אשר צויתיך לבלתי אכל ממנו... (ג. יא.)

דערויף זאָגט דער אבן־עזרא: „לבלתי עם למ"ד כטעם שלא, ובלתי בלי למ"ד כטעם רק, אך".

פרעגט זיך: ווי אזוי וועט לויט׳ן דאָזיגען כלל פון אבן־עזרא געטייטשט ווערען דער פסוק „עד בלתי השאיר לו שריד" (במדבר כא. לה.), אָדער — „מכה עמים בעברה מכת בלתי סרה" (ישעי׳ יד. ו.), וועלכע קאָנען דאָך בשום אופן נישט האָבען די בעדייטונג פון „רק", נאָר פון „שלא" ?...

(י. מ. קלאווסקי)

## האשה אשר נתת עמדי היא נתנה לי מן העץ ואוכל (ג. יב.)

דו, רבונו של עולם, האָסט דאָך מיר געגעבען די דאָזיגע פרוי. צי דען אלזאָ האָב איך נישט געדארפט האָבען קיין צוטרוי צו דער פרוי, וואָס דו אליין האָסט מיר געשדכנ׳ט, און צו דעם שפייז וואָס זי האָט מיר דערלאנגט ?...

(לויט׳ן אור החיים)

וואס פאר אנ׳ענטפער איז עס, אז דעריבער האט ער עובר געווען אויפ׳ן צווי פון השי״ת, דערפאר ווייל דאס ווייב האט איהם געהייסען?... נאר — ווערט געזאגט דערויף בדרך־הלצה — דער עונש אויפ׳ן עץ־הדעת איז געווען, אז „ביום אכלך ממנו מות תמות״, האט זיך אדם הראשון אלזא מתנצל געווען, אז דעריבער האט ער עובר געווען אויפ׳ן געבאט, ווייל „האשה אשר נתת עמדי״, ווייל מען האט איהם געגעבען א ווייב, און ווען ער וואלט נישט געפאלגט דאס ווייב, וואלט ער געהאט איסצושטעהן א פיעל הארבערען עונש, דען — „אשה רעה מר ממות״, זי איז נאך פיעל ערגער פונ׳ם טויט...

(מאמר אברהם)

אויפ׳ן „היא נתנה לי״ וכו׳ זאגט דער בעל־הטורים: „היא נתנה לי מן העץ — שהכתני בעץ עד ששמעתי לדבריה״. זי האט מיך, הייסט עס, געשלאגען מיט א שטיק האלץ און איך האב זי געמוזט פאלגען.

א מערקווירדיגער טייטש!...

## ועפר תאכל כל ימי חייך... (ג. יד.)

אויב די ערד וועט איהם בעפרידיגען, ערנעהרען און שטילען דעם הונגער, טא וואס פאר א קללה איז עס? אדרבה, דאס איז דאך אזא שפייז, וואס עס וועט קיינמאל נישט אויספעהלען, וואס ער וועט שטענדיג פאר זיך האבען גרייט?

נאר טאקי אין דעם גופא, וואס ער וועט זיך נישט דארפען יאגען נאך דער שפייז און זי וועט איהם קיינמאל נישט אויספעהלען, ליגט די קללה. די הנאה און פרייד פון לעבען בעשטעהט אין די ערפילטע וואונשען און שטרעבונגען, אינ׳ם דערגרייכען דאס, וואס פעהלט, און דאס איז דער פשט: „בורא נפשות רבות וחסרונן״, אויך דער „וחסרונן״ געהער צו דער ברכה. די העכסטע צופרידענהייט פונ׳ם מענש איז, ווען מ׳איז איהם ממלא דאס, וואס פעהלט איהם... און פערשאלטען איז דאס בעשעפעניש, וואס האט קיין שום וואונש און פאדערונג נישט, וואס עס פעהלט איהם גארנישט און עס דארף גארנישט...

(שמחת ישראל)

## ואיבה אָשית בינך ובין האשה... (ג. טו.)

„אתה לא נתכוונת אלא שימות אדם וכו׳ ותשא את חוה״ (רש״י)

היתכן? ווי איז עס מעגליך און ווי געשיקט זיך עס צו זאגען, אז דער נחש זאל זיך מזדווג זיין מיט חוה׳ן?

נאר וואהרשיינליך, אז דאסווארט „ותשא״ האט דא די בעדייטונג פון „ותשיא״, אנרעדען, פון לשון „הנחש השיאני״, און דער פשט איז: „אתה לא נתכוונת אלא שימות אדם וכו׳ ותשיא את חוה״, נאך אדם׳ס טויט וועסטו דאן קענען אנרעדען איהר צו די פערשידענסטע שלעכטע זאכען...

(פני תורה)

## אל האשה אמר הרבה ארבה עצבונך והרונך... (ג. טז.)

„עצבונך זה צער גידול בנים והרונך זה צער העיבור" (רש"י)

טאָ פארוואָס שטעהט נישט „הרונך" פריהער? דער צער־העיבור איז דאָך פריהער, פאר'ן צער גידול בנים?

נאָר קין והבל, ווי עס זאָגען די חז"ל (סנהדרין ל"ח), זענען געבוירען געוואָרען פאר'ן חטא פון עץ־הדעת און ביי זיי, אלזאָ, האָט נאָך חוה נישט געוואוסט פון קיין צער־העיבור, וממילא קומט אויס, אז פריהער איז זי נענש געוואָרען מיט צער גידול־בנים און ערשט שפעטער, ביי די אנדערע קינדער — מיט צער העיבור...

(פרח לבנון)

## והוא ימשל בך... (ג. טז.)

מדה כנגד מדה: פריהער האָט זי איבער איהם געהערשט, זי האָט איהם בעפוילען צו עסען פון עץ־הדעת און ער האָט איהר געפאָלגט און געגעסען, איז דעריבער געקומען דער עונש, אז פון איצט אָן זאָל נישט זי הערשען איבער איהם, נאָר ער איבער איהר...

(רמב"ן)

צו רבי מענדעלי קאָצקער איז אמאָל געקומען א יונגערמאן און זיך געזשאלעוועט, אז זיין ווייב געוועלטיגט איבער איהם און ער האָט נעבעך ביי איהר די מינדסטע דעה נישט. האָט איהם דער קאָצקער דערויף געענטפערט: עס שטעהט „ואל אישך תשוקתך והוא ימשל בך"; אויב אָבער די תשוקה און די תאוה טראָגט זיך איבער פון ווייב צום מאן, דאן מוז זיך די ממשלה איבערטראָגען פון מאן צום ווייב, וד"ל.

## בעצבון תאכלנה כל ימי חייך... (ג. יז.)

פרנסה איז דאָפעלט שווערער, ווי קינדער האָבען: ביי קינדער־געבורט שטעהט „בעצב תלדי בנים", אָבער ביי פרנסה — „בעצבון תאכלנה" („בעצבון" — בעמערקט דערויף דער מתנות־כהונה — איז א לשון רבים)...

(בראשית רבה)

## וקוץ ודרדר תצמיח לך... (ג. יח.)

דערויף זאָגט דער אבן־עזרא די פאָלגענדע ווערטער: „קוץ גדול וקטן ממנו דרדר והוא לבדו דר, כי אחיו ממנו נעדר"...

די מפרשים בעמיהען זיך אויסצוטייטשען דידאָזיגע שווערע שטעלע אויף פערשידענע אופנים. געוועהנליך פרובט מען זאָגען, אז „והוא לבדו דר, כי אחיו ממנו נעדר" איז דער טייטש, אז אויסער דאָ געפינט זיך אין ערגעץ נישט מעהר דאָס וואָרט „דרדר"; דאָס איז אָבער נישט ריכטיג, דען מיר האָבען דאָך א בפירוש'ן פסוק אין הושע (י' ח'): „קוץ ודרדר יעלה על מזבחותם"... פון אלע פשטים זעהט דעריבער אויס צו זיין אמריכטיגסטען די ערקלערונג פון „אהל יוסף", נעמליך: לויט'ן אבן־עזרא,

איז איבעראל, וואו א ווארט קומט געדאפעלט, ווי למשל: אדמדם, שחרחר, ירקרק א. ד. גל., בעדייט עס א פערקלענערונג און פערמינערונג פונ׳ם געגענשטאנד: ווייניג־רויט, ווייניג־שווארץ א. אז. וו. להיפוך פון רשי׳ן, וועלכער טייטשט: „אדמדם — אדום ביותר", „שחרחר — שחור ביותר"... און אויך דא, אלזא, מיינט דער אבן־עזרא דאס־זעלבע: „קוץ גדול, וקטן ממנו דרדר והוא לבדו דר", ס׳הייסט דאס אייגענטליכע ווארט איז „דר", און „דרדר" איז נאר א פערקלענערונג, הגם „כי אחיו ממנו נעדר", אבוואהל דאס ווארט „דר" זעלבסט געפינען מיר נישט אין תנ״ך...

## ויקרא האדם שם אשתו חוה... (ג. כ)

וועגען די פרויען זאגען די חז״ל, אז זייערע צוויי הויפט־מעלות זענען: „מצילות אותנו מן החטא ומגדלות בנינו לת׳ת"... אויף חוה׳ן אבער, נאכדעם ווי זי האט צו־גערעדט אדם׳ן צום חטא פון עץ־הדעת, האט מען שוין דאן נישט געקאנט זאגען דעם שבח פון „מצילות אותנו מן החטא", און דעריבער „ויקרא האדם שם אשתו חוה, כי היא היתה אם כל חי", בלויז די מעלה פון „אם כל חי", פון „מגדלות את בנינו"...

(רבי יהושע׳לע קוטנער)

## ויעש ד׳ אלקים לאדם כתנות עור... (ג. כא)

דערויף ווערט געזאגט אין מדרש: „בתורתו של רבי מאיר מצאו כתוב כתנות אור".

דאס, וואס עס האט רבי מאיר׳ן בעוואויגען מגיה צו זיין אין דער תורה דאס ווארט „עור" אויף „אור", לאזט זיך איינפאך ערקלערען דערמיט, ווייל אין א צווייט ארט זאגען די חז״ל, אז אין די אלע טעג, פון בריאת העולם ביז דאמאלס, איז קיין שום בעשעפעניש נישט געשטארבען, טא ווי אזוי האט מען געקאנט פאר זיי מאכען „כתנות עור", העמדער פון פעל? און דעריבער האט רבי מאיר איבערגעמאכט אויף „כתנות אור" — און געמיינט ווערט דערמיט א געוויסער געוויקס, וואס רופט זיך „אור", ווי מיר געפינען: „ויצא השדה ללקט אורות" (מלכים ב׳ ב.) און „כי טל אורות טלך" (ישעי׳ כו.)

(ר׳ יעקב ריינמאן)

בתורתו של רבי מאיר מצאו כתוב „כתנות אור" (אנשטאט „כתנות עור"), „והנה טוב מות" (אנשטאט „טוב מאד"), „ובן דן חושים" (אנשטאט „ובני דן"), „משא רומי" (אנשטאט „משא דומה"). (ב״ר פ״ט, פ״כ, פ׳ צד; ירושלמי תענית פד.)

און דערמיט ווערט פערשטענדליך דער מאמר חז״ל: „לא רבי מאיר שמו, אלא רבי נהוראי שמו" (עירובין יג.), אז געהייסען האט ער אייגענטליך ר׳ נהוראי און מאיר, ווייזט אויס, האט מען איהם גערופען צוליעב די פיער ענדערונגען, וואס מען האט געפונען אין זיין ספר־תורה, אלזא: די מ׳ פון „מות", די א׳ פון „אור", די י׳ פון „ובני דן" און די ר׳ פון „רומי"...

(בית־ועד לחכמים)

## והאדם ידע את חוה אשתו... (ד. א.)

פארוואָס האָט אדם נישט געהאט מיט חוה'ן קיין קינדער פריהער, איידער ער איז פערטריבען געוואָרען פון גן־עדן?

ווייל פריהער, איידער ער האָט זיך פערזינדיגט מיט'ן חטא פון עץ הדעת, האָט ער זיך גערעכט אייביג צו לעבן, און ער האָט זיך דעריבער נישט צוגעאיילט מיט'ן האָבען קינדער, דען ער האָט צייט, ער וועט נישט פערשפעטיגען...

איצט אָבער, נאָכ'ן חטא, ווען עס איז אויף איהם נגזר געוואָרען מיתה, ערשט דאן — „והאדם ידע את חוה אשתו"...

(די דאָזיגע מערקווירדיגע ערקלערונג ווערט געבראכט אין ספר „הגן" א פירוש אויף תורה פון די בעלי התוספות).

## ויהי הבל רועה צאן וקין היה עובד אדמה... (ד. ב.)

קין האָט זיך נישט געוואָלט פערנעהמען מיט קיין פיה־צוכט. וואהרשיינליך צוליעב'ן מאָטיוו פון „צער בעלי חיים", נישט וועלענדיג עקספלואטירען און מצער זיין גאָט'ס לעבעדיגע בעשעפענישען, אָבער דאָס האָט דעם זעלבען צער־בעלי־חיים'ניק נישט אָבגעהאלטען פון צו ערמאָרדען זיין אייגענעם ברודער...

און עד־היום האָבען מיר, ליידער, א סך אזעלכע, וועלכע זענען זעהר עמפינדליך און זעהר רחמנות'דיג אין בעצוג צו בהמות, דאגעגען צו לעבעדיגע מענשען און הויפּט־זעכטליך צו אידען זענען זיי פעהיג אויף די זעלבע אכזריות'דיגע מעשים, וואָס זייער אידעען־גענאָסע, קין...

(המאור שבתורה)

## ויבא קין מפרי האדמה... (ד. ג.)

„ויבא קין מפרי האדמה,
תנא בן ארבעים שנה היה קין כשהרג את הבל" (מדרש)

פון וואנען נעהמט עס דער בעל־המדרש, אז קין, בעת ער האָט גע'הרג'עט הבל'ען, איז ער אלט געווען פיערציג יאָהר?

דען אין א צווייטען אָרט אין מדרש ווערט געזאָגט: „ויבא קין מפרי האדמה, מן הפסולת שלא נגמר בישולן", און אין ר"ה זאָגען די חז"ל: „מלמד שכל מעשה בראשית בקומתן נבראו", אז די מעשי בראשית זענען בעשאפען געוואָרען אינגאנצען פערטיג, גערא‏טען און פערפולקאָמט. איז אויב אזוי, פרעגט זיך, טאָ פון וואנען האָט דאן קין גענומען „מן הפסולת שלא נגמר בישולן"? מוז מען אלזאָ זאָגען, אז קין האָט געבראכט זיין קרבן פון דער צווייטער זריעה, פון די פירות, וואָס זענען געוואקסען נאָך די מעשי בראשית, און אין מדרש, ווי אויך אין ירושלמי, ווערט געזאָגט, אז „קודם דור־המבול היו זורעין אחת לארבעים שנה", וממילא קומט אויס, אז דעם קרבן האָט ער געבראכט נישט פריהער, ווי אין פיערציג יאָהר ארום נאָך מעשה בראשית, און דערפון איז אלזאָ געדרונגען, אז — „בן ארבעים שנה היה קין כשהרג את הבל"...

(אור יקרות)

## ויהי מקץ ימים ויבא קין מפרי האדמה מנחה... (ד. ג.)

אין „כלי־יקר" ווערט געזאָגט אויפ'ן דאָזיגען פסוק, אז עס זענען פאראן אזעלכע גבירים, וואָס ערשט אויף דער עלטער, „מקץ ימים", ווען זיי פיהלען זיך שוין קראנק און צובראָכען, ווערען זיי פרום, און ערשט דאן הויבען זיי אָן ברענגען מנחות און טיילען צדקה.

און דערפאר — ווערט דערויף צוגעגעבען — בעטען מיר אין דער תפלה פון ראש־חדש בענשען אויף „חיים שיש בהם יראת שמים ויראת חטא". דען אין יראת־חטא נויטיגט זיך דער מענש אין דער יוגענד, ווען ער איז פריש און געזונד און פול מיט תאווה, דאגעגען אויף דער עלטער איז נויטיג בעיקר יראת־שמים, נישט קיין יראת־חטא, דען ער האָט דאמאָלס מעהר נישט קיין תאווה צו זינדיגען. מיר בעטען, אלזאָ, אז מיר זאָלען דורכגעדרונגען ווערען מיט יראת־שמים אין דער זעלבער צייט, בעת מיר געפינען זיך אין צושטאנד פון יראת־חטא — אין די יונגערע יאָהרען...

(זר זהב)

## והבל הביא גם הוא מבכורות צאנו ומחלבהן... (ד. ד.)

דאָס וואָרט „ומחלבהן" ווערט דורך אלע מבארים געטייטשט פון לשון „חלב" — פעט, און אזוי זאָגט אויך דער תרגום אונקלוס: „ומשמנינהון".

אנ'אויסנאהם איז בלויז דער כלי יקר, וועלכער זאָגט אויף דעם פסוק „לא תבשל גדי בחלב אמו" (שמות כג. יט.) „ויש אומרים שהי' מתחילה הוק לעכו"ם שבשלו בשר וחלב בחגים שלהם ועל כן סמך מצוה זו לחגי השנה, ויש מביאין ראיה ממה שכתוב (בראשית ד.) והבל הביא גם מבכורות צאנו ומחלביהן, שהי' רגילין לעשות עבודה מן בשר וחלב", לויט דער דאָזיגען ערקלערונג ווערט אלזאָ דאס וואָרט „ומחלבהן" געטייטשט: מיט זייער מילך...

## הלא אם תיטיב שאת... (ד. ז.)

דער דאָזיגער פסוק, ווי עס זאָגען די חז"ל, געהער צו די חמשה מקראות שאין להם הכרע (יומא כ"ב). דען ס'איז נישט קלאָר, צי דאָס וואָרט „שאת" איז פערבינדען מיט'ן „הלא אם תיטיב", אָדער מיט'ן „ואם לא תיטיב".

און אויב אזוי — האָט געזאָגט דערויף רבי מאיר'ל פרימישלאנער — געהער עס סיי צום ערשטען, סיי צום צווייטען האלבען פסוק, און דער פשט איז: „הלא אם תיטיב", אויב די אידען געהען נישט אין גוטען וועג, דארפסטו זיי אויך מוחל זיין, דען „לפתח חטאת רובץ", נישט זיי זענען שולדיג, נאָר דער יצר־הרע, דער פגע־רע, וואָס טרעט פון זיי נישט אָב, און באמת איז „ואליך תשוקתו", גלוסט איטליכער איד צו דיר, „ואתה תמשול בו", און ער וואָלט וועלען, אז נישט דער יצר־הרע, נאָר דו, רבונו של עולם, זאָלסט הערשען איבער איהם...

(מרנגיתא דר' מאיר)

## הלא אם תיטיב שאת ואם לא תיטיב לפתח חטאת רובץ... (ד. ז.)

דאָס וואָרט „שאת" זאָל דאָ האָבען די בעדייטונג פון מתנה, פון לשון „וישא

משאות מאת פניו" (בראשית מג. לד.), און דער פשט איז: קין איז געווען נידער־געשלאָגען, פאַרוואָס זיין מתנה איז נישט אָנגענומען געוואָרען, און ער האָט געטראַכט, אז דאס איז מסתמא דערפאַר, ווייל זיין מנחה איז געווען א קלענערע, אַנ׳ערגערע פון הבל׳ס, און דערויף קומט דער ענטפער: „הלא אם תיטיב שאת ואם לא תיטיב" — אלץ איינס, צי דו וועסט יאָ ברענגען א גוטע מנחה צו גאָט, צי נישט קיין גוטע; נישט אין דעם האַנדעלט זיך עס און נישט דאָס איז די סיבה, פאַרוואָס דיין מנחה איז נישט אָנגענומען געוואָרען: די אמת׳ע סיבה איז, ווייל — „לפתח חטאת רבץ", ווייל ביי דיין טהיר לויערט די זינד...

(הרב ש. קליין)

## לפתח חטאת רובץ ואליך תשוקתו... (ד. ז.)

דער דרך העולם איז, אז דער, וואָס שטעהט ביי דער טהיר, דער אָרימאַן, בעגנוגענט זיך מיט א קלייניגקייט, מיט עטליכע פרוטות. ער אָבער, דער יצר־הרע, שטעהט ביי דער טהיר און „ואליך תשוקתו", און ער פערלאַנגט דיך אינגאַנצען, דיין גוף מיט דיין נשמה...

(דובנער מגיד)

## ויאמר קין אל הבל אחיו, ויהי בהיותם בשדה... (ד. ח.)

וואָס אזעלכעס האָט קין געזאָגט צו הבל׳ען? פאַרוואָס ווערט וועגען דעם אין פסוק גאָרנישט דערמאָהנט?

נאָר דער פשט איז: „ויאמר קין אל הבל", קין האָט רעדענדיג מיט הבל׳ען, איהם כסדר גערופען בלשון חיבה: „אחי"! ברודער! און מיט דעם ברודערליכען וואָרט האָט ער ביי איהם דעם צוטרוי געווינען, און דאן „ויהי בהיותם בשדה", האָט ער איהם אין פעלד פאַרנאַרט און ערמאָרדעט...

(ווילנער גאון)

די תורה דערצעהלט נישט, וואָס ער האָט איהם געזאָגט און עס איז נישט וויכטיג צו וויסען, מחמת בשעת דער רוצח וויל ווענען ערמאָרדען, און דאָס זעלבע בשעת איין פאָלק וויל אָנפאַלען אויף א צווייט פאָלק, וועט ער תמיד אויסזוכען און געפינען עפיס א טענה צו בערעכטיגען זיין רציחה. „ויאמר קין אל הבל אחיו". וואָס האָט ער איהם געזאָגט? — דאָס איז קיין אונטערשיעד נישט, וואָרום וואָס ער זאל איהם נישט האבען געזאגט, איז עס געווען נישט מעהר ווי אַנ׳אויסרייד צום אויספיהרען די פון פריהער געפּלאַנטע רציחה, — צום „ויהי בהיותם בשדה ויקם אל הבל אחיו ויהרגהו"...

(לב שמחה)

„זה אומר בחלקי יבנה בית־המקדש וזה אומר בחלקי יבנה בית־המקדש". (מדרש)

דער ערשטער ברודער־מאָרד איז אויסגעבראָכען צוליעב א מחלוקת מכלומרשט

איבער'ן בית־המקדש און אזוי, ליידער, ציהט זיך עס ביז'ן היינטיגען טאָג. אלע מלחמות, הריגות, רציחות און בלוט־פערגיסונגען אין משך פון דער גאנצער מענשליכער געשיכטע ביז היינט זענען ענטשטאנען און ענטשטעהען אונטער'ן פאלשען אויסרייד פון „בית־המקדש", כלומרשט צוליעב הייליגע, רוחניות'דיגע ציעלען, צוליעב העכערע, גייסטיגע אידעאלען...

(קול קורי קרא)

## קול דמי אחיך צועקים אלי מן האדמה... (ד. י.)

דער בעריהמטער ארגיטאלאג (פאָרשער פונ'ם לעבען פון די פויגעל) דר. ברעהם דערצעהלט, אז אויפ'ן גרונד פון זיינע פיעל־יעהריגע בעאָבאכטונגען איז איהם געלונגען פעסטצושטעלען, אז עס איז פארהאן אזא סאָרט פויגעל, וועלכע בעגראָבען זייערע מתים אין אויסגעגראָבענע קברים און פערשיטען זיי מיט ערד.

ווי עס ווייזט אָבער אויס האָבען שוין די חז"ל געוואוסט דערפון, ווי עס איז צו זעהן בפירוש אין מדרש תנחומא: „בשעה שהרג קין את הבל לא היה יודע קין מה לעשות, זימן לו הקב"ה שני עופות טהורים והרג אחד מהם את חברו וחפר קבר וקברו וממנו למד קין וקבר את הבל וכסהו בעפר, לפיכך זכו העופות לכסות דמם" און אזוי ווערט אויך געבראכט אין בראשית רבה פרשה כ"ב...

(התלמוד ומדעי התבל)

## וישם ד' לקין אות... (ד. טו.)

„רב אומר, עשאו אות לרצחנים" (מדרש רבה פ' כ"ב)

וואָס איז דאָ דער מדרש מוסיף צו די ווערטער פון פסוק און וואָס ווערט געמיינט דערמיט?

נאָר די קללה פון קינ'ען איז געווען: „נע ונד תהיה בארץ", ער זאָל אייביג ארומוואנדערען מיט זיין חטא, מיט זיין אונרוהיג, געפייניגט געוויסען און קיין מנוחה נישט האָבען און דאָס איז: „עשאו אות לרצחנים", די דאָזיגע קללה פון „נע ונד תהיה בארץ" לויערט פון דאמאָלס אָן אויף אלע נאכפאָלגער פון קינ'ען. עס איז א בעקאנטע פסיכאָלאָגישע ערשיינונג, אז דער פערברעכער און מערדער, נאָכ'ן אויספיהרען זיין טהאט, האָט זיין גאנצען לעבען קיין רוה נישט, ווערענדיג, פריהער צי שפעטער, געפייניגט פונ'ם ערוואכענדען געוויסען, וואָס יאָגט איהם נאָך, ווי א בייז געשפענסט, און גאנץ אפט פאסירט, אז דער רוצח קומט אליין זיך מודה זיין אין זיין פערברעכערישען מאָרד, וואָס ער איז בעגאנגען מיט לאנגע יאָהרען צוריק...

(קהלת יצחק)

אין מדרש רבה (פרשה כ"ב סוף אות י"ב) ווערט געזאָגט: „אמר רב לוי בשם רבי שמעון בן לקיש, תלאו ברפיון ובא מבול ושטפו שנאמר וימח את כל היקום אשר על פני האדמה כד"א ויקם קין". פון דעם מדרש איז אלזא צו זעהען, אז קין איז געשטאָרבען ערשט אין דער צייט פון מבול. דער זעלבער מאמר ווערט איבערגעחזר'ט

אין מדרש אויף עטליכע ערטער און אין מדרש רבה שמות (פרשה ל״א אות י״ז) ווערט געזאָגט בפירוש וועגן קין: „שהוסיף ימים על ימי אביו תשכ״ו שנים". לויט דעם חשבון קומט אויס, אז קין האָט געלעבט 1656 יאָהר, א סך מעהר, אלזאָ, אפילו פאר מתושלח׳ן, וועגן וועלכען עס איז ביי אלעמען אָנגענומען, אז ער האָט געלעבט אמלענגסטען...

## זה ספר תולדות אדם... (ה. א.)

דער ווילנער גאון טייטשט דעם דאָזיגען פסוק גאנץ איינפאך: „זה ספר", דאָס דאָזיגע ספר, בראשית, „תולדות אדם", ענטהאלט די תולדות פון אדם־הראשונ׳ען, די געשיכטליכע ענטוויקלונג פון די דורות, ביז עס זענען ענטשטאנען די בני ישראל. ערשט דאָס צווייטע ספר, שמות, הויבט זיך אָן מיט „ואלה שמות בני ישראל", די תולדות פון ישראל...

(אדרת אליהו)

## ויחי אדם שלשים ומאת שנה ויולד בדמותו כצלמו... (ה. ג.)

„כל אותן השנים שהיה אדם הראשון בנדוי הוליד רוחין ושידין ולילין, שנאמר ויחי אדם שלשים ומאת שנה ויולד בדמותו כצלמו, מכלל דעד האידנא לאו כצלמו אוליד" (עירובין י״ח)

דערויף בעמערקט רבי צבי הירש חיות, אז דער מורה־נבוכים ברענגט דעם דאָזיגען מאמר אלס מדרש, וועהרענד אין מדרש, וואונדערט ער זיך, געפינט זיך גאָר כלל נישט אזא מאמר.

באמת אָבער איז עס א בפירושער מדרש־רבה (בראשית רבה פרשה כ׳): „אמר רבי סימון כל מאה ושלשים שנה רוחות נקבות מתחממות מאדם ומולידות ממנו"...

## ויתהלך חנוך את האלקים ואיננו כי לקח אותו אלקים... (ה.כד.)

„צדיק היה וקל בדעתו לשוב להרשיע לפיכך מיהר הקב״ה וסילקו" (רש״י)

אויב ער איז געווען בחזקת צדיק, טאָ פארוואָס עפיס האָט מען איהם חושד געווען, אז ער וועט ווערען א „קל בדעתו להרשיע"?

נאָר דאָס וואָרט „להרשיע" איז א פועל יוצא און האָט דאָ די בעדייטונג, ווי „הלל מחייב עשירים", און דער פשט איז: צוליעב דעם, וואָס חנוך איז געווען א צדיק אין א דור פון רשעים, איז ער מיט זיינע מעשים עלול געווען צו בעשולדיגען און צו דיענען אלס קטרוג און מזכרת־עון פאר דער וועלט, ווי די צרפתית האָט געזאָגט צו אליהו׳ן: „באת להזכיר את עוני" (מלכים א. יח.), אנטקעגען דיר קוק איך אויס, ווי א זינדיגע, און ווייל השי״ת האָט נאָך געוואָלט אָנווארטען מיט׳ן עונש פון מבול, איז דעריבער „מיהר הקב״ה וסילקו", כדי דורך זיין צדקות זאָל נישט צופיעל בולט זיין דאָס רשעות פון זיין דור...

(רבי מאיר׳ל פרימישליאנער)

„ויתהלך חנוך את האלקים״, חנוך האט זיך נישט אבגעגעבען מיט קיין מענשען, ער איז בלויז געגאנגען מיט גאט, און דעריבער — „ואיננו״ איז פאר די מענשען פון איהם גארנישט געבליבען...

(רבי חיים אלעזר וואקס, קאלישער רב)

## ויראו בני האלקים את בנות האדם כי טובות הנה וכו׳ ויאמר ד׳ לא ידון רוחי באדם... (ו. ב.)

קוים איז עס שוין דערגאנגען אזוי וויט, אז אויך די מלאכים האבען שוין אנגעהויבען זינדיגען, „ויאמר ד׳ לא ידון רוחי באדם לעולם בשגם הוא בשר״, קאן מען שוין, אויב אזוי, צום מענש, צום נישטיגען בשר־ודם קיין טענות נישט האבען, קאן שוין אויף איהם דער כעס נישט זיין אזוי גרויס...

(דובנער מגיד)

## המה הגבורים אשר מעולם אנשי השם... (ו. ד.)

„אינון מסטרא דאלין דאתמר בהון, הבה נבנה לנו עיר ונעשה לנו שם, ובנין בתי כנסיות ומדרשות ושוין בהון ס״ת ועטרה על רישוי, ולא לשמא דד׳ אלא למעבד לון שם״...

(די אנשי השם, דאס זענען יענע לייט, וועגען וועלכע עס ווערט געזאגט: „הבה נבנה לנו עיר ונעשה לנו שם״, וועלכע בויען שוהלען און בתי מדרשים, פאר וועלכע זיי שענקען ספרי־תורה מיט קרוינען אויף די קעפ, אבער מיט דעם אלעם מיינען זיי נישט לשם־שמים, נאר צו מאכען פאר זיך פרסום און זיך קונה־שם צו זיין ביי מענשען)...

(זהר בראשית)

א מערקווירדיג אינטערעסאנטען מאמר געפינען מיר אין מדרש־רבה פון דער דאזיגער סדרה (בראשית רבה כ׳):

„אמר רבי אלעזר ב״ר שמעון, נוח לו לאדם לגדל לגיון אחד משל זיתים בגליל ולא תינוק אחד בארץ־ישראל״.

צוויי מיני ארבייט, צוויי שווערע אויפגאבען, האבען מיר פאר זיך אין ארץ־ישראל: עבודת־הארץ און עבודת־החנוך, דעם אויפבוי פון לאנד און דעם אויפבוי פון פאלק, די ערציהונג פון יונגען דור. דאס צווייטע — איז דאס שווערסטע...

## וינחם ד׳ כי עשה את האדם בארץ ויתעצב אל לבו... (ו. ו.)

דער „אל לבו״ בעציהט זיך אויפ׳ן פריהערדיגען פסוק: „וכל יצר מחשבות לבו רק רע כל היום״, און דער פשט איז: ויתעצב — השי״ת האט בעדויערט און געטרויערט — אל לבו — איבער׳ן מענשליכען הארץ, וואס איז געווארען אזוי שלעכט...

(פרח לבנון)

## מי נתן למשיסה יעקב וישראל לבוזזים... (ישעיה מב.) (הפטרה)

אונצעהליג זענען אונזערע שונאים און אונאויפהערליך ציהט זיך די וויסטע און ווילדע העצע געגען אידען. נישטא דער טאָג, אין וועלכען עס זאָל ערגיץ־וואו נישט פארגאָסען ווערען אידיש בלוט און עס זאָל נישט גערויבט ווערען אידיש האָב און גוטס, אָבער דאָס שוידערליכסטע דערביי איז, וואָס דווקא די דאָזיגע געוויסענלאָזע העצער, וואָס זייערע הענד זענען איינגעטונקען אין רויב און אין מאָרד און וועלכע ווערען שיכור פון פרייד נאָך יעדען פאָרגעקומענעם פאָגראָם, האלטען אין איין בעשולדיגען די אידען אין כל דאָס בייז, פאָרשטעלענדיג זיי אלס אכזרים און בלוט־זויגער, אלס רוצחים און גנבים...

„מי נתן למשיסה יעקב", יעקב ווערט דורך זיי אהן אויפהער ראבירט און פאָגראָמירט, ולסוף — „וישראל לבוזזים", זענען אידען גאָר די רויבער!...

(מעון הברכות)

# נֹחַ

## אלה תולדות נח, נח איש צדיק וכו'... (ו. ט.)

דער פסוק רעכענט אויס די דריי הויכע מדרגות, צו וועלכע נח האָט דערגרייכט: פריהער איז ער דערגאנגען צו דער מדרגה פון „איש צדיק", וואָס טהוט נישט קיין אונרעכטען, וואָס אלע זיינע מעשים זענען גערעכטעט לויט דער מדה פון גערעכטיקייט; דאַן, א דאנק זיינע מעשים־טובים, איז ער געשטיגען צו דער העכערער מדרגה פון „תמים היה בדורותיו", וועלכער איז א צדיק נישט־נאָר אין זיינע עפענטליכע מעשים, נאָר ער צייכענט זיך אויס מיט דער גאנצקייט און עהרליכקייט פון זיינע אינערליכע מחשבות, מיט זיין תמימות שבלב, און דאַן איז ער ענדליך צוגעקומען צו דער סאמע העכסטער מדרגה, די מדרגה פון „את האלקים התהלך נח", זיך מתייחד זיין און צו לעבען רק מיט גאָט, א מדרגה צו וועלכער עס זענען זוכה אין פערלויף פון דורות נאָר יחידי סגולה...

(לויט רבינו בחיי)

דעם נאָמען „איש צדיק" האָט זיך נח פערדינט דערמיט, וואָס ער איז געווען א צדיק נישט־נאָר צו גאָט, נאָר אויך צו מענשען; נישט־נאָר „את האלקים התהלך נח", נאָר אויך — „תמים היה בדורותיו"...

(ר' יצחק וואָלאָזשינער)

„אלה תולדות נח — ללמדך שעיקר תולדותיהם של צדיקים מעשיהם הטובים" (רש"י)

א צדיק איז נישט דער, וועלכער איז א מיוחס, נישט דער, וועלכער האָט זכות־אבות, וואָס זיין טאטע איז געווען א צדיק און זיין זיידע א צדיק, נאָר דער, וועלכער צייכענט זיך אליין אויס מיט אידעלע גוטע מעשים...

(דבר ישראל)

איטליכער דור האָט זיך זיינע צדיקים. נישט יעדער, וועלכער גילט אלס צדיק אין זיין דור, וואָלט אויך גערעכענט געווען אלס צדיק, ווען ער וואָלט געלעבט אין א פריהערדיגען דור. דער שבח פאר נח'ן איז געווען, אז „תמים היה בדורותיו", דאָס הגם ער האָט געלעבט במשך פון עטליכע דורות, דען ער איז ביים מבול אלט געווען פינף הונדערט יאָהר, איז ער אין די אלע דורות גערעכענט געווען פאר א צדיק...

(יוסף חן)

## נח איש צדיק תמים היה בדורותיו... (ו. ט.)

„יש מרבותינו דורשים אותו לשבח וכו' ויש שדורשים אותו לגנאי" (רש"י)

היתכן? ווי אזוי קאָן מען דרשנ'ען לגנאי, בעת די תורה אליין זאָגט אויף איהם עדות, אז „נח איש צדיק תמים היה"?

נאָר דער אמת איז, אז דערווירקליכער צדיק תמים און מנהיג־הדור איז נאָר דער, וואָס „יש דורשים אותו לגנאי", וועלכער האָט אויף זיך אויך מתנגדים, געגנער, וואָרום דער, וואָס מען דרשנט איהם בלויז לשבח, איז א סימן, אז ער איז א שקרן, א חונף, וועלכער זוכט צוליעב בעקוועמליכקייט צו לעבען מיט אלעמען בשלום און אלעמען אונטערצושמייכלען...

(רבי יחזקאל מקאָזמיר)

„יש דורשים אותו לגנאי".

רש"י וויל אונז דערמיט לאָזען הערען, אז פאר מענשליכע מיילער איז קיינער, אפילו דער גדול־הדור, נישט בעוואָרענט, און אז נישט שטענדיג, אלזאָ, דארף מען זיך רעכענען דערמיט, וואָס „מענשען זאָגען". אָט האָבען זיך דאָ געפונען אזעלכע, וועלכע האָבען אויך וועגען נח'ן גערעדט און גע'דרשנ'ט לגנאי, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס די תורה אליין זאָגט אויף איהם עדות — „נח איש צדיק תמים היה"...

(רבי מאיר'ל פרימישלאנער)

די חז"ל זאָגען: „כל מי שנאמר בו היה, מתחלתו ועד סופו היה צדיק" (מדרש רבה פרשה ל.), אָט א צדיק — האָט דערויף בעמערקט רבי יחיאל מאיר מאָגלניצער — וועלכער געהט נישט ממדרגה למדרגה, נאָר ער איז מתחלתו ועד סופו אין דער זעלבער בחינה, איז דאָס גופא פאר איהם א גרויסער גנאי...

עס שטעהט נישט — האָט געזאָגט דער אמשינאָווער רבי — „ויש מרבותינו דורשים אותו לגנאי". די רבותינו זענען געווען יענע, וועלכע האָבען געטייטשט לשבח, אז נח איז געווען א גרויסער צדיק, דאַגעגען די, וואָס האָבען גערדרינגען לגנאי, זענען נישט געווען קיין רבותינו, דען שטענדיג דארף מען יענעם דן זיין לכף זכות...

צווישען רבי לייב, דער „שפּאָלער זיידע", און רבי נחמן בראסלאווער, האָבען געהערשט, כידוע, זעהר אָנגעשטרענגטע, קריגערישע בעציהונגען, אזוי ווייט, אז רבי נחמן, וועלכער האָט פריהער געוואוינט אין זלאטיפּאָלע, נעבען שפּאָלע, איז געצוואונגען געווען פון דאָרט צו אנטלויפען און איבערצוטראָגען זיך קיין בראסלאוו. דאָך בשעת דער „שפּאָלער זיידע" האָט זיך דערוואוסט, אז אייניגע פון זיינע חסידים ווילען רבי נחמנ'ען שלעכטס טהון, איז ער געוואָרען שטארק אויפגעבראכט. ער האָט תיכף געשיקט נאָך זיי און זיי שטרענג אויסגע'מוסר'ט, זאָגענדיג: אויפ'ן פסוק „צדיק תמים היה בדורותיו" זאָגט רש"י: „יש מרבותינו דורשים אותו לשבח וכו' ויש שדורשים אותו לגנאי". איז דאָך אין פלוג קשה: וויבאלד מען קאָן יענעם דרש'ענען לשבח, פאַרוואָס זאָל מען איהם דרש'ענען לגנאי? נאָר זיי האָבען אונז געוואָלט דערמיט לאָזען לערנען, אז א צדיק, אפילו ווען מען דרשנ'ט איהם לגנאי, איז ער אלץ א צדיק...

(תפארת מהרא"ל)

## את האלקים התהלך נח... (ו, ט.)

אויף „את האלקים התהלך נח" ווערט גערדרשנ'ט: „שלא הוכיח את בני דורו",

ער איז געגאנגען, הייסט עס, בלויז מיט גאָט, נישט ארומקוקענדיג זיך, וואָס עס טהוט זיך ארום איהם, און דערפאר איז „איש צדיק תמים היה בדורותיו", האָבען די מענשען פון זיין דור געהאלטען פון איהם און איהם מפרנס געווען אלס צדיק, דען, — „האי צורבא מרבנן דמרחמין ליה בני מתא וכו' משום דלא מוכח להו במילי דשמיא" (כתובות ק"ה)...

(כתב סופר)

פאַרהאַן אזעלכע, וואָס ביי זיך אין שטוב זענען זיי פרומע, אָבגעהיטענע אידען, דאגעגען ווען זיי קומען אין גאַס, צווישען מענשען, שעמען זיי זיך מיט זייער אידישקייט, און פאַרהאַן ווידער אזעלכע, וואָס אין שטוב ווען קיינער זעהט נישט, טהוען זיי אָב כל דאָס בייז און אין גאַס ציהען זיי ארויף אויף זיך א יראת־שמים פנים'על. אָבער דער אמת'ער גאנצער איד איז דער, וואָס „תמים היה בדורותיו" — סיי צווישען מענשען, און סיי „את האלקים" — ווען ער איז מיט השי"ת אליין, ווען קיינער זעהט נישט...

(ילקוט הדרוש)

## ויולד נח את שם ואת חם ואת יפת... (ו. י.)

זעקס ערטער זענען פאַרהאַן אין תנ"ך, וואו עס שטעהען נאָכאנאנד פינף ווערטער צו צוויי אותיות, און נעמליך: „נח את שם את חם". — „כי גם זה לך בן" (בראשית לה. יז). — „כי יד על כס י'" (שמות יז. טז.) — „על כן לא ראַ אל" (שמואל א' כ. סט). — „זה כי אם רע לב" (נחמי' ב. ב.) און „גם לי גם לך לא" (מלכים א' כו.).

מען האָט אמאָל מתרעם געווען אויף איינעם פון די קאָצקער חסידים, אז ער איז אביסעל אראָב פון דרך־הישר, האָבען איהם די חסידים גענומען מקרב זיין און אָפט מיט איהם פערברענגען, אָבער — עס האָט נישט געהאָלפען און לימים איז ער איינגאנצען ארויס לתרבות רעה.

אז מען האָט עס דערצעהלט דעם קאָצקער, רבי מענדעלען, האָט ער געזאָגט:

אין פסוק שטעהט: „את שם את חם ואת יפת". איז אייגענטליך האָט דאָך חם געדארפט שטעהן צום סוף, דען ער איז דאָך געווען דער יונגסטער? נאָר, ווי עס ווייזט אויס, האָבען איהם שם און יפת ארייגענומען אין מיטען, כדי געפינענדיג זיך אין זייער חברותא, זאָל ער ווערען א ביסעל לייטישער, אָבער ווי איהר זעהט, האָט עס נישט געהאָלפען — חם בלייבט חם, אפילו ווען מען נעהמט איהם אריין צווישען גדולים...

## ותשחת הארץ לפני האלקים... (ו. יא.)

עס איז פאַלש צו מיינען, אז די מענשען קאָנען אויסקומען אהן אמונה, אהן צו גלויבען און מורא צו האבען פאר גאָט, אז מען קאָן זיין פולקאָם אין ארדנונג אין די מצוות שבין אדם לחברו אהן די מצוות שבין אדם למקום.

בשעת עס איז „ותשחת הארץ לפני האלקים״, בעת מען ווארפט פון זיך אראב דעם עול האמונה און מען ווערט זינדיג פאר גאט, דאן איז אויך — „ותמלא הארץ חמס״...

(אור תורה)

„לפני האלקים״ — בלויז פאר גאט איז מען געווען פערדארבען, פאר מענשען אבער איז מען געווען אין ארדנונג, פאר די מענשען איז דער געגענזייטיגער גזל און רויב געווארען א גאנץ נארמאלע זאך, אין וועלכען עס האט קיינער קיים שום חטא און פערברעך נישט געפיהלט...

(רבי אברהם סבע)

## קץ כל בשר בא לפני וכו׳ (ו. יג.)

דער „קץ כל בשר״, דער סוף פון מענשענס לעבען, דער יום־המיתה „בא לפני״, איז געקומען פאר מיר און קלאגט זיך, אז די מענשען האבען איין איהם גאר אינגאנצען פארגעסען און דערפון נעהמט זיך דער „כי מלאה הארץ חמס״, ווארום וואלטען די מענ־שען געדענקט אינ׳ם „קץ כל בשר״, וואלטען זיי דאן גאנץ אנדערש געלעבט צווישען זיך און עס וואלטען נישט בעגאנגען געווארען אזוי פיעל אומרעכטען און אזוי פיעל פער־ברעכענס...

(כלי יקר)

## כי מלאה הארץ חמס... (ו. יג.)

„לא נחתם גזר דינם אלא על הגזל״... (רש״י)

דען נישט צו גזלנ׳ען, נישט צו בערויבען איינער דעם צווייטען — דאס איז די עלעמענטארסטע פליכט, וואס ווערט דיקטירט דורכ׳ן איינפאכען פערשטאנד, וועגען וועלכען עס איז גאר איבעריג צו ווארענען...

(רמב״ן)

דעריבער איז זייער גזר־דין גע׳חתמ׳עט געווארען נאר איבער׳ן חטא פון גזל, דען קוים האט איין מענש קיין רחמנות נישט אויפ׳ן צווייטען, קאן ער שוין דאמאלס נישט פערלאנגען, אז השי״ת זאל אויף איהם יא רחמנות האבען...

(רבי יוסף שאול נאטאנזאהן)

דער חטא פון גזל איז געווען איינס פון די שבע מצוות, וועלכע זענען געגעבען געווארען צו אדם הראשונ׳ען. איז מילא בנוגע אלע איבריגע מצוות האבען זיי געקאנט האבען א תירוץ, אז זיי האבען געמיינט, דאס דידאזיגע מצוות זענען פערפליכטענד בלויז פאר אדם׳ן זעלבסט, נישט פאר זיינע נאכפאלגער, די שפעטערע דורות... אויף דעם חטא פון גזל אבער האבען זיי שוין נישט געקאנט זאגען דעם תירוץ, דען דערמיט האט מען דאך זיכער נישט געקאנט מיינען אויסשליסליך אדם׳ן — אויף אדם׳ן איז דאך נישט שייך געווען דער איסור פון גזל...

(תורת יצחק)

אויף זנות און אנדערע עבירות האָבען זיי געקענט האָבען א תירוץ: זיי האָבען געגאַסען פון צופיעל גוטס (זעה מדרש רבה), און מרוב טובה, אז מען באָדט זיך אין גוטס, זינדיגט זיך... אָבער אויב עס איז זיי יאָ אזוי גוט געווען, טאָ פארוואָס האָבען זיי געגזלט? און דעריבער — „לא נחתם גזר דינם אלא על הגזל"...

(פנינים נבחרים)

ביי גזל פועל'ט נישט קיין תשובה און עס פועל'ט נישט קיין תפלה, און דערפאר האָט נח אויף זיי נישט מתפלל געווען, ווי עס האָט געטהון אברהם אין בעצוג צו די אנשי סדום ועמורה. ביי גזל איז דאָ נאָר איין מיטעל און איין תיקון: „והשיב את הגזילה"!...

(בית ישראל)

„לא נחתם גזר־דינם אלא על הגזל".

דערויף פרעגט דער רא"ם: רש"י איז זיך דאָך אליין סותר, דען פריהער אינ'ם זעלבען פסוק, אויף „קץ כל בשר בא לפני", זאָגט דאָך רש"י: „כל מקום שאתה מוצא זנות ועבודה־זרה אנדרלמוסיא באה לעולם והורגת טובים ורעים", אז דער מבול איז נגזר געוואָרען צוליעב זנות און עבודה־זרה און ער וואָלט, אלזאָ, אונפערמיידליך געווען אויך אָהן דעם חטא פון גזל?

נאָר אינ'ם „קץ כל בשר בא לפני" — ענטפערט דערויף דער „מלא העומר" — אינ'ם חטא פון זנות, איז שוין ממילא אויך גזל אין כלל, דען קוים איז די וועלט פול געווען מיט זנות, איז אויסגעקומען, אז פרעמדע קינדער, ממזרים, האָבען געראַבעוועט אלס ירושה פרעמדע פערמעגענס פון אזעלכע, וועלכע זענען פאקטיש זייערע טאַטעס נישט געווען...

## והנני משחיתם את הארץ... (ו. יג.)

„את הארץ — עם הארץ, שאף ג' טפחים של עומק המחרישה נמוחו ונטשטשו" (רש"י)

דערויף פערטייטשט דער שפתי־חכמים: „דג' טפחים עומק נקרא ארץ ומכאן ואילך נקרא אדמה".

און אין אור החיים פ' שלח (טז. לא.) ווערט געזאָגט פערקעהרט, אז די אויבערשטע ערד־שיכט הייסט „אדמה" און די אונטערשטע שיכט, נאָך דריי טפחים — „ארץ", און אזוי זאָגט אויך דער מלבי"ם אין יתרו אויפ'ן פסוק „מזבח אדמה"...

## צהר תעשה לתבה... (ו. טז.)

„יש אומרים חלון ויש אומרים אבן טובה" (רש"י)

די דאָזיגע צווייערליי יש־אומרים זענען אייגענטליך די זעלבע, וועלכע זענען מחולק צווישען זיך אינ'ם דרש אויפ'ן פסוק „נח איש צדיק תמים היה בדורותיו", וואו אייניגע דרשנ'ען לשבח: „כל שכן שאילו היה בדור צדיקים היה צדיק יותר", און אייניגע דרשנ'ען לגנאי, אז נור „לפי דורו היה צדיק".

דען דער חילוק פון „חלון" ביז „אבן טובה" איז, וואָס אויב עס איז געווען א

חלון, א פענסטער, איז נישט נור ליכטיג געווען אין דער תיבה, נאָר מען האָט אויך געקאָנט פון דאָרט ארויסקוקען און זעהען, וואָס אויסער דער תיבה טהוט זיך; דאַ־געגען ביי אנ׳אבן־טובה, איז אין דער תיבה טאקי געווען ליכטיג, אָבער ארויסקוקען פון דאָרט האָט מען נישט געקענט. די יש־אומרים, אלזאָ, וועלכע זאָגן, אז „חלון היה״, האלטען מיט די „יש דורשים לשבח״, דאגעגען די יש־אומרים, וואָס זאָגען; „אבן טובה היתה״, האלטען מיט די „יש דורשים לגנאי״, אז נח איז נישט געווען אזא גרויסער צדיק און ער איז נישט ניצול געוואָרן אין זיין אייגענעם זכות און דעריבער איז נישט געווען אין דער תיבה קיין פענסטער, כדי ער זאָל נישט צוזעהען די מפלה פונ׳ם דור המבול, ווי מיר געפינען ביי לוט; „המלט על נפשך אל תביט אחריך״, און דערויף זאָגט דאָרט רש״י; „אינך כדאי לראות בפורענותם ואתה ניצול״...

(רבי שלמה קלוגער)

## ומכל החי... (ו. יט.)

עס האָט איינער אמאָל געפרעגט דעם קאָצקער רבי׳ן;

— הייתכן, ווי געשיקט זיך עס, וואָס דער רמב״ם אין מורה נבוכים לייקענט אין דער עקזיסטענץ פון שדים און כישוף, ווען ערענד אין דער תורה ווערט דאָך בפי־רוש געזאָגט; „ולא יזבחו עוד לשעירים״ און אין דער גמרא געפינען מיר כמה וכמה סיפורים וועגען שדים און מכשפים?

דערויף זאָל דער קאצקער, נישט וועלענדיג זיך ארייגלאזען מיט יענעם אין קיין לאנגע חקירות, איהם האבען געענטפערט;

—ביידע זאכען זענען ריכטיג. פריהער איז דאס אלץ טאקי געווען, אבער זינט דער רמב״ם, וועלכער איז אנערקענט געווארען אלס פוסק, האט געזאגט, אז זיי זענען נישטא, האט מען אויך אין הימעל אזוי גע׳פסק׳נט און זיי האבען פון דעמאלט אן אויפגעהערט צו עקזיסטירען.....

אנ׳עהנליכע שאלה האט מען אמאל געשטעלט א געוויסען מתנגד׳ישען גדול.

— וואס איז די מעשה — האט מען איהם געפרעגט — וואס מען זעהט נישט און מען הערט נישט היינטיגע צייטען פון קיין „דיבוקים״, ווי אין די אמאָליגע יאהרען?

— דאָס איז דערפאר — האָט ער געענטפערט — ווייל עס זענען נישטאָ היינט אזעלכע, וועלכע זאלען קאנען די „דיבוקים״ ארויסטרייבען...

## זכר ונקבה יהיו... (ו. יט.)

אויב דו וועסט זעהן „זכר רץ אחר נקבה״, אז דער זכר לויפט נאָך דער נקבה — קבלם, זאָלסטו זיי ארייננעהמען אין דער תיבה, אויב אָבער „נקבה רצה אחר זכר — אל תקבלם״, זאָלסטו זיי נישט ארייננעהמען, דען דאָס איז א סימן, אז זיי זענען טמאים...

(בראשית רבה)

## כי אותך ראיתי צדיק... (ז. א.)

ווען — פלעגט זאָגען דער רבי פון לובלין —כ׳זאָל אפילו הערען פון א מלאך

אליין, אז איך בין א צדיק, וועל איך איהם נישט גלויבען, און ווען זאָגאר דאָס זאָל מיר זאָגען השי״ת בכבודו ובעצמו, וועל איך איהם גלויבען נאָר אויף דערדאָזיגער מינוט, וואָרום קיין מענש, אפילו דער גרעסטער צדיק, קאָן נישט גאראנטירען, וואָס עס וועט זיין מיט איהם און ווי אזוי ער וועט אויסזעהן אין א מינוט ארום...

## מכל הבהמה הטהורה תקח לך שבעה שבעה וכו׳ גם מעוף השמים שבעה שבעה... (ז. ב. ג.)

„גם מעוף השמים — בטהורים הכתוב מדבר ולמד סתום מן המפורש״ (רש״י).

פארוואָס ווערט אויך ביי די עופות נישט אנגעוויזען בפירוש, אז זיי זאָלען זיין פון די טהורים?

ווייל ביי בהמות זענען די סמני טהרה אויסערליכע: „מעלה גרה״ און „מפרסת פרסה״, וועלכע נח אליין האט געקאנט אונטערשיידען און וויסען, ווער פון זיי עס איז א טהורה און ווער נישט; ביי עופות דאגעגען איז דער סימן טהרה אנ׳אינערליכער: „זפק וקורקבנו נקלף״, און דאס האט נח נישט געקאנט פריהער וויסען, נאָר ערשט דערנאָך, זעהענדיג פון וועלכע מין די תיבה האט קולט געווען און אריינגעלאזט צו זיבען פאר האט ער געוואוסט אויף שפעטער, אז דאס זענען עופות טהורים...

(רבי מאיר שמחה דווינסקער)

## ויבא נח... מפני מי המבול... (ז. ז.)

„אף נח מקטני אמונה היה, מאמין ואינו מאמין שיבא המבול״... (רש״י)

איז דאָך עס, ערשטענס, א סתירה צום בפירוש׳ן פסוק „נח איש צדיק״ און „כי אותך ראיתי צדיק״. צווייטענס, ווי געשיקט זיך עס דער אויסדרוק „מאמין ואינו מאמין״, ווי קאָנען זייןביידע זאכען צוזאמען? אָדער מען גלויבט, אָדער מען גלויבט נישט...

נאָר דער פשט איז: נח איז געווען אזא צדיק און אזא איש תמים, אז „אף מקטני אמונה היה מאמין״, אז ער האָט אפילו אין די „קטני אמנה״ געגלויבט, האָבענדיג צו אלעמען צוטרוי, האלטענדיג אלעמען פאר עהרליכע לייט, פאר צדיקים, — וממילא, קוים זענען אלע מענשען גוט, „ואינו מאמין שיבא המבול״, האָט ער זיך גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלען, אז עס זאָל קאָנען קומען א מבול אויף דער וועלט...

(רבי יצחק וואָרקער)

אמונה — האָט געזאָגט דער „אוהב ישראל״ פון אפט — האָט אין זיך דעם כח, וואָס מען קאָן דורך איהר ממשיך זיין די זאך, אין וועלכער מען גלויבט. נח האָט דעריבער נישט געוואלט גלויבען אינ׳ם מבול...

## ומן הבהמה אשר איננה טהורה... (ז. ח.)

„לעולם אל יוציא אדם דבר מגונה מפיו, שהרי עיקם הכתוב שמונה אותיות ולא הוציא דבר מגונה מפיו שנאמר ומן הבהמה אשר איננה טהורה״ (פסחים ג׳).

פרעגט מען: מיר געפינען דאָך זעהר פיעל מאָל דאָס וואָרט „טמא״ און „טמאה״,

פאַרוואָס האָט די תורה אין די אַלע ערטער נישט משנה געווען און נישט געשריבען „לא טהורה״?

האָט דער דובנער מגיד געענטפערט דערויף, ווי זיין שטייגער, מיט א משל: אין א שטאָדט האָט געוואוינט א גרויסער תלמיד־חכם, א יחסן, און דערצו אויך א גרויסער עושר. בשכנות מיט איהם האָט געוואוינט אַן׳אויפגעקומענער גביר, א פּראָסטאַק און גראָבער יונג, וועלכען מען האָט גערופען מיט׳ן צונאָמען: „יאָסעל פויער״. איינמאָל קומט אַריין צום תלמיד־חכם א פרעמדער איד און פרעגט, וואו עס וואוינט ר׳ יאָסעל. „ווער? יאָסעל פויער?״ — שרייט אויס דער משרת — „אין דער צווייטער טהיר, אנטקעגענאיבער!״ דערהערענדיג דעם דאָזיגען ענטפער האָט דער תלמיד־חכם שטאַרק אויסגעמוסר׳ט דעם משרת, הלמאי ער איז פאַר פרעמדע מענשען מבזה דעם שכן, אָנרופענדיג איהם מיט׳ן בזיון׳דיגען צונאָמען. אין א צייט אַרום קומט אַריין צום תלמיד־חכם א שדכן און ערקלערט, אַז דער שכן יאָסעל האָט איהם געשיקט פּאַרלעגען, אַז ער וויל זיך מיט איהם משדך זיין. דער תלמיד־חכם איז פונ׳ם דאָזיגען פאָרשלאַג געוואָרען שטאַרק אויפגעבראַכט: וואָס? — איז ער געווען אויסער זיך — איך זאָל מיך משדך זיין מיט יאָסעל פויער? יאָסעל פויער זאָל זיין מיין מחותן? און ער האָט געגנומען זידלען דעם שדכן פאַר דער חוצפה צו קומען צו איהם מיט אַזעלכע שידוכים...

אַז דער שדכן איז אוועק, פרעגט דער משרת דעם בעל־הבית: הלמאי, אַז ער האָט אָנגערופען דעם שכן מיט׳ן גראָבען וואָרט, האָט ער איהם געמאַכט דערפאַר א פאַרוואורף, ולסוף רופט ער איהם אַליין אויך מיט׳ן זעלבען צונאָמען? ענטפערט איהם דער בעל־הבית: דאַמאָלס, אַז מען איז סתם אַריינגעקומען פרעגען אויף איהם און עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען א פראַגע, וואָס איז אונז לגמרי נישט נוגע, איז עס נישט געווען אויפ׳ן אָרט צו דערצעהלען דעם פרעמדען איד, וואָס פאַר א צונאָמען דער דאָזיגער שכן האָט, אָבער איצט, ווען מען האָט שוין די העזה פאָרצולעגען מיר, כ׳זאָל זיך מיט איהם משדך זיין, האָב איך געמוזט ערקלערען, פאַרוואָס דער דאָזיגער שידוך שטעהט מיר נישט אָן, אַז יאָסעל פויער איז נישט פאַר מיר קיין מחותן...

דער נמשל איז: דאָ, אין פרשת נח, ביים אויסרעכענען די בהמות, וואָס מען האָט אַריינגענומען אין דער תיבה, וואו לדינא איז אייגענטליך קיין נפקה מינה נישט, וועד פון זיי עס איז געווען טהור און וועד טמא, האָט די תורה מקפיד געווען און גערעדט בלשון נקיה: „ומן הבהמה אשר איננה טהורה״. דאַגעגען אין אַלע אַנדערע מקומות, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען דערוויטערען דעם איד פון אַן׳איסור, פון אַן׳עבירה, פון מאכלות אסורות, דאָ דאַרף מען שוין נישט מקפיד זיין אויף לשון נקיה, נאָר פערקעהרט, מען מוז בפירוש ערקלערען און אָנווייזען, פאַרוואָס מען דאַרף זיך פון די דאָזיגע בהמות דערוויטערען: זיי זענען נישט פאַר דיר, זיי זענען טמא און פון א דבר־טמא דאַרף מען זיך מתרחק זיין!...

## שנים שנים באו אל נח אל התבה... (ז. ט.)

צוזאַמען מיט די פאַרשידענע ברואים, וועלכע האָבען זיך פאַרלעך־וויז פאַרזאַמעלט אַרום דער תבה, איז אויך מיטגעקומען דער שקר און אויך ער האָט געוואָלט אַריינגעהן אַהין, אָבער נח האָט איהם נישט אַריינגעלאָזען, ערקלערענדיג, אַז יעדער דאַרף האָבען מיט זיך א בן־זוג, א פּאָר׳ל. איז דער שקר אוועק און געבלאָנדזשעט איבער די גאַסען,

זוכענדיג פאר זיך א פארטנער, און אזוי בלאָנדזשענדיג האָט ער אָנגעטראָפען אויף שלי־מזל. פרעגט דער שקר דעם שלימזל: פון וואנען קומסטו? ענטפערט שלימזל: פון נח׳ס תבה קום איך, מען לאזט מיך נישט אהין אריין, סיידען כ׳זאל ברענגען מיט זיך א בן־זוג. רופט זיך אָן דער שקר: אויב אזוי, ׳טאָ לאָמיר זיך פעראייניגען, זענען מיר דען נישט קיין געפאסט פאָר׳ל? האָט שלימזל מסכים געווען און זיי זענען ביידע אריין אין דער תבה, שליסענדיג צווישען זיך פריהער אנ׳אָבמאך, אז אלץ, וואס שקר וועט פערדיענען, זאָל ער אוועקגעבען שלימזל׳ן...

(מדרש שוחר טוב)

פון דאנען איז צו זעהן, אז:

א) אויך שקר און שלימזל האָבען זיך ארייגבעקומען אין נח׳ס תבה.

ב) פון דאמאלס אָן געהען שקר און שלימזל ביז׳ן היינטיגען טאָג צוזאמען.

ג) דאָס, וואָס מען פארדיענט דורך שקר, געהט אוועק מיט׳ן שלימזל...

ביי איינעם פון די אלטע העברעאישע דיכטער געפינען מיר דערויף פאָלגענדען עפיגראם:

„דוב ופרה, נמר וטלה
בתבת נח כי ישבו
פלא הוא, אך מה יותר יפלא
שם חם ויפת יחד בשלום כי שכבו״...

## ומי המבול היו על הארץ... (ז. י.)

לויט דער מיינונג פון רבי יוחנן, האָט דער מבול ארומגענומען די גאנצע וועלט, אחוץ די ערד פון ארץ־ישראל; דאָרט האָט ער קיין שליטה נישט געהאט...

(זבחים קיג.)

## בשנת שש מאות שנה לחיי נח... (ז. יא.)

אין זוהר (וירא דף ק״ז) ווערט געזאָגט אויפ׳ן דאָזיגען פסוק, אז דאָס מיינט מען דאָס יאָהר ת״ר לאלף הששי „שאז יתפתחו תרעי ומבועי דחכמתא״, אז עס וועלען זיך עפענען אין יענער צייט די טויערען און קוואלען פון חכמה (זעה דאָרט באריכות)...

און דערויף האָט געזאָגט רבי מענדעלי קאָצקער, אז ווירקליך האָט זיך פונ׳ם דאָזיגען יאָהר אָנגעהויבען א גרויסע השכלה־בעוועגונג אין דער וועלט, סיי ביי די אומות העולם, סיי ביי אידען, עס זענען באמת געעפענט געוואָרען די קוואלען פון חכמה ודעת, אָבער בעוונותינו הרבים האָט די סטרא אחרא גובר געווען און זיי זענען בעהערשט געוואָרען דורך די חיצונים און די כחות־הטומאָה...

## בעצם היום הזה בא נח וכו׳ אל התבה, המה וכל החיה למינה וכל הבהמה... (ז. יג. יד.)

טאָ וואס איז, אויב אזוי, די רבותא, וואס באחרית הימים וועט זיין „וגר זאב

עם כבש", אויך ביי נח'ן איז דאָך געווען דאָס זעלבע, די ווילדעסטע חיות־רעות האָבען געוואוינט אין איין תיבה צוזאמען מיט כל מיני בהמות ועופות און זיי נישט אנגערירט?

נאָר דער אונטערשיעד איז דער, וואָס בשעת'ן מבול האָבען די אלע חיות־רעות שלום געמאכט צווישען זיך צוליעב דער אלגעמיינער סכנה, אין ווען זיי האָבען זיך אלע אָהן אויסנאהם געפינען, און דאָס איז נישט אזא גרויסער חידוש; בשעת מען זעהט דעם טויט פאר די אויגען ווערען דאן די געפעהרליכסטע ברואים, די חיות, ווי די מענשען, פלוצלונג גוט און פרום, פריינדליך און פריעדליך איינער צום צווייטען. דאגעגען באחרית הימים ערווארטען מיר, אז דער שלום און דער „וגר זאב עם כבש" זאָל קומען נישט אויס פחד, נאָר אויס איבערצייגונג, זעעלישע דער־הויבונג און טהרת המדות והדעות, און דאָס וועט מעגליך זיין נאָר אין משיח'ס צייטען...

(פרדס יוסף)

## מכל אשר בחרבה מתו... (ז. כב.)

„מכל אשר בחרבה מתו — ולא דגים שבים" (זבחים קיג.)

פארוואָס זענען די פיש גראָד געווען אנ'אויסנאהם פון אלע בעלי־חיים? — ווייל וועגען אלע בעשעפענישען ווערט געזאָגט אין פסוק: „כי השחית כל בשר את דרכו על הארץ", דרשנ'ען דערויף די חז"ל: „אפילו בהמה, חיה ועוף נזקקין לשאינן מינן". אָבער ביי פיש איז דערדאָזיגער חטא נישט שייך, דען אין ב"ק נ"ח ברענגט תוספות אין נאָמען פון ירושלמי אז „דגים אינן נרבעין ונזקקין לשאינן מינן"...

(תורה תמימה)

דעריבער — האָט געזאָגט דער רבי ר' בונם — האָט ג'ען פאר די דגים שבים געמאכט אנ'אויסנאהם און זיי זענען אין מבול נישט אומגעקומען, ווייל ביי בריאת־העולם זענען זיי געווען די ערשטע בעשעפענישען פון צווישען די בעלי־חיים.

און דערמיט — האָט ער צוגעגעבען — ערקלערט זיך אויך דער מנהג וואָס ביי דער שבת'דיגער סעודה עסען מיר צום ערשטען פיש, ווייל זיי זענען געווען די ערשטע לעבעדיגע ברואים אויף דער וועלט...

## וימח את כל היקום... מאדם ועד בהמה... (ז. כג.)

אויב דער מענש האָט געזינדיגט, וואָס איז די בהמה שולדיג? — נאָר משל למה הדבר דומה, צו איינעם, וואָס האָט איינגעאָרדענט א חופה פאר זיין זוהן און צוגעגרייט א סעודה מיט די פערשידענסטע שפייזען. פלוצים האָט מיט'ן זוהן אנ'אומגליק פאסירט און ער איז געשטאָרבען, האָט דער פאָטער די חופה צושטערט און די סעודה פערניכטעט, זאָגענדיג: דאָס אלץ האָב איך דאָך לכבוד מיין זוהן צו־געגרייט, אָהן איהם איז דאָך איבריג די חופה און איבריג די סעודה.

פאר וועמען זענען די בהמות און חיות בעשאפען געוואָרען? — פאר'ן מענש, פאר זיין געברויך; אָהן איהם — ווער דאָרף זיי?

(סנהדרין קח.)

אויפ'ן פסוק „וימח את כל היקום" זאָגט דער אבן־עזרא: „ומלת היקום לא מצאנוהו כי אם בפרשה הזאת"...

פרעגט מען: ווי קומט עס, אז דער אבן־עזרא זאָל פערזעהן א בפירוש'ן פסוק אין פ' עקב — „ואת כל היקום אשר ברגליהם"?...

אייניגע ווילען ענטפערן, אז דאָס בעציהט זיך צו דער וויטערער שטעלע אינ'ם זעלבען אבן־עזרא, וואו עס ווערט געזאָגט: „ומלת יקום כלל לכל חי שהוא על האדמה", און דאָס מיינט ער צו זאָגען מיט דעם „לא מצאנוהו כי אם בפרשה הזאת", דען דאָס וואָרט „היקום" אין פ' עקב בעציהט זיך נור אויף דוממים, נישט אויף בעלי־חיים.

## וימחו מן הארץ... (ז. כג.)

א פלא אויפ'ן אבן־עזרא, וועלכער דריקט זיך דאָ אויס: „זאת תשובה על חסרי הדעת מאחינו שאומרים שלא הי' המבול בארץ ישראל", וועהרענד דאָס איז דאָך א בפירוש'ע גמרא אין זבחים קי"ג, וואו עס איז וועגען דעם א פלוגתא צווישען רבי יוחנן און ריש לקיש: „מר סבר ירד מבול לא"י ומר סבר לא ירד"...

דער אבי־עזר פרובט אפילו צו געבען דערויף אנ'ערקלערונג, אָבער — עס איז א תירוץ דחוק.

## וישאר אך נח... (ז. כג.)

פריהער, „בדורותיו", ווען ער איז געווען ארומגערינגעלט מיט רשעים, איז ער, אין פערגלייך מיט זיי, געווען א „נח איש צדיק תמים", אָבער איצט, ווען אלע זענען אומגעקומען און ער איז געבליבען אליין — „וישאר אך נח", איז ער שוין געווען נישט מעהר, ווי א „בלויזער נח"...

(תולדות יעקב יוסף)

„שאיחר מזונות לארי והכישו" (רש"י)...

און אָט דאָס, משמעות, — פלעגט זאָגען רבי שמעון יאראָסלאווער בדרך־הלצה — מיינט די גמרא: „אחורי ארי ולא אחורי אשה" (ברכות סא.), שוין בעסער צו פערשפעטיגען („אחורי" פון לשון איחור — פערשפעטיגען) די מזונות פאר'ן לייב, איידער פאר דער פרוי; מיט איהר אָנצוהויבען איז נאָך פיעל געפעהרליכער...

## ויהי מקץ ארבעים יום... (ח. ז.)

„משנראו ראשי ההרים" (רש"י)

און נאָך די דאָזיגע פערציג טעג האָט נח געוואַרט צוויי מאָל צו זיבען טעג, ביז די טויב איז מעהר נישט צוריקגעקומען, און דאן — „וירא והנה חרבו פני האדמה". לויט דעם חשבון קומט אלזא אויס, אז זינט עס האָבען זיך ארויסגעוויזען די ראשי ההרים, די שפיצען פון די העכסטע בערג, ביז די ערד איז אינגאנצען טרוקען געוואָרען, האָט געדויערט פיער און פופציג טעג.

אין א פריהערדיגען פסוק (ח, ד.) זאָגט רש״י „וחסרו אמה לד׳ ימים״, אז יעדע פיער טעג איז דאָס וואסער אָבגעפאלען אויף אנ׳אייל. אלזאָ אין פיער און פופציג טעג — דרייצעהן און האלב אייל, און דאָס זעהט אויס צו זיין אונפערשטענדליך. צי דען־זשע זענען די העכסטע בערג, די הרי אררט, נישט העכער מעהר, ווי דרייצעהן און א האלב אייל ?...

(כנסת הגדולה)

## וישלח את העורב... (ח, ז.)

עטליכע מאָל געפינען מיר אין ש״ס, אז בשעת איין אמורא האָט געפרעגט דעם צווייטען עפיס א שאלה און יענער האָט נישט געהאט קיין ריכטיגע תשובה, האָט ער איהם געענטפערט: עורבא פרח״, ווי אין חולין קכ״ה: „קולית סתומה לרבי ישמעאל מהו שתטמא וכו׳ אמר ליה עורבא פרח״, און אין ביצה כ״א: „אמר ליה וכי מה זה בין נדרים לנדבות, אמר ליה עורבא פרח״. וואָס עפיס „עורבא פרח״ ?

דער זין דערפון איז — האָט דערויף ערקלערט רבי חיים סאָלאָווייטשיק — אז פונקט ווי דער עורב, וואָס נח האָט ארויסגעשיקט, איז נישט צוריקגעקומען מיט קיין תשובה, אזוי ועסטו אויך פון מיר קיין תשובה נישט בעקומען...

בשעת מען האָט רבי הערשעלע בערלינער פאָרגעלעגט אָנצונעמען דאָס כסא־רבנות אין בערלין, האָבען איהם א סך פון זיינע מקורבים אָבגעהאלטען דערפון, באשר בערלין איז א שטאָדט פון משכילים און ער וועט זיך דאָרט נישט גוט פיהלען. נאָך א לענגערען ישוב־הדעת איז געבליבען ביי איהם צו שיקען אהין א שליח־מיוחד, וועלכער זאָל זיך אויפ׳ן אָרט בעקענען מיט די פערהעלטעניסען. געזאָלט האָט פאָהרען איינער פון זיינע מקורבים, א גרויסער למדן און ירא־שמים, אָבער אין דער לעצטער מינוט האָט ער זיך מיישב געווען און האָט געשיקט אהין אן אנדערען שליח, שוין א ביסעל א מאָדערנער, א האלבער משכיל, און בעת די מקורבים האָבען זיך דערויף גע׳חידוש׳ט, האָט ער זיי ערקלערט:

— בשעת נח האָט געוואָלט וויסען, צי די וועלט איז שוין אויסגעבעסערט געוואָרען נאָכ׳ן מבול און צי די רשעים לעבען נישט מעהר, האָט ער ארויסגעשיקט פריהער דעם עורב, די קראָה, נישט די טויב, פארוואָס ? ווייל ווען ער וואָלט פריהער געשיקט די טויב וואָלט ער נישט געוועןט געוואוסט דעם אמת. זי וואָלט די רשעים, ווען זיי זאָלען אפילו עקזיסטירען, נישט געזעהן. פאר איהר, די כשר׳ע טויב, וואָלטען זיי זיך מאסקירט און געשפּיעלט א פרומע ראָליע. דעריבער האָט ער פריהער ארויסגעשיקט דעם עורב, דעם עוף טמא. פאר איהם, וועלכען זיי וועלען האלטען פאר זייערס גלייכען, וועלען זיי זיך נישט מאסקירען און עס וועט איהם אזוי ארום געלונגען צו דערגעהן דעם אמת...

## וישלח את היונה... (ח, ח.)

די טויב איז א סימן אויף דער כנסת־ישראל. „ולא מצאָה היונה מנוח״, די טויב האָט נישט געהאט קיין מנוחה — אויך ישראל וועט אין גלות קיין מנוחה נישט האָבען. „ותשב אליו אל התבה״, די טויב האָט זיך צוריק אומגעקעהרט אין דער תיבה — אויך

ישראל וועט סוף כל סוף זיך אומקעהרען אין זיין לאנד. „ותבוא אליו היונה לעת ערב", געקומען איז די טויב צוריק אָוונד־צייט — אויך ישראל וועט אויסגעלייזט ווערען לעת ערב, ווען עס וועט שוין גוט פינסטער זיין, ווי דער נביא זאָגט: „והיה לעת ערב יהיה אור"...

(מדרש אגדה)

## ותבא אליו היונה לעת ערב... (ח. יא.)

א מערקווירדיגען פשט געפינען מיר אויפ'ן דאָזיגען פסוק אין „מגדל עוז" פון יעב"ץ. דערפאר — ווערט דאָרט געזאָגט — איז די טויב מיט'ן בלאט אין מויל צוריק־געקומען לעת־ערב ערשט פארנאכט, ווייל דערדאָזיגער טאָג איז געווען שבת און די טויב רייסט נישט קיין געוויקסען אום שבת...

## והנה עלה־זית טרף בפיה... (ח. יא.)

די זינד פונ'ם דור המבול איז בעשטאנען, כידוע, אינ'ם „ותשחת הארץ", אויף וואָס די חז"ל ערקלערען, אז נישט־נאָר די מענשען, נאָר אויך אלע איבעריגע בעלי־חיים און זאָגאר די בוימער האָבען זיך מתדבק געווען „מין בשאינו מינו"... און דעריבען האָט די טויב — אלס צייכען, אז דער מבול האָט אויפגעהערט — געבראכט אנ'„עלה־זית" אין מויל, דען א זית, ווערט געזאָגט אין ירושלמי, איז נישט מקבל קיין הרכבה; אנ'איילבירט־בוים לאָזט זיך נישט בעהעפטען מיט קיין פרעמדען מין...

(געהערט)

„אמרה יהי' מזונותי מרורים כזית בידו של הקב"ה
ולא מתוקים כדבש בידי בשר ודם" (רש"י)

און דערפון האָט נח געוואוסט „כי קלו המים מעל הארץ", אז ס'איז שוין נאכ'ן מבול און עס עקזיסטירט שוין צוריק א ישוב אויף דער וועלט. וואָרום אין געגענפאל וואָלט די טויב נישט גערעדט מיט אזא דרייסטקייט און עזות. אזעלכע ווערטער ווי „יהי' מזונותי מרורים כזית וכו'", רעדט מען נאָר דאמאָלס, ווען מען איז פערזיכערט מיט פרנסה, מיט פת בסלו, ווען מען ווייסט, אז מען דארף מעהר צו יענעם נישט אָנקומען...

(בכורי אביב)

אָנקומען נאָך מזונות צו א בשר־ודם, איז פונקט, ווי אָנקומען נאָך האָניג צו דער ביהן: ביים בעקומען פון איהר דאָס ביסעל האָניג איז מען אויסגעשטעלט צו ווערען פון איהר געביסען, צו ליידען צער און יסורים...

(רבי נפתלי ראָפשיצער)

אין ברכת־המזון בעטען מיר: „ואל תצריכנו לא לידי מתנת בשר־ודם ולא לידי הלואתם". פארוואָס עפעס ווערט ביי „מתנת" געברויכט א לשון־יחיד און ביי „הלואתם" — א מספר רבים?

א מתנה, א נדבה, דאָס בעטען מיר, זאָלען מיר חלילה צו קיינעם נישט דארפען אָנ־

קומען, אפילו צו א יחיד. דאגעגען א הלואה, קרעדיט, דאָס איז שוין אזא זאך, אָהן וועלכער עס איז אונמעגליך אויסצוקומען, אויך א נגיד נויטיגט זיך אמאָל „מיד ליד" אין א גמילות־חסד, און דאָ איז בלויז די בקשה: „ולא לידי הלואתם", אז בשעת מיר נויטיגען זיך אין א הלואה, זאָלען מיר עס גלייך בעקומען און נישט דארפען ארומלויפען צו א רבים, פון איינעם צום צווייטען...

(שיחת חכמים)

פונ'ם דאָזיגען פסוק, „והנה עלה זית טרף בפיה", דרינגט דער ש"ך (יו"ד ס"ק כ'), אז זית איז א דבר־חריף, דען די גמרא (עירובין י"ח) דרשנ'ט דערויף: „אמרה יונה יהי' מזונותי מרורים כזית".

ווייזט אָבער אָן רבי שמעלקי ניקעלשבורגער, אז אין פסחים ל"ו איז פאראהאן א בפירוש'ער תוספות, וואו עס ווערט געזאָגט, אז נור דער אילן הזית איז ביטער, אָבער נישט דער זית, די פרי אליין...

„אומר אני שזכר היה לכן קראו פעמים לשון זכר ופעמים לשון נקבה" (רש"י)

דאגעגען ווערט געזאָגט אין תוספות יום טוב (נזיר פרק ב' משנה ב') „אעפ"י שב־כתוב נמצא „הדלת תסוב על צירה", כבר אמר החכם הראב"ע כל אשר אין בו רוח חיים זכרהו ונקבהו".

רש"י אָבער, ווי מיר זעהען, איז נישט מסכים צום דאָזיגען כלל, האלטענדיג, אז דער „זכרהו ונקבהו" לאָזט זיך אָנווענדען אויך אויף א בעל־חי, וועלכען מען קאָן טיילמאָל אָנרופען בלשון זכר און טיילמאָל בלשון נקבה.

## למשפחותיהם יצאו מן התבה... (ח. יט.)

„אמר רבי יוחנן למשפחותיהם ולא הם" (סנהדרין ק"ח)

עס איז שוין א סך טינט פערגאָסען געוואָרען איבער דעם דאָזיגען אונפערשטענד־ליכען מאמר, וועלכען די מפרשים בעמיהען זיך אויסטייטשען אויף פערשידענע אופנים און דער „באר שבע" זאָגט בפירוש: „לא ידענא פירושו".

פון די פארשידענע פשט'ים אבער לאָזט זיך עס אמבעסטען ערקלערען אויפ'ן פאָל־גענדען אופן: לויט דער מסורה (אין עדיות פ"ב), האָט דער משפט פון דור־המבול געדוי־ערט גאנצע צוועלף חדשים, און געזאָגט ווערט (אין חולין נח.): „כל בריה שאין בה עצם אינה חיה י"ב חדש", — און היות ווי דער משפט פון דור־המבול האָט זיך געצויגען צוועלף חדשים צייט, קומט דאָך אלזאָ אויס, אז דאָסדאָזיגע מין בעשעפענישען איז במשך פון דער צייט אויסגעגאנגען און ארויס פון דאָרט זענען נישט זיי אליין, נאָר זייערע מש־פחות...

(חלקי אבנים)

א זעהר לאגישע ערקלערונג איז אויך די פון רבי יצחק אליהו לאנדוי, און נעמליך: מיר געפינען נישט אין ערגיץ דאָס וואָרט „למשפחותיהם", נאָר „למשפחותם", און דער מאמר דאָ אין דער גמרא דארף נישט געלערנט ווערען בניחותא, נאָר בתמיה: „למשפחותיהם יצאו מן התיבה, אמר רבי יוחנן למשפחותם ולא הם", „למשפחותם" דארף

דאָך שטעהן, נישט „למשפחותיהם״, אָהן דעם „הם״ צום סוף? און אלס ענטפער דערויף קומט די ווייטערע שטעלע פון דער גמרא: „אָמר רב חנא בר ביזנא וכו׳ כתיב למשפחותיהם יצאו מן התבה, אתון היכן הויתון וכו׳ ״ און דער פירוש פון רש״י דאָרט, אז „משפחות ומשפחות היו שרויין״.

## ויאמר ד׳ אל לבו... (ח. כא.)

דערויף ווערט געזאָגט אין מדרש רבה פון דערדאָזיגער סדרה (פרשה לד.): הרשעים הן ברשות לבן — „אמר נבל בלבו״, „ויאמר עשו בלבו״ וכו׳, אבל הצדיקים לבן ברשותן — „וחנה מדברת על לבה״, „ויאמר דוד אל לבו״ וכו׳.

פרעגט זיך: אין פ׳ לך־לך (יז. יז.) געפינען מיר דאָך בפירוש ביי אברהם׳ן: „ויאמר בלבו״?...

אלס ענטפער דערויף ווערט אָנגעוויזען, אז אין „מדרש לקח טוב״ (המכונה „פסיקתא זוטרתא״) הוצאת באָבער ווערט דער דערמאָהנטער מאמר געבראכט אין א גאנץ אנדער נוסח, נעמליך: „בכל מקום אתה מוצא בבני אדם, בצדיקים — „אל לבו״, וברשעים — „בלבו״, חוץ מזה — „ויאמר בלבו״...

דאָסזעלבע ווערט אויך בעמערקט אין חזקוני פ׳ לך.

## כי יצר לב האדם רע מנעוריו... (ח. כא.)

דעריבער „לא אוסיף לקלל עוד את האדמה בעבור האָדם״, ווייל — „כי יצר לב האָדם רע״, ווייל דאָס, וואָס דער מענש האָט אזעלכע שלעכטע נייגונגען, נעהמט עס זיך „מנעוריו״, דערפון, וואָס דער מענשליכער מין איז זעהר יונג, ער עקזיסטירט איצט סך־הכל צעהן דורות און ער האָט נישט בעוויזען זיך גייסטיג צו ענטוויקלען; מיט דער צייט אָבער וועט ער ווערען רייפער און בעוואוסטזיניגער, וממילא אויך — בעסער און איידעלער...

(רבי אליעזר אשכנזי)

דעם יצר־הרע — האָט אמאָל דער רבי ר׳ בונם זיך אויסגעדריקט — דארף דער מענש זיך פאָרשטעלען, ווי א רוצח, וואָס שטעהט איבער דיר מיט אנ׳אויפגעהויבענער האַק און ער וויל דיר אָבהאַקען דעם קאָפּ...

— און אז מען קאָן זיך דאָס נישט פאָרשטעלען? — האָט עמיצער פון די חסידים דערביי א פרעג געטהון.

— איז דאָן א סימן — האָט ער געענטפערט — אז ער האָט דיר דעם קאָפּ שוין לאנג אָבגעהאַקט...

(שיח שרפי קודש)

א מערקווירדיגען מאמר געפינען מיר אין מדרש הנעלם פ׳ תולדות קל״ח און נעמליך: „אצטריך יצר־הרע לעולם כמטרא לעולם דאלמלא יצר־הרע חדוותא דשמעתא לא ליהוי״.

דער יצר־הרע, הייסט עס, איז נויטיג פאר דער וועלט, ווי רעגען, דען ווען נישט דער יצר־הרע, וואָלטען מיר אפילו די פרייד פון תורה־לערנען נישט געפיהלט...

## ויום ולילה לא ישבתו... (ח. כב.)

און אזוי זעהן מיר טאקע אין דער ווירקליכקייט: אויף איין רגע ווערען זיי אין זייער טעטיגקייט נישט אָבגעשטעלט; ווען ביי אונז איז טאָג, איז אין אמעריקא נאכט, און דאָסזעלבע פערקעהרט...

(יערות דבש)

דער פסוק „ויום ולילה לא ישבתו" — ערקלערען די חז"ל — איז א לאו, אנ'אזהרה לבני נח, אז „בן נח ששבת חייב מיתה"... ווי אזוי אלזאָ, פרעגען די מפרשים, האָט אברהם (לויט די חז"ל) אָבגעהיט שבת, ער איז דאָך געווען אין כלל פון די בני נח?... דערויף ענטפערט דער הפלאה, אז אין פסוק רעדט זיך נאָר וועגן א שבת פון „יום ולילה", לויט ווי ער ווערט אָבגעהיט ביי די גוים — פריהער דער טאָג און נאכהער די נאכט, אָבער נישט וועגן היטען שבת אויפ'ן אידישען שטייגער — „לילה ויום"...

## כירק עשב נתתי לכם את כל... (ט. ג.)

אלע זאכען, וואָס איך האָב אייך געגעבען צום עסען, זאָלט איהר נישט עסען מיט קיין תאוה, נאָר „כירק עשב", פון וועלכען דער מענש האָט קיין שום הנאה און תענוג נישט, און אויב ער עסט עס, איז עס בלויז בכדי צו ערנעהרען זיך און צו דערהאלטען דאָס חיות...

(רבי משה קאָברינער)

רבי אברהמ'על פאָריסאָווער האָט אמאָל, טיילענדיג ביים שבת'דיגען טיש „שריים", זיך אָנגערופען צום עולם בדרך־הלצה, אז ווי עס ווייזט אויס, איז די תאוה פון כבוד פיעל שטארקער, ווי די תאוה פון עסען, והראיה: ער אליין האָט גאנץ אָפט חשק אויפצועסען די גאנצע פּאָרציע, וואָס מען דערלאנגט איהם צום טיש, דאָך, צוליב דער תאוה פון כבוד, בכדי צו טיילען „שריים" און צו זיין געהויבען ביי די חסידים, האלט ער זיך איין און עסט נישט... זעהט מען דאָך, אז דער תאות־הכבוד איז גרעסער פון דער תאות־האכילה...

בשעת דער גערער רבי האָט, קומענדיג צום ערשטען מאָל קיין ארץ־ישראל, געמאכט א וויזיט ביי רבי אברהם יצחק קוק, האָט הרב קוק איהם אויפגענומען מיט גרויס כבוד און געהייסען צוגרייטען א גרויסארטיגע סעודה.

ביים עסען רופט זיך אָן דער גערער רבי צום הרב קוק:

— ביי אונז, חסידים, איז אָנגענומען, אז דער צדיק זאָל טיילען „שיריים".

— און ביי אונז, מתנגדים — ענטפערט איהם דערויף הרב קוק — איז אָנגענומען, אז דער צדיק אליין זאָל זיך בעטראכטען ווי „שיריים"...

## ואך את דמכם לנפשותיכם אדרוש... (ט. ה.)

דאָס עסען פליישׁ, ווי עס ערקלערען דער רמב"ם און רמב"ן, פלאנצט־איין אינ'ם

מענש ווילדקייט און אכזריות, און דעריבער איז נאָכדעם, ווי מען האָט נח׳ן מתיר געמאכט צו עסען פלייש: „כל רמש אשר הוא חי לכם יהיה לאכלה“, האָט מען איהם תיכף אָנגעזאָגט און געוואָרענט געגען רציחה: „ואך את דמכם לנפשותיכם אדרוש“!
(מלאכת מחשבת)

## ויטע כרם... (ט. כ.)

בשעת נח האָט זיך געשטעלט פלאנצען דעם ווייngאָרטען, איז געקומען דער שטן און איהם פאַרגעלעגט, ער זאָל איהם צונעמען אלס שותף, זיי זאָלען פלאנצען צוזאמען. האָט נח מסכים געווען און דער שטן האָט זיך גענומען צו דער ארבייט: צום ערשטען האָט ער געבראכט א שעפס און איהם געשאָכטען, בעשפריצענדיג מיט זיין בלוט דעם פערפלאנצטען וויינשטאָק, דאן האָט ער געבראכט א לייב און איהם געשאָכטען און דאן האָט ער דאָסזעלבע געטהון מיט א חזיר... און דעריבער — בעת דער מענש טרינקט אויס דעם ערשטען בעכער וויין, ווערט ער דאן ליעבליך און געמיטליך, ווי א שעפסעל; נאָכ׳ן צווייטען בעכער ווערט ער מונטער און בעקומט קוראזש, ווי א לייב; נאָכ׳ן דריטען און פיערטען כוס ווערט ער עהנליך צו א חזיר, וואָס וואלגערט זיך אין בלאָטע...
(מדרש אבכיר)

נאָכ׳ן דור־המבול, ווען די וועלט איז אומגעקומען, ווייל מענשען זענען געווען פול מיט חמס וגזל, האָט זיך נח ארומגעזעהען, אז נור ביים פערנעהמען זיך מיט ערד־ארבייט איז דער מענש אימשטאנד צו פיהרען א עהרליך און אנשטענדיג לעבען און — „ויחל נח איש האדמה ויטע כרם“...
(ארונו של יוסף)

## וישת מן היין וישכר... (ט. כא.)

דערויף זאָגען די חז״ל: „אין לך דבר שמביא יללה על האדם כמו היין, שנאמר וישת מן היין וישכר“ (ברכות מ׳), ווי אויך: „לא נברא יין אלא לנחם אבלים ולשלם שכר לרשעין, שנאמר תנו שכר לאובד ויין למרי נפש“ (עירובין ס״ה).

און דערפאר איז מען זיך נוהג, אז ביים טרינקען וויין זאָגט מען זיך: „לחיים“, אז מען זאָל נישט דארפען, חלילה, טרינקען צוליב אבלות און עס זאָל נישט גורם זיין צו קיין יללה...
(תוספת ברכה)

רבי אביש פראנקפורטער איז בטבע געווען א מזג־טוב, וועלכער פלעגט קיינעם אין קיין בקשה נישט אָבזאָגען. איינמאָל איז אריינגעקומען צו איהם א איד, וועלכען מען האָט געקענט אין שטאָדט אלס אזעלכען, וועלכער האָט נישט פיינט דעם „ביטערען טראָפּען“, און געבעטען רבי אביש׳ן, ער זאָל איהם ארויסגעבען א כתב־המלצה צו אידען רחמנים בני רחמנים, מען זאָל איהם ארויסהעלפען מיט שענע נדבות און איהם בייהילפיג זיין אין דער מצוה פון הכנסת־כלה, מחמת ער האָט נעבעך עטליכע פערזעסענע בוגרות׳ן חתונה צו מאכען. רבי אביש האָט איהם גלייך ארויסגעגעבען אזא בריעף, וועלכער האָט געהאַט א שטארקע פעולה אויף די נותנים. דער פארשוין

אָבער האָט די געזאמעלטע נדבות פערוועגדעט אויף עפּיס אנדערש — ווי־נאָר ער פלעגט פון וועמען בעקומען א מטבע, האָט ער זיך גלייך אוועקגעלאָזט אין שענק און עס פערטרונקען... איינמאָל, בעקומענדיג פון איינעם א גאָר היבשע נדבה, האָט ער זיך אזוי אָנגעשכור'ט, אז נאָכ'ן אויסניכטערן זיך האָט ער צו זיין גרויסער שרעק דערזעהן, אז ער האָט פערלוירען, אָדער מען האָט איהם פון טאש ארויסגעגנב'עט דעם מליצה־בריעף... ער איז אוועקגעלאָפען צו רבי אביש'ן און בדמעות שליש איהם גענומען בעטען, ער זאָל איהם ארויסגעבען א צווייטען בריעף. דערויף האָט רבי אביש, וועלכער האָט זיך שוין ביני לביני דערוואוסט וועגען זיין שענער אויפפיהרונג, זיך אָנגערופען צו איהם: כל ימי איז ביי מיר געווען א פליאה, פון וואנען נעהמט זיך עס, וואָס די וועלט איז געוואוינט צו זאָגען: „שכור ווי לוט", — דער ערשטער שכור אין דער וועלט איז דאָך געווען נח, טאָ פארוואָס זאָגט מען נישט: „שכור ווי נח"? נאָר דער תירוץ איז: נח האָט נישט געהאט קיין טעכטער און ער האָט נישט געדארפט זאָרגען וועגען נדנים פאר זיי, האָט ער זיך געמעגט פערגינען צו טרינקען, אָבער דו, לוט, דו האָסט זיצען עטליכע בוגרות'ן אין שטוב, ולסוף ליעגסטו גאָר אין די שענקען און שכור'סט?...

## ויראה חם אבי כנען... עבד עבדים יהיה לאחיו... (ט. כב.)

„כנען ראה והגיד לאביו" (רש"י)

און דעריבער איז דער דין „עבד כנעני יוצא בשן ועין", דען זיי, די דאָזיגע צוויי אברים, זענען געווען די סיבה, וואָס האָט גורם געווען צו זיין עבדות. „ראה והגיד" — „עין" און „שן"

(אוצר החיים, אויף אנ'עהנליכען אופן אויך אין מדרש תנחומא)

## ויקח שם ויפת את השמלה... (ט. כג.)

דער עונש פון חם איז געווען: „עבד עבדים יהיה לאחיו", דאגעגען דער שכר פון שם: „הואיל והתחיל במצוה זכו בניו לטלית של תכלת".

וואָס פאר א שייכות האָבען צווישען זיך אָט דיביידע זאכען, דער עונש פון עבד עבדים מיט'ן שכר פון ציצית?

האָט געזאָגט דערויף דער רבי ר' העשיל:

די גמרא זאָגט: „כל הזהיר בציצית זוכה ומשמשין לו ב' אלפים ושמונה מאות עבדים" (שבת ל"ב), וממילא האָבען שוין די דאָזיגע צוויי זאכען צווישען זיך א גאנץ נאָהנטע שייכות...

## עבד עבדים יהי' לאחיו... (ט. כו.)

דאס ערגסטע איז צו דינען ביי א געוועזענעם משרת, וועלכער איז רייך געוואָרען. בשעת אנ'עבד ווערט א הערשער פייניגט ער זיינע אונטערטעניגע אָהן רחמנות און „תחת שלש רגזה ארץ וכו' תחת עבד כי ימלוך", דאס איז די סאמע שווערסטע קללה: „עבד עבדים יהי' לאחיו", ער זאל זיין אנ'עבד ביי געוועזענע עבדים...

(חדושי שמואל הרמשי)

## יפת אלקים ליפת וישכון באהלי שם... (ט. כז.)

אויב די שטוב איז „אהלי שם", איז פול מיט שם, מיט אידישקייט, שאדט נישט ווען מען עפענט א ביסעל די פענסטער פאר דער „שענקייט פון יפת", פאר וועלטליכקייט. שלעכט איז אָבער, ווען די אידישע שטובען זענען „אהלי יפת", זענען דורך און דורך פול מיט וועלטליכקייט און דעם „שם" האלט מען פעררוקט אין א ווינקעל, אלס זכר, אלס דעקאָראציע...

(הרב שמעון ניימאן)

## ובני גומר אשכנז... (י. ג.)

פון וואנען עס נעהמט זיך, וואָס גערמאניען, דייטשלאנד, ווערט אָנגערופען אין העברעאיש „אשכנז", איז נישט קלאָר. לויט די אלטע קוועלען איז „אשכנז" א מדינה אין קליין־אזיען, נישט ווייט פון ארמעניען, נאָהנט צום בארג אררט, ווי עס איז צו זעהען פון פסוק: „אררט מני ואשכנז" (ירמי' נא, כז.) און אזוי איז אויך משמע פון תרגום יונתן און פון בראשית רבה (פ' ל"ז). ערשט אין די ימי הגאונים האָט מען גענומען אָנווענדען דעם נאָמען „אשכנז" אין בעצוג צו גערמאניען. רב עמרם גאון איז דער ערשטער, וועלכער שרייבט: „קהלות ישראל שבארץ אשכנז", און דאן געפינען מיר דאָס שוין אויך ביי רב סעדיה גאון, ביי רב האי גאון, שפעטער ביי רש"י און דאן שוין אין אלע ספרים. ווי אזוי אָבער, אויף וועלכען גרונד דער דאָזיגער נאָמען האָט זיך איבערגעטראָגען אויף גערמאניען, דאָס, ווי געזאָגט, איז עד־היום שווער פעסטצושטעלען...

## על כן יאמר כנמרד גבור ציד לפני ד'... (י. ט.)

דאָס רשעות פון נמרוד'ן איז בעשטאנען אין דעם, וואָס ער האָט אָבגעטהון כל דאָס בייז אונטער'ן תירוץ — „לפני ד'", אז מיט דעם אלעם איז ער גאָר אויסען מכלו־מרשט לשם־שמים...

(אורח חיים)

## ויהי כל הארץ שפה אחת... (י. יא.)

גרויס איז דער שלום. דער דור־הפלגה איז פונקט אזוי זינדיג געווען, ווי דער דור־המבול, ווייל ער האָט זיך פערנומען מיט גזל און רויב, איז ער אונטערגעגאנגען, אָבער דער דור־הפלגה, ווייל זיי האָבען זיך ליעב געהאט איינער דעם צווייטען, איז ער נישט אונטערגעגאנגען.

גרויס איז דער שלום. ווען אפילו די אידען זאָלען דיענען עבודה־זרה און עס זאָל הערשען צווישען זיי שלום, קאָן זיי כביכול קיין שום שלעכטס נישט טהון...

(בראשית רבה)

## ותהי להם הלבנה לאבן... (יא. ג.)

דערויף ווערט געזאָגט אין ילקוט: „מצלחא בידיהון, אתיו למבני חדא והוא בנוי

תרתי״ (די הצלחה האָט זיי געשפּיעלט. פון איין ציגעל איז געוואָרען צוויי). פון וואנען נעהמט עס דער ילקוט דעמדאָזיגען מערקווירדיגען דרש, וואו איז דאָס מרומז אין פסוק?

דער ענטפער איז: אין די ווערטער „ותהי להם הלבנה לאבן״ איז באמת פאַרהאַן א גרויסע סתירה, דען צווישען „לבנה״ און „אבן״, ווי עס ווערט ערקלערט אין דער ערשטער משנה פון בבא־בתרא, איז א בעדייטענדער אונטערשיד. „לבנה״ — זאָגט דאָרט די משנה — האַלט דריי טפחים, דאַגעגען „גויל״ (און „גויל״, פערטייטשט דאָרט די גמרא, מיינט מען „אבן״) האַלט פונקט דאָפּעלט: זעקס טפחים, טאָ ווי אַזוי זשע געשיקט זיך דאָ דער אויסדרוק „הלבנה לאבן״, ווערהענד דאָס זענען דאָך צוויי בעזונ־דערע זאכען? — אָט דאָס איז קשה געווען דעם בעל־הילקוט און דערפון האָט ער אליזאָ גענומען דעם דרש, אז „אתיו למבני חדא והוא בנוי תרתי״. פון „לבנה״, הייסט עס, איז געוואָרען אַ „אבן״, פון דריי טפחים — זעקס, פון איין ציגעל — צוויי...

(רבי ר׳ העשיל)

## הבה נבנה לנו עיר ומגדל וראשו בשמים... (יא. ד.)

עס איז אינטערעסאַנט, אז דער וואונדערליכער גאון, רבי יהונתן אייבעשיץ, וועל־כער האָט געלעבט מיט הונדערט און פופציג יאָהר צוריק, מיט פיעל יאָהרען פריהער פאַר זשול ווערן, דערמאהנט אין זיין ספר „תפארת יהונתן״ וועגען דער מעגליכקייט פון פליהען צו דער סטראַטאָספּערע, ווי אויך אויסצושיסען א קויל פון א האַרמאַט אין דער פאָרם פון א ראַקעט, וואָס זאָל זיך דערהויבען ביז צו דער לבנה. ער זאָגט דערביי ארויס דעם געדאַנק, אז דאָס איז געווען די כוונה פון דור הפלגה און דער זין פון „הבה נבנה לנו עיר ומגדל וראשו בשמים״.

אָט זענען מיט קליינע קיצורים די ווערטער פון „תפארת יהונתן״ אויף דער היינטיגער סדרה, וואו עס ווערט געזאָגט:

„...עס האָבען שוין אינזשינערען געמאַכט עקספּערימענטען אויסצושיסען א קויל פון א האַרמאַט, וואָס איז אנגעלאַדען מיט פּולווער און אויסערגעוועהנליכער אויפּרייס־קראַפט, דורך וועלכער די קויל זאָל געצוואונגען ווערען צו דערהויבען זיך אַלץ העכער און העכער ביז איבער די געדיכטע לופט־שיכטען. אַבסערווירענדיג דעם גאַנצען שטח אַרום האָבען זיי נישט בעמערקט, אז די קויל זאָל זיך האָבען אַראָבגעלאָזט צוריק אויף דער ערד און דערפון האָבען זיי געאורטיילט אז צוליב דער שטאַרקער אויפּרייס־קראַפט פון פּולווער האָט די קויל דערגרייכט ווידער די געדיכטע לופט־שיכטען און האָט זיך דאָרט פערהאַלטען... און אויב אַזוי, אויב עס וואָלט מעגליך געווען אויפצוהויבען זיך מיט א לופט־שיף אין דעם שטח וואָס איבער די דיקע לופט־שיכטען, דאַן וואָלט אויך מעגליך געווען, אז די לופט־שיף וואָלט דערגרייכט ביז צו דער לבנה, ווייל אין די העכערע לופט־שיכטען איז דער ווינד זעהר שטאַרק און דער ווינד וואָלט דערהויבען די שיף אַלץ העכער. עס זענען שוין אויך פערפאַסט געוואָרען ווערק, ווי אַזוי צו קאָנסטרואירען אַזאַ לופט־שיף, וואָס זאָל קאָנען דערגרייכען צו דער לבנה... און דאָס איז געווען די כוונה פון דור־המבול: זיי האָבען געוואָלט איבערטראָגען זייער ישוב אויף דער לבנה. אַזוי אַרום, האָבען זיי געדענקט, וועלען זיי קאָנען אויסמיידען א מבול און האָבען געגלויבט דאָס צו דערגרייכען דורך אַזעלכע ספּעציעל־קאָנסטרואירטע לופט־שיפען און צו דעם צוועק האָבען זיי געטראַכט אויסצובויען א ריזיג־הויכען טורם, וואָס זאָל דערגרייכען ביז אין

דער סטראַטאָספערע, וואָס דאָס (דער דאָזיגער טורם) זאָל זיי דינען אלס לופט־באַזע און פון דאָרט אַרויס זאָלן זיי זיך קענען בענוצען מיט די לופט־שיפען אָבצופליהען ביז צו דער לבנה...״

(הרב עוזיאל ארי׳ בריזמאן)

## וירד ד׳ לראות וכו׳ אשר בנו בני האדם... (יא. ה.)

דריי מאָל, ווערט אָנגעוויזען אין דער מסורה, געפינט זיך אין תנ״ך דער אויסדרוק „בני האדם״: „וירד ד׳ לראות וכו׳ אשר בנו בני האדם״, „משמים הביט ד׳ ראה את כל בני האדם״, און „להודיע לבני האדם גבורותיו״.

דען אויפ׳ן פסוק „וירד ד׳ לראות״ זאָגט רש״י (געבראַכט פון מדרש תנחומא): „לא הוצרך לכך, אלא בא ללמד שלא ירשיעו הנידון עד שיראו ויבינו״.

און דאָס, אַלזאָ, איז מרמז די מסורה: „וירד ד׳ לראות וכו׳. אשר בנו בני האדם״. איז דאָך אין פלוג אונפערשטענדליך: נאָך וואָס איז נויטיג געווען דער „וירד לראות״, וועהרענד „משמים הביט ד׳ ראה את כל בני האדם״, פאַר השי״ת איז דאָך סיי־ווי אַלץ גלוי וידוע? דערויף קומט דער ענטפער: „להודיע לבני האדם גבורותיו״, כדי צו ווייזען דערמיט אַ ביישפיעל פאַר די מענשען, אַז זיי זאָלן קיינעם נישט דן זיין, ביז זיי וועלען פריהער אַליין זעהען...

(זכרון יצחק)

## הן עם אחד ושפה אחת לכלם... (יא. ו.)

כל־זמן עס האָט געהערשט צווישען זיי אחדות האָט מען זיי נישט געקענט מעניש זיין, ווי עס ווערט געזאָגט אין זוהר: „דהא כל זמנא דבני עלמא אינון עמא חדא ולבא חד, אע״ג דמרדו ביה בקוב״ה לא שלטא בהון דינא דלעילא, כיון דאתפלגא, מיד — ויפץ״...

און דאָס — פלעגט זאָגען דערויף רבי שלום בעלזער — איז דער פשט: „אל תהי רשע בפני עצמך״. אפילו צו זיין אַ רשע איז אויך בעסער נישט „בפני עצמך״ נישט ביחידות, וואָרום אפילו ווען מען זינדיגט צוזאַמען, קוים הערשט צווישען די זינדיגע אחדות, איז דער דין אויף זיי נישט שולט...

די ערגסטע מענשליכע מדות זענען קנאה, תאוה און כבוד. די דאָזיגע דריי מדות רעות האָבען זיך גלייך אָנגעהויבען אַרויסצווייזען און מיט זיי זענען פערבינדען די ערשטע פאַסירונגען נאָך בריאת־העולם. די סיבה פון מעשה קין והבל איז געווען — קנאה („ואל קין ואל מנחתו לא שעה — ויחר לקין מאד״). די זינד פון דור המבול איז בעשטאַנען פון — תאוה („כי השחית כל בשר את דרכו״), דער דור־הפלגה ווידער האָט געשטרעבט נאָך כבוד („ונעשה לנו שם״)...

(רבי ישראל קאָזשעניצער מגיד)

## ויהיו ימי תרח חמש שנים ומאתים שנה... (יא. לב.)

אין אור החיים אויפ׳ן דאָזיגען פסוק ווערט געזאָגט, אַז תרח איז אַלט געווען אַכט

און זעכציג יאָהר בשעת ער האָט געבוירען אברהם׳ן. איז דאָך עס אונפערשטענדליך! מיט עטליכע פסוקים פריהער שטעהט דאָך בפירוש: „ויחי תרח שבעים שנה ויולד את אברם, את נחור ואת הרן״ ?...

אויף דערדאָזיגער בעקאנטער וועלט־פראגע פרובען איינינגע ענטפערן, אז דער זין פון לעצטען דערמאָהנטען פסוק איז, אז אלט װערענדיג זיבעציג יאָהר האָט דאן תרח שוין געהאט געבוירען די דריי אויסגערעכענטע זיהן, און היות ס׳איז דאָך נישט אָנצו־נעהמען, אז אלע דריי זענען געבוירען געוואָרען אין איין יאָהר, דרינגט אלזאָ דערפון דער אוה״ח, אז אברהם׳ן דעם בכור, האָט ער געבוירען צו אכט און זעכציג יאָר, שטיצענדיג זיך דערביי אויף דער גמרא אין סנהדרין ס״ט און אין מדרש רבה, וואו עס ווערט געזאָגט, אז יעדער איינער פון זיי איז געווען עלטער מיט א יאָהר פון צווייטען.

אזוי ווערט געענטפערט. אָבער, אויסער וואָס דאָס איז אין היפוך צו די ווערטער פון רש״י, וועלכער זאָגט דייטליך אופ׳ן פסוק „וימת תרח״ — „ותרח בן שבעים שנה היה כשנולד אברם״, ווערט חוץ לזה, לויט דערדאָזיגער ערקלערונג, קשה דער מדרש (ווערט אויך געבראַכט אין רש״י) אויפ׳ן פסוק „ויהי נח בן חמש מאות שנה ויולד את שם, את חם ואת יפת״. עס ווערט געזאָגט דערויף דאָרט אין מדרש: „אמר ר׳ יודן מה טעם כל הדורות הולידו לק׳ שנה וזה לת״ק וכו׳ ״ ?... אלזאָ, אויך אינ׳ם דאָזיגען פסוק ווערען דאָך אויסגערעכענט אלע דריי זיהן צוזאמען. איז אויב זשע מען זאָל זאָגען, אז דאָס וואָרט „ויולד״ בעציהט זיך נישט אויפ׳ן געבורט פון ערשטען זוהן, נאָר אויפ׳ן לעצטען, קומט דאָך בכן אויס, אז די ערשטע צוויי זיהן זענען געבוירען געוואָרען פריהער, נאָך איידער נח איז אלט געוואָרען פינף הונדערט יאָהר, און אויף אזא אופן פאַלט דאָך אלזאָ אוועק די פראגע פון ר׳ יודן: „מה טעם כל הדורות הולידו וכו׳ וזה לת״ק״ ?...

## וימת תרח בחרן... (יא. לב.)

„לפיכך קראו הכתוב מת שהרשעים אף בחייהם קרויים מתים והצדיקים אף במיתתם קרויים חיים״ (רש״י)

דאָ איז דאָך בלויז נויטיג דער אויספיהר, אז „הרשעים בחייהם קרויים מתים״, טאָ נאָכוואָס דארף רש״י צוגעבען: „והצדיקים במיתתם קרויים חיים״, דאָס געהער דאָך שוין נישט צום ענין?

די דאָזיגע קשיא האָט מען געפרעגט דעם רבי׳ן ר׳ העשיל, בעת ער איז נאָך געווען א יונגעל, און ער האָט דערויף געענטפערט:

אין פלוג, וואָס פאר א תירוץ איז עס, אז דעריבער האָט אברהם נישט מקפיד געווען אויף כבוד־אב און ער האָט איבערגעלאָזט דעם אלטען טאטען אליין, ווייל „הר־שעים בחייהם קרויים מתים״? דער דין איז דאָך, אז בכיבוד־אב איז מען מחויב נישט נאָר ביים לעבען, ווי עס ווערט געזאָגט בפירוש: „ומכבדו במותו״ (קידושין ל״א)? און כדי דאָס צו פערענטפערען איז דעריבער רש״י מוסיף: „והצדיקים במיתתם קרויים חיים״, אז נאָר ביי א פאָטער א צדיק איז חל דער „ומכבדו במותו״, ווייל ער איז אויך דאמאָלס בכלל חי, דאגעגען ביי א פאָטער א רשע איז מען אפילו בחייו נישט מחויב בכיבוד, דען ער איז אויך ביים לעבען בכלל מת...

# לֶךְ לְךָ

## לך־לך מארצך... (יב. א.)

„לך לך" — דער, וואָס געהט קיין ארץ־ישראל, געהט ער צו זיך, צו זיך זעלבסט...

(עוללות אפרים)

ארץ־ישראל איז דאָס אויסדערוועהלטע לאנד, דאָס הארץ פון דער וועלט, „ארץ אשר ד' אלקיך דורש אותה"... א"י איז בעשטימט געוואָרען פון דער השגחה העליונה אויסשליסליך פאר'ן פאָלק ישראל. ס'איז דער אָנגעצייכענטער זווג, וועלכע קאָנען איינער אָהן צווייטען קיין רוה נישט געפינען... ווען ישראל זיצט אויף זיין ערד, דאן איז „מצא מין את מינו", דאן בעקומען זייביידע זייער געהעריגען תיקון; ווען אָבער ישראל איז דערווייטערט פון לאנד, איז ער דאן דערווייטערט פון זיך זעלבסט, פון זיין אייגענעם „איך" און איז ווי א גוף אָהן א נשמה, ווי אָבגעריסען פון שורש: „כל הדר בחוץ־לארץ דומה כמי שאין לו אלוה"... און דעריבער — „לך לך", אויב דו ווילסט קומען צו זיך, צו דיין אייגענעם שורש, מוזטו געהן „אל הארץ אשר אראך", צו דעם לאנד, וואָס איז פאר דיר בעשטימט געוואָרען — נאָר דאָרט וועסטו דיין תיקון געפינען...

(כלי חמדה)

די מצוה פון ישוב ארץ־ישראל — פלעגט זאָגען דער רבי פון אָסטראָווצע, רבי מאיר יחיאל — איז א מצות־עשה, וועלכע איז, פונקט ווי מצות מילה, געגעבען געוואָרען תיכף צום ערשטען איד, צו אברהמ'ען און זיינע קינדער. א ראיה דערצו איז פון מדרש רבה פ' וישלח, וואו אויפ'ן פסוק „ויירא יעקב מאד" ווערט געזאָגט: „אמר יעקב, כל השנים הללו הוא יושב בא"י, שמא הוא בא עלי מכח ישיבת א"י", אז יעקב האָט מורא געהאַט פאר עשו'ן דערפאר, ווייל עשו איז געזעסען אין א"י. און אין סוטה, אויף דער משנה: „אם יש זכות תולה לה", פרעגט די גמרא: „זכות דמאי? אילימא זכות דתורה, מי מגניא כולי האי והרי אינה מצווה ועושה היא" (סוטה כ"א). איז אויב עשו וואָלט נישט געווען מצווה אויף דער מצוה פון ישוב א"י, טאָ פארוואָס האָט יעקב פאר איהם מורא געהאַט? א מצוה אויף וועלכער מען איז נישט מצווה ועושה איז דאָך נישט מגין? איז דערפון, אלזא, געדרינגען, אז דער „לך לך מארצך וכו' אל הארץ אשר אראך" איז געזאָגט געוואָרען נישט בלויז צו אברהמ'ען, נאָר אויך צו זיינע קינדער, און דערפאר האָט יעקב, זעהענדיג, ווי עשו איז מקיים די דאָזיגע מצוה, מורא געהאַט פאר איהם...

(גאולת ישראל)

„לך לך — להנאתך ולטובתך" (רש"י)

דען על־פי רוב איז נישט אלץ, וואָס א מענש טהוט און פון וועלכען ער האָט הנאה, איז פאר איהם באמת א טובה...

(רבי העניך מאַלעקסאנדער)

## מארצך וממולדתך ומבית אביך...

געדארפט וואָלט דאָך אין פלוג שטעהן פערקעהרט; „מבית אביך וממולדתך ומארצך", דען אזוי איז דאָך דער ריכטיגער, כראָנאָלאָגישער סדר... נאָר בשעת א מענש פערלאָזט זיין היים, איז דאָס וואָס עס איז איהם נעהנטער צום הארצען, לענגער בלייבט עס איהם אין זכרון; פריהער פערגעסט ער דאָס לאנד, נאכהער — די געבורטס־שטאָדט, און דאן ערשט, אין א צייט ארום — די פאמיליע...

(אלשיך)

## ואעשך לגוי גדול... (יב, ב)

„כאן אי אתה זוכה לבנים" (רש"י)

נישט אזוי וויט צוליעב דיר, ווי צוליעב דיינע קינדער איז נויטיג דו זאלסט אוועק פון דאנען און געהן קיין ארץ־ישראל, דען „כאן אי אתה זוכה לבנים", דאָ אין חוץ-לארץ וועסטו קיין גרויס נחת נישט האָבען פון די קינדער...

(אילנא דחיי)

## ואעשך לגוי גדול... (יב, ב)

לפי שהדרך גורמת לשלושה דברים, ממעטת פריה ורביה וממעטת את הממון וממעטת את השם" (רש"י)

אזוי איז בעת'ן וואנדער־וועג פון א יחיד, און אזוי איז עס אויך, ווען א גאנץ פאָלק איז נע־ונד. „ממעטת פריה ורביה" — אין דער צייט פון חורבן בית שני האָט דאָס אידישע פאָלק געצעהלט לערך זעקס מיליאָן נפשות. לויט'ן פערמעהרונגס־פּראָצעס און לויט'ן ריינעם פאמיליען־לעבען, מיט וועלכען אידען האָבען זיך פון תמיד אָן אויסגע־צייכענט, האָבען מיר היינט, נאָך קרוב צוויי טויזענד יאָהר, געדארפט זיין איינס פון די גרעסטע און צאָהלרייכסטע פעלקער אין דער וועלט, א פאָלק פון לכל־הפחות הונדערט און פופציג מיליאָן נפשות; אָבער דער גלות מיט זיינע צרות און רדיפות, מיט זיינע אונאויפהערליכע שחיטות און פּאָגראָמען בכל דור ודור האָט אונז פערניכטעט אויף אזא גרויזאמען אופן, אז אונזער צאָהל דערגרייכט היינט קוים ביז אכצעהן מיליאָן... „וממעטת את הממון" — וויפיעל קאפיטאל און פערמעגען האָט דאָס פלייסיגע, ענערגישע, ארבייט־זאמע אידישע פאָלק צונויפגעזאמעלט במשך פון די טויזענדער יאָהרען. מיר האָבען איצט געדארפט זיין דאָס רייכסטע פאָלק אין דער וועלט; ולסוף — וואו איז דאָס אידישע עשירות און ווי אזוי זעהט־אויס היינט די מאטעריעלע לאגע פון די אידישע מאסען?... „וממעטת את השם" — דער גלות האָט אונז, דאָס אמאָל חשוב'סטע און געאכטעטסטע פאָלק אין דער וועלט, דערנידריגט צו דער שפּל'דיגסטער מדרגה, צו שאנד און צו שפּאָט זענען מיר, ללעג ולקלס... דער איינציגער אויסוועג, אלזאָ, און די איינציגע רעטונג איז דעריבער — „לך לך מארצך... אל הארץ אשר אראך".

(דרשות הרב ניסענבוים)

„מטבע של אברהם אבינו זקן וזקנה מצד אחד, בחור ובתולה מצד אחר" (בבא קמא צ"ז)

אלע אנדערע תאוות זענען נישט תמיד ביים מענש גלייך און זיי זענען אָבהענגיג

פון די יאָהרען, פון דער עלטער. די „תאוות המשגל“, למשל, איז אמשטאַרקסטען דוקא אין די יונגע יאָהרען. וואָס עלטער — אלץ שוואכער ווערט די דאָזיגע תאוה. צו דער תאוה פון כבוד איז מען ווידער, פערקעהרט, זוכה דוקא אין די עלטערע יאָהרען. איין תאוה איז אָבער פאַרהאַן, פון וועלכער מען קאָן זיך נישט בעפרייען אין׳ם גאנצען לעבען און וועלכע איז גלייך סיי ביי יונג, סיי ביי אלט — די תאוה פון געלד. בשעת אברהם אבינו האָט, אלזאָ, ארויסגעלאָזט די ערשטע מטבע, האָט ער דעריבער אויסגעקריצט פון איין זייט א בחור ובתולה און פון דער צווייטער זייט — א זקן וזקנה, צו ווייזען דערמיט, אז דער געיעג נאָך דער מטבע איז, לײדער, ביי אלעמען גלייך, ביים זקן וזקנה, פונקט אזוי ווי ביים בחור ובתולה און אז אלע דארפען זיך גלייך בעמיהען צו בעקעמפען און בעהערשען די דאָזיגע תאוה...

(פרדס יוסף)

„ואעשך לגוי גדול — זהו שאומרים אלקי אברהם“ (רש״י).

ווען מען דערצעהלט וועגען א געוועהנליכען, דורכשניטליכען מענשען, אז ער פערמאָגט עטליכע צעהנדליג טויזענדער טאָלער, איז דאָס געגוג, אום עס זאָל מאכען אויף די צוהערער א געוויסען איינדרוק. זאָל מען אָבער דאָסזעלבע זאָגען וועגען א בעריהמטען פריץ און גראַף, וועט עס קיין איינדרוק נישט מאכען. אויף אזעלכען, אויב מען וויל ריהמען זיין גרויסקייט, דארף מען דערצעהלען, אז ער פערמאָגט זיין אייגענס גאנצע דערפער און הונדערטער קנעכט. וויל מען ריהמען די רייכקייט פון א קעניג, ווערט דערצעהלט, אז ער בעזיצט עטליכע מדינות, טויזענדער שטעדט, ריזיגע חיילות. רעדט מען אָבער וועגען מלך מלכי המלכים, דאן מוז מען שוין לשם־רושם דערצעהלען, אז די גאנצע וועלט איז זיין, הגם באמת איז אויך דאָס פאר איהם א גאנץ קליינער שבח...

און אָט דאָס, אלזאָ, איז די רבותא: „זהו שאומרים אלקי אברהם“. דאָס חשיבות און דער יחוס פון אברהם׳ן וועט אזוי ווייט דערגרייכען, אז ווען מען וועט וועלען ריה־מען דעם אויבערשטען, וועט מען זאָגען: ער איז דער גאָט פון אברהם; אזש אזא פער־זענליכקייט, ווי אברהם, איז זיין דיענער...

(דובנער מגיד)

## ואברכך... (יב. ב.)

„בממון“ (רש״י)

אין ארץ־ישראל וועל איך דיך בענשען מיט געלד, ווייל אין גלות וויפיעל איך זאָל דיר נישט געבען, וויפיעל דו זאָלסט נישט אָנזאמלען — וועט עס ביי דיר נישט בלייבען און עס וועט קיין קיום נישט האָבען...

(אין נאָמען פון פראנקפורטער אנשיל ראָטשילד)

## לך לך מארצך וכו׳ ואגדלה שמך...

גרויס ווערען קאָן מען אין דער פרעמד, דען — „אין נביא בעירו“...

(רבי משה חפץ)

אויף די ווערטער פון די חז״ל: „לא אדו ראש״, אז ראש-השנה קאָן נישט געפאַלען אין די טעג פון „אדו״ (יום א׳, יום ד׳, יום ו׳), פלעגט זאָגען רבי נפתלי ראָפּשיצער בדרך־הלצה, אז „דו״, דאָרט וואו דער מענש איז היימיש און אלע זענען מיט איהם „פער דו״, קאָן ער נישט ווערען קיין ראש...

## והיה ברכה...

„בך חותמין ולא בהם״ (רש״י).

„על שלשה דברים — זאָגען די חז״ל — העולם עומד, על התורה ועל העבודה ועל גמילות־חסדים״. און כידוע האָבען די אָבות סימבאָליזירט מיט זיך דידאָזיגע דריי עמודים פון דער וועלט: אברהם (וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט דער מדה פון הכנסת־אורחים) איז געווען דער עמוד פון גמילות־חסדים; יצחק (וועלכער איז גרייט געווען צו לאָזען זיך מקריב זיין אויף דער עקידה) — דער עמוד העבודה; יעקב (וועל־כער האָט געלערנט בבית־מדרשם של שם ועבר) — דער עמוד־התורה.

בעיקבתא דמשיחא, ווען עס וועט ליידער נתמעט ווערען דער לימוד־התורה און עס וועט נישט זיין קיין עבודה, וועלען אידען עקזיסטירען אין זכות פון גמילות־חסדים — און דאָס, אלזאָ, איז דער פשט: „בך חותמין״, מיט דיר וועלען אידען ענדיגען דעם גלות און אויף דיר וועלען זיי זיך האלטען — אויף גמילות־חסדים...

(רבי יחזקאל מקאזמיר)

משה רבינו האָט געבעטען: „ונפלינו אני ועמך״, אז אידען זאָלען אינגאנצען זיין אָבגעטיילט און אָבגעזונדערט פון אלע אנדערע פעלקער. דאָסזעלבע, זאָגט דער מדרש, האָט אויך יעקב מתפלל געווען. אברהם אָבער איז, אלס „אב המון גוים״, געגאנגען אין א גאנץ אנדערען דרך, שטרעבענדיג מקרב צו זיין אלעמען „תחת כנפי השכינה״, אידען זאָלען נישט זיין קיין יוצאים מן הכלל, נאָר — „ויעשו כלם אגודה אחת״, און דערויף איז איהם געגעבען געוואָרען די הבטחה: „בך חותמין״, ענדיגען וועט זיך עס מיט דיין וואונש און לעתיד וועט זיין — „והיה ד׳ למלך על כל הארץ״...

(נחלת יעקב פון ליסער רב)

## ואעשך לגוי גדול וכו׳ והיה ברכה... (יב. ב.)

„ואעשך לגוי גדול זה שאומרים אלקי אברהם, ואברכך זה שאומרים אלקי יצחק, ואגדלה שמך זה שאומרים אלקי יעקב״ (רש״י)

עס האָט אמאָל א כומר — דערצעהלט די וועלט — געזאָלט פרעגען דעם מהר״ל: פאַרוואָס ווערט נישט דערמאָהנט אין דער שמונה־עשרה, אויסער די אָבות, אויך משה רבינו, וועלכער איז דאָך געווען דער רבי און מנהיג פון די אידען און ווערט ביי זיי אזוי פערהייליגט?

— עס איז דערפאַר — זאָל איהם דער מהר״ל האָבען געענטפערט מיט א שטאָך — ווייל ער האָט געהאט א פסול אין דער משפחה, האבענדיג א שוועהר — א גלח...

## ואברכה מברכיך ומקללך אאור... (יב. ג.)

„מברכיך" ווערט געזאָגט בלשון רבים, „ומקללך" — בלשון יחיד, דען גוטע־פריינד, וואָס זאָלען איהם בענטשען, האָט אברהם אבינו, מיט זיינע מדות טובות, מיט זיין אונגעווועהנליכער הכנסת־אורחים, זיך ערוואָרבען א סך, דאגעגען שונאים — זעהר ווייניג, געצעהלטע יחידים...

(רלב"ג)

עס האָט אמאָל איינער געפרעגט דעם „שפת־אמת": אויף וועמען געהט ארויף דער „ומקללך אאור"? דער פסוק פיהרט דאָך אויס: „ונברכו בך כל משפחות האדמה", אז אלע וועלען זיך בענטשען אין אברהמ'ען, און אויב אזוי איז דאָך נישט שייך צו זאָגען און עס איז איבעריג דער „ומקללך אאור"?

— דער פשט איז — האָט איהם דער „שפת־אמת" געענטפערט — אז סיי ביי די „מברכיך", סיי ביי די „מקללך", וועט זיין „ונברכו בך כל משפחות האדמה", אז אפילו די געגנער זיינע, וואָס וועלען איהם שעלטען, וועלען זיך פונדעסטוועגען ווינשען, אז זייערע קינדער זאָלען זיין, אזוי ווי אברהם... משל למה הדבר דומה? — האָט ער צוגע־געבען — צו די מתנגדים, וואָס זידלען און רעדען אויס כל דבר אסור אויף די חסידישע רביים, און דאָך וואָלטען זיי מיט'ן גאנצען הארץ בעשטאנען צו האָבען פונדעסטוועגען אזעלכע קינדער...

קוים וועט זיין „ואברכה מברכיך", אז די אלע, וואָס וועלען דיך בענשען, וועלען דערפאר אליין ווערען געבענשט, ממילא — „ונברכו בך כל משפחות האדמה", וועלען אלע האָבען חשק דיך צו בענשען...

(רבי יצחק אלי' לאנדוי)

בשעת דער מחלוקת אין ווילנער גאונ'ס צייט ארום חסידות איז אמאָל איינער פון די פינסקער מתנגדישע גדולים אריינגעאנגען צו רבי שלמה קארלינער פרעגען איהם פשט אין א שווערע שטעלע אין זהר.

רופט זיך אָן צו איהם רבי שלמה קארלינער, אז ער וועט איהם פריהער נישט זאָגען דעם פשט, ביז ער וועט איהם נישט צוליב טהון און שעלטען דעם ווילנער גאון מיט א קללה, וואָס ער, דער קארלינער, וועט איהם דיקטירען.

דער מתנגד איז געוואָרען אויפגעציטערט דערהערענדיג דעם דאָזיגען משונה'דיגען פערלאנג, און איז אוועק פון דאָרט מלא־כעס.

עטליכע טעג איז דער מתנגד געזעסען איבער דעם הארבען זהר, וועלכען ער האָט אָבער באין־אופן נישט געקענט פערשטעהן. איז ער זיך מיישב: פערפאלען, ער וועט איהם צוליעב טהון. דעם ווילנער גאון וועט די קללה זיינע סיי־ווי נישט שאָדען, בפרט, אז אין הארצען וועט ער בשעת מעשה טראכטען פערקעהרט...

ער איז אלזאָ אוועק צו רבי שלמה קארלינער און ערקלעהרט, אז ער איז באין־ברירה מסכים אויפ'ן תנאי, און דאן האָט איהם דער קארלינער דיקטירט:

— שעלט דעם גאון אין מיין נאָמען, אז צוליעב דעם, וואָס ער רודפ'ט אזוי די חסידים, זאָל ער דערפאר געבענש ווערען און אויך אליין האָבען חסידישע אייניקלעך...

דער מתנגד האָט איהם צוליעב געטהון און — די „קללה" איז טאקי מקוים

געוואָרען: די בעריהמטע ליובאוויטשער חסידים, רבי אלי׳ צבי פון בריסאוו און רבי זלמן פון דיסנא זענען געווען אייניקלעך פון ווילנער גאון...

## וילך אברם כאשר דבר ד׳... (יב. ד.)

ער האָט זיך נישט מיישב געווען, נישט געפרעגט ביי קיינעם קיין עצות און קיין איבריגען טאָג נישט געוואַרט, נאָר — „וילך אברם כאשר דבר ד׳“, ווי נאָר השי״ת האָט איהם געזאָגט „לך לך!“ האָט ער אָהן שום שהיות זיך גלייך אויפגעהויבען און איז אוועק קיין ארץ־ישראל...

(שפתי כהן)

## ואברם בן חמש ושבעים שנה בצאתו מחרן... (יב. ד.)

אין א כתב־יד וואָס איז געפונען געוואָרען אין איינע פון די אלטע ביבליאָטעקען אין פאריז, ווערט געזאָגט, אז רבי אברהם אבן עזרא איז נפטר געוואָרען אין חדש אדר שנת ד׳ אלפים תתקכ״ז, אין עלטער פון פינף און זיבעציג יאָהר, און אז אין די לעצטע מינוטען פאר דער פטירה האָט ער גענומען די פעדער אין האנד און אָנגעשריבען פאָלגענדע ווערטער: „ואברם בן חמש ושבעים שנה בצאתו מחרון אף העולם“...

## ואת הנפש אשר עשו בחרן... (יב. ה.)

ווען א מענש האָט רחמנות אויף אנ׳אָרימאן און ער העלפט איהם ערנעהרען, איז גלייך, ווי ער וואָלט איהם בעשאפען, ווי מיר זעהען עס ביי אברהם. דערפאר, ווייל ער איז א מכניס־אורח געווען און ער האָט רחמנות געהאט אויף מענשען, ווערט געשריבען אויף איהם: „ואת הנפש אשר עשו בחרן“...

(זוהר)

## ויעבור אברם בארץ וכו׳ וירא ד׳ אל אברם... (יב. ו. ז.)

ערשט דאן, ווען אברהם האָט בעטרעטען דעם באָדען פון ארץ ישראל, איז — „וירא ד׳ אל אברם“, האָט זיך השי״ת בעוויזען צו איהם. פריהער, איידער ער איז געקומען קיין ארץ ישראל, האָט ער דערצו נישט געקענט זוכה זיין, דען די שכינה בעווייזט זיך נישט אין גלות...

## לזרעך אתן את הארץ הזאת... (יב. ז.)

רבי יחזקאל קוזמירער האָט אמאָל אין א שמועס מיט איינעם פון די ירושלים׳ער רבנים געפרעגט:

— פארוואָס ווערט דאָס אידישע לאנד גערופען „ארץ־ישראל“ און נישט „ארץ אברהם“ אָדער „ארץ יצחק“?

— דאָס איז דערפאר — האָט יענער געענטפערט — ווייל ווען עס זאָל הייסען „ארץ אברהם“ וואָלט אויך ישמעאל געהאט רעכט צו מאָהנען זיך דערין א חלק. ווען עס

**זאָל הייסען „ארץ יצחק", וואָלט ווידער עשו פערלאנגט א חלק, הייסט עס דעריבער „ארץ ישראל", צו ווייזען, אז עס געהער אויסדריקליך נור צו די קינדער פון ישראל.**

**— און איך מיין — האָט זיך אָנגערופען רבי יחזקאל — אז „ארץ ישראל" הייסט עס דערפאר, ווייל א חלק האָט אינ'ם דאָזיגען לאנד נור אַזעלכער, וועלכער פיהרט זיך ווי א ישראל...**

## ויבן שם מזבח... (יב. ז.)

„על בשורת הזרע ועל בשורת ארץ־ישראל" (רש"י)

**די „בשורת הזרע" איז קיין בשורה נישט, אויב עס איז נישטאָ דערביי אויך די „בשורת הארץ", דען אָהן אנ'אייגען לאנד, אהן ארץ־ישראל, וועלען די קינדער נישט בלייבען אונזערע און מיר וועלען פון זיי קיין גרויס נחת נישט האָבען...**

(אמרי חן)

„א"ר אלעזר שלשה מזבחות בנה, אחד לבשורת א"י ואחד לקנינה ואחד שלא יפלו בניו בעי" (בראשית רבה)

**אברהם האָט דערמיט מרמז געווען די קינפטיגע אידישע דורות, וויפיעל קרבנות מען וועט אויף די דאָזיגע מזבחות דארפען מקריב זיין, ביז מען וועט דאָס אידישע לאנד ערווערבען. דער ערשטער מזבח, די ערשטע קרבנות, אָהן א שיעור מיה און אָנשטרענגונג וועלען נויטיג זיין אום צו בעקומען קודם־כל די „בשורת הארץ", די בשורה און די פעלקער־דעקלאראציע וועגען דער אויפריכטונג פון דער „נאציאָנאלער היים", וועגען דער ערלויבניש פאר אידען צו בויען ארץ ישראל. אָבער דאָס איז נאָך ווייניג. א צווייטער און פיעל גרעסערער מזבח מיט לאין־ערך פיעל שווערערע קרבנות וועט דאן נויטיג זיין „לקנינה", אויף צו שאפען די נויטיגע קאפיטאלען און פאָלקס־פאָנדען, בכדי אויסצוקויפען און אויסצולייזען דעם באָדען פון ארץ ישראל און צו פערוואנדלען דאָס לאנד אין איין גרויסען אידישען ישוב. אָבער אויך דאָס איז נישט גענוג. א דריטער מזבח מיט פיעל מסירת־נפש, בטחון און אויסדויער, וועט נויטיג זיין — „שלא יפלו בניו בעי", אז ווי גרויס עס זאָלען נישט זיין די שטערונגען און די שווערע נסיונות, וואָס מען וועט פון צייט צו צייט אָנטרעפען אויפ'ן וועג, עהנלעך צו דעם, וואָס עס האָט פאסירט, בשעת די אידען זענען דאָס ערשטע מאָל בימי יהושע אריין קיין ארץ ישראל, און ווי נאָר זיי זענען אריבער די גרעניצען פון לאנד און צוגעקומען צו דער שטאָדט עי, זענען זיי, טראָץ די בעקומענע הבטחות און די פריהערדיגע זיכער־קייט, פלוצלונג בעפאלען געוואָרען און עס זענען אומגעקומען פון זיי זעקס און דרייסיג מאן — אז נישט קוקענדיג אויף אלע שווערע מכשולים און ציטווייליגע מיסערפאָלגען זאָלען זיי נישט אראָבפאלען ביי זיך, נישט פערלירען דעם מוט און זיך נישט מייאש זיין...**

(הרב י. לעווינסאָן)

## ויהי רעב בארץ — וילך אברם מצרימה... (יב. י.)

**אברהם אליין, אויף וועלכען דער פסוק זאָגט עדות: „ואברם כבד מאד במקנה בכסף ובזהב", האָט קיין הונגער נישט געליטען, און דאָך האָט ער זיך געפיהלט גע־צוואונגען צו פערלאָזען דאָס לאנד, ווייל ווען ער וואָלט געבליבען אין לאנד אין דער**

צייט פון הונגער, וואָלט מען זיכער געהעצט געגען איהם די בעפעלקערונג און אַנגעוויזען אויף איהם, אז דאָס איז ער איינער פון די הויפט שולדיגע, וואָס האָבען דערפיהרט צו דער דאָזיגער שווערער לאגע, וואָרום דער איד, ווי דער שטייגער, איז פעראנטוואָרטליך פאר אלע צרות...

(דון יצחק אברבנאל)

## הנה נא ידעתי כי אשה יפת־מראה את... (יב. יא.)

„עד עכשו לא הכיר בה..." (רש"י)

פרעגט מען דערויף: אברהם אבינו האָט דאָך מקיים געווען אלע דינים פון תורה שבכתב ושבעל פה. און דער דין איז דאָך: „אסור לאָדם לקדש אשה עד שיראנה" ?... ענטפערט מען: דער גאנצער טעם פונ'ם דאָזיגען איסור איז דאָך נור צוליעב דעם, ווייל „שמא יראה בה דבר מגונה ותתגנה עליו", און דער דאָזיגער חשש איז ביי אברהמ'ען נישט שייך געווען, ווייל — ער האָט דאָך בכלל, אויך שפעטער, נישט געקוקט אויף איהר...

(מרגניתא דרב)

## אמרי נא אחותי את, למען ייטב לי בעבורך... (יב. יג.)

„מכאן — ווערט דערויף געזאָגט אין מדרש — ששוחטין לחולה בשבת".

וואָס איז די כוונה פונ'ם דאָזיגען מדרש פליאה און וואָס ווערט געמיינט דערמיט ?

נאָר, ווי עס שיינט, איז אינ'ם דאָזיגען מדרש אָנגעוויזען די בעקאנטע פראגע, ווי אויך דער ענטפער פון רמב"ן. דער רמב"ן פרעגט: צוליעב וואָס האָט אברהם זיך געדארפט בענוצען מיט דער המצאה פון „אמרי נא אחותי את"; קוים האָט איהם השי"ת געגעבען אזא דייטליכע הבטחה „ואעשך לגוי גדול", האָט ער דאָך געדארפט זיין רוהיג און האָבען בטחון? איז דער ענטפער: דאָס, וואָס דער מענש איז אימשטאנד צו טהון בדרך-הטבע — דארף ער קודם־כל פון זיין זייט טהון און נישט זיצען מיט פערלעגטע הענד און ווארטען אויף נסים.

דערזעלבער ענטפער ווערט אויך געגעבען אויף דער פראגע, הלמאי מען מעג צוליעב פקוח־נפש, צוליעב א חולה מסוכן, מחלל־שבת זיין; ממה־נפשך: איז אויפ'ן חולה נגזר געוואָרען צו לעבען, איז דאָך נישט נויטיג דער חלול־שבת, אלא חלילה נישט — וועט דאָך נישט פועל'ן דער חלול־שבת? איז דער ענטפער: דער מענש איז קודם־כל מחויב צו טהון דאָס זייניגע און נישט צו פערלאָזען זיך אויף נסים...

און אָט דאָס איז דער זין פונ'ם דערמאָהנטען מדרש. „אמרי נא אחותי את": הגם מען האָט בטחון צו גאָט, בעפרייט עס אָבער נישט פון די אייגענע מענשליכע פליכטען, און דעריבער, צוליעב'ן זעלבען טעם, איז — „מכאן ששוחטין לחולה בשבת"...

(רבי אליעזר סופר)

וואונדערן זיך אלע מפרשים און פרעגען: ווי געשיקט זיך עס, אז אברהם אבינו זאָל מפקיר זיין שרה'ן פאר די מצריים, בכדי דאדורך זיך זעלבסט צו ראטעווען, און נאָך צו וועלען געניסען דערפון — למען ייטב לי בעבורך?

ענטפערט דערויף איינער פון די ספרדישע גדולים אין ספר „פענח נעלמות״:
אין די לענדער פון די מזרח־פעלקער איז אָנגענומען, אז אויב עס פערליעבט זיך
ווער אין א מיידעל, שיקט ער דאן מתנות צו איהרע עלטערען, אָדער קרובים, אזוי
טהוט ער עטליכע מאָל, און דאן געהט ער צו זיי בעטען זייער הסכמה אויפ׳ן שידוך,
און אויב מען ענטזאגט איהם, וועט ער זיך דאן נישט אָבשטעלען אפילו פאר שפיכות־
דמים. ווען, אלזאָ, אברהם וואָלט געווען געזאָגט דעם אמת: „אשתי היא״, דאן וואָלט
דער יעניגער, וועמען שרה וואָלט געפעלען, זיכער איהם געווען דער׳הרגעט, וואָרום
ער וואָלט דאָך נישט געקומען צו אברהם׳ן בעטען די האנד פון זיין ווייב. דעריבער
האָט ער געזאָגט: „אחותי היא״ און דערביי צוגעגעבען: „למען ייטב לי בעבורך״, און
ווי רש״י בעמערקט דערויף: „יתנו לי מתנות״. דאָס הייסט, דער יעניגער, וועלכער
וועט אויף איהר וואַרפען אַן׳אויג, וועט, ווי עס איז דער שטייגער אין די דאָזיגע
לענדער, זיך בעמיהען וועגען איהר א לענגערע צייט אויפ׳ן פריעדליכען אופן און שיקען
עטליכע מאָל צו אברהם׳ן מתנות, וביני לביני וועט מען געווינען צייט און זוכען מיטלען,
ווי אזוי אָבצוהיטען זיך פאר איהם. צום אומגליק אָבער האָט פאסירט, אז שרה איז
געפעלען געוואָרען דעם קעניג זעלבסט, און פאר א קעניג איז נישט נויטיג אין אזעלכע
פאלען צו שיקען פריהער מתנות, און ער האָט זי גלייך געלאָזט רופען צו זיך...

היתכן, אז בכדי זיך צו ראטעווען, זאָל אברהם, חלילה, זיין גרייט מפקיר צו
זיין שרה׳ן לדבר עבירה?

נאָר וואָס גרעסער דער איסור איז און וואָס הארבער דער חטא — אלץ גרעסער
איז דער יצר־הרע דערצו, און אז זיי וועלען דערהערען, אז זי איז זיינע א שוועסטער,
א פנויה, וועלען זיי אפשר נישט האָבען צו איהר אזא שטארקע תאוה, ווי ווען זיי
וועלען וויסען, אז זי איז אַן׳אשת־איש...

(כפלים לתושיה)

## הנה אשתך קח ולך... (יב. יט.)

אין א סך חומשים פון די אלטע דפוסים (ווי אויך אין די מקראות גדולות)
ווערט געזאָגט אין בעל־הטורים אויפ׳ן דאָזיגען פסוק: „ה׳ במסורת הכא וכו׳ נהג ולך
באבישג השונמית וכו׳״.

די ווערטער „נהג ולך״ ווערען געזאָגט ביי דער שונמית פון אלישע׳ן
(מלכים ב. ד.): „ותחבוש האתון ותאמר אל הנערה נהג ולך״. און אינ׳ם גאנצען קאפיטעל
דאָרט ווערט לגמרי נישט דערמאָהנט דער נאָמען „אבישג״, נאָר בלויז „שונמית״
און עס איז דאָך אונמעגליך צו זאָגען, אז דער נאָמען „שונמית״ בעציהט זיך
אויף „אבישג השונמית״ פון דוד׳ן, מחמת ערשטענס, איז דאָך עס אונגלויבליך,
אז זי זאָל האָבען געלעבט אזוי פיעל דורות און זי זאָל נאָך דאן האָבען געווען א בת־
בנים. צווייטענס, ווערט דאָך געזאָגט אין סנהדרין כ״ב: „אבישג דדוד אסורה לינשא
לכל אדם״...

באמת אָבער איז דאָ אריינגעפאלען א טעות־הדפוס און עס דארף צוגעגעבען
ווערען דאָס וואָרט „אחותה״, דען אזוי טאקי ווערט געזאָגט אין פרקי דר׳ אליעזר
(פרק יג.) אז די שונמית פון אלישע איז געווען „אחותה דאבישג״.

(ר. פייגענבוים)

## ואברם כבד מאד במקנה בכסף ובזהב — וילך למסעיו... (יג. ב.)

דערויף זאָגען די חז״ל (ווערט אויך געבראכט אין רש״י): „בחזירתו פרע הקפותיו״.

פון וואנען נעמען דאָס די חז״ל און וואָס צווינגט זיי צו טייטשען, אז „פרע הקפותיו״, אז אברהם איז געווען א בעל חוב און מיט דעם געלד, וואָס ער האָט בעקומען פון פרעה׳ן, האָט ער, צוריקגעהענדיג פון מצרים, אָבגעצאָהלט די חובות?

ווייל די חז״ל איז געווען קשה, פארוואָס האָט אברהם זיך אויפגעפיהרט מיט פרעה׳ן אנדערש, ווי מיט׳ן מלך סדום; פארוואָס האָט ער פונ׳ם מלך סדום קיין שום געלד און מתנות נישט געוואָלט נעהמען און פון פרעה׳ן האָט ער יאָ גענומען? און דעריבער ערקלערען זיי: „בחזירתו פרע הקפותיו״ — דערפאר האָט ער ביי פרעה׳ן יאָ גענומען כסף וזהב, ווייל ער איז דאמאָלס געווען אנ׳אָרימאן, א בעל־חוב, און ער האָט זיך גענויטיגט אין געלד אָבצוצאָהלען די חובות...

(רבי שלמה קלוגער)

און דעריבער איז „כבד מאד״, דערפאר איז איהם אזוי שווער געווען צו טראָגען דאָס כסף וזהב, ווייל ער איז געווען א בעל־חוב, עס איז געווען פרעמד געלד און — אנ׳עהרליכען מאן איז שווער צו טראָגען ביי זיך פרעמד געלד...

(אמרי שפר)

„בחזירתו פרע הקפותיו״ — און דערפאר שטעהט „כבד מאד״, דען בעצאָהלען חובות קומט־אָן א מענשען זעהר שווער — דער יצר־הרע לאָזט נישט...

פון וואנען דרינגט עס דער דרש, אז אברהם איז אזוי פעראָרימט געווען, אז געהענדיג קיין מצרים האָט ער זיך געמוזט באָרגען געלד אויפ׳ן וועג און איצט האָט ער אָבגעצאָהלט די חובות?

דען דער דין איז: „אין יוצאין מארץ לחוצה לארץ אלא א״כ עמדו סאתים בסלע״, און דערביי ווערט אויך צוגעגעבען, אז עס דארף אויך זיין „מעות ביוקר״, אז אויסער, וואָס עס איז א הונגער און א יקרות, זאָל אויך קיין געלד נישט זיין צו קויפען (בבא בתרא צ״א). אברהם האָט, אלזאָ, זיכער נישט פערלאָזט ארץ־ישראל, ביז ער איז צו־געקומען צום דאָזיגען מצב, ווען ער איז שוין געצוואונגען געווען צו לייהען הלואות און — „בחזרתו פרע הקפותיו״...

(ספר ינחנו)

„בחזירתו פרע הקפותיו״ — ער האָט אָבגעצאָהלט די תשובות, וואָס ער איז שולדיג געווען דעם עולם. היתכן — האָט דער עולם זיך געוואונדערט און קשיות געפרעגט — דערדאָזיגער אברהם איז אזא צדיק ולסוף איז ער נעבעך געצוואונגען צו וואנדערען, צו זיין נע־ונד? אזא צדיק — און ער ליידט גאָר הונגער? אזא צדיק — און די מצריים רויבען אוועק ביי איהם דאָס ווייב?... איצט, ווען ער האָט זיך אומ־געקעהרט פון דאָרט אָנגעלאָדען „במקנה, בכסף ובזהב״, זענען מיט איינמאָל אלע קשיות פערענטפערט געוואָרען...

(מצח אהרן)

## וילך למסעיו...

„היה הולך ולן באכסניות שלן בהם בהליכתו למצרים" (רש"י)

דען געוועהנליך זענען זיך אויפגעקומענע גבירים נוהג, אז ווערענדיג פלוצים אויפגעריכט מיט עשירות, ענדערן זיי מיטאמאָל זייער גאנצען לעבענס־שטייגער און הויבען־אָן פיהרען א ברייטען נגיד'ישען שטאַט, בייטענדיג די דירות, פערפאָרענדיג אין שענערע, רייכערע האָטעלען... אָבער אברהם, כאָטש ער איז אזוי שטארק נתעשר געוואָרען, האָט ער זיך פונדעסטוועגען ווייטער געפיהרט אזוי ווי פריהער, און אויפ'ן וועג צוריק איז ער איינגעשטאנען אין דיזעלבע ביליגע אכסניות, וואָס אהין־וועג...

(כתב סופר)

## וילך למסעיו מנגב ועד בית אל... (יג, ג.)

נישט ווי אונזערע היינטיגע געוויסע גבירים, וועלכע וואָס רייכער זיי ווערען, אלץ מעהר דערווייטערן זיי זיך פון דער אידישער סביבה, פון שוהל און בית־מדרש, פון „בית־אל"...

(מטה אהרן)

## ואברם כבד מאד וכו' ויקרא שם אברם בשם ד' (יג. ד.)

דעריבער האָט אברהם זיך פערזאָרגט מיט אזוי פיעל כסף וזהב, ווייל — „ויקרא שם אברם בשם ד'", ווייל ער האָט גענומען אויף זיך צו פערשפרייטען אין דער וועלט גאָטס וואָרט, און כדי זיינע ווערטער זאָלען געהערט ווערן, איז דערצו נויטיג געווען, ער זאָל זיין אנ'עושר, א נגיד, אנדערש וואָלט זיך קיינער אויף איהם נישט אומגעקוקט, דען — „חכמת המסכן בזויה"...

(ברית אברהם)

און דערפאר בעת שלמה המלך האָט געבעטען ביי השי"ת חכמה: „ונתת לעבדך לב שומע לשפוט את עמך", האָט איהם השי"ת געענטפערט: „וגם אשר לא שאלת נתתי לך גם עושר", דען חכמה אָהן עשירות האָט קיין ווערט נישט, אנ'אָרימער חכם האָט קיין חשיבות נישט ביי מענשען...

(אסם בושם)

## כי היה רכושם רב ולא יכלו לשבת יחדיו... (יג. ו.)

נישט די אָרימקייט, נאָר פערקעהרט, דאָס עשירות, דאָס ערוואָרבענע פערמעגען, האָט צושטערט צווישען זיי דעם שלום. „כי היה רכושם רב — ולא יכלו לשבת יחדיו". דער פירוד און דער אנטאגאָניזם צווישען מענשען ענטשטעהט עפ"י רוב דוקא צוליעב'ן „רכושם רב", צוליעב דער קנאה, וואָס יענער האָט מעהר...

(אור תורה)

## ויהי ריב בין רועי מקנה אברם ובין רועי מקנה לוט, והכנעני והפרזי אז יושב בארץ... (יג. ז.)

דאָס שמערצליכסטע דערביי איז געווען דאָס, וואָס „והכנעני והפריזי אָז יושב בארץ", די חרפה פאר די פרעמדע זייטיגע שכנים, וועלכע האָבען זיך צוגעקוקט מיט ערשטוינונג, און מיט פעראכטונג, ווי אזוי לייבליכע קרובים, וועלכע האָבען זיך גאָכנישט אויסגערוהט פון זייער לאנגען וואנדער־וועג, וועלכע פיהלען זיך נאָך דאָ פרעמד און איינזאם, האלטען זיך שוין אין איין ארומקריגען...

(ספורני)

„לפי שהיו רועיו של לוט רשעים וכו' והכתוב אומר והכנעני והפריזי אז יושב בארץ, ולא זכה בה אברהם עדיין" (רש"י).

פרעגט זיך: פארוואָס אויפ'ן פסוק „גר ותושב אנכי עמכם" (כג. ד.) זאָגט רש"י: „אם תרצו הריני גר, ואם לאו אהיה תושב ואטלנה מן הדין שאמר לי הקב"ה לזרעך אתן את הארץ הזאת". ווי אזוי איז עס איהם געקומען מן הדין, אויב דאן זענען דאָך נאָך דער כנעני און פריזי געזעסען אין לאנד?

נאָר דעריבער האָט אברהם נישט געקענט זוכה זיין אינ'ם לאנד בשעת דער כנעני והפריזי האָבען זיך דאָרט געפונען, ווייל די הבטחה פון השי"ת איז געווען: „לזרעך אתן את הארץ הזאת" און דאמאָלס, בשעת עס האָט אויסגעבראָכען דער קריעג מיט די רועי לוט, האָט ער נאָך קיין קינדער נישט געהאט; שפעטער אָבער ביי קבורת שרה, האָט ער שוין געהאט יצחק'ן און דעריבער האָט ער שוין געקענט טענה'ן: „ואם לאו אהי' תושב ואטלנה מן הדין שאמר לי הקב"ה לזרעך אתן את הארץ הזאת"...

(אשכול ענבים)

## אל נא תהי מריבה ביני ובינך וכו'... (יג. ח.)

אויף „ויהי ריב בין רועי מקנה אברם" זאָגט רש"י, אז די רועים של לוט האָבען געטענה'ט: „ניתנה הארץ לאברהם ולו אין יורש ולוט יורשו ואין זה גזל". די גאנצע מחלוקה איז בכן ארויסגעקומען צוליעב קרובה'שאפט, צוליעב דעם, וואָס לוט האָט זיך בעטראכט אלס אברהמ'ס צוקונפטיגער יורש, און דאָס אלזאָ, האָט אברהם זיך געבעטען: „אל נא תהי מריבה ביני ובינך וכו' כי אנשים אחים אנחנו", זאָל דער „אנשים אחים אנחנו", דאָס וואָס מיר זענען קרובים, נישט זיין די סיבה, צוליעב וועלכער מיר זאָלען זיך ארומקריגען...

(רבי יצחק אלי' לאנדוי)

## והכנעני והפריזי אז יושב בארץ... אל נא תהי מריבה ביני ובינך... (יג. ח.)

לאָמיר זיך נישט ארומקריגען, וואָרום „והכנעני והפריזי אז יושב בארץ" — און ווען צוויי צדדים קריגען זיך, געווינט שטענדיג דערפון דער פרעמדער, דער דריטער צד...

(עוללות אפרים)

## כי אנשים אחים אנחנו... (יג. ח.)

„קרובים, ומדרש אגדה: דומין בקלסתר פנים" (רש"י)

וואָס פאר אַן ארגומענט איז עס, אז דערפאר וועלען זיי זיך קריגען, ווייל זיי זענען עהנליך בקלסתר פנים?

נאָר בשעת עס קריגט זיך א צדיק מיט א רשע, איז עס נאָכנישט אזא אומגליק, דען אלע פערשטעהען, אז מסתמא איז דער צדיק גערעכט. באם אָבער ביידע, וואָס קריגען זיך, האָבען א נאָמען אלס צדיקים, ברענגט עס צו חילול־השם, דען איינער פון זיי איז דאָך זיכער מיט זיין האנדלונג נישט אין אָרדנונג... און דאָס אלזאָ, האָט אברהם גע־טענה'ט צו לוט'ן: „אל נא תהי מריבה ביני ובינך וכו' כי אנשים אחים אנחנו", אויסערליך, לויט'ן קלסתר פנים, זענען מיר זעהר עהנליך איינער צום צווייטען, דער עולם ווייסט נישט קיין אונטערשיעד פון לוט ביז אברהמ'ען, ביידע האלט מען אונז פאר גלייכע צדיקים און — וואָס וועלען מענשען זאָגען, זעהענדיג, ווי צוויי צדיקים קריגען זיך?...

(פרדס יוסף)

אל נא תהי מריבה ביני ובינך... כי אנשים אחים אנחנו...

און ווען קרובים און פריינד צוקריגען זיך, איז דאן די שנאה צווישען זיי פיעל שטארקער און שארפער ווי געוועהנליך. א קלאַפּ, וואָס מען בעקומט פון אַן אייגענעם, א קרוב, טהוט מעהר וועה, ווי א קלאַפּ פון א פרעמדען...

און דאָס, אגב, איז דער טייטש פון „נאמנים פצעי אוהב": די „פצעי אוהב", די וואונדען פון א פריינד, זענען פיעל טו־עפליכער און פיהלבארער...

(הדרש והעיון)

## ואנשי סדום רעים וחטאים... (יג. יג.)

„רעים — בגופם, וחטאים — בממונם" (סנהדרין ק"ט, געבראכט אין רש"י)

דער תרגום אונקלוס דאגעגען טייטש פערקעהרט: „בישין—בממונהון, וחיבין — בגויתהון"...

## וד' אמר אל אברם אחרי הפרד לוט מעמו... (יג. יד.)

„כל זמן שהרשע עמו היה הדבור פורש ממנו, ולעיל שהיה לוט אצלו וכותב וירא ד' אל אברם? — באותה שעה כשר היה" (רש"י)

וואָס האָט דען אין מיטען פאסירט אזעלכעס, צוליעב וועלכען ער איז מיטאמאָל אויס כשר און אויס צדיק געוואָרען?

נאָר במשך פון די עטליכע פסוקים, זינט דעם „וירא ה' אל אברם" ביז דאנען, איז דערווייל געשעהן, אז „וגם ללוט ההולך את אברהם היה צאן ובקר ואוהלים", ער איז אינמיטען רייך געוואָרען, און דאָס עשירות האָט איהם, ווי דער שטייגער איז, אראָב־געפיהרט פון דרך־הישר...

(כתב סופר)

## אשר אם יוכל איש למנות את עפר הארץ גם זרעך ימנה... (יג. טז.)

קאָן מען דען נישט איבערצעהלען, וויפיעל אידען עס זענען פאראַן?

נאָר דאָס וואָרט „למנות" האָט אויך דעם טייטש: אָבשאצען, פעסטשטעלען דאָס חשיבות, ווי „ואחריתו יהיה מנון" (משלי כ"ט), אָדער: „דבר שבמנין לא בטל", פון וועלכען די כוונה איז: א דבר חשוב, און דער פשט, אלזאָ, איז: „אשר אם יוכל למנות את עפר הארץ", פונקט ווי מען קאָן נישט אָבשאצען דעם ווערט פון דער ערד, „גם זרעך ימנה", אזוי וועט אויך זיין אונשאצבאר דאָס חשיבות פון דיינע קינדער...

(הכתב והקבלה)

## ואת הזוזים בהם... (יד. ה.)

„ואת הזוזים" פערטייטשט דער תרגום: „וית תקפיא".

אזוי איז עס פון תמיד אָן: די וואָס האָבען די „זוזים", די תקיפים...

## ויגד לאברם העברי... (יד. יג.)

דעריבער האָט ער געהייסען „אברם העברי", ווייל „כל העולם כלו מעבר אחד", די גאנצע וועלט איז געשטאנען פון איין זייט, „והוא מעבר אחר", און ער איינער אליין — פון דער צווייטער זייט...

(בראשית רבה)

## ומלכי צדק מלך שלם... (יד. יח.)

לויט איניגע מבארים זאָלען די ווערטער „מלך שלם" זיין א פירוש און ערגענצונג צו „מלכי צדק". דער פסוק דערצעהלט אונז, אז דער, וואָס איז אנטקעגענגעאנגען אברהמ'ען מיט לחם ויין, איז געווען דער מלך פון „צדק" און דערויף ווערט גלייך צוגע־געבען, אז דערמיט ווערט געמיינט דער מלך פון „שלם", עס הייסט פון ירושלים, וואָס טיילמאָל ווערט זי גערופען מיט'ן נאָמען „צדק", ווי „עיר הצדק" (ישעיה א. כא.) „נוה צדק" (ירמי' לא. כג.) „שערי צדק" (תהלים קיח. יט.) און טיילמאָל — „שלם".

## ומלכי צדק מלך שלם הוציא לחם ויין והוא כהן לאל עליון... (יד. יח.)

„ומלכי צדק — הוא שם בן נח" (רש"י)

„ומלכי צדק" — פלעגט זאָגען רבי מרדכי לעכעוויטשער — „הוציא" האָט אויס־געפונען א נייעם דרך אין עבודת־הבורא, אז אפילו ווען מען עסט „לחם ויין" זאָל מען אויך קענען זיין א „כהן לאל עליון" — אַנ'עובד השם...

רבי מאיר'ל פרימישליאנער האָט זיך אמאָל געטראָפען מיט רבי שלמה קלוגער און עס האָט זיך פערבונדען צווישען זיי א טיעפער שמועס וועגען לומדות און צדקות, רופט זיך אָן רבי מאיר'ל און זאָגט:

כידוע, איז מלכי־צדק, וועלכער איז געווען שם בן נח, געווען כלו תורה און געפיהרט א ישיבה, אין וועלכער יעקב אבינו האָט געלערענט פיערצעהן יאָר. אברהם ווידער איז געווען איינגאנצען אריינגעטהון אין הכנסת־אורחים, און דעריבער, אז די

דאָזיגע צוויי צדיקים האָבען זיך בעגעגענט, איז „ומלכי צדק מלך שלם הוציא לחם ויין", האָט מלכי-צדק מוציא געווען פון אברהם'ען און זיך אָבגעלערענט פון איהם די מדה פון הכנסת־אורחים; „והוא", און ער, אברהם, האָט אָבגעלערט פון מלכי־צדק דעם ענין פון „כהן לאל עליון", ווי אזוי עוסק צו זיין בתורה...

אין פלוג וואָלטען די ווערטער „הוציא לחם ויין" געדאַרט קומען צום סוף און סטיליסטיש וואָלט געדארפט זיין; „ומלכי צדק מלך שלם והוא כהן לאל עליון הוציא לחם ויין".

— גאָר — ענטפערט מען דערויף בדרך־הלצה — פריהער דערצעלהט אונז דער פסוק בפשטות, אז „ומלכי צדק מלך שלם הוציא לחם ויין". אָבער דאָס אליין איז נאָך נישט אזא גרויסער חידוש, דען עס איז דאָך גאַנץ נאטירליך, אז א קעניג זאָל מכבד זיין א גאסט מיט ברויט און וויין. דאָס וואונדערליכסטע אָבער דערביי איז — פיהרט אויס דער פסוק — וואָס „והוא כהן לאל עליון", וואָס דער זעלבער מלכי צדק איז געווען גלייכצייטיג א כהן און אלס כהן איז ער בטבע געוועהנט געווען צו נעהמען, נישט צו געבען, און דאָך האָט ער דאָס מאָל געבראָכען די געוועהנהייט און מכבד געווען אב־רהמ'ען מיט לחם ויין — און דאָס איז טאקי א גרויסע רבותא!...

רבי לוי יצחק בערדיטשעווער איז אמאָל ארומגעפאָהרען צונויפזאמלען געלד אויף הכנסת־כלה פאר אנ'אדם חשוב. אויפ'ן וועג האָט ער אויך אָבגעשטיגען ביי א געוויסען רבי'ן, וועלכער, דערהערענדיג נאָכוואָס רבי לוי יצחק איז צו איהם געקומען, האָט ער איהם אָנגעווינשען, אז השי"ת זאָל העלפען און דער נצרך זאָל זוכה זיין חתונה צו מאכען זיין טאָכטער מתוך הרחבה. רופט זיך אָן צו איהם רבי לוי יצחק: די תורה דערצעהלט אונז, אז „ומלכי צדק מלך שלם הוציא לחם ויין וכו' ויברכהו". קודם־כל איז געווען „הוציא לחם ויין" און נאכהער — „ויברכהו". פריהער דארף מען געבען און ערשט דערנאָך — טיילען ברכות...

(אמרי יושר)

## והוא כהן לאל עליון...

געוועהנליך טייטשט מען, אז דער „והוא" געהט ארויף אויף מלכי־צדק, אז מלכי־צדק איז געווען א כהן לאל עליון. דאגעגען אין „חזקוני" ווערט געטייטשט, אז דער „והוא" בעציהט זיך אויף אברהמ'ען, און דער פשט איז: דעריבער האָט מלכי־צדק איהם אזוי מכבד געווען און איהם אנטקעגענגעטראָגען לחם ויין, ווייל אברהם איז געווען א כהן לאל עליון...

## הרמותי ידי אל ד'... (יד. כב.)

„לשון שבועה, מרים אני את ידי לאל עליון, וכן בי נשבעתי — נשבע אני, וכן נתתי כסף השדה קח ממני — נותן אני לך כסף השדה וקחהו ממני" (רש"י)

דאגעגען אין פרשת חיי שרה, אויפ'ן געבראכטען פסוק „נתתי כסף השדה", טייטשט רש"י גאָר אנדערש; „נתתי, מוכן הוא אצלי, והלואי נתתי לך כבר"... איז דאָך עס א סתירה צום דאָזיגען צווייטען פירוש!

## בלעדי רק אשר אכלו הנערים וכו׳ הם יקחו חלקם... (יד. כד)

בנוגע צו זיך האָט אברהם געהאנדעלט לפנים משורת הדין און ערקלערט: „אם מחוט ועד שרוך נעל ואם אקח מכל אשר לך״ און „בלעדי״. וואָס אָנבעלאנגט אָבער זיינע מיט־מענשען האָט ער פערלאנגט: „הם יקחו חלקם!״ — א מחמיר מעג מען זיין בלויז פאר זיך, אָבער נישט פאר יענעם...

(פרחי אהרן)

## ויאמר אברם הן לי לא נתת זרע... (טו. ג.)

השי״ת האָט דאָך איהם פריהער בפירוש מבטיח געווען: „לזרעך אתן את הארץ הזאת״ (יב. ז.) און דאן: „לך אתננה ולזרעך עד עולם״ און „ושמתי את זרעך כעפר הארץ״ (יג. טז.), טאָ ווי געשיקט זיך עס, אז אברהם זאָל חלילה צווייפלען אין דער געגע־בענער הבטחה און פרעגען: „ומה תתן לי ואנכי הולך ערירי וכו׳ הן לי לא נתת זרע״?

נאָך דער פסוק „ושמתי את זרעך כעפר הארץ״ ווערט געטייטשט דורך די חז״ל: „מה עפר הארץ עשוי דייש כך בניך עשויין דייש למלכיות״ (מדרש רבה פרשה מ״ד), אז די אידען וועלען דורך די מלכיות געטרעטען ווערען מיט די פיס פונקט ווי די ערד, און דערהערענדיג די דאָזיגע טרויעריגע ווערטער האָט דעריבער אברהם פול מיט צער און פערצווייפלונג אויסגערופען: „מה תתן לי ואנכי הולך ערירי וכו׳ הן לי לא נתת זרע״! וואָס פאר א קינדער גיסטו מיר און וואָס פאר א טרייסט זענען אזעלכע קינדער פאר מיר? אויב זיי ווערען פאראויס פעראורטיילט צו זיין ווי די „עפר הארץ״, צו פיהרען א לעבען פון אונאויפהערליכע ליידען און יסורים, איז דאָך עס, ווי דו וואָלסט מיר אינ־גאנצען קיין קינדער נישט געגעבען?...

און אלס ענטפער דערויף: „ויוצא אותו החוצה ויאמר הבט נא השמימה וספור הכוכבים וכו׳ כה יהיה זרעך״... נישט אייביג וועלען זיי זיין כעפר הארץ, עס וועט סוף כל סוף קומען א צייט, ווען זיי וועלען פון דער נידעריגסטער שפלות דערהויבען ווערען צו דער העכסטער הויך און אָנהויבען לייכטען ווי די שטערן!...

(הדעה והדבור)

## הבט נא השמימה וספור הכוכבים... (טו. ה.)

שטערען לויכטען נור ביינאכט און אויך דער אור היהדות לייכט־אויף בעזונדערס אין יענע מאָמענטען, ווען דער אדם הישראלי הויבט אָן אמשטארקסטען צו פיהלען דאָס חשכות פון גלות, ווי איך האָב עס מיט מיינע אויגען געזעהן בעת׳ן גירוש ספרד, ווען ביי די ערגסטע אידען האָט דאמאָלס אויפגעוואכט און אויפגעלויכטען דער אור ישראל...

(אברבנאל)

## ויוצא אותו החוצה וכו׳ ויאמר לו כה יהיה זרעך... (טו. ד.)

„הוציאו מחללו של עולם והגביהו למעלה מן הכוכבים״ (רש״י)

אברהם אבינו — האָט געזאָגט דערויף דער שפת אמת — איז אויפגעהויבען געוואָרען „למעלה מן הכוכבים״, למעלה מן דרך הטבע, און מען האָט איהם דערביי

געוויזען: „כה יהיה זרעך", אזוי וועלען אויסזעהען דיינע קינדער, אויך די עקזיסטענץ פון די אידען וועט זיין למעלה וחוץ לדרך הטבע...

## והאמין בד' ויחשבה לו לצדקה... (טו. ו.)

פרעגט זיך: וואָס פאר א רבותא איז עס, וואָס אזא צדיק ווי אברהם האָט גע-גלויבט אין גאָט?...

דער תירוץ איז: פריהער, אז אברהם האָט געגעבען צדקה, איז עס נישט געווען אזא גרויסע זאך, ווארום מאי כולי האי? פארוואָס זאָל ער נישט געבען? קיין קינדער האָט ער נישט, וואָס דען זאָל ער טהון מיט'ן געלד?... שפעטער אָבער, ווען ס'איז געווען „והאמין בד'", ווען ער האָט געגלויבט אין דער הבטחה, אז ער וועט האָבען קינדער, און דאָך איז ער ווייטער געבליבען דערזעלבער פזרן, דאמאָלס — „ויחשבה לו לצדקה", דאן האָט די צדקה זיינע שוין גאָר אנ'אנדער ווערט און חשיבות בעקומען...

(כרם הצבי)

„ויחשבה לו לצדקה", אברהם אבינו איז געווען דאנקבאר דעם רבונו־של־עולם, ער האָט עס בעטראכט פאר א געטליכע צדקה וחסד, וואָס ער האָט זוכה געווען צו זיין א „והאמין בד'", צו דערגרייכען צו דער שלמות האמונה...

(רבי משה קאברינער)

## במה אדע כי אירשנה... (טו. ח.)

פרעגען אלע מפרשים: היתכן, אז אברהם אבינו, וואָס אין פריהערדיגען פסוק זאָגט די תורה אויף איהם עדות, אז „והאמין בד'", זאָל חלילה צווייפלען און פרעגען „במה אדע"? צווייטענס, וואָס פאר א תשובה איז אויף די דאָזיגע פראגע דער ענטפער: „ידוע תדע כי גר יהיה זרעך", מיט וואָס איז ער שוין איצט זיכערער, ווי פריהער?

נאָר אברהם האָט, חלילה, נישט געצווייפעלט אין דער עצם זיכערקייט פון דער געגעבענער הבטחה, זיין פראגע איז בלויז געווען: „במה אדע כי אירשנה", פון דיין זייט וועט זיכער קיין מניעה נישט זיין, קוים ביזטו מיר מבטיח אוועקצוגעבען דאָס לאנד, וועסטו געוויס דיין הבטחה נישט ענדערן, אָבער — ווער ווייסט, צי וועט פון מיין זייט מעגליך זיין דאָס צו פערווירקליכען. פונוואנען בין איך זיכער, אז די קינדער מיינע וועלען האָבען דעם רצון צו געהן אהין, צי וועלען זיי זיך וועלען בעזעצען אינ'ם דאָזיגען לאנד?

און דערויף איז געקומען דער ענטפער: דערפאר דארפסטו נישט זאָרגען: „כי גר יהיה זרעך בארץ לא להם", מען וועט זיי אין אלע אנדערע לענדער בעהאנדלען ווי די גרים, „ועבדום וענו אותם", פערקנעכטעט וועלען זיי זיין איבעראל און שווערע ענוים וועלען זיי האָבען אויסצושטעהן, און דאָס וועט זיי צווינגען מקיים צו זיין מיין הבטחה, צו לויפען און צו בעזעצען זיך אין ארץ־ישראל...

(געהערט)

פארוואָס האָט אברהם געבעטען אנ'אות נאָר אויף דער צווייטער הבטחה וועגען ירושת־הארץ און נישט אויף דער ערשטער הבטחה, אז „לא יירשך זה כי אם אשר יצא ממעיך"?

האָט געענטפערט דערויף רבי חיים וואָלאָזשינער: דאָס, וואס אברהם האָט געזאגט: „במה אדע כי אירשנה״, איז נישט דערפאר, ווייל ער זאָל חלילה האָבען אויף איין רגע געצווייפעלט אינ׳ם אויבערשטענס הבטחות, נאָר ער האָט געוואָלט האָבען דערויף א דייטליכע און קלאָרע בעשטעטיגונג, אז אויך אנדערע זאָלען דעריין גלויבען. איז בנוגע די הבטחה צו האָבען קינדער, זענען די עטליכע ווערטער פאר איהם פולקאָם גענוג געווען. דאָ דארף ער זיך געגען קיינעם נישט בעווארענען. עס וועט קיינער צו איהם וועגען דעם ענין קיין טענות נישט האָבען... אנדערש אָבער איז מיט דער הבטחה וועגען ירושת־הארץ, וועלכע ער וועט דארפען צונעהמען ביי אנדערע. דאָ וועט ער האָבען אויסצושטעהן א שווערען קאמף און עס וועט ווענינ זיין, וואָס ער וועט זיך פעררופען אויפ׳ן אויבערשטענס הבטחה, דען א חוץ אלע אנדערע טענות, וועט מען איהם אויך אָנווייזען, אז איין דער געגעבענער הבטחה איז נישט אָנגעוויזען קיין בעשטימטער טערמין, פון ווען אָן דאָס לאנד דארף געהערען צו איהם און צו זיינע קינדער, און קוים פעהלט דער גענויער טערמין, איז ממילא די גאנצע הבטחה נישט גילטיג. אברהם האָט אלזאָ פערלאנגט א קלאָרען דאקומענט: „במה אדע כי אירשנה״, ווי אזוי וועל איך וויסען און ווי אזוי וועל איך אויך אנדערע קענען איבערצייגען, אז דער רצון פון השי״ת איז, אז דאָס דאָזיגע לאנד זאָל צוגעטיילט ווערען פאר מיר, אָדער פאר מיינע קינדער, און פון ווען דארף עס געהערען צו זיי? און דערויף איז געקומען די אויספיהרליכע תשובה, אין וועלכער עס ווערט קלאָר און דייטליך אָנגעוויזען, אז — „ודור רביעי ישובו הנה, כי לא שלם עון האמורי עד הנה״...

## כה יהי׳ זרעך... (טו. ה.)

א משל צו איינעם, וועלכער האָט געוואנדערט אין דער מדבר, און די היץ איז געווען גרויס און ער איז געווען פער׳חלש׳ט פון הונגער און דורשט. פלוצים דער־זעהט ער א בוים, וואָס זיין שאָטען איז אנגענעהם און זיינע פירות זענען זיס און ביי דער זייט פון איהם ציהט זיך א וואסער־קוואל. האָט דער מענש געגעסען פון דער פרוכט און געטרונקען דאָס וואסער פונ׳ם קוואל און דאן האָט ער זיך אוועקגעזעצט אין זיין שאָטען און זיך אָבגעקיהלט פון דער היץ. און ווען ער האָט זיך אויפגעהויבען צו לאָזען זיך ווייטער אין וועג אריין, האָט ער זיך געווענדעט צום בוים און געזאָגט: אילן, אילן, מיט וועלכע ברכה זאָל איך דיך בענשען? זאָל איך דיר זאָגען, אז דיינע פירות זאָלען זיין אנגענעהם? — ער איז דאָך אנגענעהם. זאָל איך דיר זאָגען, אז א קוואל וואסער זאָל זיך ציהען ביי דיינע וואורצלען? — ער ציהט זיך דאָך, דער קוואל. בלויז מיט איין ברכה וועל איך דיך בענשען, אז די נטיעות, וואָס מען וועט נעהמען פון דיר און מען וועט זיי פערפלאנצען אין אנדערע ערטער, זאלען פונקט אזוי געראָטען און מצליח זיין, ווי דו זעלבסט... אזוי האָט אויך השי״ת געזאָגט צו אברהם׳ן: מיט וועלכע ברכה זאָל איך דיך בענשען? מיט כסף וזהב? — האָב איך דיך שוין גע־בענטשט: „ואברם כבד מאד במקנה בכסף ובזהב״. מיט אלע אנדערע ברכות? — האָב איך דיך שוין געבענטשט: „וד׳ ברך את אברהם בכל״. בלויז מיט איין ברכה וועל איך דיך בענשען: „כה יהי׳ זרעך״, אז אויך דיינע קינדער זאָלען זיין געראָטען אין דיר, „שלא יפסקו מבניך ומבני בניך עד סוף כל הדורות דוגמא שלך״...

(מדרש הגדול)

## ויבתר אותם בתוך... (טו. י.)

עס איז דאן אנ׳אוראלטער מנהג געווען, אז אלס צייכען פון כריתת ברית זאָל מען נעהמען א בעל חי און עס צושניידען אויף צוויי העלפטען און דורכגעהן צווישען זיי. דאָס האָט בעדייט, ערשטענס, אז דער אָבמאך, וואָס מען האָט געשלאסען צווישען זיך, איז ענדגילטיג און לאָזט זיך מעהר נישט אומקעהרען צו זיין פריהערדיגען צו־שטאנד — צווייטענס, אז צווישען די צוויי כורתי הברית הערשט א פולשטענדיגער הסכם, אנ׳איינהייטליכער רצון, פונקט ווי די טיילען פון די צוויי איבערגעשניטענע העלפטען בילדען צוזאמען איין גאנצע זאך.

(לויט׳ן רמב״ן)

## ותרדמה נפלה על אברם... (טו. יב.)

השי״ת האָט געוויזען אברהם׳ן דעם גלות, דעם „גר יהיה זרעך בארץ לא להם״, און די פערשיעדענע צרות, וואָס זיינע קינדער וועלען דאָרט האָבען אויסצושטעהן; איינס פון זיי וועט זיין דער „תרדמה״, — דאָס, וואָס די אידען וועלען נאָכאנאנד זיצען מיט פערלעגטע הענד און אָבשלאָפען דאָס ביסעל יאָהרען מיט גאָרנישט...

(דובנער מגיד)

## כי גר יהיה זרעך בארץ לא להם... (טו. יג.)

פארוואָס שטעהט נישט „כי גרים״, נאָר „כי גר״, א לשון יחיד?

נאָר דאָס אומגליק וועט זיין, וואָס אפילו געפינענדיג זיך אין דער פרעמד, אין גלות, וועט יעדער איד פון יעדען לאנד זיך בעטראכטען אלס א בעזונדערער גר, וואָס האָט מיט׳ן צווייטען איד פון א צווייטען גלות־לאנד קיין שייכות נישט...

(אסיפת חכמים)

ווי בעקאנט, זענען א טייל פון די רביים אין פוילען נישט איבריג ענט־ציקט געווען פון דער „עמאנציפאציע״, וואָס די אידען אין מערב־אייראָפּא האָבען בעקומען א דאנק נאפּאָלעאָנען, האלטענדיג, אז דאָס וועט פערשטארקען ביי אידען די אסימילאציע. אין דער דאָזיגער מיינונג האָט זיך אויך געהאלטען דער קאָצקער רבי, ר׳ מענדעלי, וועלכער האָט זיך דאן אויסגעדריקט: „כי גר יהיה זרעך בארץ לא להם״, בשעת אידען וועלען זיך געפינען אינ׳ם „בארץ לא להם״, אין דער פרעמד, איז פאר זיי געוואונשען, זיי זאָלען זיך פיהלען אין א געוויסער מאָס אלס גרים, דען אין גענענטייל וועלען זיי גאָר אינגיכען פערגעסען, אז זיי זענען אידען...

## ידוע תדע כי גר יהיה זרעך וכו׳ ועבדום וענו אותם ארבע מאות שנה... (טו. יג.)

לויט די חז״ל (מדרש רבה שמות פרשה י״ח) האָט דער זמן פון די ארבע מאות שנה זיך אָנגעהויבען רעכענען פון דאמאָלס אָן, פונ׳ם ברית בין הבתרים. איז עס דאָך אין פלוג אונפערשטענדליך; אין פסוק ווערט דאָך בפירוש געזאָגט „ועבדום וענו אותם״, און די אבות זענען דאָך כלל נישט געווען פערשקלאַפט אין גלות און זיי זענען דורך

קיינעם נישט געפּיייניגט געוואָרען; אויף וואָס פאר א גרונד, אלזאָ, זענען די יאָהרען, אין וועלכע זיי האָבען געלעבט, אריינגערעכענט געוואָרען אינ׳ם חשבון הגלות?

נאָר דער אָנזאָג און די פאָרבערייטונג צום גוטען — איז שוין אליין בעצם גוט, דאגעגען דאָס בעוואוסטזיין וועגען דער דערנעהנטערונג פון שלעכטען — איז שוין אָן און פאר זיך שלעכט. בעת איינער דערהאלט, למשל, א בשורה טובה, אז ער וועט גאָר אין קורצען רייך ווערען, אז זיינער א פערשטארבענער קרוב האָט איהם אָבגעשריבען א גרויס פערמעגען וואָס ער וועט בעקומען אין א געוויסע צייט ארום, איז ער שוין פרעהליך און מלא־שמחה די גאנצע צייט, נאָך איידער ער בעקומט דאָס עשירות, הגם ער געהט ביני לביני ארום אָהן א גראָשען אין טאש... דאָס זעלבע, פערקעהרט, ווען עס שטעהט עמיצען פאר א שווערער פראָצעס וועלכען ער האָט קיין שום שאנסען נישט צו געווינען און עס דראָהט איהם צו ווערען פערשפארט אויף א לענגערע צייט אין תפיסה — דאן געהט ער שוין די גאנצע צייט ארום א צובראכענער און דערשלאָגענער און עס זענען פינסטער פאר איהם די טעג און שלאפלאז די נעכט, הגם ער שפאצירט נאָך דער־ווייל ארום אויף דער פריי...

מיט׳ן מאָמענט, ווען עס איז אברהמ׳ן מיטגעטיילט געוואָרען די טרויעריגע בשורה, אז זיינע קינדער וועלען ווערען פערשקלאפט און געפּייניגט, „ועבדום וענו אותם״, איז פון איהם יעדע פרייד וועקגענומען געוואָרען, עס האָט איהם כסדר, במשך פון זיין גאנצען ווייטערען לעבען, פערפאָלגט און בעאונרוהיגט דער טרויעריגער גע־דאנק וועגען דעם שיקזאל פון זיינע קינדער, און אין דער זעלבער שווערער שטימונג האָט געלעבט אויך יצחק און יעקב, און דעריבער זענען אויך זייערע יאָהרען צוגע־רעכענט געוואָרען צום חשבון פון גלות־מצרים, מחמת זיי אליין האָבען שוין מאָראליש און גייסטיג מיטגעמאכט דעם דאָזיגען פארשטעהענדען גלות, זיי אליין האָבען שוין ווי געפיהלט און איבערגעטראָגען די יסורים פונ׳ם „ועבדום וענו אותם״...

(חתם סופר)

## ועבדום וענו אותם בארץ לא להם...

זיי וועלען געפּייניגט ווערען אויך פון אזעלכע גוים, וועלכע וועלען זיך זעלבסט געפינען אין אנ׳„ארץ לא להם״, וועלכע וועלען אליין אויך זיין פרעמדע, מינדערהייטען, אליין זיין נרדפים...

(מדרש שמואל)

## ואחרי כן יצאו ברכוש גדול... (טו. יד.)

הכי אורחא דקוב״ה — אזוי איז דער דרך פון אויבערשטען — בקדמתא ברא אסותא ולבתר מחי — פריהער בעשאפט ער די רפואה און נאכהער די קלעפּ — כך בקדמיהון אתקין רכוש גדול ולבתר אייתא לן לגלותא — פריהער האָט ער צוגעגרייט א רכוש גדול און ערשט דאן האָט ער אונז געבראכט אין גלות אריין...

(זהר מקץ קצ״ו)

## וגם את הגוי אשר יעבודו דן אנכי... (טו. יד.)

אויך דאָס געהער צו דער גזירה: „וגם את הגוי אשר יעבודו דן אנכי״, אויך דאָס

פאָלק, ביי וועלכען דיינע קינדער וועלען זיך געפונען אין גלות, וועל איך משפט'ן, אויך זיי וועט געהן שלעכט, און דאָס וועט זיך ווידעראמאָל אָברופען אויף אייך. בשעת די גויים אין א לאנד געהט שלעכט — לאָזען זיי אויס קודם־כל דעם כעס צו זייערע אידען...

(אמרי חן)

## ואתה תבוא אל אבותיך בשלום... (טו. טו.)

„ללמדך שעשה תרח תשובה" (רש"י)

פון וואנען איז בָאַ געדרונגען, אז תרח האָט געטהון תשובה? אפשר האָט תרח דערפאר זוכה געווען, ער זאָל רוהען צוזאמען מיט'ן זוהן, ווייל דער זוהן איז געווען א צדיק און „ברא מזכה אבא"?

די ראיה איז — האָט געזאָגט דערויף דער חדושי הרי"ם — ווייל עס שטעהט נישט „אל אָביך", נאָר „אל אבותיך", א לשון רבים, פון וועלכען עס איז משמע, אז נישט בלויז דער פאָטער, נאָר אויך דער זיידע וועט רוהען צוזאמען מיט אברהם'ן, און א זיידע קאָן דאָך נישט געניסען אין זכות פון אייניקעל, נור אין זכות פון זיין אייגענעם זוהן, און דערפון איז אלזאָ געדרונגען, אז „תרח עשה תשובה" און דער זיידע איז נתעלה געוואָרען א דאנק תרח'ן, דען — „ברא מזכה אבא"...

## לזרעך נתתי את הארץ הזאת... (טו. יח.)

בשעת אברהם אבינו איז געגאנגען אין ארם־נהרים און אין ארם־נחור און ער האָט געזעהן, ווי מענשען עסען און טרינקען און טהוען גאָרנישט, האָט ער געזאָגט: הלואי זאָל איך נישט האָבען קיין חלק אינ'ם דאָזיגען לאנד! אָבער ווען ער איז צוגעקומען צו דער בארג־שטאָדט, צור, און ער האָט געזעהן, ווי די מענשען זענען עוסק אין פלאנצונגען בשעת מען דארף פלאנצען, אין אקער בשעת מען דארף אקערן, האָט ער אויסגערופען: הלואי זאָל איך האָבן א חלק אינ'ם דאָזיגען לאנד!....

(בראשית רבה)

## את הארץ הזאת... את הקיני ואת הקנזי וכו' (טו. יח.)

דערויף ווערט געדרש'נט אין מדרש־רבה: „כך עלה בדעתו של מקום להנחיל להם לישראל ארץ עשרת עממים, ולא נתן להם אלא שבעה... ולמה נתן להם שבעה? פירושן לעיל"...

געוועהנליך טייטשט מען, אז מיט די ווערטער „פירושן לעיל" ווערט געמיינט, אז עס ווערט שוין וועגען דעם פריהער ערקלערט. דאָס איז אָבער נישט ריכטיג: וואָרום ערשטענס, איז עס נישט דער סגנון פון מדרש; צווייטענס, ווערט וועגען דעם עניין פריהער אין מדרש־רבה קיין וואָרט נישט דערמאָהנט...

אָבער, ווי עס ווייזט אויס, איז דאָ אריינגעפאלען א טעות־הדפוס: אַנשטאָט „פירושן לעיל" דארף זיין „פירושן לע"ל"; דערביי דארף דאָס וואָרט „לע"ל", ווי מיר טרעפען עס אָפט אין מדרש, גענומען ווערען אלס נוטריקון — „לעתיד לבוא". דאָס הייסט, אז די איבריגע דריי לענדער זענען פאר די אידען בעשטימט געוואָרען אין דער

**צוקונפט, ווי עס ווערט, איבריגענס, ווענען דעם דייטליך געזאָגט אין דער ווייטערער שטעלע פון מדרש: "אבל לימות המשיח יחזרו ויהיו לישראל"...**

(מקור ברוך)

## ותאמר שרי אל אברם חמסי עליך... (טז. ה.)

**דערויף ווערט געזאָגט אין תרגום ירושלמי: "עיילית עמך קדם פרעה מלכא דמצרים וקדם אבימלך מלכא דפלישתאי וכו׳".**

**די דאָזיגע ווערטער זעהען אויס צו זיין אונפערשטענדליך! שרה איז דאָך גענומען געוואָרען אין בית־אבימלך א יאָהר פריהער, איידער יצחק איז געבוירען געוואָרען, אנ־דערש וואָלטען דאָך די ליצני הדור נישט געקענט זאָגען, אז "מאבימלך נתעברה שרה". ישמעאל איז געבוירען געוואָרען מיט פיערצעהן יאהר פריהער, טא ווי אזוי איז עס מעג־ליך, אז שרה זאל איצט, נאָך פאר ישמעאל׳ס געבורט, דערמאהנען אברהם׳ן די מעשה אבימלך?...**

(הרב א. ז. בערנשטיין)

## הנה שפחתך בידך עשי לה כטוב בעיניך ותענה שרי... (טז. ו.)

**מערקווירדיג זענען די ווערטער, וואָס עס זאָגט דערויף דער רמב״ן, און נעמליך: "חטאה אמנו בענוי זה", אונזער מוטער האָט געזינדיגט מיט׳ן דאָזיגען פייניגען הגר׳ן, און אויך אברהם, וועלכער האָט דערלאָזט דערצו. השי״ת האָט דעריבער צוגע־הערט צו איהר פיין און געגעבען איהר, אז ישמעאל זאָל זיין א פרא־אדם, וועלכער זאָל פייניגען די קינדער פון אברהם ושרה מיט כל מיני ענויים...**

## אי מזה באת ואנה תלכי... (טז. ח.)

**געפרעגט האָט דער מלאך דער הגר׳ן צוויי שאלות: פון וואנען? און וואוהין? געענט־פערט האָט זי בלויז אויף איינער, אויף דער ערשטער: "מפני שרה גברתי אנכי בורחת". אויף דער צווייטער שאלה האָט זי נישט געענטפערט... וואָרום דער, וואָס אנטלויפט, האָט בלויז איין זאך אין זינען: צו דערווייטערן זיך וואָס שנעלער פונ׳ם געפעהרליכען אָרט, פו דער סכנה; ווענען "וואוהין" טראכט ער דאן נישט...**

(מלב״ים)

## והוא יהיה פרא אדם... (טז. יב.)

**ווענען דער בעדייטונג פונ׳ם אויסדרוק "פרא אדם" געפינען מיר פערשידענע פשטים. נפתלי הירץ וויזעל (אין "אמרי שפר") טייטשט: "פרא אדם", א פרייער מענש, א מענש אהן אנ׳עול און אָהן פחד און דאגה, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק: "מי שלח פרא חפשי מוסרות ערוד מי פתח" (איוב לט. ה.) — לויט׳ן חזקוני בעדייט "פרא אדם": א וואנדער־סוחר, וועלכער איז שטענדיג אין וועג, אין דער פרעמד, אין זין פון "ועיר פרא אדם יולד" (איוב יא. יב.) און דאָס ווערט אויך געמיינט מיט די ווערטער "ידו בכל ויד כל בו ועל פני אחיו ישכון", אז ער וועט קומען מיט אלעמען אין בעריהרונג און**

איבעראל וועלען זיין פערשפרייט זיינע נחלאות. — דאגעגען אין „הכתב והקבלה" ווערט געטייטשט „פרא אדם" אין זין פון „ותשברנה פראותיו" (יחזקאל לא.) און „בין אחים יפריא" (הושע יג.), פון לשון פרו ורבו, א גרויס און צאָהלרייך פאָלק, ווי עס ווערט געזאָגט אין א ווייטערן פסוק: „ולישמעאל שמעתיך, הנה ברכתי אותו והפריתי אותו והרביתי אותו במאד מאד וכו' ונתתיו לגוי גדול"...

## התהלך לפני וֶהְיֵה תמים... (יז. א.)

א תמים דארף מען זיין נאָר מיט'ן רבונו־של־עולם, מיט מענשען דאגעגען איז שווער אויסצוקומען מיט בלויז תמימות...

(רבי וואָלף סטריקאָווער)

## והיית לאב המון גוים... (יז. ד.)

א מערקווירדיגען מאמר געפינען מיר אין מס' סופרים פרק כ"א הלכה ט'. נעמליך: „האדם הגדול בענקים זה אברהם אבינו שאכילתו ושתייתו הי' כנגד שבעים וארבעה אנשים וכו'".

וואָס ווערט געמיינט דערמיט?

ערקלערט עס דער ווילנער גאון: אין משפטים (כד. ט.) ווערט געזאָגט: „ויעל משה ואהרן נדב ואביהו ושבעים מזקני ישראל וכו' ויחזו את האלקים ויאכלו וישתו", אז זייער אכילה ושתיה איז בעשטאנען אינ'ם „ויחזו את האלקים". און אָט דער זעלבער שבח ווערט אויך געזאָגט אויף אברהם אבינו, אז אויך ביי איהם איז די אכילה ושתיה געווען די זעלבע, וואָס ביי יענע „שבעים וארבעה איש"...

## ולא יקרא עוד את שמך אברם... (יז. ה.)

פארוואָס שטעהט דאָ „את שמך", דאגעגען ביי יעקב'ן ווערט געזאָגט: „לא יעקב יאמר עוד שמך", אָהן דעם וואָרט „את"?

ווערט געענטפערט דערויף אין הגהות הש"ס פון רבי שאול קאצענעלענבויגען: אויפ'ן פסוק „לא יאכל את בשרו" ערקלערען די חז"ל: „את — הטפל לבשרו" (פסחים ב"ב, ב"ק מ"א). ביי יעקב'ן איז אויך נאָכדעם, ווי מען האָט איהם גערופען ישראל, געבליבען אלס טפל דער פריהערדיגער נאָמען, יעקב, וועלכער ווערט כסדר דערמאָהנט אין פסוק. ביי אברהמ'ן דאגעגען איז דער פריהערדיגער נאָמען, אברם, אינגאנצען בעזייטיגט געוואָרען און ער ווערט מעהר נישט דערמאָהנט, און דאָס איז דער פסוק מדייק: „לא יקרא עוד את שמך אברם", אפילו אלס „את", אלס טפל, וועט דער פריהער־דיגער נאָמען, אברם, נישט עקזיסטירען מעהר.

ביי אברהם ווערט געזאָגט: „ולא יקרא עוד את שמך אברם, והיה שמך אברהם", דאגעגען ביי שרה שטעהט: „שרי אשתך לא תקרא את שמה שרי, כי שרה שמה", פארוואָס ווערט אויך דאָרט נישט געזאָגט: „כי שרה יהיה שמה"?

די דאָזיגע קשיא האָט דער מחבר פון „וצוה הכהן" געפרעגט רבי פנחס קאָריצער און רבי פנחס האָט איהם ד'ערויף געענטפערט:

אין מדרש אויפ׳ן דאָזיגען פסוק ווערט ערקלערט, אז די יוד, וועלכע איז אראָב־גענומען געוואָרען פון שרי׳ן, איז איינגעטיילט געוואָרען אויף צוויי הא׳ען. איין ה׳ איז צוגעגעבען געוואָרען אברהם׳ן און איין ה׳ איז געבליבען ביי שרה׳ן. און אויב אזוי איז שוין, אלזאָ, נאכהער איבריג געווען צו זאָגען: „כי שרה יהיה שמה", מחמת מיט׳ן מאָמענט ווען פון „אברם" איז געוואָרען „אברהם", דאן — „כי שרה שמה", איז שוין פון „שרי" ממילא געוואָרען „שרה"...

„הקורא לאברהם אברם עובר בעשה וכו׳ ור׳ אלעזר אומר בלאו וכו׳" (ברכות י״ג)

דער אויסדרוק „עובר בעשה" און „עובר בלאו" ווערט דאָ נישט געמיינט אין בוכשטעבליכען זין, דען אנדערש וואָלטען זיי דאָך געדארפט אריינגערעכענט ווערען אינ׳ם מנין המצוות, אין דער אָנגעגעבענער צאָהל עשה׳ס און לא תעשה׳ס. פאקטיש אָבער איז עס נישט מעהר ווי אנ׳אסמכתא בעלמא, און אזעלכע עהנליכע אויסדרוקען געפינען מיר גאנץ אָפט, ווי: „השח שיחת חולין עובר בעשה" (יומא י״ט), „הנהנה מצר־עין עובר בלא תעשה" (סוטה ל״ח), „כל המחזיק במחלוקת עובר בלאו" (סנהדרין ק״י) וכדומה...

(תורה תמימה)

## המול לכם כל־זכר... (יז. י.)

די חז״ל זאָגען דאָך, אז אברהם האָט מקיים געווען אלע מצוות, אפילו עירוב־תבשילין, טאָ פארוואָס האָט ער אויך פריהער נישט מקיים געווען די מצות־מילה און געוואַרט ביז דאן ערשט, ווען השי״ת וועט איהם הייסען? — ווייל דאָס איז אזא זאך, וואָס כל־זמן עס איז נישטאָ דערויף קיין בפירוש׳ער געבאָט, איז עס נישט בלויז קיין מצוה נישט, נאָר אנ׳איסור, דען — „אין אָדם רשאי לחבול את עצמו", א מענש טאָר נישט שעדיגען זיין קערפער...

(ר׳ העשיל אַפטער)

אנדערש ענטפערט אויף דערזעלבער פראגע דער ווילנער גאון:

עס איז דאָך ידוע, אז „גדול המצווה ועושה ממי שאינו מצווה ועושה"; איז וואָס אָנבעלאנגט אלע אנדערע מצוות, וועט ער זיי קאָנען נאָכאמאָל מקיים זיין, אנדערש איז אָבער מיט דערדאָזיגער מצוה, וועלכע ס׳איז אוממעגליך מקיים צו זיין מעהר, ווי איין מאָל...

וועגען דעם זין פון מצות־מילה ווערען אָנגעגעבען פערשיעדענע טעמים. דער הויפט־טעם איז, אז דאָס זאָל דינען פאר די בני־ישראל אלס נאציאָנאלער צייכען, אלס „אות ברית", וועלכער זאָל זיי קערפערליך, פיזיש, אונטערשיידען פון אלע אנדערע פעלקער. דער דאָזיגער טעם ווערט אויך דערמאָהנט אין רמב״ם (מורה־נבוכים ח״ג פמ״ט), און דאָס זעלבע שרייבט אויך שפינאָזא, וועלכער איז שטארק בעגייסטערט געווען פון דער דאָזיגער מצוה, אויסדריקענדיג זיך, אז כל־זמן די אידען וועלען אָב־היטען דעם מנהג פון מילה וועלען זיי זיך נישט אויסמישען צווישען די פעלקער און וועלען אייביג עקזיסטירען.

**אויך פיעל קריסטליכע געלעהרטע ווייזען אָן אז די מילה־אָפּעראַציע איז זעהר געוואונשען פון מעדיצינישען און היגיענישען שטאַנדפּונקט און אז דאָס פּערהיט דעם קערפּער און הויפּטזעכליך די געשלעכטס־אָרגאַנען פון פערשידענע קראַנקהייטען.**

## ויאמר אברהם וכו׳ לו ישמעאל יחיה לפניך... (יז. יח.)

„יחיה לפניך — יחיה ביראתך" (רש"י)

פרעגט זיך, אויב אברהם האָט געבעטען אויף יראה, טאָ וואָס איז די תשובה: „ולישמעאל שמעתיך הנה ברכתי אותו וכו׳", אז ישמעאל וועט זיין גרויס און מעכטיג און רייך. נישט אויף דעם אייגענטליך האָט ער דאָך מתפלל געווען?

נאָר — האָט געזאָגט דערויף רבי ברוך גאָרליצער — אויף צו האָבען יראת־שמים, דערויף פּועלט נישט קיין שום תפילה, דען „הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים" (ברכות ל"ג), און נישט אויף יראה גופא האָט, אלזאָ, אברהם מתפלל געווען, נאָר אויף די מעגליכקייטען און בעדינגונגען דערצו, אויף פּרנסה און עשירות, וועלכע זענען נויטיג פאר׳ן מענש בכדי צו קאָנען דיענען דעם אויבערשטען און זיין א ירא־שמים... און דערויף איז געקומען דער ענטפער: „ולישמעאל שמעתיך, הנה ברכתי אותו", כ׳וועל דיר צוליעב טהון און איהם געבען די דאָזיגע מעגליכקייטען...

דער חדושי הרי"ם, וועלכער האָט געהאט אויסצושטעהען זעהר פיעל סיבות ר"ל פון זיינע קינדער, פון וועלכע ער איז געבליבען בלויז ביי אנ׳איינציגען זוהן, האָט זיך אמאָל אויסגעדריקט, אז דעריבער האָט אברהם אבינו געבעטען: „לו ישמעאל יחיה לפניך", כדי יצחק זאָל נישט זיין קיין בן יחיד...

## בעצם היום הזה נמול אברהם וישמעאל בנו... (יז. כו.)

דערויף ווערט געזאָגט אין תרגום יונתן: „בכרן יומא הדין בארבעת עשר שנין גזר אברהם וישמעאל בריה".

א פלא! אין פריהערדיגען פסוק שטעהט דאָך בפירוש: „וישמעאל בנו בן שלש עשרה שנה בהמלו"?...

# וַיֵּרָא

## וירא אליו ד׳ באלוני ממרא... (יח. א.)

„וירא אליו — לבקר את החולה" (רש"י)

פון וואנען איז עס געדרונגען פון פסוק, אז עס איז געווען **לבקר את החולה?**

ווייל שטענדיג, בעת השי"ת האָט זיך בעוויזען צו אברהם, ווערט דערביי געזאָגט, וואָס ער האָט גערעדט מיט איהם. דאָ אָבער שטעהט סתם: „וירא אליו ד'" און עס ווערט לגמרי נישט דערמאָהנט, ער זאָל האָבען מיט איהם גערעדט, טאָ צוליעב וואָס דען האָט ער זיך צו איהם בעוויזען? און דערפון דריגגט דער דרש: „לבקר את החולה", און השי"ת האָט דערמיט געוואָלט לערנען מיט אונז מדת דרך־ארץ, אז בשעת מען קומט איינעם מבקר־חולה זיין, דאַרף מען זיך מיט איהם נישט אריינלאָזען אין קיין געשפרעכען, דען — „דיבורא קשי לעיני ומעלי לאשתא" (נדרים מ"א)...

(קהלת משה)

דער סלאָנימער רב, רבי אייזיל, איז אמאָל געגאנגען מבקר חולה זיין איינעם פון די בעריהמטע סלאָנימער לומדים, אָבער דעם חולה'ס פרוי האָט איהם נישט אריינ־געלאָזען, ערקלערענדיג, אז די דאָקטוירים האָבען פעראָרדענט, מען זאָל דעם חולה נישט שטערען. בשעת רבי אייזיל האָט שוין געוואָלט אוועקגעהן האָט דער חולה פלוצים דערהערט זיין קול און אריינגעבעטען דעם סלאָנימער רב, פאר וועלכען ער האָט זיך גענומען פערענטפערען, אז די פרוי איז חלילה נישט אויסען געווען איהם צו בעליי־דיגען און אז ער דאַרף אויף איהר קיין פעראיבעל נישט האָבען.

— חס ושלום — ענטפערט רבי אייזיל — כ'האָב חלילה קיין פעראיבעל נישט אויף איהר, פערקעהרט, כ'בין איהר זעהר דאנקבאר, מחמת א דאנק איהר איז מיר פערענטפערט געוואָרען די גמרא, וואו עס ווערט דערצעהלט אז די צוויי צדיקים, ישעי' און חזקי', האָבען זיך געשפארט, ווער עס דאַרף געהן צו וועמען: „חזקי' אמר ליתי ישעי' גבאי וכו' ישעי' אמר ליתי חזקי' גבאי וכו' מה עשה הקב"ה? הביא יסורים על חזקי' ואמר ליה לישעי' לך ובקר את החולה" (ברכות י'). איז מיר שטענדיג געווען קשה: וויבאלד עס איז נישט געווען קיין אנדערער אויסוועג נאר אז איינער פון זיי זאָל קראנק ווערן און דער צווייטער זאָל איהם מוזען קומען מבקר חולה זיין, טאָ פאר־וואָס עפעס איז גראָד אויסגעפאלען דער גורל, אז דוקא חזקי' זאָל ווערען קראנק, פאר־וואָס נישט ישעי'? איצט אָבער האָב איך מיך איבערצייגט, אז עס האָט אנדערש נישט געקאָנט זיין, מחמת ווען ישעי' וואָלט קראנק געוואָרען און חזקי' וואָלט איהם געקומען מבקר־חולה זיין, וואָלט געקאָנט פאסירען, אז ישעי'ס ווייב זאָל איהם נישט אריינלאָזען און די בעגעגעניש צווישען די צוויי צדיקים וואלט ווידעראמאל נישט צושטאנד גע־קומען, דעריבער איז דער גורל געפאלען אויף חזקי', דען וועגען חזקי' זאָגט דאָרט

די גמרא, אז ער האָט נאָך דאמאלס קיין ווייב נישט געהאט, וממילא האָט שוין ישעי' גאנץ דרייסט געקאנט געהן צו איהם מבקר־חולה זיין...

דער קראָקאָווער רב, רבי שמעון סופר, איז אמאָל, זייענדיג אין מארינבאד, דאָרט קראנק געוואָרען. גראָד האט זיך אין דער זעלבער צייט געפונען אין מארינבאד אויף קוראציע איינער פון די פרומע ראָטשילדס, ר' שמעון וואָלף ראָטשילד, און ער איז אוועק צו איהם מבקר־חולה זיין. פערברענגט האָט ער ביי איהם ס"ה עטליכע מינוט און אויף דער פראגע פון רבי שמעון סופר, פארוואָס ער איילט זיך אזוי, האָט איהם ראָטשילד געענטפערט: די מצוה פון בקור־חולים ווערט אין דער גמרא גע'דרשנ'ט פון פסוק „את הדרך אשר ילכו בה", און דערפון איז אלזאָ משמע, אז ביי בקור־חולים דארף זיין „אשר ילכו", מען זאָל נישט צו לאנג זיצען ביים קראנקען, נישט צופיעל איהם מטריח זיין מיט'ן וויזיט...

(חוט המשולש)

## והוא יושב פתח האהל... (יח. א.)

דער סימן פון אנ'אמת'ן צדיק איז, וואָס ער איז א „יושב פתח האהל", וואָס עס דוכט זיך איהם שטענדיג, אז ער זיצט נאָך אלץ אין דרויסען פאר דער טהיר, אז ער האָט נאָך גאָרנישט אָנגעהויבען און גאָרנישט אויפגעטהון...

(תולדות יעקב יוסף)

„לראות אם יש עובר ושב ויכניסם בביתו" (רש"י)

די שטענדיגע, וואנדערענדע אָרימעלייט, וועלכע זענען שוין געוואוינט צום בעט־טעל־ברויט און שעהמען זיך נישט מעהר, זיי דארף מען נישט שטעהן און אָבווארטען, די טרעפען שוין אליין. גאנץ אָפט איז אָבער פארהאן צווישען די וואנדערער אנ'„עובר ושב", א בכבודיגער אָרימאן, וואָס געהט עטליכע מאָל צו צו דער טהיר און יעדעס מאָל ציהט ער זיך מיט הארצקלאפעניש צוריק, נישט האָבענדיג די דרייסטקייט אריינצוגעהן און די האנד אויסצושטרעקען. אזא „עובר ושב" דארף מען שטעהן און אָבווארטען פאר דער טהיר...

(אמרי מהרא"ז)

„ואמר לו הקב"ה: שב ואני אעמוד, ואתה סימן לבניך שעתיד אני להתיצב בעדת הדיינים" (רש"י)

צוליב וואָס האָט השי"ת גראָד איצט געגעבען איהם דעם דאָזיגען סימן?

האָט געזאָגט דערויף רבי יצחק אמסטערדאמער (וועלכער איז אליין געווען א גר און צוליב זיין גדלות בתורה איז ער נאכהער בעשטימט געוואָרען אלס מיטגליד פון אמסטערדאמער ראבינאט): דער דין איז (יורה דעה סי' ס"ג) אז בעת מען איז זיך מגייר, דארפען אלע ענינים, וואָס זענען דערמיט פערבונדען, ווי מילה וטבילה, פאָר־קומען פאר דריי דיינים, און היות ווי ביי דעם ערשטען גר און ערשטען איד, אברהם, זענען נישט געווען און האָבען נישט געקאָנט זיין קיין דריי דיינים ביים מל־זיין האָט איהם דעריבער השי"ת אויפמערקזאם געמאכט: „ואתה סימן לבניך", דו זאלסט איבער־

געבען א צייכען צו דיינע קינדער, „שעתיד אני להתיצב בעדת הדיינים", אז להבא אין אזעלכע פאלען זאָלען זיין דערביי „עדת הדיינים"...

## והנה שלשה אנשים נצבים עליו... (יח. ב.)

דערויף ווערט געזאָגט אין מדרש: „אחד נדמה לו בדמות סדקי (סוחר תבואה) והשני בדמות נווטי (מנהיג ספינות) והשלישי בדמות ערבי".

וואָס עפיס גראָד אין די דאָזיגע געשטאלטען?

דען די וועלט, זאָגען די חז"ל, איז איינגעטיילט געוואָרען אין דריי חלקים: „שליש ישוב, שליש ימים, שליש מדבריות" און אויף יעדען חלק איז ממונה א בעזונדערער מלאך. אלע דריי ממונים זענען אלזאָ געקומען אברהם'ן מבקר־חולה זיין; דער ערשטער, אין געשטאלט פון א סוחר־תבואה — אלס ממונה איבער'ן ישוב. דער צווייטער, דער מנהיג־ספינות — אלס ממונה איבער די ימים, און דער דריטער, דער ערבי — אלס ממונה איבער די מדבריות...

(זרע בירך)

דעריבער איז אברהם'ן צוגעשיקט געוואָרען די מצוה פון הכנסת־אורחים אין דער זעלבער צייט, וואָס ער איז געווען טרוד אין דער מצות מילה, כדי דאָס זאָל דינען אלס לעהרע פאר אלעמען, אז בשעת עס קומט צו הכנסת־אורחים זאָל מען זיך נישט אב'פטר'ן מיט'ן תירוץ, באשר מען איז גראָד פערנומען מיט אנ'אנדער מצוה און „העוסק במצוה פטור מן המצוה". אָט איז דאָך אויך אברהם אבינו דאן בעשעפטיגט געווען מיט אנ'אנדער מצוה און פונדעסטוועגען האָט ער זיך דערמיט נישט גע'פטר'ט...

(קהלת יצחק)

צום טריסקער מגיד איז אמאָל געקומען אנ'אורח, וועלכער האָט אויסגעזעהן צו זיין א תלמיד־חכם, אנ'איש נכבד. דער מגיד האָט איהם שטארק מקרב געווען, געגעבען איהם צו עסען און טרינקען און בייגאכט זאָגאר אליין איהם געבעט דאָס געלעגער, לסוף האָט זיך ארויסגעוויזען, אז דער דאָזיגער „אורח הגון" איז א בעקאנטער שווינדלער און גנב.

די בני־בית האָבען געהאט דערפון גרויס חולשת הדעת, אָבער דער מגיד האָט זיי געטרייסט און געזאָגט: בשעת השי"ת האָט געוואָלט מזכה זיין אברהם'ן מיט דער מצוה פון הכנסת־אורחים, האָט ער איהם צוגעשיקט פאלשע אורחים, מלאכים, וועלכע נויטיגען זיך נישט אין קיין עסען און מען טהוט זיי דערמיט קיין שום טובה און מצוה נישט... דערמיט האָט מען אונז געוואָלט ווייזען אז „רחמנא לבא בעי", אז דער עיקר איז אין דער דאָזיגער מצוה, דאָס דער מענש זאָל ארויסווייזען זיין גוטהארציגקייט, אלץ איינס, צי דער אורח פערדינט זיך דערויף און נויטיגט זיך דערין, אָדער נישט...

## ויאמר וכו' אל נא תעבור מעל עבדך... (יח. ג.)

„לגדול שבהם אמר" (רש"י)

פארוואָס האָט ער נאָר איהם איינעם געבעטען: „אל נא תעבור", אין דער צייט,

וואָס מיט אלע אנדערע בקשות: „ורחצו רגליכם״, „וסעדו לבכם״ א. א. וו. האָט ער זיך געווענדעט צום רבים?

ווייל מיט די אנדערע צוויי מלאכים, פון וועלכע איינער איז געקומען היילען אברהם׳ן און דער צווייטער — אָנזאָגען שרה׳ן די בשורת הבנים, איז ער געווען זיכער, אז זיי וועלען נישט אוועקגעהן, ביז זיי וועלען נישט ערפילען זייער שליחות. בלויז מיט איינעם איז ער נישט געווען זיכער — מיט׳ן מלאך, וועלכער איז געקומען איבערקעהרען סדום און ער האָט דאָ, ביי אברהם׳ן, גאָרנישט געהאט וואָס צו טהון. פאר איהם האָט ער מורא געהאט, ער זאָל זיך אמאָל נישט אויפהויבען און אוועקגעהן און ער האָט איהם דעריבער געבעטען: „אל נא תעבור מעל עבדך״...

(תולדות יצחק)

## אם נא מצאתי חן בעיניך אל נא תעבור מעל עבדך...

„דבר אחר קודש הוא, והיה אומר להקב״ה להמתין לו עד שירוץ ויכניס את האורחים״ (רש״י)

און דערפון דרש׳נען די חז״ל: „מכאן שגדולה הכנסת אורחים יותר מקבלת פני השכינה״ (שבת קכ״ז). — איז מילא מיר — האט דער נודע ביהודה געפרעגט דע־רויף דעם שפיטיווער גאון — דרינגען דאָס ארויס פון אברהם׳ען, דערפון, וואָס ער האָט געבעטען, אז כביכול זאָל ווארטען ביז ער וועט פריהער ארייננעהמען צו זיך די אורחים, אבער פונוואנען האָט אברהם אליין געוואוסט אזוי צו האנדלען, פונוואנען האָט ער דאָס געדרונגען?

— דערפון — האָט איהם דער גאון געענטפערט — וואס „הוציא הקב״ה חמה מנרתיקה שלא להטריחו באורחים״ און בשעת השי״ת האָט זיך שפעטער בעוויזען צו איהם האָט זיך אברהם געטראכט: אויב קבלת פני השכינה זאָל זיין גרעסער פון הכנסת אורחים איז דאָך נישט נויטיג געווען, אז עס זאָל אין יענעם טאָג זיין אזא אויסערגע־וועהנליכע היץ; עס איז דאָך גענוג, וואָס די שכינה האָט זיך צו איהם בעוויזען, וועט ער זיך דאָך ממילא נישט קענען פערנעהמען מיט קיין אורחים? נאָר מוז אוודאי זיין, אז הכנסת אורחים איז גרעסער...

„גדולה הכנסת־אורחים יותר מקבלת פני השכינה״ (שבת קכ״ז).

פרעגט זיך: פארוואָס דארף עס נאָך זיין גרעסער? צי וואָלט דען נישט גענוג געווען, ווען עס זאָל זיין אפילו בלויז גלייך, אויף איין מדרגה מיט „קבלת פני השכינה״?

נאָר די חז״ל זאָגען, אז „אשה עיניה צרה באורחים״, אז א פרוי איז בטבע נישט גאסטפריינדליך צו קיין אורחים; און ווידער ווערט געזאָגט, אז „איש ואשה שכינה ביניהם״, אז אויב מאַן און ווייב לעבען בשלום, רוהט צווישען זיי די שכינה... ווען, אלזאָ, הכ־נסת־אורחים וואָלט געווען בלויז גלייך צו „קבלת פני שכינה״, וואָלט זיך דאן דער מאַן געטראכט: דארף איך זיך צוליעב דעם צוקריגען מיט׳ן ווייב און דאדורך ארויסטרייבען פון הויז די שכינה, וועלכע איך זאָל נאָכדעם צוריק אריינפיהרען מיט דער הילף פון די אורחים, בעסער וועל איך קיין אורחים נישט נעהמען און לעבען בשלום מיט׳ן ווייב, וועט דאָך דאן די שכינה ממילא בלייבען רוהען אין מיין הויז... דעריבער האָבען אונ־זערע חכמים געפונען פאר נויטיג אָנצוזאָגען, אז הכנסת־אורחים איז א פיעל גרעסערע מצוה און שטעהט פיעל העכער: „גדולה הכנסת־אורחים — יותר מקבלת פני השכינה!״...

די שכינה — האָט געזאָגט רבי משה לייב סאסובער — איז דאָ שטענדיג און אומעטום און דו קאנסט זי צו יעדער צייט מקבל פנים זיין, הכנסת־אורחים אבער איז נישט שטענדיג בנמצא, זי געפינט זיך נישט תמיד אונטער דער האנד, און דעריבער — „גדולה הכנסת אורחים"...

## ואקחה פת לחם וסעדו לבכם... (יח. ה.)

רבי זלמן ווילנער איז אמאָל אריינגעקומען מיט'ן משמש זיינעם צו א איד, וועלכער איז דאן געזעסען גראָד מיט'ן בני־בית ארום טיש און געהאלטען אין מיטען עסען. דער־זעהענדיג פאר זיך אזא חשוב'ן גאסט, האָט יענער איהם גענומען שטארק אָנהאלטען, ער זאָל איהם אָנטהון דעם כבוד און עסען צוזאמען מיט זיי; אָבער רבי זלמן האָט געקענט דעמדאָזיגען איד פאר א גרויסען אָרימאן, און פון די מאכלים אויפ'ן טיש האָט ער געזעהן, אז עס איז פארהאן פאר יעדען פון די בני-בית ממש געצעהלטע ביסענס, — און נישט־וועלענדיג איהם סתם אָבזאָגען, פון וואָס יענער וואָלט זיך געפיהלט בעליידיגט, האָט איהם רבי זלמן געענטפערט א תירוץ, אז דער דאָקטאָר האָט איהם פערבאָטען צו עסען אזעלכע מאכלים...

דעם משמש האָט שטארק געוואונדערט, וואָס אזא צדיק, ווי רבי זלמן, זאָל זאָגען א ליגען... ארויסגעהענדיג פון דאָרט, האָט עס איהם רבי זלמן מסביר געווען:

— כידוע — מאכט ער צו איהם — איז דער רמב"ם געווען א בעריהמטער דאָקטאָר, און דער רמב"ם פסק'ענט, אז מען טאָר נישט עסען פון א „סעודה שאינה מספקת לבעלה"...

אויפ'ן בעקאנטען מאמר חז"ל: „כל מה שאומר לך בעל־הבית עשה חוץ מצא" (פסחים פ"ו), וועגען וועלכען פערשידענע מפרשים מאטערן זיך צו ערקלערען דעם זין פון די ווערטער „חוץ מצא", בעמערקט ר' שלמה באָבער, אז דאָ איז אריינגעפאלען א טעות־הדפוס. אין אָריגינאל איז געשטאנען „חוץ מצד איסור" אָבער דער שפּעטערדיגער מדפיס האָט דערפון געמאכט ראשי־תיבות — „מצ"א", און דערפון האָט זיך נאָכדעם גענומען דער טעות...

## שלש סאים קמח סולת... (יח. ו.)

דערויף ווערט געזאָגט אין מדרש: „שלש סאים לכל אחד", אז צוזאמען האָט מען, הייסט עס, געבאקען נישט קיין דריי, נאָר ניין סאים און דערויף פרעגט דער רמב"ן: נאָכוואָס האָט מען געדארפט האָבען אזוי פיעל פאר דריי מענשען? האָט דער אָסטראָווצער רבי געענטפערט אויף דעם מיט פאָלגענדען חשבון:

ביי אברהם'ן אין הויז האָבען זיך געפינען 318 נפשות, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק: „וירק את חניכיו ילידי ביתו שמונה עשר ושלש מאות". צוזאמען מיט אברהם, ישמעאל, אליעזר און די דריי מלאָכים — 324 נפשות. א סאה איז זעקס קבין, א קב איז פיער לוגין, א לוג איז זעקס ביצים. יעדע סאה ענטהאלט אלזאָ 144 ביצים, און ניין סאה — 1296 ביצים. אנ'אכילת פרס, זאָגען די חז"ל, פאר א דורכשניטליכען מענש, האלט פיער ביצים, פאר 324 נפשות זענען אלזאָ נויטיג געווען 1296 ביצים — אקוראט ניין סאה...

(פרדס יוסף)

אויפ׳ן פסוק „שלש סאים קמח סלת״ זאָגט רש״י: „סלת לעוגות קמח לעמלן של טבחים״.

פרעגט מען: לויט די דברי חז״ל, אז ס׳איז דאַן געווען פסח און די חז״ל זאָגען דאָך, אז „אברהם קיים את כל התורה ואפילו עירובי תבשילין״, טאָ ווי אזוי האָט מען געמעגט זיך בענוצען מיט „עמלן של טבחים״, עס איז דאָך א בפירוש׳ע משנה אין פסחים, אז „עמלן של טבחים״ איז חמץ נוקשה?...

„כתיב קמח וכתיב סולת — מכאן שהאשה עיניה צרה באורחים״ (ב״מ פז.)

פרעגט מען דערויף: ערשטענס, ווי געשיקט זיך עס צו זאָגען אויף אזא צדיקת, ווי די מאמע שרה, אז „עיניה צרה באורחים״; צווייטענס, פונוואנען איז די ראיה? אדרבה, וויבאלד אברהם האָט געזאָגט „קמח״ און שרה האָט פערבעסערט און דערלאנגט „סולת״, בעווייזט דאָך עס פערקעהרט, אז שרה איז געווען פיעל מילדער און גאסט־פריינדליכער פאר אברהם׳ן?

נאָר דער פשט איז: צוליעב דעם האָט אברהם געבעטען ביי איהר „קמח״, נישט קיין „סולת״, ווייל ער האָט מורא געהאט צופיעל צו פערלאנגען, וויסענדיג, אז געוועהנ־ליך איז — „אשה עיניה צרה באורחים״...

(יד־יוסף)

א צווייטער תירוץ: וויבאלד די תורה געפינט פאר נויטיג צו דערצעהלען, אז שרה האָט דערלאנגט „סולת״ אָנשטאָט „קמח״, איז דערפון משמע, אז דאָס איז א רבותא, א חידוש, אז שרה איז אין דער הינזיכט געווען אנ׳אויסנאהם פון אלע אנדערע פרויען, מחמת געוועהנליך זענען פרויען קארג, געוועהנליך איז — „אשה עיניה צרה באורחים״...

(קהלת משה)

בעמערקונג פונ׳ם זאמלער:

מערקווירדיג, ווי די אלע מחברים האָבען פערזעהן, אז אויפ׳ן דערמאָהנטען מאמר אין דער גמרא זאָגט דאָרט רש״י דייטליך: „היא אָמרה קמח, והוא סולת״ — וממילא האָבען שוין די פשט׳לעך קיין אָרט נישט...

פאר א גוטהערציגע בעל־הבית׳טע איז נישט נויטיג, אז דער מאן זאָל איהר פער־אָרדענען, ווי אזוי זי זאָל אויפנעהמען דעם אורח און וואָס זי זאל איהם דערלאנגען צום טיש, און אויב דער מאן דארף איהר אויסרעכענען, וואָס פאר א כיבוד זי זאָל צוגרייטען: קמח און סולת א. אז. וו. איז דערפון א סימן — „שהאשה עיני הצרה באורחים״...

(זרע בירך)

רבי שמשון סוכאָוואָליער איז געווען א איד אנ׳אביון. די אָרימע שכירות, וואָס ער האָט בעקומען פון קהל, האָבען נישט געקלעקט פארן בני־בית צו קענען עסען ברויט צו דער זעט, אָבער רבי שמשון האָט זיך דערמיט נישט גערעכענט און ער פלעגט צו יעדער סעודה מיטבערענגען מיט זיך א פאָר אורחים פון בית־המדרש. איינמאָל האָט ער בעמערקט, ווי די ווייב, די רבי׳צין, בעהאנדעלט נישט די אורחים ווי עס דארף צו זיין

און זי דערלאנגט זיי זעהר קארגע פּאַרציעס. האָט עס איהם פערדראָסען און ער רופט זיך אָן צו איהר: נישט אומזיסט זאָגען אונזערע חכמים „אשה עיניה צרה באורחים".

ענטפערט איהם דערויף מניה וביה די רבי'צין, וועלכע האָט אגב גע'שמ'ט אלס גרויסע מלומדת:

— דער דאָזיגער מאמר איז נישט געזאָגט געוואָרען בנוגע צו דער רבי'צין פון סוכאָוואָליער רב, וואָרום ווען דער סוכאָוואָליער רב מיט זיין גראשענדיגע פּענסיע זאל נאך דערצו וועלען האבען א גוט עין, וואָלט פון רב שוין לאנג געוואָרען — רעב...

דער מאמר „מכאן שאשה עיניה צרה באורחים" ווערט געברענגט אין דער גמרא אין נאָמען פון רבי יצחק, וועלכער האָט בכלל, ווי עס איז צו זעהען פון פערשידענע שטעלען, געהאט א נעגאטיווע בעציהונג צו פרויען, אזוי ווייט, אז ער האָט זאָגאר א לאנגע צייט נישט געוואָלט הייראטען, ווי מיר געפינען: „עולא איקלא לפומפדיתא וכו' חזייה לרב יצחק בריה דרב יהודה דגדל ולא נסיב וכו'" (קידושין ע"א), ווי אויך: „מקרי ליה רב יהודה לרב יצחק בריה ומוצא אני מר ממות את האשה, אמר ליה כגון מאן? כגון אמך" (יבמות ס"ג)...

(ברוך פרענקעל)

## לושי ועשי עגות... (יח. ו.)

דערויף ווערט געזאָגט אין מדרש רבה: „מאיזה זכות זכו ישראל שניתן להם מן במדבר? בזכותו של אברהם אבינו שאמר לושי ועשי עגות".

דאגעגען אין מדרש רבה שיר־השירים ווערט געזאָגט, אז דער מן איז געווען בזכות משה, און אזוי געפינען מיר אויך אין דער גמרא (תענית ט') „מן בזכות משה".

## ואל הבקר רץ אברהם... (יח. ז.)

צוגעזאָגט האָט ער צו געבען בלויז ברויט: „ואקח פת לחם וסעדו לבכם", און דעריבער בעת עס איז איהם אין א ווײלע ארום געקומען אויפ'ן געדאנק צו געבען זיי אויך פלייש, איז „ואל הבקר רץ אברהם", איז ער געשווינד געלאפען עס מקיים זיין, בכדי דער יצר הרע זאָל איהם נישט אבהאלטען דערפון און איהם אויפווייזען אז דאָס איז נישט נויטיג, אז וועגען פלייש איז קיין רייד נישט געווען, און ער זאָל אמאָל ביני לביני נישט חרטה האָבען...

(חתם סופר)

## ויקח חמאה וחלב... ויתן לפניהם... (יח. ח.)

הגם די חז"ל זאָגען, אז אברהם אָבינו, אָבוואָהל ער איז דערצו נישט געווען פער־פליכטעט, האָט מקיים געווען אלע מצוות פון דער תורה, דאָך האָט ער דערלאנגט די אורחים צום עסען „בשר וחלב" — ווייל אָנווענדען חומרות לפנים משורת־הדין מעג זיך א מענש ערלויבען בלויז בנוגע צו זיך, אָבער נישט צו יענעם...

(שדה תבואות)

„ואילו לחם לא אייתי לקמייהו — אמר אפרים מקשאה תלמידו של רבי מאיר משמיה דרבי מאיר וכו׳ שרה אמנו אותו היום פירסה נדה״ (ב״מ פ״ז)

צוליעב וואס ווערט דאָ צוגעגעבן אזא באריכות׳דיגע הקדמה, אז דער מאמר שטאמט פון רבי מאיר?

דען אין פלוג איז דאָך קשה: אויפ׳ן פסוק ביי לוט, „ומצות אפה ויאכלו״ זאָגען די חז״ל: „ליל פסח היה״, קומט דאָך אויס, אז בייטאָג, בשעת די מלאָכים זענען געווען ביי אברהם׳ען, איז געווען ערב פסח. געקומען זענען זיי אהין „כחום היום״, און „כחום היום״ ווערט ערקלערט, מיינט מען די פינפטע שעה פון טאָג. איז אויב אזוי, טאָ נאָכוואָס דארף איך אָנקומען צום תירוץ פון „שרה אמנו פירסה נדה״, ס׳לאָזט זיך דאָך ערקלערען גאנץ פשוט, אז דערפאר האָט אברהם נישט דערלאנגט קיין ברויט, ווייל לויט׳ן דין טאָר מען שוין דאן נישט עסען קיין חמץ? און דעריבער איז די גמרא מדייק און בעטאָנט: „אמר אפרים מקשאה וכו׳ משמיה דרבי מאיר״, רבי מאיר האלט דאָך, אז „אוכלין כל חמש״, אז ערב פסח מעג מען עסען חמץ גאנצע פינף שעה און דערפאר מוז ער אָנקומען צו דער ערקלערונג, אז „שרה אמנו וכו׳״...

(רבי שמעלקי מניקעלשבורג)

## והוא עומד עליהם תחת העץ ויאכלו... (יח. ח.)

דערויף זאָגען די חז״ל: „לעולם אל ישנה אדם מן המנהג, שהרי משה עלה למרום ולא אכל לחם, מלאכי השרת ירדו למטה ואכלו לחם״ (ב״מ פ״ו).

די ראיה איז דאָ נישט, אז דער מענש דארף נאָכטהון משה רבינו׳ן און, אויב עס זאָל אויסקומען, זאָל ער נישט עסען קיין פיערציג טעג, ווארום ווי איז עס מעגליך, דאָס איז דאָך געווען א חוץ־לדרך־הטבע־זאך און ווי געשיקט זיך דערביי צו זאָגען „לעולם אל ישנה אדם מן המנהג״? באמת אָבער איז די ראיה א גאנץ אנדערע, א פערקעהרטע: דען אויב, פרעגט זיך, משה רבינו האָט דערגרייכט צו אזא מדרגה, אז ער האָט זיך נישט געניטיגט מעהר אין קיין ערדישע שפייז און ער האָט געקענט אויסקומען פיערציג טעג אָהן עסען, טאָ נאָכוואָס האָט ער, זייענדיג צווישען מענשען, יאָ געגעסען? און דערויף קומט דער ענטפער: „לעולם אל ישנה האדם מן המנהג וכו׳״ אז דאָס, וואָס משה האָט די גאנצע צייט יאָ געגעסען, איז געווען צוליעב דעם, ווייל ער האָט נישט געוואָלט משנה זיין פון מענשליכען מנהג...

(רבי יחזקאל שינאווער)

אין וועלכען אָרט דו קומסט — צו זיינע מנהגים און מאניערען זאָלסטו זיך צופאַסען. משה איז ארויפגעקומען אין הימעל — האָט ער זיך צוגעפאסט צו די מלאָכים און האָט פיערציג טעג נישט געגעסען. די מלאָכים האָבען אראָבגענידערט אויף דער ערד — האָבען זיי זיך צוגעפאַסט צו די מענשען און גליידך מיט זיי געגעסען...

(בראשית רבה)

## ויאמרו אליו איה שרה אשתך... (יח. ט.)

„כדי לשגר לה כוס של ברכה״ (ב״מ פ״ז)

אויפ׳ן פסוק „ויקח חמאה וחלב״ פרעגען די חז״ל: „ופת היכן היה״, וואו איז

אהינגעקומען דאָס ברויט, וואָס מען האָט געקנעטען? — ענטפערט דערויף איין מאן־דאָמר, אז דאָס ברויט איז טמא געוואָרען און מען האָט עס דעריבער אינגאנצען צום טיש נישט דערלאנגט.

פרעגט זיך, אלזאָ: אויב מען האָט נישט געגעסען קיין ברויט, איז מען דאָך פטור פון בענשען, טאָ ווי קומט דאָ א „כוס של ברכה״?...

עס איז א בעקאנטע וועלט־קשיא, אויף וועלכער עס ווערען געגעבען פערשידענע תשובות. אייניגע ענטפערן, אז דאָס איז לויט דער מיינונג פון רבן גמליאל, וועלכער האלט, אז אויך איבער די פירות פון די שבעת־המינים בענשט מען ברכת־המזון. אנדערע זאָגען סתם: „אין משיבין על האגדה״. אמריכטיגסטען אָבער איז דער איינפאכסטער ענטפער, אז נישט דוקא דער כוס של ברכת־המזון, נאָר יעדער כוס, איבער וועלכען מען מאכט א ברכה, ווערט אָנגערופען „כוס של ברכה״...

דער „כתב סופר״ פלעגט זעהר אפט ריהמען זיין ווייב, די רבי׳צין, וועלכע איז געווען א זעלטענע צדקנית און האט זיך אויסגעצייכענט מיט איהר גוטהארציגקייט און גאסטפריינדליכקייט. רעדענדיג וועגען איהרע גרויסע מעלות האט ער זיך איינמאל אויסגעדריקט בדרך־צחות, אז בשעת די מלאכים זענען געקומען צו אברהם׳ן און דער־זעהן, מיט וואָס פאר א ברייטע האנד זיי ווערען דורך איהם אויפגענומען, ווי עס ווערט געפראוועט פאר זיי א סעודה אזש פון דריי מאס מעהל, א חוץ אנדערע פאטראוועס, האָבען זיי זיך געוואונדערט און געפרעגט: „איה שרה אשתך״, וואו איז דיין ווייב, שרה? זי מוז אוודאי נישט זיין אין דער היים, וואָרום ווען יאָ, וואָלט זי זיכער דערצו נישט צוגעלאָזט, דען מיר האָבען דאָך א כלל, אז „אשה עיניה צרה באורחים״, דערויף האָט זיי אברהם געענטפערט: „הנה באהל״, זי איז דווקא יאָ דאָ אין דער היים, און נישט נאָר, וואָס זי שטערט מיר נישט, נאָר אדרבה, זי איז נאָך מעהר גאסטפריינדליכער פון מיר, דען איך האָב געזאָגט „קמח״ און זי האָט געגעבען „סולת״...

## ותצחק שרה בקרבה... (יח. יב.)

די טאָכטער פון רבי שמואל קאמינקער איז געווען יאָהרען־לאנג אנ׳עקרה. איינ־מאָל, בשעת דער פאָטער איז נישט געווען אין דער היים, איז געקומען צו פאָהרען קיין קאמינקא דער בערשאדער צדיק, רבי רפאל, און זי איז אוועק צו איהם זיך מתנצל זיין און בעטען, אז ער זאָל פאר איהר מתפלל זיין און איהר בענשען, זי זאָל האָבען קינדער. רבי רפאל האָט אויסגעהערט איהר בקשה און געענטפערט, אז א סגולה צו האָבען קינ־דער איז — שמחה... בעת איהר פאָטער, רבי שמואל, איז צוריקגעקומען און זי האָט דאָס איהם דערצעהלט, האָט ער זיך אָנגערופען, אז דער בערשאדער צדיק האָט די דאָ־זיגע סגולה גענומען מן התורה, מן הנביאים ומן הכתובים. אין דער תורה שטעהט „ותצחק שרה״, שרה האָט געלאכט און זיך געפרעהט און בזכות זה איז זי טאַקי אויפ־געריכט געוואָרען מיט א זוהן; אין די נביאים: „רני עקרה לא ילדה״, אויב זי איז אנ׳־עקרה און האט קיין קינדער נישט, זאל זי זינגען און זיין פרעהליך, וועט זי געהאלפען ווערען, און אין כתובים: „מושיבי עקרת הבית — אם הבנים שמחה״...

פרעגט איהם די טאָכטער: אויב שרה האָט געלאכט צוליעב א סגולה, טאָ פאר־וואָס האט זיך השי״ת אויף איהר מתרעם געווען און געפרעגט: „למה זה צחקה שרה״?

— ווייל — האָט ער איהר דערויף געענטפערט — מיט א סגולה דארף מען און מעג מען זיך בענוצען נאָך דער הבטחה פון א צדיק, אָבער ווען השי"ת אליין איז מבטיח, דאן זענען קיין שום סגולות מעהר נישט נויטיג, און דאס איז געווען איהר חטא...

(ש. י. זעווין: מסיפורי החסידים)

## ויאמר ד' אל אברהם... (יח. יג.)

אין ספר „משנה כסף" פון רבי יוסף אבן כספי געפינען מיר דערויף פאָלגענדע בעמערקונג:

„לא אמר זה לשרה, כי אין לנכבד ולקדוש לדבר עם הנשים, ולכן נשמרתי אני מזה כל ימי"...

## האף אמנם אלד ואני זקנתי... (יח. יג.)

זעהר שווער איז די שטעלע אין „דעת זקנים בעלי התוספות" אויפ'ן דאָזיגען פסוק. עס ווערט דאָרט געזאָגט: „מכאן אָמרו חז"ל שמותר לשנות מפני השלום וכו', ואע"ג דלפום ריהטא משמע שגם היא אָמרה ואדוני זקן, דכתיב אחרי בלותי וכו'". די לעצטע ווערטער זענען לגמרי אונפערשטענדליך.

אָבער, ווי עס ווייזט אויס, איז דאָ ארייגעפאלען א טעות־הדפוס און עס דארף זיין „שגם היא אָמרה ואני זקנתי"...

## כעת חיה ולשרה בן... (יח. יד.)

רבי ישראל ריזשינער איז אמאָל געווען צו־גאַסט ביים אָדעסער מורה־הוראה, רבי ראובן, א בעריהמטער תלמיד־חכם און דערביי א שטארקער מתנגד. בינתים איז אריינגעקומען א יונגע פרוי, וועלכע דערהערענדיג, אז עס געפינט זיך דאָ א צדיק, א בעל־מופת, איז זי צוגעשטאנען צו איהם מיט'ן פערלאנג, אז ער זאָל איהר מבטיח זיין, אז זי וועט האָבען א קינד. זי האָט נישט געוואָלט פון איהם אָבטרעטען און דער ריזשינער, וועלענדיג פון איהר פטור ווערען, האָט ער איהר פערזיכערט מיט א שבועה, אז זי וועט האָבען קינדער.

צוזעהענדיג דאָס איז רבי ראובן געוואָרען אויסער זיך: היתכן, האָט ער געשטוינט, פונוואנען זענט איהר דאָס אזוי זיכער ביי זיך אזש צו געבען דערויף א שבועה, ווי אזוי האָט איהר עס נישט קיין מורא פאר א שבועת־שוא?

אלס ענטפער האָט דער ריזשינער ארויסגענומען א גמרא יבמות, אויפגעמישט דף קכ"א און איהם געוויזען: „ההואה דהוה קאמר ואזיל: מאן איכא בי חסא? טבע חסא! אמר רב נחמן: האלקים! אכלי כוורי לחסא! מדבוריה דרב נחמן אזלא דביתהו דחסא ואינסבא, ולא אמרו לה ולא מידי".

ווערט געפרעגט דערויף אין „הגהות מרדכי": ווי אזוי האָט רב נחמן געקאָנט שווערען און אזוי זיכער זיין, אז חסא איז ווירקליך געשטאָרבען? און עס ווערט געענטפערט: היות, ווי עס איז דאָך אנ'אָנגענומענער כלל, אז „במים שאין להם סוף רובם מתים", האָט ער, שטיצענדיג זיך אויפ'ן דאָזיגען כלל, שוין געמעגט שווערען...

אויך איך — האָט דער ריזשינער אויסגעפיהרט — האָב מיך מיט מיין שבועה סומך געווען אויף א כלל, דען — בדרך כלל האָבען דאָך דאָס רוב פרויען קינדער...

## ויאמר לא כי צחקת... (יח. טו.)

„ר׳ יוחנן בשם ר׳ אליעזר בר׳ שמעון אומר, לא מצינו שדבר הקב״ה עם אשה אלא עם שרה בלבד שנאמר ויאמר לא כי צחקת״ (ירושלמי סוטה פ״ק ה״א)

א פלאָ׳דיגער מאמר! עס ווערט דאָך דייטליך געזאָגט אין פסוק, ביי חוה׳ן: „ויאמר ד׳ א׳ לאשה״ און „אל האשה אמר״, ווי אויך ביי רבקה — „ויאמר ד׳ לה״?...

(י. אשכנזי)

## ויקומו משם האנשים וישקיפו על פני סדום... (יח. טז.)

בשעת זיי האָבען זיך אויפגעהויבען צו פערלאזען דאָס הויז פון אברהם, וואו זיי האָבען גענאסען פון אזויפיעל גאסטפריינדשאפט, וואו אברהם האט זיי קראנקערהייט בעדיענט — „וישקיפו על פני סדום״, האָבען זיי, אין פערגלייך מיט׳ן דאָזיגען הויז, ערשט נאך מעהר און בולט׳ער דערזעהן דעם קאנטראסט פון די סדום־לייט, פון זייער רשעות און אכזריות צו פרעמדע...

(פרחי אהרן)

„כל השקיפה שבמקרא לרעה, חוץ מהשקיפה ממעון קדשך״ (רש״י).

פרעגט זיך: מיר געפינען דאָך פיעל מאָל אין תנ״ך דעם אויסדרוק „השקפה״ נישט בלויז לרעה, נאָר אויך לטובה, ווי: „וישקף ארונה וירא את המלך ואת עבדיו עוברים עליו״ (שמואל־ב׳ כד. ב.), „אמת מארץ תצמח וצדק משמים נשקף״ (תהלים, פה. יב.), „מי זאת הנשקפה כמו שחר, יפה כלבנה״ (שיר השירים, ו. י.)?

פון די אלע תשובות, וואָס ווערען אויף דערדאָזיגער פראגע געגעבען אין פער־שידענע ספרים, שיינט צו זיין אמריכטיגסטען די ערקלערונג, אז מיט׳ן אויסדרוק „שבמקרא״ ווערט געמיינט נאָר אין תורה, נישט אין נביאים וכתובים, ווי מיר געפינען אין קידושין ל׳: „ואָמר רבא מקרא זו תורה״, דערויף זאָגט דאָרט רש״י בפירוש: „תורה ולא נביאים וכתובים״.

אגב, ווערט אָנגעוויזען, אז דער ר״ש אין מס׳ מעשר־שני (פרק ה׳ משנה י״ג) ברענגט א מאמר פון ירושלמי, וואו עס ווערט געזאָגט: „בוא וראה כמה גדול כחה של צדקה, שכל השקפה שבתורה לרעה וזו לברכה״; אלזאָ דייטליך — בלויז אין תורה...

## המכסה אני מאברהם אשר אני עושה... (יח. יז.)

דערויף ווערט געזאָגט אין מדרש: „אמר הקב״ה ערובי חצרות גליתי לו, למחר הפוכה של סדום ולא אגלה לו?״

וואָס פאר א שייכות האָט דאָס מיט ערובי חצרות?

נאָר די גמרא זאָגט: „בכל מערבין ומשתתפין חוץ ממים ומלח״ (עירובין ל״ב), און דער טעם דערפון ווערט ערקלערט אין ירושלמי: „משום דיש בהם קללה, מים —

מבול, ומלח — אשתו של לוט". און דאָס ווערט, אלזאָ, געמיינט: „עירובי חצרות גליתי לו", קוים האָב איך איהם מגלה געווען דעם דין פון עירובי חצרות, „למחר הפוכה של סדום ולא אגלה לו", מוז איך דאָך איהם אויך מגלה זיין די מהפכה פון סדום, בכדי ער זאָל וויסען, אז מהיום והלאה וועט מען נישט טאָרען מעהר מערב זיין במלח...

(פרדס יוסף)

## כי ידעתיו למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו... (יח. יט.)

דאָס איז די איינציגע און ריכטיגסטע פראָבע. אויב די ווילסט וויסען צי דער און יענער מנהיג, פרעדיגער און מוסר־זאָגער מיינט באמת און אויפריכטיג מיט דעם, וואָס ער פרעדיגט — זעה, ווי אזוי זיין אייגען הויז זעהט אויס, ווי אזוי ער ערציהט זיינע אייגענע קינדער, צי ווערען זיי טאקי דורך איהם ערצויגען אינם זעלבען גייסט און לויט די זעלבע אידעען, וואָס ער פערלאַנגט און פאָדערט פון אנדערע...

## ושמרו דרך ד' לעשות צדקה ומשפט... (יח. יט.)

א גאנצער איד, אַנ'אמת'ער שומר דרך ד', איז נאָר דער יעניגער, וועלכער היט־אָבביידע זאכען: צדקה און משפט, וועלכער איז מקיים סיי די מצוות שבין אָדם למקום, סיי שבין אָדם לחברו, נישט ווי מיר זעהען עס, בעוונותינו הרבים, אז די עושי־צדקה פטר'ן זיך עפ"י רוב פון „משפט" און די עושי־משפט — פון „צדקה"...

(רבי משה פאָלאק)

„ ושמרו דרך ד' לעשות צדקה".

דאָס איז א וואָרנונג צו די גבאים און מנהיגים פון די פערשיעדענע צדקה־חברות, וועלכע זענען זיך נוהג איינצואָרדענען בעלער, קאָנצערטען און טאנץ־אָווענדען מיט'ן היתר, אז די הכנסה געהט אויף צדקה, פאר אָרימע לייט.

נישט אזא צדקה פערלאַנגט די תורה. „ושמרו דרך ד' לעשות צדקה"! צדקה דארף געזאמעלט ווערען דורכ'ן ריינעם מאָראלישען וועג, דורכ'ן „דרך ד'", נישט דורך פריצות און אויסגעלאַסענהייט!...

(ילקוט הגרשוני)

## זעקת סדום ועמורה כי רבה... (יח. כ.)

„זעקת סדום" — אויב די סדום־לייט, וועלכע זענען דאָך געוואוינט צו כל מיני עוולות און אונרעכטען, אויב זיי אליין שרייען שוין, איז א סימן — „כי רבה", אז עס מוז שוין דאָרט זיין זעהר ביטער, אז די געשעהענע עוולות שטייגען שוין איבער אלע גרעניצען...

(חמש ידות)

„זעקת סדום ועמורה כי רבה" — די שטענדיגע טענה פון אלע סדום'ישע פעלקער ביז'ן היינטיגען טאָג איז „כ י ר ב ה", אז זיי מעהרען זיך, זיי זענען פרים ורבים, און

דעריבער קאָנען זיי נישט אריינלאָזען צו זיך קיין פרעמדע, און דעריבער מוזען זיי שליסען די טויערן פאר אימיגראנטען...

(הדרש והעיון)

דאָס געמיינסטע און העסליכסטע אין דער אויפפיהרונג פון די סדום־לייט איז בעשטאנען נישט אזוי ווייט אין זייער רשעות׳דיגער אויפפיהרונג זעלבסט, ווי אין דעם, וואָס זיי האָבען זיך נאָך דערביי בעמיהט, אז דאָסדאָזיגע רשעות זאל גילטען אלס צדק און יושר, זייענדיג ביי זיך פולקאָם אין אָרדנונג...

(עקדת יצחק)

עס איז די בעקאנטע טבע פון געוויסע קמצנים און אכזרים, אז בשעת מען קומט צו זיי נאָך א נדבה און זיי ווילען נישט געבען, טענה׳ן זיי, ראשית, אז זיי זענען נישט אימשטאנד צו טיילען אזוי פיעל צדקה, מחמת מען בעלאגערט זיי פון אלע זייטען, שנית שטעלען זיי נאָך אן דערביי א גאטספארכטיג פנים און זיי ווילען אייך דורכאויס איבער־צייגען, אז ס׳איז אנ׳עבירה פאר יענעם, פאר וועלכען מען איז געקומען בעטען א נדבה, א גראָשען צו געבען; ער איז נישט פרום, ער איז אזעלכער און אזעלכער און עס איז אסור לרחם... און אזוי האָבען זיך אויך נוהג געווען די אנשי־סדום. „זעקת סדום ועמורה״, די סדום׳ניקעס האָבען מאָטיווירט זייער קמצנות און האָבען געשריגען, אז ערשטענס: „כי רבה״, זענען פארהאן צופיעל ארימע לייט, צופיעל פרעמדע אורחים, און זיי זענען נישט בכח אלעמען צו פערזארגען. צווייטענס: „וחטאתם כי כבדה מאד״, אט די אלע מקבלים זענען איינער ביי איינעם בעלי־עבירה׳ניקעס, פול ווי גרויס זיי זענען מיט חטאים און מען דארף אויף זיי קיין רחמנות נישט האבען... און דערויף האט השי״ת געזאגט: „ארדה נא ואראה הכצעקתה הבאה אלי עשה כלה״, כ׳בין א בעלן אויף טשיקאוועס א קוק צו טהון, צי זיי אליין טהוען נישט דאס זעלבע, וואס זיי שרייען אויף אנדערע, צי זיי בעגעהען נישט די זעלבע חטאים, און נאך א סך, א סך מעהר...

(ילקוט הגרשוני)

## אולי יש חמשים צדיקים בתוך העיר... (יח. כד.)

נישט קיין צדיקים ביי זיך אין שטוב, נישט קיין צדיקים און שוהל און אין בית־מדרש, נאָר — „צדיקים בתוך העיר״, אין שטאָדט, אין גאס, צווישען מענשען, בין אָדם לחברו...

(אהבת דוד)

ווען עס וואָלט זיך נישט געהאנדעלט וועגען סדום, וואָלט נאטירליך אונמעגליך געווען, אז אין א שטאָדט זאָלען זיך געפינען גאנצע פופציג צדיקים און אברהם זאָל פון זיי נישט וויסען. אנדערש אָבער איז עס מיט סדום. דאָרט ווען עס זאָלען אפילו זיין צדיקים, וואָלטען זיי זיך געמוזט אויסבעהאלטען, וואָרום מען וואָלט זיי פערפאָלגט און גע׳רודפ׳ט. סדום׳ניקעס האָבען פיינד צדיקים...

(שושנת אברהם)

צווישען קוזמירער רבי'ן רבי מאָטעלע און זיין ברודער, רבי יעקב־לייבעניו, וועלכע האָבען א געוויסע צייט געוואוינט צוזאמען אין איין שטאָדט, אין וולאָדאווקע, האָט גע־הערשט א שארפע מחלוקת, וועלכע איז צווישען די אָנהענגער פוןביידע דערגאנגען אזש ביז מסירות... איינמאָל, און געווען איז דאָס אין פ׳ וירא, ווען די מחלוקת צווישען זיי האָט זיך גאָר מורא'דיג צופלאקערט, האָט דאן דער רבי יעקב־לייבעניו געזאָגט צו די חסידים זיינע:

אין פלוג איז דאָך אויף אברהם'ן שטארק קשה. פארוואָס האָט ער עפּעס געבעטען: „אולי יש חמשים צדיקים בתוך העיר״! מה־דאָך ווען עס זענען פארהאן בס״ה צוויי צדיקים אין א שטאָדט, ברענט אין איהר אזא פייער פון מחלוקת, טאָ ווי וואָלט נאָך זיין, ווען עס זאָלען זיך געפינען אין איין שטאָדט גאנצע פופציג צדיקים?... נאָר דאָס גופא טאקע, ווייזט־אויס, האָט אברהם גע'טענה'ט צום רבונו־של־עולם: נאָכוואָס דארפסטו אי־בערקעהרען סדום און צו־וואָס טויג עס דיר? אפשר זענען פארהאן אין דער שטאָדט פופציג צדיקים — דאן וועט זי דאָך דורך זיי אליין ווערען איבערגעקעהרט...

דער רבי ר׳ בונם איז אמאָל געווען אין בערלין און שפּאצירענדיג אין גאס איז איהם אנטקעגענגעקומען א ווארשאווער איד, וועלכער האָט איהם דערקענט און אויס־געשריען מיט פערוואונדערונג: סטייטש! דער פּשיסכער צדיק איז אין בערלין און קיי־נער ווייסט גאָרנישט?...

ענטפערט איהם דער רבי ר׳ בונם מיט א שמייכעל: אין פסוק ווערט דערצעהלט, אז אברהם אָבינו האָט געטענה'ט צום אויבערשטען: „אולי יש חמשים צדיקים בתוך העיר״. איז דאָך אין פלוג קשה: ווי אזוי האָט אברהם'ן געקאָנט גאָר איינפאלען, אז עס זענען פארהאן דאָרט פופציג צדיקים? ווי אזוי איז עס מעגליך — האָט ער געדארפט א קלער טהון — אז עס זאָלען זיך דאָרט געפונען אזויפיעל צדיקים און עס זאָל גאָר קיינער נישט וויסען און ער זאָל נישט האָבען געהערט פון זיי?

נאָר — האָט ער זיך געטראכט — מעגליך, אז עס זענען יאָ דאָרט דאָ צדיקים, און דאָס, וואָס מען הערט נישט פון זיי, איז דערפאר, ווייל — אין סדום האָבען זיי נישט קיין חשיבות און עס קוקט זיך קיינער נישט אום אויף זיי...

רבי ברוך גארליצער האָט זיך אמאָל בעטייליגט אין א גרויסע אסיפה פון רבנים און רביים, וועלכע איז פארגעקומען אין לאנצוט, אָבער די דאָזיגע אסיפה, אויף וועלכער עס האָבען געזאָלט בעהאנדעלט ווערען וויכטיגע כלל־ענינים, איז דורכגעגאנגען מיט כסדר'דיגע מחלוקת און קריגערייען און ער איז אוועק פון דאָרט זעהר אונצופרידען.

אויף דער פראגע, וואָס פאר אנ'איינדרוק די דאָזיגע אסיפה האָט אויף איהם געמאכט, האָט רבי ברוך געענטפערט, אז צוקוקענדיג זיך צו דער אויפפיהרונג פון גע־וויסע רבנים און צדיקים, האָט ער זיך דערמאהנט, דאָס ער איז איינמאָל פארבייגעגאנגען פאר א חדר האָט ער געהערט, ווי דער מלמד לערנט מיט די קינדער און פערטייטשט זיי:

— אולי יש חמשים צדיקים בתוך העיר — אויב אפילו עס זאָלען זיך דאָרט געפינען פופציג צדיקים — האם תספה ולא תשא למקום למען חמשים הצדיקים אשר בקרבה — צי דען וועסטו צוליעב די דאָזיגע פופציג צדיקים אומברענגען די גאנצע שטאָדט? היתכן? וואָס איז נעביך די שטאָדט שולדיג?...

## השופט כל הארץ לא יעשה משפט... (יח. כה.)

„אמר אברהם להקב"ה: אם עולם אתה מבקש אין דין — ווילסטו האָבען א וועלט, קאָן קיין דין נישט זיין — ואם דין אתה מבקש אין עולם — ווילסטו דין, קאָן קיין וועלט נישט זיין — מה את תופש החבל בתרין ראשין"! — מען קאָן נישט האלטען דעם שטריק פארביידע עקען...

(בראשית רבה)

## אם אמצא בסדום חמשים צדיקים... (יח. כו.)

אברהם האָט געזאָגט סתם: „אולי יש חמשים צדיקים בתוך העיר", השי"ת דאַ־געגען האָט איהם געענטפערט: „אם אמצא בסדום חמשים צדיקים בתוך העיר", ווען זיי זאָלען אפילו נישט זיין קיין אמת'ע צדיקים, נאָר סדומ'ישע צדיקים, אזעלכע, וועלכע זאָלען כאטש אין פערגלייך און לגבי די מעשים פון די סדום־לייט אויסזעהען ווי צדיקים...

(חדושי הרי"ם)

רבי יצחק וואָלאָזשינער איז אמאָל געווען אין אנ'אויסלענדיש קור־אָרט, האָט מען דאָרט דערצעהלט וועגען א געוויסען בנן של קדושים, וועלכער פיהרט אינדערהיים די ראָליע פון א צדיק און דאָ, אהערקומענדיג קיין אויסלאנד, פיהרט ער זיך אויף זעהר נישט כהוגן און מען מורמעלט גאָר שטארק אויף איהם.

האָט דער וואָלאָזשינער דערויף געענטפערט, אז איצט איז איהם פערשטענדליך, פארוואָס עס שטעהט אין פסוק: „חמשים צדיקים בתוך העיר", ווייזט אויס, אז די סדומ'ער צדיקים זענען נאָר געווען פרום ביי זיך אין שטאָדט, ווי נאָר אָבער זיי פלעגען ארויס מחוץ לעיר, האָט מען מעהר נישט דערקענט אויף זיי קיין שפּור פון צדקות...

## הנה נא הואלתי לדבר וכו' ואנכי עפר ואפר... (יח. כז.)

און אויב איך, א נישטיגער מענש, האָב רחמנות, דארפסטו דאָך, רבונו־של-עולם, דער אָב הרחמים והסליחות, אודאי און אודאי אויף זיי רחמנות האָבען!...

(רבי ר' בונם)

## ואנכי עפר ואפר...

„עפר" שטאָלצירט מיט דער צוקונפט; אָבוואָהל עס איז איצט א נישטיגע, ווערט־לאָזע זאך, האָט עס אבער האָפנונג, אז שפּעטער, ווען מענשליכע הענד וועלען עס ווי געהעריג בעארבייטען, וועט עס נושא־פירות זיין און דער וועלט פיעל נוצען ברענגען. „אפר" דאגעגען שטאָלצירט מיט דער פערגאנגענהייט; איצט איז עס גאָרנישט מעהר, אָבער פריהער, איידער עס איז פערוואנדעלט געוואָרען אין אש, איז עס א בעדייטענדע זאך געווען און אנ'אָרט אין דער וועלט פערנומען. אברהם האָט אין זיין עניוות זיך געגליכען צו ביידע זאכען, צו „עפר ואפר", אז זיין פערגאנגענהייט איז „עפר" און זיין

צוקונפט — „אפר״, אז זיין פערזאָן, האָט קיינמאָל נישט געהאט און וועט קיינמאָל קיין שום חשיבות און בעדייטונג נישט האָבען...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

יעדער איד — פלעגט זאָגען רבי מענדעלי קאָצקער — דארף תמיד טראָגען ביי זיך צוויי קעשענעס: איין קעשענע מיט „אָנכי עפר ואפר״, און א צווייטע — מיט „בשבילי נברא העולם״...

## וילך ד׳ כאשר כלה לדבר אל אברהם ואברהם שב למקומו... (יח. לג.)

הגם — האָט געזאָגט דער רבי ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער — אברהם האָט איצ־טיגעס מאָל גאָרנישט געפועלט, דען עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז ס׳זענען נישטאָ אין סדום אפילו קיין פינף צדיקים, דאָך „ואברהם שב למקומו״, איז אברהם דערפון נישט נתפעל געוואָרען און ער האָט זיך צוריק אומגעקעהרט צו זיין מקום, זיך ווייטער געהאלטען אין זיין פריהערדיגען דרך, אז מען דארף נישט אויפהערען צו בעמיהען זיך און מלמד זכות זיין אויף מענשען, אפילו אויף רשעים...

## ויבואו שני המלאכים סדומה... (יט. א.)

פארוואָס, בשעת די מלאכים זענען געקומען צו אברהם׳ן, האָבען זיי זיך פערשטעלט אלס מענשען, דאגעגען צו לוט׳ן האָבען זיי זיך בעוויזען אין זייער ריכטיגער געשטאלט?

ווייל אברהם, אלס גרויסער מכניס־אורח, האָט צווישען קיינעם קיין אונטערשיד נישט געמאכט און אפילו פשוט׳ע מענשען האָט ער אויפגענומען בכבוד־גדול; לוט אָבער, ווען ער וואָלט נישט זעהן פאר זיך קיין מלאכים, נאָר געוועהנליכע מענשען — וואָלט ער זיי אויף דער שוועל נישט ארויפגעלאָזען...

(רבי לייב שרה׳ס)

## ולוט ישב בשער סדום... (יט. א.)

„אותו היום מינוהו שופט עליהם״ (רש״י)

צוליב וואָס דערצעהלט דאָס אונז רש״י?

ווייל אין פלוג איז דאָך קשה: לוט איז דאָך געווען דערזעלבער רשע, ווי אלע אנדערע בני סדום, טאָ פארוואָס איז איהם געקומען, אז ער איינער גראָד זאָל ניצול ווערען? און דערפאר בעמערקט רש״י: „אותו היום מינוהו שופט עליהם״ און די חז״ל זאָגען, אז „אין אדם עולה לגדולה אלא אם כן מוחלין לו כל עוונותיו״... (סנהדרין י״ד).

„ישב כתיב, אותו היום מינוהו שופט עליהם״

דערפאר איז דאָס וואָרט „ישב״ חסר, ווייל — ווערט געזאָגט דערויף בדרך־הלצה — ווען ער וואָלט געווען „מלא״ וואָלט ער נישט געקענט זיין קיין שופט און נישט געטאָרט פסק׳נען, דען — „שכור אסור להורות״...

אין סלאָנימער געגענד האָט מען אמאָל געהאט געמורמעלט אויף א געוויסען רב, אז ער פיהרט זיך נישט אויף כהוגן, אז מיט געלד קאָן מען ביי איהם פועל'ן וואָס מען וויל און ארויסבעקומען הכשרים אויף כל דבר אסור... איינמאָל, בשעת עס איז אין דער אָנוועזענהייט פון סלאָנימער רב, רבי אייזשע חריף, צו־רייד געקומען וועגען דאָזיגען רב, האָט רבי אייזשע דערויף בעמערקט, אז אויב די שטאָדט האָט זיך דעם רב אויסגעקליבען און זי האלט זיך מיט איהם די גאנצע צייט, בעווייזט עס, אז ער איז פאר איהר זעהר צוגעפאסט און אז די שטאָדט איז מסתמא נישט בעסער פון איהם. און ער האָט ערקלערט:

אויפ'ן פסוק „ולוט ישב בשער סדום" מאכט רש"י: „אותו היום מינוהו שופט עליהם". פרעגט זיך: מיט וואָס עפעס האָט לוט זוכה געווען, אז סדום זאָל איהם, א פרעמדען, אויפנעהמען אלס שופט? נאָר דער תירוץ איז: אויפ'ן פסוק „ויהי ריב בין רועי מקנה אברם ובין רועי מקנה לוט" זאָגט רש"י, אז בשעת די רועי־אברם האָבען גע'מוסר'ט די רועי־לוט, הלמאי זיי פיטערען זייערע בהמות אין פרעמדע פעלדער, וואָס דאָס איז אמת'ער גזל, — האָבען די רועי לוט געענטפערט, אז היות ווי די גאנצע ערד פון לאנד איז געוואָרען צוגעזאָגט צו אברהם'ן און היות ווי אברהם האָט נישט קיין קינדער, וועט דאָך לוט זיכער ווערען דער יורש, איז עס שוין דעריבער נישט קיין גזל... און אז די אנשי סדום האָבען דערהערט ווי וואויל דערדאָזיגער רבי לוט פסק'ענט שאלות און וואָסערע זעלטענע היתרים ער קען אלץ אויסגעפינען פון שלחן־ערוך, האָבען זיי גלייך געכאפט און איהם געמאכט פאר א רב...

## ואנשי העיר אנשי סדום נסבו על הבית וכו' כל העם מקצה... (יט. ד.)

ווייזט אויס, אז די סדומישע מנהיגים האָבען שוין דאמאָלס געוואוסט פון דער אידעלער טאקטיק, אז פאָגראָמירען דארף מען נישט אליין, אליין פאסט נישט איינ־צוריכטען זיך די הענד מיט אזעלכע זאכען. אויסצופיהרען די בלוטיגע ארבייט דארף מען שיקען דעם „קצה העם" — דעם המון, דאָס פעבעל...

(ארונו של יוסף)

## האחד בא לגור וישפט שפט... (יט. ט.)

דאָס האָט פאר זיי געדארפט דינען אלס בעוויז, אז זיי האנדלען ריכטיג דערמיט, וואָס זיי שטורמען דאָס הויז און לאָזען נישט אויפנעהמען קיין פרעמדע אורחים, וואָרום והא ראיה: „האחד בא לגור וישפט שפוט", אָט האָבען מיר איינמאָל געמאכט אנ'אויסנאהם פאר אזא פרעמדען אורח און דערלאָזט, אז לוט זאָל זיך דאָ בעזעצען, איז ער שוין געוואָרען פלוצים א גאנצער דעה־זאָגער, א שופט!...

זיין פערברעך ווערט נאָך שווערער דערמיט, — האָבען די אנשי סדום גע־טענה'ט צווישען זיך — וואָס „וישפוט שפוט", וואָס דער דאָזיגער פערברעכער, וועלכען מען האָט געכאפט ביים חטא פון הכנסת-אורחים, איז נישט קיין געוועהנליכער בשר־ודם, נאָר א שופט, א ריכטער, א היטער פון געזעץ און אָרדנונג, וועלכער דארף מיט זיין אויפפיהרונג דיענען אלס ביישפיעל פאר'ן פאָלק, און אריינפיהרענדיג צו זיך אורחים

אין שטוב, האָט ער געקענט חלילה גורם זיין, אז אויך אנדערע זאָלען זיך פון איהם אראָבלערנען די דאָזיגע מדה רעה...

(דובנער מגיד)

דעם רבי ר׳ העשיל, בשעת ער איז נאָך א יונגעל געווען, האָט מען איהם געפרעגט: וואָס האָבען זיך די סדום׳ניקעס אזוי געוואונדערט: „האחד בא לגור וישפוט שפוט״, די סדום־לייט האָבען דאָך אלץ געטהון פערקעהרט פון געזעץ און להיפך ווי אלע אנדערע זענען זיך נוהג, האָט דאָך לוט׳ן סדומישען שטייגער אויך דאָ טאקי גע־דארפט זיין פערקעהרט, אז „אחד בא לגור״ זאָל ער זיין וישפט שפוט?...

האָט ער מניה וביה דערויף געענטפערט:

— דער, וואָס האָט געשטעלט די דאָזיגע פראגע, איז דאָך אויך געווען א סדומ׳ניק. האָט ער דעריבער אויך דערביי ארויסגעוויזען דעם סדומ׳ישען איפכא מסתברא און טאקי געפרעגט פערקעהרט, ווי דער סדומ׳ישער שכל־הישר האָט אויסגעטראָגען...

רבי אברהם טורקאָוועך, דער דאָבראָמילער רב, האָט אמאָל בשעת א דין־תורה פוגע־בכבוד געווען דעם ראש־הקהל, וועלכער האָט קיין חשק נישט געהאט אונטערצו־ווארפען זיך דעם ארויסגעטראָגענעם פסק. דער ראש־הקהל האָט מיט כעס פערלאָזט די בית־דין־שטוב און ארויסגעהענדיג האָט ער אויפגעשריבען אויף דער טהיר: „האחד בא לגור וישפט שפוט״... דער ראש־הקהל האָט רעכט, — רופט־זיך־אָן דער רב, איבער־לייענדיג די אויפשריפט. — דידאָזיגע ווערטער, ווי איהר ווייסט, האָבען געזאָגט די אנ־שי־סדום; איז דאָך אין פלוג קשה: ווי קומט עס, וואָס זיי, די סדום־לייט, וועלכע האָבען נישט געוואוסט פון קיין משפט און יושר, זאָלען פלוצים נישט קאָנען פערטראָגען אזא מורא׳דיגע עוולה פון „האחד בא לגור וישפט שפוט״? נאָר דער תירוץ איז: דער פסק, וואָס לוט האָט דאַסמאָל ארויסגעטראָגען, איז גראָד געווען אנ׳עהרליכער פסק, א משפט־צדק, און אָט דאָס האָט זיי אויפגערעגט: היתכן? „וישפט שפוט״? אין סדום זאָל מען פסק׳ענען אזעלכע עהרליכע משפטים? אין סדום? דאָס איז דאָך אונערהערט!...

## לכה נשקה את אבינו יין ונשכבה עמו... (יט. לב.)

צוליעב דעם דערצעהלט אונז די תורה די מעשה פון לוט מיט זיינע טעכטער, כדי צו האָבען א בעגריף, ווי אזוי עס האָבען אויסגעזעהן די אנשי־סדום — אויב אזעלכע „אידעלע מענשען״, ווי לוט מיט די טעכטער, זענען שוין געווען, מ׳שטיינס־געזאָגט, די צדיקים!...

(חתם סופר)

## הנה נתתי אלף כסף לאחיך הנה הוא לך כסות עינים... (כ. טז.)

דאָס, וואָס איך רוף אברהם׳ן „אחיך״, כאָטש איך ווייס דאָך שוין וואויל, אז ער איז דיין מאַן, טהו איך עס בכיוון אלס „כסות עינים לכל אשר אתך״, בכדי אלעמען די אויגען צו פערבלענדען, זיי זאָלען ווייטער מיינען, אזוי ווי איהר האָט זיך פריהער פאר אונז פאָרגעשטעלט, אז עס איז דיין ברודער...

(קול אומר קרא)

## הנה הוא לך כסות־עינים וכו׳ ואת כל ונוכחת... (כ. טז.)

ווי עס דערצעהלען די היסטאָריקער, איז ביי די אלטע פעלקער געווען איינגע־פיהרט, אז אויב א קעניג האָט איינמאָל געלעבט מיט א פרוי, ווען אפילו זי האָט נאכהער ביי איהם דעם חן פערלוירען און ער האָט מעהר מיט איהר קיין שום מגע ומשא נישט געהאט, האָט זי שוין פונדעסטוועגען דעם גאנצען לעבען נישט געטאָרט מעהר פערלאָזען דעם קעניגליכען פאלאץ.

דערמיט אליין, אלזא, וואס שרה איז געוואָרען ארויסגעלאָזען אויף דער פריי, איז „ואת כל ונוכחת״, האָט דאָס איהר געדיענט פאר אלעמען אלס בעווייז, אז אבימלך האָט זיך צו איהר נישט צוגעריהרט, דען אנדערש וואָלט זי שוין געמוזט, לויט די דאן הער־שענדע מנהגים, זיצען דאָרט איינגעשלאָסען דעם גאנצען לעבען...

(אורח חיים)

## וד׳ פקד את שרה כאשר אמר... (כא. א.)

„סמך פרשה זו ללמדך שכל המבקש רחמים על חברו והוא צריך לאותו דבר — הוא נענה תחלה״ (רש״י)

„והוא צריך לאותו דבר״ — האָט געטייטשט דער רבי ר׳ בונם — כאָטש ער אליין דארף, כאָטש אין זיינע אינטערעסען איז, אז יענער זאָל ווייטער בלייבען באותו דבר, אינ׳ם זעלבען צושטאנד, און נישט בעקומען די נויטיגע הילף, און דאָך איז ער פאר איהם מתפלל, איז „הוא נענה תחלה״. א ראיה פון אברהם׳ן: אברהם האָט דאָך באמת נישט געדארפט וועלען, אז דער עונש פון „כי עצור עצר ד׳ בעד כל רחם לבית אבימלך״ זאָל בעזייטיגט ווערען, פאר איהם וואָלט פיעל גלייכער געווען, אז אבימלך זאָל בלייבען ביי דער דאָזיגער שטראָף, ער זאל זיין אנ׳עקר, וממילא וואָלטען שוין די לצני הדור נישט געקאָנט זאָגען, אז „מאבימלך נתעברה שרה״, און דאָך האָט ער זיך דערמיט נישט גערעכענט און האָט פאר איהם מתפלל געווען און דעריבער — „הוא נענה תחלה״...

## ותהר ותלד שרה לאברהם בן לזקוניו... (כא. א.)

דערויף ווערט געזאָגט אין אור החיים: „בן זה לאברהם ולא ישמעאל לאברהם כי לא יקרא שמו בן אברהם, והגם שמצינו שאמר הכתוב ׳ותלד הגר לאברם בן׳, שם נקרא אברם, אבל אחר שנעקר שם אברם וכו׳ ישמעאל אין לו ליקרא בן אברהם״.

א פלא! אין פ׳ חיי שרה (כה. יב.) האָבען מיר דאָך בפירוש: „ואלה תולדות ישמעאל בן אברהם״, און אויך אין פ׳ תולדות (כח. ט.): „ויקח את מחלת בת ישמעאל בן אברהם״?...

די דאָזיגע פראגע ווערט געפרעגט אין א סך ספרים. אנ׳ענטפער דערויף געפינען מיר אין ספר „אור הגנוז״. און נעמליך: אין די אלע ערטער, וואו עס ווערט געזאָגט סתם „זרע״, אָדער „בן אברהם״, בעציהט זיך עס אויף יצחק׳ן, הגם עס ווערט דערביי נישט אָנגעגעבען יצחק׳ס נאָמען. דאגעגען דאָרט וואו עס רעדט זיך וועגען ישמעאל׳ן, ווערט ער אָנגערופען דייטליך מיט׳ן נאָמען: „ישמעאל בן אברהם״...

## כל השומע יצחק לי... (כא. ו.)

דען **„ליצני הדור היו אומרים מאבימלך נתעברה שרה וכו׳ מה עשה הקב״ה? צר קלסתר פניו של יצחק דומה לאברהם והעידו הכל אברהם הוליד את יצחק״.**

אָבער דאָס איז בלויז א בעוואָרעניש פאר די נאָהנטע, אויפ׳ן אָרט, וועלכע וועלען האָבען די מעגליכקייט זיך איינצוקוקען אין יצחק׳ס קלסתר פנים און זיך איבערצייגען אינ׳ם אמת. דאגעגען אָבער „כל השומע״, די וואָס וועלען הערען פונווייטענס — „יצחק לי״, וועלען ווייטער לאכען, דען זיי וועלען דאָך יצחק׳ס פנים נישט זעהען...

(נחלת יעקב)

## וירע הדבר מאד בעיני אברהם על אודות בנו... (כא. יא.)

דער פסוק געפינט פאר נויטיג צו בעטאנען, אז דאָס, וואָס אברהם׳ן האָט פער-דראָסען איז נישט געווען צוליעב דעם, ווייל ער האָט נישט געוואָלט זיך שיידען פון דער פילגש, פון הגר׳ן, ווען שרה וואָלט נור דאָס אליין געפאָדערט פון איהם, וואָלט ער עס געטהון אָהן שום פערדרוס. פערדראָסען האָט איהם בלויז — „על אודות בנו״...

(רמב״ן)

## כל אשר תאמר אליך שרה שמע בקולה... (כא. יב.)

דעם רבי ר׳ העשיל׳ס ווייב האָט אמאָל געהאט א טענה צום מאן, באשר ער האָט עפּעס אָבגעטהון א זאך אין א רבניש׳ען ענין אָהן איהר רצון, הגם זי איז געווען געגען דעם און זי האָט איהם פאַרגעוואָרפען, אז עס שטעהט דאָך בפירוש אין דער תורה: „כל אשר תאמר אליך שרה שמע בקולה״, אז עס איז א מצוה צו הערען דאָס ווייב.

האָט ער איהר דערויף געענטפערט: אויף די ווערטער „שמע בקולה״ זאָגט רש״י: „בקול רוח הקודש שבה״. צוליעב וואָס זאָגט דאָס רש״י? נאָר רש״י׳ן האָט גע-אַרט, הלמאי געפינען מיר אין דער גמרא פערקעהרט: „כל ההולך בעצת אשתו נופל״ דעריבער בעמערקט רש״י: „בקול רוח הקודש שבה״, אז הערען דארף מען נאָר אזא ווייב, וועלכע איז א נביאה און האָט רוח הקודש, אָבער נישט קיין סתם ווייבער...

## ויאמר אבימלך לא ידעתי מי עשה את הדבר הזה וכו׳... (כא. כו.)

אינ׳ם דאָזיגען פסוק קומט־פאַר אייגענטליך א געשפרעך צווישען עטליכע פער־זאָן. פריהער האָט זיך אבימלך געווענדעט צו אברהם׳ן און געזאָגט: „לא ידעתי מי עשה את הדבר הזה״, און דאן האָט ער זיך געווענדעט מיט א פראגע צו פיכל׳ן: „וגם אתה לא הגדת לי״? האָט איהם פיכל געענטפערט: „וגם אָנכי לא שמעתי בלתי היום״!...

(אלשיך)

## ויאמר אברהם אנכי אשבע... (כא. כד.)

בדרך חדוד:

דער דין איז, אז א איד טאָר נישט מאכען שותפות מיט קיין גוי א געצענדינער,

ווייל טאָמער וועט בשעת'ן שותפות פאַרקומען צווישען זיי עפּעס א סכסוך, צוליעב וועלכען זיי וועלען דארפען אָנקומען צום געריכט און דער גוי וועט דאן ווערען אויפגע־פאָדערט אָבצוגעבען א שבועה, וועט ער דאָך, דער איד, דערמיט גורם זיין צו א איסור פון „ושם אלהים אחרים לא תזכירו ולא ישמע על פיך".

איז אויב אזוי, טאָ ווי אזוי האָט זיך אברהם געמעגט פערבינדען מיט אבימלך?

און דערויף איז מדייק דער פסוק: „ויאמר אברהם אנכי אשבע", אברהם האָט אויסגענומען א תנאי מיט אבימלך'ן, אז אויב עס וועט אויסברעכען א וועלכער עס איז סכסוך צווישען זיי, זאָל ער, אברהם, שווערען, נישט אבימלך...

(רבי לייביש חריף)

## ויכרתו שניהם ברית... (כא. כז.)

כאָטש אברהם האָט געשלאָסען א ברית מיט אבימלך'ן, זענען זיי פאָרט געבליבען „שניהם". אויך נאָכ'ן כריתת ברית איז אברהם געבליבען — אברהם, און אבימלך — אבימלך...

(רבי בונם מפשיסכע)

## ויהי אחר הדברים האלה והאלקים נסה את אברהם... (כב. א.)

דער נסיון און דער זכות־העקדה ווערט דעריבער אָנגערופען אויף אברהם'ס נאָמען, אָבוואהל דער קרבן גופא האָט דאָך געזאָלט זיין יצחק, — ווייל פיהרען אנ'אייגע־נעם זוהן צו דער שחיטה איז א פיעל גרעסערער נסיון און פיין, ווי צו לאָזען זיך אליין שעכטען...

(טהרת הקדש)

וואָס איז די רבותא פון אברהם'ן, וואָס ער האָט מסכים געווען צו פיהרען זיין זוהן צו דער עקידה? יעדער פשוט'ער איד וואָלט דאָך זיכער דאָסזעלבע געטהון, ווען ער זאָל האָבען אזא בעפעהל פון השי"ת אליין!...

נאָר די זאַך איז: דער שטן האָט גע'טענה'ט צו אברהם'ן און געזאָגט צו איהם: היתכן, ווי מעגסטו טהון אזא זאַך? סך־הכל זענט איהר צוויי אידען אויף דער וועלט, דו און יצחק. דו ביזט שוין אלט, און שרה וועט שוין מעהר קיין קינדער נישט האָבען; ישמעאל איז א רשע און איז מיט אידישקייט קיין שום מחותן נישט, — בלייבט, אלזאָ, איבער איין יצחק. אויב זשע דו וועסט איהם שעכטען, שטעהט דאָך פאָר, חלילה, אז די וועלט זאָל בלייבען אָהן אידען?

דערויף האָט איהם אברהם געענטפערט: נישט מיין זאַך. איך דארף טהון, וואָס מען הייסט מיר. מען הייסט מיר שעכטען יצחק'ן — דארף איך איהם שעכטען, אַי וואָס די וועלט וועט בלייבען אָהן אידען — וואָס געהט עס מיך אָן? איך בין עפּעס מחויב צו פערזאָרגען דעם רבונו־של־עולם מיט אידען? ס'איז דאָך ז י י ן וועלט — זאָל ער זיך זאָרגען...

אָט דערין איז בעשטאנען אברהם'ס גרויסקייט...

(רבי יצחק וואָרקער)

רבי עזריאל הורוויץ, „דער אייזענער קאָפּ", וועלכער איז געווען כידוע, א גרויסער מתנגד, איז אמאָל געקומען צום רבי'ן פון לובלין. דער רבי האָט גראָד דעמאָלס געזאָגט תורה וועגען דעם ענין פון דער עקידה בדרך רמז, אז יצחק האָט אין זיך כולל געווען די מדה פון יראה, די בחינה פון „פחד יצחק" און דער סוד העקידה איז געווען צו בעזייטיגען פון עבודת־השם די מדה פון פחד, אז דינען זאָל מען השי"ת נישט מיראה, נאָר מאהבה, און אזוי ווייטער עפ"י דרך־החסידות.

נאָכ'ן פערענדיגען די תורה רופט זיך אָן רבי עזריאל הורוויץ צום רבי'ן פון לובלין:

— איצט איז מיר שוין קלאָר, אין וואָס עס איז בעשטאַנען אברהם אבינו'ס נסיון. דער נסיון זיינער איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס ער איז נישט געווען קיין חסיד, וואָרום וואָלט ער געווען א חסיד, וואָלט ער גאָרנישט געגאַנגען שעכטען יצחק'ן, דען ער וואָלט עס אויסגעטייטשט, אז השי"ת פערלאַנגט בלויז פון איהם, ער זאָל שעכטען די מדת־יצחק, דעם פּחד, די יראָה... דערמיט אָבער, וואָס ער איז קיין חסיד נישט געווען, האָט ער אָנגענומען דעם אויבערשטענס ווערטער גאַנץ איינפאַך, בתכלית הפשטות, און אין דעם איז בעשטאַנען זיין נסיון...

## ויקח את שני נעריו אתו... (כב. ג.)

עס איז בעקאַנט דער מערקווירדיגער מאמר פון מהר"ל אויף אבות (פרק ה' משנה י"ט) וואו ער רעדט ארום באריכות דעם ענין פון „מה בין תלמידיו של אברהם אבינו עליו השלום לתלמידיו של בלעם הרשע" און פיהרט אויס צום סוף, אז דערפאַר שטעהט ביי אברהם — „עמו" און ביי בלעם — „אתו", וועהרענד באמת שטעהט אין דער תורה פערקעהרט...

ווי מיר זעהן, קאָן אמאָל דער גרעסטער גאון נכשל ווערען אין א טעות און טיילמאָל זאגאר בנוגע א בפירוש'ן פסוק אין דער תורה...

רבי שלמה קלוגער, וועלכער איז געווען, כידוע, א מתנגד, האָט זיך אמאָל צונויפגעטראָפען מיט א געוויסען חסידישען רבי'ן, וועלכער האָט מיטגעפיהרט מיט זיך צוויי משמשים, רופט זיך אָן צו איהם רבי שלמה קלוגער:

— די תורה דערצעהלט אונז וועגען אברהם'ן, אז אין תחילת, בשעת ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אריין, „ויקח את שני נעריו אתו", האָט ער מיטגענומען מיט זיך צוויי משמשים, וואָס זשע שטעהט ווייטער? — „וירא את המקום מרחוק", אז צוליעב דעם האָט ער געזעהן דעם אויבערשטען פון דערווייטענס... און דעריבער טאקי האָט ער זיך גלייך געווענדעט צו זיי און געזאָגט: „שבו לכם פה"! כ'וויל נישט מעהר קיין משמשים, מחמת ווי איך זעה, האָט דער אויבערשטער נישט ליעב, אז א איד שלעפּט זיך ארום מיט צוויי משמשים אין וועג...

## וישא אברהם את עיניו וירא את המקום מרחוק... (כב. ד.)

בעת אברהם — האָט געזאָגט דערויף דער חדושי הרי"ם — איז געגאַנגען צוזא־מען מיט זיינע בעגלייטער, מיט די „שני נעריו אתו", איז איהם דאָס ארט פארגע־

קומען צו זיין ווייט, און דעריבער: „ויאמר אברהם אל נעריו שבו לכם פה”, ערשט דאן, ווען ער האָט זיך פון זיי דערווייטערט, איז איהם לייכטער און נעהנטער געוואָרען צוצוקומען צום ציעל...

## אלקים יראה לו השה לעולה בני... (כב. ח.)

„ואעפ״י שהבין יצחק שהוא הולך להשחט — וילכו שניהם יחדיו בלב שוה” (רש״י)

דאָס — פלעגט זאָגען דער חידושי הרי״ם — וואָס יצחק איז געגאנגען בלב שוה צו דער שחיטה, פערקלענערט נישט די גדלות פון אברהם אבינו׳ס נסיון, נאָר פערקעהרט, זיין נסיון ווערט דאדורך נאָך פיעל גרעסער, קענענדיג פועל׳ן ביי זיך מקריב צו זיין אזא זוהן, אזא צדיק, וועלכער געהט צו דער שחיטה בלב שוה...

## ויקרא אליו מלאך... אל תשלח ידך אל הנער... (כב. יא.)

פאַרוואָס איז דער בעפעהל פון „קח נא את בנך” געזאָגט געוואָרען פון השי״ת זעלבסט; דאגעגען דער „אל תשלח ידך אל הנער” — דורך א מלאך?

ווייל אויף נישט אומצובערענגען א מענשען מעג מען זיך אויף א מלאך אויך פערלאָזען; דאגעגען ווען עס האנדעלט זיך, פערקעהרט, וועגען אָבשעכטען א אידען, אין אזא פאל טאָר מען קיינעם נישט האָרכען, אפילו א מלאך... דאָס מוז מען הערען סיידען פון גאָט אליין!...

(רבי יצחק דינאָווער)

## ויקרא מלאך ד׳ אל אברהם שנית... (כב. טו.)

צוליעב־וואָס „שנית”, א צווייט מאָל? ווייל ביז־איצט איז ער נישט זיכער געווען, צי ער האָט ריכטיג געהאנדעלט. איין שטים, די ערשטע, האָט גערופען צו איהם, ער זאָל יאָ שעכטען; א צווייטע שטים: — נישט שעכטען! אפשר האָט ער גאָר גאָר געדארפט פאָלגען די ערשטע שטים, נישט די צווייטע? איצט אָבער, אז געגען דעם איינעם „יאָ” האָט ער געהערט צוויי מאָל „ניין”, — האָט ער שוין געקאָנט פולקאָם רוהיג זיין...

(צרור המור)

## והרבה ארבה את זרעך ככוכבי השמים וכחול אשר על שפת הים... (כב. יז.)

טיילמאָל ווערען די בני ישראל געגליכען אין פסוק צו די שטערען, טיילמאָל — צו חול אשר על שפת הים, און טיילמאָל — צו עפר. יעדער פון די דאָזיגע פערגלייכען בעציהט זיך אויף אנ׳אנדערע צייט; דאָס פערגלייכען די בני־ישראל צו די שטערען בעציהט זיך אויף יענער גלאַנץ־עפּאָכע, ווען די אידען האָבען זיך געפונען (בימי דוד ושלמה) אויף דער העכסטער שטופע פון גליק און וואוילשטאנד, צופריעדענהייט און מנוחה. ווי די שטערען האָבען זיי דאן געפינקעלט אין דער וועלט מיט זייער גדלות און דערהויבענקייט; שפּעטער, ווען זיי זענען געוואָרען ארומגערינגעלט פון אלע

זייטן מיט שונאים, זייענדיג געצוואונגען צו פיהרען אונאויפהערליכע מלחמות, זענען זיי געווארען געגליכען „כחול אשר על שפת הים", צום זאמד אויף די ברעגען פון ים, וועלכע די צארניגע כוואליעס ווילען אבשווענקען און קענען זיי נישט בייקומען. נאך שפעטער, ווען די אידען זענען פערטריבען געווארען אין גלות און צוזייהט און צושפרייט געווארען צווישען די פעלקער, זענען זיי געגליכען צו עפר, צו דער סאמע נידריגסטער מדרגה פון שפלות, צו דער ערד אונטער די פיס, אויף וועלכען אלע טרעטען און וועגען דער דאזיגער צייט ווערט געזאגט: „כי שחה לעפר נפשינו — קומה עזרתה לנו" און — „התנערי מעפר קומי"!...

(כלי־יקר)

בעת דער שמד־מגפה אין רוסלאנד, ווען הונדערטער אידישע יונגעלייט פלעגען זיך שמד'ן צוליב „פראוועס" און קאריערעס, איז איינמאל א אידישער יונגערמאן געקומען צום בעקאנטען לאדזער פרעדיגער ראבינער ד"ר יעלסקי, זיך שואל־עצה זיין, צי ער זאל זיך שמד'ן.

— מיר ווייסען דאך, ה' פרעדיגער, — זאגט דער יונגערמאן, — אן דאס ביסעל וואסער (דאס טויף־וואסער) איז גארנישט... קאן איך דען נישט נאכדעם בלייבען דער אייגענער איד, וואס געווען?

— כ'וועל דיר זאגען, — ענטפערט איהם ד"ר יעלסקי, — אויב דו האסט אמאל געלערנט חומש, געדענקסט דו דאך אודאי דעם פסוק: „וכחול אשר על שפת הים", אז אידען זענען געגליכען צו זאמד. פארוואס עפעס צו זאמד? — ווייל זאמד האט א טבע, אז ווי מען זאל עס נישט שליידערן אוןווארפען פון איין ארט אויפ'ן אנדערן, בלייבט עס אלץ זאמד; גיסט מען אבער ארויף דערויף וואסער — ווערט דערפון בלאטע...

## וישב אברהם אל נעריו... (כב. יט.)

פרעגען דערויף די מפרשים: פארוואס ווערט נישט דערמאהנט, אז ער איז צוריק־געגאנגען מיט יצחק'ן, פונקט אזוי ווי עס ווערט געזאגט אין תחילת, פאר דער עקידה: „ויקח את שני נעריו אתו ואת יצחק בנו"? און פארוואס ווערט אויך ביי קבורת שרה נישט דערמאהנט יצחק'ס נאמען, נאר בלויז: „ויבוא אברהם לספוד לשרה", „ויקם אברהם מעל פני מתו" און אזוי ווייטער?

דער אבן־עזרא ענטפערט: „ולא הזכיר יצחק, כי הוא ברשותו".

און אין „דעת זקנים מבעלי התוספות" ווערט געזאגט: „ויצחק היכן הלך? — שלחו בלילה מפני עין־הרע, שכן חנני' מישאל ועזרי' משעה שיצאו מתוך כבשן האש לא נתפרש להיכן הלכו".

און אין תרגום יונתן בן עוזיאל ווערט ערקלערט דערויף: „ודברו מלאכי ית יצחק ואובלוהו לבי מדרשא דשם רבא והוא תמן תלת שנין", אז די מלאכים פון הימעל האבען תיכף נאך דער עקידה אוועקגעפיהרט יצחק'ן אין בית־המדרש פון שם, וואו ער איז אבגע־זעסען גאנצע דריי יאהר...

## ויהי אחרי הדברים האלה ויוגד לאברהם הנה ילדה מלכה... (כב. כ)

„בשובו מהר המוריה היה אברהם מהרהר ואומר, אלו היה בני שחוט כבר היה הולך בלא בנים, היה לי להשיאו אשה מבנות ענר, אשכול וממרא. בשרו הקב״ה שנולדה רבקה בת זוגו״ (רש״י).

צוליב וואָס — האָט געפרעגט דערויף רבי יחזקאל פון קוזמיר — האָט אברהם זיך געדאַרפט אומזיסט מצער זיין און זיך מאכן פאַרוואורף, קלערענדיג, וואָס עס וואלט געווען „אילו היה בני שחוט״? איצט איז שוין דאָך נישט קיין נפקא־מינה, יצחק איז דאָך געבליבען לעבען און מאי דהוה הוה.

נאָר צוריקקומענדיג — האָט ער געענטפערט — פון דער עקידה איז אברהם געווען ביי זיך שטאַרק געפאַלען, פאַרוואָס דער נסיון פון דער עקידה איז פלוצים אין דער לעצטער מינוט צוריקגעצויגען געוואָרען, און ער האָט געטראַכט, אז דאָס איז צוליב זיין שולד, אז דער נסיון האָט נישט געקענט אויסגעפיהרט ווערען צוליב דער געגעבענער הבטחה: „כי ביצחק יקרא לך זרע״. ווען אָבער יצחק וואָלט געווען פריהער חתונה געהאַט און געבוירען קינדער, וואלט שוין מעהר קיין שום מניעה נישט געווען. און אלס ענטפער אויף די דאָזיגע הרהורים — „בשרו הקב״ה שנולדה רבקה בת זוגו״, האָט איהם השי״ת בערוהיגט, אז ער זאָל זיך נישט מצער זיין, אז עס איז כלל נישט געווען דער רצון השם, אז מען זאָל יצחק׳ן טאַקי שעכטען, והראיה, דער זיווג, וועלכער איז פאַר יצחק׳ן בעשטימט געוואָרען איז געבוירען געוואָרען ערשט איצט, נאָך דער מעשה העקידה...

## הנה נא ידעתי כי איש אלקים קדוש הוא... (הפטרה, מלכים ב. ד.)

„קדוש הוא, מנא ידעה? רב ושמואל חד אָמר״ וכו׳ (ברכות י׳)

דערפון, וואָס די גמרא פרעגט: „מנא ידעה״? איז צו זעהן, אז דעם ווירקליכען קדוש דערקענט מען נישט און ער אונטערשיידעט זיך נישט אויסערליך מיט קיין שום זאַך פון אנדערע, טראָגט נישט קיין בעזונדערען לבוש, בלאָזט נישט פון זיך, און מאכט בכלל פון זיך קיין וועזען נישט וואָרום ווען יאָ, וואָס איז די פראַגע: „מנה ידעה״?...
(רבי ישראל סאלאנטער)

# חַיֵּי שָׂרָה

## ויהיו חיי שרה מאה שנה ועשרים שנה וכו׳... (כג. א.)

„בת ק׳ כבת כ׳ לחטא, מה בת כ׳ לא חטאה וכו׳ אף בת ק׳ בלא חטא“ (רש״י).

איז דאָך עס אין פלוג אנ׳אונלאָגישער פערגלייך. א רבותא וואָלט געווען, ווען מען זאָל זאָגען: „בת כ׳ כבת ק׳ לחטא“, אָבער „בת ק׳ כבת כ׳“? דאָס איז דאָך גאָר א להי־פוכ׳דיגער ביישפיעל, דען צו צוואנציג יאָהר איז דאָך געוועהנליך א מענש מעהר גע־נויגט צו זינדיגען, ווי צו הונדערט?...

נאָר די כונה פונ׳ם דאָזיגען פערגלייך איז, אז צו הונדערט יאָהר איז שרה פונקט אזוי פול געווען מיט לעבען און איהר פרומקייט האָט זיך דאן גענומען נישט פון אלטקייט, נאָר פון צניעות, פונקט ווי צו צוואנציג יאהר, וואָס דאמאָלס איז דאָך זיכער איהר פרומ־קייט און צניעות געווען אנ׳אמת׳ע און אויפריכטיגע, דאמאָלס האָט מען דאָך זיכער נישט געקענט זאָגען, אז דאָס איז פון אלטקייט...

(קרני ראם)

„בת כ׳ כבת ז׳ ליופי“ (רש״י).

איז ערשטענס, ווי געשיקט זיך עס צו לויבען די צדיקת שרה מיט שענקייט — „שקר החן והבל היופי“!... צווייטענס, אויב שוין יאָ יופי, וואָס פאר א רבותא איז עס אז „בת כ׳ כבת ז׳“, — איז מען דען צו זיעבען יאָר שענער ווי צו צוואנציג?...

נאָר די כוונה איז: שרה האָט זיך ביי די צוואנציג יאָהר פונקט אזוי וועניג גע־קימערט וועגען איהר שענקייט, ווי א מיידעל פון זיעבען יאָהר...

(רבי ישכר גרויבארט)

„בת ק׳ כבת כ׳ לחטא ובת כ׳ כבת ז׳ ליופי“ (רש״י)

מעגליך, אז דער נוסח פונ׳ם דאָזיגען דרש, וועלכער איז גענומען פון מדרש רבה, איז דורך די מדפיסים פערגרייזט געוואָרען, דען אין ילקוט תהלים ל״ז איז די גירסא פונ׳ם זעלבען דרש א גאנץ אנדערע און נעמליך: „בת ק׳ כבת כ׳ לנוי ובת כ׳ כבת ז׳ לחטא“. לויט דער דאָזיגער גירסא פאלען שוין ממילא אוועק די אלע בעקאנטע קשיות צוזאמען מיט די פלפול׳דיגע תירוצים...

(כנסת הגדולה)

פארהאן אויפ׳ן דאָזיגען פסוק א מדרש־פליאָה, נעמליך: „ויהיו חיי שרה וכו׳ — אדם הראשון בלשון הארמי סיפר“...

וואָס איז דער זין פון׳ם דאָזיגען מערקווירדיגען דרש און וואָס פאר א שייכות האָט עס צום דערמאָהנטען פסוק?

נאָר די חז״ל זאָגען אין אנ׳אָרט, אז בשעת דער מענש שטארבט, קומט ער צו אדם הראשונ׳ען מיט א טענה, אז דאָס איז ער געשטאָרבען צוליעב איהם, צוליעב דעם חטא פון עץ הדעת, און דערויף ענטפערט איהם אדם, אז נישט צוליעב איהם, נאָר צוליעב זיינע אייגענע זינד איז ער געשטאָרבען... ביי שרה שטעהט דאָך אָבער „ויהיו חיי שרה מאה שנה ועשרים שנה וכו׳, און דערויף ווערט גע׳דרש׳ענט, אז דעריבער שטעהט נאָך יעדער צאָהל דאָס וואָרט „שנה", אלס בעוויז, אז „בת ק׳ כבת כ׳ לחטא; מה בת כ׳ לא חטאה, אף בת ק׳ בלא חטא", טאָ וואָס האָט אָדם־הראשון אינ׳ם דאָזיגען פאל געהאט צו ענט־פערן?... איז דער תירוץ — „אדם הראשון בלשון הארמי סיפר", אויף שרה׳ס פאָרוואורף האָט אדם הראשון געענטפערט מיט׳ן לשון פון תרגום, דען אין תרגום שטעהט נישט מעהר ווי איין מאָל „שנה", — „והוו חיי שרה מאה ועשרין ושבע שנין", — און ממילא פאלט שוין אוועק דער דרש פון „בת ק׳ כבת כ׳ לחטא"...

(כתב סופר)

## שני חיי שרה... (כג. א.)

„כלן שוין לטובה" (רש״י)

האָט דען די מאמע שרה בלויז גוטע יאָהרען געהאט? איז זי דען וועניג עגמת־נפש דורכגעגאנגען אין לעבען, זייענדיג ביז ניינציג יאָהר אנ׳עקרה, און דאן דאָס ארומוואנדערן צוליעבן הונגער פון לאנד צו לאנד, און די מעשה פרעה און מעשה־אבימלך?

נאָר דער פשט איז — האָט געזאָגט דערויף רבי זישע אניפאָלער — „כלן שוין לטובה", זי האָט ווי אנ׳אמת׳ע צדקת די אלע יאָהרען פאר ליעב גענומען קיינמאָל נישט מתרעם געווען און שטענדיג געזאָגט: „גם זו לטובה"...

## ויבא אברהם לספוד לשרה ולבכותה... (כג. ב.)

אויף די ווערטער „לספוד לשרה ולבכותה" זאָגט רש״י: „ונסמכה מיתת שרה לעקידת יצחק לפי וכו׳".

פאָרוואָס ברענגט נישט רש״י דעם דאָזיגען דרש אויפ׳ן אָנהויב פסוק: „ותמת שרה בקרית ארבע"? דאָרט איז דאָך עס מעהר אויפ׳ן אָרט?

(פרדס יוסף)

„מהיכן בא, מהר המוריה בא" (מדרש רבה)

אָט דאָס גופא איז געווען דער אינהאלט פונ׳ם הספד וואָס אברהם האָט געהאלטען אויף שרה׳ן. ער האָט אין זיין הספד דערצעהלט פאר׳ן עולם, אז „מהיכן בא, מהר המוריה בא", אז דאָס קומט ער פון הר־המוריה, וואו ער האָט געפיהרט מקריב זיין יצחק׳ן און שרה, די אלטע מאמע פונ׳ם איינציגען זוהן, האָט זיך נישט געגענגעשטעלט דעם געט־ליכען פערלאנג און האָט מסכים געווען...

(ילקוט הדרוש)

דער רמב״ן אין ספר „תולדות אדם״ ערקלערט, אז „נשים נספדות כמו אנשים״, אז אויך ווייבער מעג מען מספיד זיין, ברענגענדיג א ראיה פון דער גמרא: „רפרם אספדה לכלתיה בבי כנישתא״ (מגילה כ״ח) און „ואותו היום מתה אמו של בן זזא והספידה רבן גמליאל הספד גדול״ (ראש־השנה כ״ח).

פרעגט זיך: נאכוואס דארפען מיר די ראיה פון דער גמרא, וועהרענד עס שטעהט דאך בפירוש אין דער תורה: „ויבא אברהם לספוד לשרה״?...

בשעת עס איז געשטארבען דעם רמ״א׳ס ערשטע ווייב, האט דער רמ״א געהאלטען אויף איהר קבר א זעהר ר׳יהרענדען און שארפזיניגען הספד, וועלכער האט ביים עולם שטארק אויסגענומען. אלס טעמע פאר זיין הספד האט ער גענומען דעם פסוק אין מלכים־ב׳ קאפ. ט׳: „פקדו נא את הארורה הזאת וקברוה כי בת־מלך היא״. דער זין פון די ווערטער איז, אז די ערד, וועלכע איז פערשאלטען געווארען צוליעב׳ן חטא פון אדם׳ן („את הארורה הזאת״), בעקומט א תיקון און ווערט אויפגעריכט („פקדו״ פון לשון „וד׳ פקד״) בשעת זי איז קולט אין זיך דעם גוף פון א צדיק; פון אזא צדיקת און בת־מלך — האט ער אויסגעפיהרט — ווי ר׳ שכנא׳ס טאכטער...

ר׳ שכנא, זיין שווער, האט געהאט נאך א טאכטער און אין א צייט ארום האט דער רמ״א געשיקט צו איהם און פארגעלעגט, אז ער וואלט וועלען א צווייטען מאל זיך מיט איהם משדך זיין; אבער ר׳ שכנא האט דערויף נישט מסכים געווען, ערקלערענדיג, אז עס איז אונמעגליך, אז אזא שארפזיניגער הספד זאל קאנען געבוירען ווערען אין געדאנק בשעת אבלות, „בשעה שמתו מוטל לפניו״, און נישט אנדערש, נאר דער הספד איז ביי איהם געווען צוגעגרייט פון פריהער, בשעת זיין טאכטער, דעם רמ״א׳ס ווייב, האט נאך געלעבט, און דעריבער וויל ער איהם מעהר נישט פאר קיין איידעם...

אין יאהר תקנ״ו איז אין לעמבערג נפטר געווארען דער רב רבי שמואל סאליר. צוזאמען מיט דער דאזיגער טרויעריגער ידיעה האבען די אידען אין גאליציען בעקומען אינ׳ם זעלבען טאג נאך א בשורה רעה: דאס מלכות האט ארויסגעגעבען א גזירה וועגען „ליכט־פאכט״, וועגען נעהמען ביי אידען א ספעציעלען שטייער פון די שבת־ליכט.

האט דאן רבי משולם הכהן, דער מחבר פון „פתחי נדה״, געזאגט אין זיין הספד: די חז״ל זאגען, אז מען דארף טרויערען „על אב־בית־דין שמת ועל המאורות שלוקין״. איצט זענען, ליידער, געשעהעןביידע זאכען צוזאמען: גלייכצייטיג מיט׳ן אב״ד שמת איז אויך געקומען דער „המאורות לוקין״ (די גזירה וועגען די ליכט)...

„סימן טוב למת שלא נספד כהלכה״ (סנהדרין מ״ז)

געוועהנליך זענען זיך די רבנים און דרשנים נוהג, אז בשעת זיי זענען מספיד א נפטר, וועגען וועלכען זיי האבען נישט קיין סך צו זאגען, מחמת ער האט זיך אין זיין לעבען נישט אויסגעצייכענט מיט קיין איבריגע מעלות ומדות טובות, פילען זיי אויס דעם הספד מיט פערשידענע דברי־הלכה און פשט׳לעך, כדי עס זאל לענגער דויערען. אלזא, א סימן טוב פאר א מת „שלא נספד כהלכה״, אז מען דארף נישט דעם הספד זיינעם אויס־פילען מיט דברי־הלכה, מחמת מען האט וועגען איהם גענוג וואס צו זאגען...

(הרב מאיר הכהן מקראקא)

אין ספר „עת ספוד“ ווערן געגעבען פאר די ספדנים די נויטיגע אנווייזונגען און אנרעגונגען, ווי אזוי מספיד צו זיין פערשיעדענע חשוב׳ע נפטרים לויט זייערע נעמען.

למשל, אויב דער חשוב׳ער נפטר האָט געהייסען אברהם, לאָזט זיך דער ענטשפרע־כענדער הספד אנקניפען אין איינעם פון די פאָלגענדע פסוקים: „ויקרא מלאך ד׳ אל אברהם ויאמר הנני“!... „ואברהם עודנו עומד לפני ד׳“... „הביטו אל אברהם אביכם!“ (ישעי׳ כ״א)...

אהרן: „ויראו כל העדה כי גוע אהרן“... „לא נמצא פסול בזרעו של אהרן“ (סוף מדות)... „בזאת יבא אהרן אל הקדש“... „באהרן לא שלט מלאך המות ולא רמה ותולעה“ (ב״ב י״ז), עס הייסט, אז זיין אנדענקען וועט לאנג לעבען צווישען אונז... „בית אהרן בטחו בד׳“!...

אליעזר: „משמת רבי אליעזר נגנז ספר תורה“ (סוטה מ״ט)...

אורי: „קומי אורי כי בא אורך!“...

אפרים: „הבן יקיר לי אפרים!“...

אליהו: „מי עלה למרום? זה אליהו“ (במדבר רבה פי״ב)...

בנימין: „ואת בנימין תקחו עלי היו כלנה“!... „וינהמו בני ישראל אל בנימין אחיו ויאמרו נגדע היום שבט אחד“! (שופטים כ״א)...

ברוך: „ברוך אתה בצאתך“... „כה אמר ד׳ עליך ברוך, אמרת אוי נא לי כי יסף ד׳ יגון על מכאובי“ (ירמי׳ מ״ה)... „כל הברכות פותחות בברוך וחותמות בברוך“...

גרשון: „והורד המשכן בני גרשון“...

דוד: „זכור ד׳ לדוד את כל ענותו“!... „שיר המעלות לדוד, ד׳ לא גבה לבי ולא רמו עיני“... „כל האומר דוד חטא אינו אלא טועה“ (שבת נ״ה)... „דוד שהגיח בן כמותו נאמרה בו שכיבה“ (ב״ב קט״ז)... „עד היכן כוחה של צדקה כבר פירש דוד“...

חיים: „חיים של ברכה, חיים של שלום, של יראת שמים ויראת חטא“...

טוביה: „ותרא אותו כי טוב, אר״י טוביה שמו“ (סוטה י״ב)...

יעקב: „ויאמר ד׳ ליעקב קום עלה בית אל“!... „לא הביט און ביעקב“... „מה טובו אוהליך יעקב“... „בלע ד׳ ולא חמל את נאות יעקב“...

יצחק: „וזכרתי את בריתי יעקב, מפני מה לא נאמרה זכירה ביצחק מפני שאפרו צבור לפניו“ (רש״י בחוקותי)...

ישראל: „אשריך ישראל, מי כמוך!“... „עבדי אתה ישראל אשר בך אתפאר“...

יהושע: „ויהושע מלא רוח חכמה“... „כשמת רבי יהושע בטלה עצה ומחשבה“ (סוף סוטה)... „יהושע אוהב ישראל היה“ (עירובין כ״ב)... „רב לך ומנו יהושע!“ (סוטה י״ג)...

יהודה: „מי יעלה? יהודה יעלה!“... „וירב בבת יהודה תאניה ואניה“ (איכה)...

יוסף: „הילד איננו ואני אנה אני בא!“... „עוד יוסף חי!“... „אי לאו האי יומא דקא גרים כמה יוסף איכא בשוקא“ (פסחים ס״ט)... „ארונו של יוסף בצד ארון העדות“ (סוטה י״ג)... „כשמת ר׳ יוסף נפלו הגשרים“ (מועד קטן כ״ה)...

יונה: „עברי אנכי ואת ד׳ אלקי השמים אני ירא!“... „אלמלא תורה היינו למדים צניעות מיונה“ (עירובין ג׳)...

יששכר: „לא משתכח צורבא מרבנן אלא דאתי מלוי או מיששכר דכתיב ומבני יששכר יודעי בינה לעתים“ (יומא כ״ו)...

יונתן: „היונתן ימות?" (שמואל א')... „שלשה ענוותנים הם, רשב"ג בני בתירא ויונתן" (ב"מ פ"ה)...

יחזקאל: „הקב"ה מייסר את יחזקאל למרק עוונותיהם של ישראל" (סנהדרין ל"ט)...

משה: „ואל משה אמר, עלה אל ד'!"... „משה בהשכמה עלה" (שבת פ"ז)...

מרדכי: „רצוי לרוב אחיו ודובר שלום לכל זרעו"...

מנחם: „ראיתי דמעת העשוקים ואין להם מנחם" (קהלת ד')... „עיני עיני יורדה מים כי רחק ממני מנחם" (איכה)... „ודמעתה על לחיה, אין לה מנחם"...

מאיר: „בתורתו של רבי מאיר מצאו כתוב והנה טוב מאד, והנה טוב מות" (בראשית רבה פ"ט)...

נח: „נח איש צדיק"... „את האלקים התהלך נח"...

עמרם: „אדם אחד מאלף מצאתי זה עמרם" (קהלת רבה)...

עקיבא: „אדם הראשון שמח בתורתו ונתעצב במיתתו" (מנחות כ"ט)... „חכמת המסכן בזויה, וכי חכמתו של רבי עקיבא בזויה היתה"? (רות רבה פ"א)...

פרץ: „כל תולדות שבמקרא חסרים חוץ מאלה תולדות פרץ" (שמות רבה פ"ל)...

פנחס: „ויעל מלאך ד' מן הגלגל אל הבוכים, זה פנחס" (ויקרא רבה פ"א)...

צבי: „צבי בשעה שהוא ישן ע'ינו אחת פתוחה" (מדרש חזית)... „צבי אין לו מרה" (ראש פ' אלו טרפות)...

שמעון: „שמעון איננו ואני אנה אני בא!"... „כל דילדא אימא כרבי שמעון תילד" (מכות י"ז)...

שלום: „שמר תם וראה ישר כי אחרית לאיש שלום!" (תהלים)... „בשעה שהצדיק בא באים מלאכי השרת ואומרים: יבא שלום וינוח על משכבו!" (כתובות ק"ד)...

שמואל: „שוכב בהיכל ד'"... „ותשובתו הרמתה כי שם ביתו"... „את מי עשקתי ואת מי רציתי, ויאמר עד!"... „רבי יוחנן בדיק בינוקא, אמר ליה פסוק לי פסוקיך, אמר ליה ושמואל מת" (חולין צ"ה)...

שאול: „בן שנה שאול במלכו כבן שנה בלא חטא" (יומא כ"ב)...

שלמה: „הנה מטתו של שלמה!"... „כל שלמה שבשיר השירים קדש"... „יושבי נטעים זה שלמה שדומה לנטיעה" (ב"ב צ"א)...

## גר־ותושב אנכי עמכם... (כג. ד.)

דער דובנער מגיד פערטייטשט דעם דאָזיגען פסוק גאנץ איינפאך: „גר ותושב אנכי עמכם", איך מיט אייך זענען מיר „גר ותושב", איך בין א גר און איהר — א תושב...

דעמזעלבען גורל, וואָס אונזער זיידע אברהם, האָבען אויך מיר, זיינע אייניקלעך: מיר זענען גלייכצייטיג אי „גרים", אי „תושבים". אויף נעהמען, אויף צו געניסען פון די זכיות פונ'ם לאנד, זענען מיר „גרים", בעקומען מיר וואָס־וועניגער; דאגעגען אויף צו געבען — זענען מיר גלייכבערעכטיגטע „תושבים", געבען דארפען מיר וואָס מעהר...

(הרב י. דייכעס)

„אם תרצו הריני גר ואם לאו אהיה תושב ואטלנה מן הדין שאמר לי הקב״ה לזרעך אתן את הארץ הזאת״ (רש״י)

דאגעגען אין פ׳ לך לך אויפ׳ן פסוק „ויהי ריב בין רועי מקנה אברם״ זאָגט רש״י: „והכתוב אומר והכנעני והפריזי אז יושב בארץ ולא זכה בה אברם עדיין״. איז דאָך עס, אלזאָ, א בפירושע סתירה, וויבאלד עס איז „לא זכה בה אברם עדיין״, טאָ ווי אזוי האָט אברהם געקענט טענה׳ען: „ואטלנה מן הדין״?...

נאָר — האָט געענטפערט דערויף רבי יעקב אָרענשטיין — אין ע״ז ווערט געזאָגט, אז אין דער קרקע פון ארץ־ישראל האָבען אידען זוכה געווען נאָך בימי אברהם, דאגעגען אין דער זריעה און אין די פירות — ערשט בימי יהושע, נאָך חלוקת־הארץ.

אויף אזא אופן איז עס, אלזאָ, גאָר קיין סתירה נישט. דאָרט, בשעת דער מחלוקת צווישען די רועי אברם און רועי לוט, האָט עס זיך געהאנדעלט וועגען פאשע פאר די בהמות, וועגען די פירות הארץ, און אינ׳ם דאָזיגען פאל איז „לא זכה בה אברם עדיין״. דאָ, דאגעגען, רעדט זיך בלויז וועגען קרקע, וועגען א קבר, און אין דער קרקע האָט אברהם, לויט דער געגעבענער הבטחה, שוין דאמאָלס זוכה געווען און דעריבער — „ואטלנה מן הדין״...

„אם תרצו הריני גר ואם לאו אהיה תושב ואטלנה מן הדין״ (רש״י)

האָט דער רבי ר׳ יונתן, בשעת ער איז א יונגעל געווען, געזאָגט דערויף פאָלגענ־דען חדוד:

אין מדרש ווערט געזאָגט, אז אברהם אבינו האָט זוכה געווען צו ארץ־ישראל, דאָס לאנד פון די „עשרה עממין״, צוליעב די עשרה נסיונות, וואָס ער האָט אויסגעהאל־טען, און איינער פון די נסיונות איז אויך געווען דאָס, וואָס נישט קוקענדיג אויף דער געגעבענער הבטחה, אז דאָס גאנצע לאנד וועט געהערען צו איהם, איז ער דאָך געצוואונ־גען געווען צו קויפען א קבר פאר שרה׳ן בכסף מלא. און דאָס, אלזאָ, האָט אברהם גע־טענה׳ט צו עפרונ׳ען: „אם תרצו — הריני גר״, אויב איהר וועט מיר געבען דעם קבר אָהן געלד, וועל איך בלייבען א גר אויפ׳ן דאָזיגען טייל פון לאנד, דען דאמאָלס וועל איך דאָך נישט האָבען מעהר אויסגעשטאנען, ווי ניין נסיונות און איך וועל ירש׳ענען בלויז דאָס לאנד פון „תשעה עממין״, ואם לאו — אויב אָבער איהר ווילט מיר נישט געבען דעם קבר אָהן געלד און איהר צווינגט מיך אויך דעם דאָזיגען נסיון בייצושטעהען — „אהיה תושב ואטלנה מן הדין״, וועל איך אויך אינ׳ם דאָזיגען טייל לאנד ווערען א תושב, דען דאן וועט מיר מן הדין דארפען געהערען דאָס גאנצע לאנד, פון אלע עשרה עממין...

## תנו לי אחוזת קבר... (כג. ד.)

א געוויסער ציוניסט האָט אמאָל אין א שמועס מיט הרב קוק זיך אויסגעדרוקט מיט ביטול וועגען די אידען פון אלטען ישוב, די חלוקה־אידען, וועלכע קומען קיין ארץ־ישראל שטארבען, פערזאָרגען זיך מיט א קבר אין הייליגען לאנד.

רופט זיך אָן צו איהם הרב קוק:

— אויך דער ערשטער אידישער ישוב אין ארץ־ישראל, ממש די ערשטע ד׳ אמות, האָט זיך אָנגעהויבען פון א קבר, פון — „תנו לי אחוזת קבר״... און אויך שפעטער, ביי

יציאת מצרים, זענען די אידען געגאנגען קיין א״י מיט די עצמות יוסף, מיט א קבר... אָבער דוקא פון און א דאנק די דאָזיגע קברים האָט זיך נאכהער ענטוויקעלט און עס איז אויסגעוואקסען א לעבעדיג ארץ־ישראל...

## במבחר קברינו קבור את מתך... (כג. ו.)

„קבור את מתך — מתים הרבה״ (ב״ר פ׳ נ״ח)

דאָס זשאלעווען זיי אונז נישט, די שונאים אונזערע. דעם דאָזיגען פערלאנג זענען זיי אונז שטענדיג גרייט נאָכצוקומען. לעבען וועלען מיר אייך נישט לאָזען ביי אונז, אָבער שטארבען? „במבחר קברינו קבור את מתך — מתים הרבה״. נישט איין מת, נאָר אפילו א סך. דאָס — וויפיעל איהר ווילט...

(כוס נחומים)

צו רבי משה־אידל פּאָניעוויעזשער זענען אמאָל געקומען צוויי אידען מיט א דין־תורה. די צוויי אידען האָבען זיך בעצייטענס פערזאָרגט און געקויפט פאר זיך קברים ביים לעבען. איז ענטשטאנען צווישען זיי א סכסוך: איטליכער האָט געוואָלט דעם בע־סערן, דעם שענערן קבר. האָבען זיי זיך געהאלטען אין איין ארומקריגען — ולסוף איז ביי זיי געבליבען, מען זאָל זיך פערלאָזען אויפ׳ן רב.

האָט דער פּאָניעוויעזשער רב אויסגעהערט זייערע טענות און ארויסגעטראָגען א פסק:

— ווער עס שטארבט פריהער, דער בעקומט דעם בעסערען קבר.
און פון דאמאָלס אָן האָבען זיי זיך אויפגעהערט ארומצוקריגען...

## בכסף מלא יתננה לי... (כג. ט.)

דער אמת׳ער צדיק מאכט נישט קיין געברויך פון זיין צדקות און חשיבות ביי מענשען, צו ציהען דערפון פערזענליכע נוצען... ווי עס ווערט דערצעהלט אין „חובת־הלבבות״: מעשה בחסיד אחד, וועלכער איז אריין אין א קראָם קויפען עפּעס א חפץ — און דער מוכר, קענענדיג איהם און וועלענדיג איהם אָנטהון א נחת־רוח, האָט ביי איהם געבעטען פאר דער זאך א זעהר ביליגען פרייז. איז עס דעם חסיד געוואָרען אויפפאלענד און ער האָט זיך אָנגערופען צום מוכר: זייט וויסען, ליעבער איד, איך בין געקומען צו אייך קויפען פאר געלד, נישט פאר יראת־שמים...

(ייטיב לב)

אין איינע פון זיינע שאלות־ותשובות (יו״ד סי׳ שכ״ט) שרייבט דער חתם סופר געגען די חברא־קדישא׳ס, וועלכע רייסען די הויט ביי די יורשים פון יעדען נפטר.

„אין די אלע ערטער — שרייבט ער — וואו איך האָב זיך אויפגעהאלטען, האָב איך זיך געגענגעשטעלט געגען זיי מיט כח, ביז עס איז מיר געלונגען מבטל צו מאכען דעם דאָזיגען מנהג רע. אין איין אָרט איז געשטאָרבען א געוויסע עשירה, וועלכע האָט א חוץ דערוואקסענע קינדער אויך איבערגעלאָזען א יתום־קטן און די חברא־קדישא האָט פון

זיי פערלאנגט זעקס רענדלעך צושטייער אויפצובויען א פארקאן ארום בית־הקברות, אָבער איך האָב זיך געשטעלט אלס עומד פאר דעם יתום־קטן און האָב נישט געלאָזט געבען קיין איין פרוטה פון דער ירושה, דערביי האָב איך זיי געדראָהט, אז אויב זיי וועלען זיך איינ׳עקשנ׳ען, וועל איך דינגען פרעמדע מענשען, זיי זאָלען קובר־זיין דער מת. און איך האָב געהאט גרויס מיה ביז איך האָב פון דאָרט אויסגעראטען דעם שלעכטען מנהג, און אזוי דארף אויך טהון יעדער רב אין זיין שטאָדט, דען מיט דעם דאָזיגען מנהג־רע איז מען מבטל די מצוה פון גמילת־חסדים"...

## ויען עפרון וכו׳ באזני בני־חת... (כג. י.)

„באזני בני־חת" — בשעת דער עולם ארום האָט געהערט, האָט עפרון אויסגע־שריען הויך: „השדה נתתי לך והמערה אשר בו", וועלענדיג דערמיט אלעמען בעווייזען זיין ברייטהארציגקייט; בפרט נאָך אז „אותו היום מינוהו שופט עליהם", טאָ זאָלען זיי זעהן, וואָס פאר א פיינעם מושל זיי האָבען זיך אויסגעקליבען, וואָס פאר א שונא־בצע ער איז... שפעטער אָבער, ווען עס איז געווען „ויען אברהם את עפרון לאמר לו", בשעת ער האָט גערעדט מיט איהם אליין, אויג־אויף־אויג, דאמאָלס האָט ער איהם שוין איינגע־רוימט: „אדוני שמעני, ארץ ארבע מאות שקל כסף", עס קאָסט פיער הונדערט טאָלער, און דער עיקר — „ביני ובינך", ס׳זאָל זיין בשתיקה, קיינער זאָל דערפון נישט וויסען...

(ילקוט אליעזר)

## אך אם אתה לו שמעני נתתי כסף השדה... (כג. יג.)

„נתתי — והלואי נתתי לך כבר" (רש״י)

וואָס עפיס „נתתי לך כבר"?

דען „ארבע מאות שקל כסף ביני ובינך מה הוא" ווערט געטייטשט בדרך־הלצה, אז דעריבער האָט עפרון פערלאנגט פון אברהם׳ן „ארבע מאות שקל", ווייל „ביני ובינך", דאָס מיטעלסטע אות פון מיין נאָמען און פון דיין נאָמען (סיי אינ׳ם וואָרט „אברהם", סיי אין „עפרון" איז דאָס מיטלסטע אות א ר׳) בעטרעפען צוזאמען „ארבע מאות"...

האָט דעריבער אברהם געזאָגט צו איהם: „הלואי נתתי לך כבר", הלואי וואָלט איך דיר געגעבען דאָס געלד פריהער, איידער נאָך איך האָב געהייסען „אברהם", נאָר „אברם", וואָלט איך זיך דאן איינגעשפּאָרט צוויי הונדערט שקלים, דען דאמאָלס איז נאָך די ר׳ נישט געווען אין מיין נאָמען קיין מיטעלסט אות...

(הרב שמואל זאב מבאים)

## נתתי כסף השדה קח ממני... (כג. יג.)

דער דין, אז כסף איז קונה ביי קידושין, אז מען קאָן מקדש זיין אנ׳אשה מיט געלד, ווערט אין דער גמרא ארויסגעלערענט פון א גזרה־שוה פון דאָזיגען פסוק — „גמר קיחה קיחה משדה עפרון" (קידושין ב׳).

דען די ביידע זאכען האָבען צווישען זיך א שטארקע עהנליכקייט. פונקט ווי ביי קידושין, בשעת איינער איז מקדש אנ׳אשה מיט געלד, ווערט ער נאָך דערמיט נישט פטור, נאָר ער מוז איהר דעם גאנצען לעבען טראגען אויף זיך, אויסהאלטען איהר מיט

„שארה כסותה ועונתה" און ער קאָן זיך גאָר פון איהר נישט אויסקויפען, אזוי איז אויך מיט אונזערע טראנזאקציעס און אָבמאכען, וואָס מיר שליסען מיט די עפרונ'ס; מיר האל־טען איין צאָהלען און קענען זיך קיינמאָל נישט אויסצאָהלען. רק עס קומט זיי ביי אונז און רק זיי ווארפען אונז דעם גט פאר דער טהיר...

(הרב מ. א. עמיאל)

## ארבע מאות שקל כסף ביני ובינך מה הוא... (כג. טו.)

ארבע מאות שקל כסף איז דוקא א זעהר חשוב'ע סומע, ווי מיר געפינען אין דער גמרא: „חזנהו לרבנן דהוו קא בדחי טובא, אייתי כסא דמוקרא בת ת' זוזי, תמר קמייהו ואעציבו" (ברכות ל'), און בכלל איז צו זעהען פון פערשידענע מקומות, אז די ציפער פון פיער הונדערט האָט א זעהר חשוב ארט פערנומען ווי: „וגם הולך לקראתך וארבע מאות איש עמו", אָדער: „ויעלו אחרי דוד כארבע מאות איש" (שמואל א. כה.) און פיעל עהנליכע שטעלען, און דער פשט איז: „ארבע מאות שקל כסף ביני ובינך מה הוא", הגם דאָס איז טאקי א זעהר גרויסע סומע, דאך ביני ובינך, צווישען אזעלכע וויכטיגע לייט ווי מירביידע זענען, שפיעלט עס קיין ראליע נישט...

(רבי ישראל סאלאנטער)

## וישקל אברהם לעפרון... ארבע מאות שקל־כסף וכו'... (כג. טז.)

דעם פולען פרייז האָבען מיר פאר דער מערת־המכפלה בעצאָהלט און מיר האָבען אויך א שטר, א דאָקומענט דערויף — עס זאָגט וועגען דעם עדות די אלטע אידישע תורה, — און דאָך ווילען זיך אפילו די „אָנהענגער פון דער ביבעל" נישט רעכענען דערמיט, וואָרום בנוגע צו אידען פועל'ט נישט, נישט קיין „כסף" און נישט קיין „שטר", נאָר — „חזקה"... דאָס און בלויז דאָס איז דער עיקר!

(קניני קדם)

## ארבע מאות שקל כסף עובר לסוחר... (כג. טז.)

וואָס עפעס „עובר לסוחר"?

דער דין איז (און אזוי ווערט גע'פסקנ'ט אין רמב"ם), אז סתם גאָלד און זילבער טאָר מען נישט געבען צו אנ'עכו"ם, א געצענדינער, צוליעב'ן חשד, טאָמער וועט ער דערפון מאכען א פסל. דאגעגען מטבעות מעג מען איהם יאָ געבען, ווייל א זילבערנע, אָדער גאָלדענע מטבע, וועלכע איז עובר לסוחר, האָט מעהר ווערט, ווי א סתם שטיק זילבער און גאָלד פון דער זעלבער וואָג און עס וועט איהם א שאָד זיין היזק צו האָבען און דעריבער — „וישקול אברהם לעפרון וכו' ארבע מאות שקל כסף עובר לסוחר"...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

די תורה, האָט קענטיג, פאַראויסגעזעהן די סכסוכים, וואָס אידען וועלען אמאָל האָבען אויסצושטעהן אין ארץ־ישראל צוליעב די הייליגע מקומות — און דעריבער איז די תורה אזוי מאריך און דערצעהלט אונז אויספיהרליך, בפרטות, ווי אזוי מען האָט

אָבגעקויפט די מערת־המכפלה און וואָס פאַר א בעדייטענדע סומע מען האָט דערפאַר בעצאָהלט: „בכסף מלא"... „ארבע מאות שקל כסף"... „עובר לסוחר"...

(דרשות אל עמי)

אין פרעשבורג איז אמאָל געשטאָרבען א גרויסער גביר און די יורשים האָבען דורכאויס פערלאַנגט, מען זאָל איהם מקבר זיין נעבען בעריהמטען גאון רבי משולם איגרא. די חברה־קדישא האָט זיך פאַר דערדאָזיגער קרקע געהייסען געבען א גרעסערע סומע געלד, אָבער די יורשים האָבען נישט געוואָלט געבען אזוי פיעל און זיי האָבען גערופען די חברה־קדישא אויף א דין־תורה צום חתם־סופר. דער חתם־סופר האָט אויס־געהערט די טענות און געזאָגט:

אויפ'ן פסוק „ארבע מאות שקל־כסף" זאָגען די חז"ל אין מדרש: „נבהל להון רע־עין — זה עפרון". ביי עשו'ן ווידער, אויף די ווערטער פון יעקב'ן „בקברי אשר כריתי לי", ערקלערען די חז"ל: „שהי' עשו נוטל כרי־זהב בשביל חלקו במערת המכפלה". פרעגט זיך דאָך א קשיא: פאַרוואָס ווערט „רע־עין", אָנגערופען בלויז עפרון, וועלכער האָט גענומען ס"ה „ארבע מאות שקל", און נישט עשו, וועלכער האָט זיך געהייסען געבען בלויז פאַר איין קבר פון דער מערת־המכפלה א גאנצע קופע מיט גאָלד? איז דער תירוץ: בשעת עפרון איז געגאַנגען פערקויפען די מערה, איז, אויסער אָדם וחוה, נאָך קיינער פון די גרויסע צדיקים נישט געלעגען דאָרט — איז דעריבער געווען א גרויסע עוולה פון זיין זייט, וואָס ער האָט זיך געהייסען געבען דערפאַר פיער הונדערט שקלים; אין דער צייט פון עשו'ן אָבער, ווען יעקב איז געגאַנגען אָבקויפען ביי איהם זיין חלק, זענען שוין דאָרט בעהאַלטען געווען אזעלכע צדיקים, ווי אברהם און שרה, יצחק און רבקה, און אויב מען וויל ליגען נעבען אזעלכע גרויסע צדיקים, מעג מען זיך טאַקע הייסען גוט בעצאָהלען...

רבי אפרים זלמן מרגליות איז אמאָל געגאַנגען מיט א שתדלנות צו איינעם פון די בראָדער העכערע מלוכה־בעאַמטע. דער דאָזיגער בעאַמטער איז געוועהנט געווען ביי יעדע בקשה צו נעהמען שוחד. אָבער אזוי ווי עס האָט איהם נישט געפּאַסט צו רעדען מיט'ן רב אָפען וועגען דעם, האָט ער עס געמאַכט אויף אנ'איידעלען אופן און געגעבען אָנצוהערעניש, אז אזוי ווי ער איז א געוויסען בראָדער סוחר שולדיג א סומע געלד, לכן בעט ער דעם רב, ער זאָל אזוי פריינדליך זיין און ערלעדיגען פאַר איהם ביים סוחר די געהעריגע סומע...

— עס איז מיר דערמיט פערענטפערט געוואָרען — האָט נאכהער רבי אפרים זלמן ערקלערט — פאַרוואָס עס שטעהט ביי אברהמ'ן: „וישקול אברהם לעפרון את הכסף וכו' עובר לסוחר", וואָס מיינט מען „עובר לסוחר"? נאָר, ווי עס ווייזט אויס, האָט עפרונ'ען, דעם נשיא פון בני חת, נישט געפּאַסט אליין קיין געלד צו נעהמען, און דאָס געלד איז ערלעדיגט געוואָרען דורך א צווייטע האַנד, „עובר לסוחר", דורך אנ'אָנווייזונג צו א סוחר...

## ואברהם זקן בא בימים... (כב. א.)

„בא בימים", יעדער טאָג — ווערט געזאָגט דערויף אין זוהר — האָט פאַר איהם געהאַט א בעדייטונג, קיין שום טאָג איז ביי איהם נישט געגאַנגען לאיבוד...

## וד׳ ברך את אברהם בכל... (כד. א.)

פאראן אזעלכע צדיקים, וועלכע זארגען דער עיקר וועגען זיך, וועגען די אייגענע מצוות און מעשים טובים, אז זיי אליין זאלען זיין אין ארדנונג מיט׳ן רבונו של עולם. גאנץ אנדערש אבער איז דער דרך פונ׳ם אמת׳ן, העכערען צדיק — און דאס איז געווען דער דרך פון אברהם אבינו; ער איז געבענשט געווען מיט דער מדה פון — „בכל", האבענדיג תמיד אין זינען נישט־זיך, נאר דעם כלל...

(רבי לוי יצחק בערדיטשעווער)

„רבי מאיר אומר שלא היתה לו בת, רבי יהודה אומר שהיתה לו בת" (בבא־בתרא טז.)

אין וואס בעשטעהט די פלוגתא צווישען זיי און פארוואס געפעלט נישט רבי מאיר׳ן צו זאגען דאסזעלבע, וואס רבי יהודה? — ווייל אין מנחות מ"ג געפינען מיר, אז רבי מאיר האט מתקן געווען צו זאגען יעדען טאג די ברכה „שלא עשני אשה". ווי מיר זעהען, אלזא, האלט רבי מאיר די פרוי אלס א אונגעראטען בעשעפעניש — און דעריבער, קוים דער־צעהלט אונז דא דער פסוק, אז „וד׳ ברך את אברהם בכל", אז אברהם איז געבענשט מיט אלעמען, איז דערפון, לויט זיין מיינונג, געדרונגען „שלא היתה לו בת", ווארום האבען א טאכטער איז נישט קיין ברכה, פערקעהרט...

(תורה תמימה)

„רבי מאיר אומר, בכל — שלא היתה לו בת" (ב"ב טז.)

און דעריבער — האט דער „כתב סופר" דערויף געזאגט בדרך צחות — ווערט דערביי צוגעגעבען: „ואברהם זקן בא בימים", דען דער רמב"ם שרייבט אין איינע פון זיינע בריעף צו זיין זוהן, אז צוליעב דער טאכטער, מיט וועלכער עס איז איהם שווער א פאסיגען שידוך צו טהון, זענען איהם שוין די האהר גרוי געווארען... אברהם — דער־צעהלט אונז, אלזא, דער פסוק — „זקן בא בימים", איז אלט געווארען צו דער צייט, צוליעב די יאהרען, און דאס איז געווען דערפאר, ווייל „וד׳ ברך את אברהם בכל — שלא היתה לו בת", און „ויאמר אברהם אל עבדו וכו׳" און ער האט געדארפט בלויז א שידוך טהון מיט׳ן זוהן, ווארום וואלט ער געהאט א טאכטער און ער וואלט מיט איהר געדארפט א שידוך טהון, וואלט ער דאן געווארען א זקן פאר די יאהרען, נאך איידער ער וואלט געווען א בא בימים...

„לפי שנאמר למען אשר יצוה את בניו וכו׳ ושמרו דרך ד׳, לכך וד׳ ברך את אברהם בכל..." (בראשית רבה)

וואס האט עס פאר א צוזאמענהאנג?

נאר אזוי איז שוין דער דרך־העולם. אפילו פאר אנ׳אייגענעם טאטען האבען קינדער דרך־ארץ און פאלגען איהם און רעכענען זיך מיט זיינע ווערטער נאר דאמאלס, ווען דער טאטע איז רייך. אנ׳ארימער טאטע האט אויף די קינדער קיין איינפלוס נישט... און דאס אלזא אין אויסען דער מדרש: „לפי שנאמר למען אשר יצוה את בניו וכו׳ ושמרו דרך ד׳", ווייל אברהם האט געשטרעבט מדריך צו זיין די קינדער אין דרך הישר, לכך, איז דעריבער האט ער עס געקענט אויספיהרען, ווייל — „וד׳ ברך את אברהם בכל",

ווייל ער איז געבענשט געווען מיט עשירות, און דערפאר האָט ער געהאַט אויף זיי די געהעריגע השפעה...

(תכלת מרדכי)

צו דער מדה פון „בכל", צו בעגנוגענען זיך און צו זיין בעפרידיגט מיט דעם וואָס מען האָט, קאָן א מענש דערגרייכען נאָר דאן ווען ער איז שוין א „זקן בא בימים", דען אין די יונגערע יאָהען וויפיעל א מענש זאָל נישט האָבען, איז איהם אלץ ווייניג...

(תפארת עוזיאל)

כל־זמן אברהם מיט זיין פאמיליע איז געווען נע־ונד, וואנדערענדיג פון לאנד צו לאנד און פון שטאָדט צו שטאָדט, האָט ער זיך אָבגעהאלטען פון צו טהון א שידוך מיט יצחק'ן און אזוי ארום נאָכמעהר צו פערגרעסערען די וואנדער־משפחה, אָבער איצט, ווען „וד' ברך את אברהם", ווען ער האָט זיך שוין געהאַט איינגעזעצט אויף אַנ'אָרט, געהאַט שוין אנ'אייגענע נחלה: „השדה והמערה אשר בו וכל העץ אשר בשדה אשר בכל גבולו סביב", און עס האָט איהם שוין קיין שום זאך נישט געפעהלט, ערשט איצט: „ויאמר אברהם אל עבדו וכו' ולקחת אשה לבני יצחק"...

(הכורם)

און דערפאר איז אויך „אין הנבואה שורה אלא על חכם גבור ועשיר", אין פלוג: מיט וואָס איז עס דער עשיר אזא יחסן, אז ער זאָל צוליעב עשירות זוכה זיין צו נבואה? נאָר די אויפגאבע פונ'ם נביא איז צו מוסר'ן דאָס פאָלק און עס מעורר צו זיין צו מעשים־טובים, און אום זיין ווארט זאָל געהערט ווערען און האָבען די נויטיגע ווירקונג, איז געוואונשען, אז ער זאָל דערצו אויך זיין אנ'עושר, וואָרום אנדערש וועט מען זיך פון איהם אויסלאכען און חוזק מאכען, דען — „חכמת המסכן בזויה"...

(דרשות הר"ן)

בשעת דער ליסער רב, רבי יעקב, איז געוואָרען רב אין ליסא, האָט ער די ערשטע צייט געהאַט אין שטאָדט א סך געגנער.

— וואָס האָט איר אייגענטליך צו מיר — האָט ער זיך געווענדעט צו איינעם פון זייערע הויפט־פיהרער — צי דען בין איך נישט קיין בקי בתורה, בין איך אפשר צו־ווייניג למדן פאר אייך?

— צו אייער לומדות, רבי — האָט יענער ערקלערט — האָבען מיר גאָרנישט אָבער איהר זענט צו־יונג און עס שטעהט אונז נישט אָן, אז אזא יונגערמאַן זאָל פערנעה־מען דאָס בעריהמטע ליסער רבנות.

— אויב נאָר דאָס איז דער חסרון — האָט איהם דער ליסער רב געענטפערט — בין איך אייך מבטיח, אז ביסלעכווייז, מיט יעדען טאָג, וועל איך דעם דאָזיגען פעהלער אויסבעסערען...

דער לובלינער רב, דער בעל „נודע בשערים", איז אויסער רב אויך געווען א גרויסער וואלד-סוחר, וועלכער האָט עקספּאָרטירט סחורות נאָך דאנציג. דער דאָזיגער רייכער רב פלעגט שטענדיג איינ'טענה'ן מיט דעם דיין זיינעם, א איד א אביון, אז יעדער

מענש דארף זיין א שמח בחלקו, זיך קיינמאָל נישט קלאָגען און ווי שלעכט עס זאָל איהם נישט זיין, איז „חייב אדם לברך על הרעה כשם שמברך על הטובה״.

ויהי היום, האָט דער רב אוועקגעשיקט נאָך דאנציג א גרויסען טראנספאָרט האָלץ, וואָס האָט אָנגעטראָפען א הון רב, און אויפ׳ן וועג האָט זיך לא־עלינו געטראָפען אנ׳אומ־גליק, א פערפלייצונג איז אויסגעבראָכען און פונ׳ם גאנצען געהילץ איז קיין שריד־ופליט נישט געבליבען.

היות ווי קיינער פון די פער׳דאגה׳טע בני־בית האָט נישט געוואגט אריינצוגעהן אָנזאָגען איהם די טרויעריגע בשורה, האָט די דאָזיגע מיסיע גענומען אויף זיך דער דיין. ער איז אריין צום רב און מיט איהם פערפיהרט א שמועס איבער זיין בעליעבטע טעמע וועגען „חייב אָדם לברך על הרעה כשם שמברך על הטובה״, און דאן איז ער פאָרזיכטיג צוגעטרעטען צום ענין:

— נו, און איהר — מאכט ער — רבי, פיהלט איהר טאקי ביי זיך, אז איהר וואָלט אימשטאנד געווען מקיים צו זיין דעם דאָזיגען מאמר?

— געוויס. זיכער. ווי דען?

— אויב אזוי, איז זייט־זשע וויסן, אז... אייער געהילץ איז פערפלייצט געוואָרען.

דער רב ווערט שרעקליך בלייך און צוטומעלט:

— הא?!...

— רבי — מאכט צו איהם דער דיין — אויך דער „הא״ איז איבעריג...

און פון דאן אָן פלעגט טאקע ארומגעהן אין לובלין א ווערטעל: „אויך דער הא איז איבעריג״...

וד׳ ברך את אברהם בכל — ער האָט איהם געבענשט מיט דער מדה פון „כל״, ער זאָל זיך מיט אלעמען צופרידענשטעלען...

(אור לישרים)

און דאָס איז אויך דער טייטש: „דורשי ד׳ לא יחסרו״, די דורשי ד׳ פעהלט גאָר־נישט, ווייל — „כל טוב״. אלץ איז ביי זיי גוט....

(רבי אברהם יעקב סאדיגורער)

## ויאמר אברהם אל עבדו זקן ביתו... (כד. ב.)

עס איז מערקווירדיג, וואָס אין דער גאנצער פרשה פון חיי שרה ווערט אליעזר קיין איין מאָל נישט אנגערופען ביים ריכטיגען נאָמען און עס ווערט בכלל נישט אנגע־וויזען בפירוש, אז דער „עבד״ איז געווען אליעזר...

## זקן ביתו בכל אשר לו... (כד. ב.)

געוועהנליך, אין עניני פרומקייט און כשרות גלויבט איין איד דעם צווייטען אויפ׳ן וואָרט, מעג יענער זיין א ווילד־פרעמדער. זאָל אָבער דערזעלבער וועלען לייהען ביי איהם א גמילות־חסד, דאן וועט ער שוין, פערשטעהט זיך, אזוי לייכט נישט געבען אָהן א געהע־ריגער בוואָרעניש און אָהן געגוי צו וויסען פריהער, ווער און וואָס יענער איז...

אנדערש אָבער האָט זיך אויפגעפיהרט אברהם. אין געלד-זאכען האָט ער פון אליעזר׳ן נישט געפאָדערט קיין בעוואָרעניש, האָבענדיג צו איהם דעם פולסטען צוטרוי — „זקן ביתו המושל בכל אשר־לו״... קוים אָבער איז געקומען צו א דבר־מצוה, צו פערהיטען יצחק׳ן, ער זאָל נישט נעהמען קיין ווייב פון די בנות־כנען, דאָ האָט ער שוין נישט געוואָלט גלויבען אליעזר׳ן אויפ׳ן בלויזען וואָרט, פערלאנגענדיג פון איהם, אלס בעוואָרעניש, א פייערליכע שבועה: „שים נא ידך תחת ירכי״...

(באר מים חיים)

## המושל בכל אשר לו...

דידאָזיגע ווערטער געהען ארויף אויף אברהם׳ן. דאָס דערצעהלט אונז די תורה אויף איהם א שבח, אז ער איז געווען א „מושל בכל אשר לו״, אז ער האָט געוועלטיגט איבער זיין פערמעגען, אין געגענזאץ צום רוב גבירים, וועלכע זענען נישט קיין מושלים איבער זיך, וועלכע האָבען, ליידער, איבער זייער אייגען געלד קיין שליטה נישט...

(כלי יקר)

## לא תקח אשה לבני מבנות הכנעני... (כג. ג.)

דערויף ווערט געזאָגט אין רבינו בחיי: „ועל כן הוקבע בישראל מנהג לקרות פרשה זו לחתן בימי חתונתו״.

ווי עס איז דערפון צו זעהען, איז פאַרצייטענס געווען ביי אידען א מנהג פאָרצו־ליינען פאר׳ן חתן אינ׳ם חופה־טאָג די דאָזיגע פרשה אין חיי־שרה, וואו עס רעדט זיך וועגען יצחק׳ס שידוך מיט רבקה׳ן...

## וכל טוב אדוניו בידו... (כד. י.)

מיט דער מיסיע, וואָס אברהם האָט איהם איבערגעגעבען, אויסצוזוועהלען א פרוי פאר זיין זוהן יצחק, איז אין אליעזר׳ס הענד געלעגען „כל טוב אדוניו״, זיין גאנץ גליק, זיין ווייטערער שיקזאל, זייענדיג פון איצט אָן אָנגעוויזען דערויף, וואָס פאר א שנור אליעזר וועט איהם ברענגען אין שטוב אריין: צי וועט זי זיין אזעלכע, וועלכע וועט פעראייניגען אין זיך די גוטע מדות פון דער פערשטאָרבענער שרה און פיהרען דאָס הויז אין איהר גייסט, אָדער חלילה א מרשעת, וואָס וועט דעם שווער איהרען אויף די עלטערע יאָהרען דאָס לעבען פערביטערען...

(המגיד)

## ויברך הגמלים מחוץ לעיר וכו׳ לעת צאת השואבות... (כד. יא.)

אנשטאָט צו פערפאָהרען אין א לייטישער אכסניא, ווי עס וואָלט געפאַסט פאר׳ן פערוואלטער פון אברהם׳ס הויז, איז ער אוועק צו דער הינטערשטאָדטישער ברונען, און דוקא פארנאכט „לעת צאת השואבות״, ווען עס קומען זיך צונויף דאָרט מיט וואסער־קאַנען אויף די אקסלען די פרויען און דינסטען פון פראָסטען המון, דען בשעת מען געהט זיך

פרעגען אויף א שידוך, איז עס דאָס סאמע פאסענדע אָרט און די סאמע פאסענדע געזעל־שאפט ביי וועלכער מען קאָן פון זייער רכילות און ניין מאָס רייד, געגוי דערוויסען זיך, ווער און וואָס די כלה איז, איהרע מעלות און חסרונות...

(אהל יעקב)

## היש בית אביך מקום לנו ללין... (כד. כג.)

דערפאר האָט איהר אליעזר געשטעלט דידאָזיגע פראגע, ווייל טאָמער — האָט ער זיך געטראכט — נעהמט זיך איהר גוטהארציגקייט דערפון, וואָס זי שטאמט פון אנ׳אָרים הויז, און „אָרימעלייט האָבען גוטע הערצער״; מיט׳ן מאָמענט אָבער ווען זי וועט אריינ־קומען אין אברהמ׳ס פאלאצען, וועט זי, ווי דער שטייגער איז פון אויפגעקומענע אביונים, מיט איינמאָל פערוואנדעלט ווערען אין א שטאָלצע בייזע בעל־הבית׳טע, וואָס ווייסט מעהר פון קיין רחמנות נישט... און דעריבער האָט ער געוואָלט וויסען, ווי־אזוי זיי וואוינען, ווי־אזוי זייער דירה זעהט־אויס — „היש בית אביך מקום לנו ללין״...

(הדרש והעיון)

און דאָס איז דער טייטש „פזר נתן לאביונים״: די מדה פון פזרנות, רחמנות און גוטהארציגקייט האָט דער אויבערשטער געגעבען נאָר צו די אביונים...

(רבי שמעלקי מניקעלשבורג)

## ויישם לפניו לאכול ויאמר לא אוכל עד אם דברתי דבו״י... (כד. לג.)

פארוואָס האָט ער נישט געוואָלט פריהער עסען?

ווערט געענטפערט דערויף מיט א לומדיש פשט׳ל: אין טור אבן־העזר ווערט בעטראכט דער פאל פון „השולח סבלונות לבית חמיו״, אויב דער חתן האָט געשיקט מתנות צו דער כלה און נאכהער איז אבגעגאנגען דער שידוך, צי האָט דער חתן דאָס רעכט צו פאָדערן די מתנות צוריק, אָדער נישט? פסקנ׳ט דער רמ״א, אז עס איז געווענ־דעט: אויב דער חתן פלעגט במשך פון דער צייט קומען צו דער כלה אין הויז און דאָרט עסען, דארף מען איהם די מתנות נישט אומקעהרען, אויב אָבער ער האָט קיינמאָל דאָרט נישט געגעסען, מוז מען איהם צוריקגעבען די מתנות.

אין פסוק ווערט פריהער דערצעהלט, אז אליעזר (און א קיימא־לן האָבען מיר דאָך, אז שלוחו של אדם כמותו) האָט געגעבען רבקה׳ן מתנות: „נזם זהב ושני צמידים״ וכו׳, און היות ווי ער איז דאָך נישט זיכער געווען, צי פונ׳ם שידוך וועט עפּיס ווערען, צי די עלטערען וועלען מסכים זיין, איז אויב ער וועט דערווייל אוועקזעצען זיך עסען און נאכהער וועט חלילה פון שידוך גאָרנישט ווערען, וועט ער דאָך לויט׳ן דין נישט קענען מאהנען צוריק די סבלונות, די געגעבענע מתנות, און דעריבער האָט ער ער־קלערט: „לא אוכל עד אם דברתי דברי״, פריהער וויל איך אלץ אָברעדען און וויסען, צו איהר זענט מסכים אויפ׳ן שידוך, טאָמער נישט — זאָל ער נישט דארפען היזק האָבען די מתנות...

(משנת דר׳ אליעזר)

„למה תלמיד חכם דומה בפני עם הארץ? בתחילה דומה לקיתון של זהב, נהנה ממנו דומה לקיתון של חרס" (סנהדרין נב.)

און דעריבער האָט אליעזר נישט געוואָלט עסען, ביז ער וועט אברייידען, ווייל אויב ער וואָלט פריהער געגעסען מיט זיי, וואלטען זיי פערלוירען צו איהם דעם דרך־ארץ און זיינע רייד וואלטען דאן נישט געהאט מעהר די נויטיגע ווירקונג און חשיבות...
(תוספת ברכה)

מען האָט אמאָל דעם דובנער מגיד געריפען אויסצוגלייכען א סכסוך צווישען צוויי מחותנים. געהאנדעלט האָט זיך וועגען א זעהר אָריגינעלען סכסוך: דער אבי־הכלה, וועלכער האָט פערבעטען צו זיך די מחותנים און געפראוועט פאר זיי א סעודה, איז אליין געווען א בעל־אכסניא און דערצו א מורא׳דיגער קמצן. נאָכדעם ווי דער שידוך איז שוין געהאט געשלאָסען געוואָרען און מען האָט זיך דערלאנגט תקיעת־כף, האָט ער פערלאנגט פון די מחותנים, זיי זאָלען איהם בעצאָהלען פאר דער סעודה, מיט וועלכע ער האָט זיי מכבד געווען, מחמת בשעת מען האָט זיך אוועקגעזעצט צום טיש עסען — האָט ער געטענה׳ט — זענען זיי נאָך דאמאָלס קיין מחותנים נישט געווען, נאָר געוועהנליכע געסט, וועלכע ער, אלס בעל־אכסניא איז נישט געוועהנט צו קארמע־נען בחנם...

אויסהערענדיג די אָריגינעלע טענות, רופט זיך אָן דער דובנער, אז איצט איז איהם פערענטפערט, פארוואָס אליעזר האָט געזאָגט: „לא אוכל עד אם דברתי דברי". אין פלוג: פארוואָס האָט ער נישט געוואָלט פריהער עסען? נאָר דאָס איז משמעות דערפאר, ווייל אליעזר האָט דערזעהן, אז ער האָט צו טהון מיט א לבן, האָט ער דעריבער מורא געהאט, אז אויב ער וועט זיך אוועקזעצען עסען איידער פון שידוך איז נאָך עפּיס געוואָרען, וועט זיך לבן דער מחותן הייסען שפּעטער דערפאר בעצאָהלען מי־יודע וויפיעל...

## ויאמר עבד אברהם אנכי... (כד. לד.)

דען על־פי־רוב איז א שדכן א שטיקעל ליגנער און בעל־גוזמא, וואָס בכדי צו־נויפצופיהרען א וואנד מיט וואנד איז ביי איהם רעכט אויסצוטראכטען נישט־געשטוי־גענע מעשיות... און דעריבער האָט אליעזר דער שדכן געהאלטען קודם־כל פאר נויטיג צו ערקלערען: זייט וויסען, „עבד אברהם אנכי", און אברהם׳ס א מענש זאָגט נישט קיין ליגען...

(כפלים לתושיה)

דער „חפץ חיים" איז אמאָל געקומען אין א שטעדטעל אריין, האָט ער זיך א גאנצען טאָג נישט געגעבען פאר קיינעם צו דערקענען און נישט געזאָגט, ווער ער איז: ערשט אין אָווענד, ווען ער איז אוועק אויף אנ׳אכסניה און זיך געהייסען דערלאנגען עפּעס עסען, איז ער צוגעגאנגען צום בעל־הבית און זיך פאָרגעשטעלט, אז ער איז דער מחבר פון „חפץ חיים". בעת דער עולם אין שטעדטעל האָט זיך דערוואוסט, וואָס פאר א חשוב׳ן גאסט זיי האָבען און מען איז איהם געקומען מקבל פנים זיין, האָבען אייניגע פאר איהם אויסגע־דריקט זייער פערוואונדערונג, פארוואָס ער האָט פאר אלעמען א גאנצען טאָג געהאלטען

בסוד און עס מגלה געווען בלויז דעם בעל־הבית פון דער אכסניה? — האָט דער „חפץ חיים" געענטפערט:

— בשעת אליעזר איז געקומען מיט זיין שליחות צו בתואל'ן האָט ער די גאנצע צייט פריהער נישט געזאָגט, ווער ער איז, ערשט ווען ער האָט זיך אוועקגעזעצט צום טיש און מען האָט איהם דערלאנגט עסען, האָט ער זיך געגעבען צו דערקענען און זיך פאָר־געשטעלט: „עבד אברהם אנכי"... איהר זאָלט וויסען — ער איז דערמיט אויסען געווען אויפמערקזאם צו מאכען די בעלי־בתים — אז איך בין אנ'עבד פון אברהם און אברהם'ס אנ'עבד איז שטארק נזהר און מקפיד אויף כשרות...

## אלי לא תלך האשה אחרי... (כד. לט.)

„אלי כתיב, בת היתה לו לאליעזר והיה מחזר למצוא עילה וכו' להשיאו בתו" (רש"י)

פרעגט מען דערויף: פארוואָס ווערט נישט דאָס זעלבע גע'דרשנ'ט פון „אולי לא תאבה האשה ללכת אחרי" (כד. ה.)? פארוואָס איז דאָרט נישט דאָס וואָרט „אולי" חסר?

נאָר — האָט געזאָגט דערויף רבי יצחק וואָרקער — בשעת אליעזר האָט די דאָזיגע ווערטער געזאָגט צו אברהמ'ן, האָט ער דאן די העזה נישט געהאט צו טראכטען בשעת מעשה אזעלכע זאכען, אז יצחק זאָל זיך משדך זיין מיט זיין טאָכטער. ערשט שפעטער, זיצענדיג מיט בתואל'ן און מיט לבנ'ען, האָט ער בעקומען אין זיך די דאָזיגע דרייסטקייט, האלטענדיג, אז אין פערגלייך מיט זיי איז ער א פיעל גרעסערער חשוב און עס פאסט איהר גיכער צו זיין אברהמ'ס מחותן...

„אלי כתיב, בת היתה לו לאליעזר וכו'..." (רש"י)

לויט'ן כתיב פון „אלי" וואָס פאר א זין האָבען די ווערטער און ווי אזוי לאָזט זיך דאן טייטשען דער פסוק: „אלי לא תלך האשה אחרי" (צו מיר זאָל די פרוי נישט געהן)?...

רבי יהודה לייב מזאליקוב, אין זיין ספר לקוטי מהר"ל, וויל דעריבער האָבען, אז עס איז א וועלט־גרייז, וואָס דארף אויסגעבעסערט ווערען. עס דארף זיין נישט „אלי כתיב", מיט א פתח, נאָר „אלי כתיב" מיט א חיריק, און דער זין איז, אליעזר האָט מת־פלל געווען: „אלי! (מיין גאָט), לא תלך האשה אחרי", הלואי זאָל די פרוי נישט וועלען געהן מיט מיר...

פריהער, בשעת אליעזר האָט געפרעגט אברהמ'ן: „אולי לא תאבה האשה ללכת אחרי", איז עס גאנץ ריכטיג געווען פון זיין זייט און אויפ'ן אָרט. ער האָט געוואָלט וויסען, ווי אזוי ער האָט צו האנדלען אין אזא פאל, אויב רבקה וועט נישט וועלען געהן מיט איהם. איצט אָבער, בעת ער האָט געשילדערט פאר בתואל און לבנ'ען די שבחים פון בית אברהם און פון יצחק'ן, צוליעב וואָס האָט ער זיי פלוצים געדאַרפט דערצעהלען, אז ער האָט געפרעגט אברהמ'ן: „אולי לא תאבה האשה ללכת אחרי"? איז נישט אנ־דערש, נאָר „בת היתה לו לאליעזר וכו'", און ער האָט זיי דאָס בכיון דערצעהלט, כדי זיי זאָלען חרטה האָבען און זיך טראכטען: וויבאלד אליעזר האָט געשטעלט אברהמ'ן די

**שאלה „אולי לא תאבה האשה", מן הסתם איז דאָ עפּעס א חסרון אין דעם שידוך, מסתמא איז דאָ א גרונד נישט צו וועלען...**

(ר' חיים בריסקער)

צו רבי מענדעלי קאָצקער איז אמאָל געקומען א געוויסער רבי מיט א בקשה, ער זאָל אונטערשטיצען די קאנדידאטור פון זיינעם א חסיד, וועלכער האלט ביי ווערען רב אין ביאַלע. אויפ'ן פאַרוואורף, וואָס דער קאָצקער האָט געמאכט, אז ביי אויפנעהמען א רב דארפען אויסגעמיטען ווערען פערזענליכע נגיעות, האָט יענער רבי געשוואוירען, אז ער טהוט עס נישט, חלילה, צוליב קיין שום פניות, נאָר בלויז דערפאַר, ווייל ער געפינט, אז דער דאָזיגער חסיד זיינער איז ראוי לאותה אצטלא. דער קאָצקער אָבער האָט איהם נישט געוואָלט נאָכגעבען און אויפגענומען איז טאקי געוואָרען אין ביאלע אנ'אנדערער רב.

לימים, אין א צייט ארום, ווען דער קאָצקער האָט זיך ווידער אמאָל צונויפגעטראָפען מיט'ן זעלבען רבי'ן, פרעגט ער איהם:

— נו, איצט זאָגט מיר דעם אמת, זענט איהר דאמאָלס נישט געווען א נוגע?

— צוליעב וואָס פרעגט איהר דאָס? — וואונדערט זיך דער רבי — אויב איהר האָט מיר דאמאָלס נישט געגלויבט, וועט איהר מיר דען איצט יאָ גלויבען?

ענטפערט איהם דער קאָצקער:

אויף די ווערטער פון אליעזר'ן „אלי לא תלך האשה אחרי", זאָגט רש"י: „אלי כתיב, בת היתה לו לאליעזר", אז ער איז, הייסט עס, געווען א נוגע בדבר. פרעגען דערויף די מפרשים: פארוואָס איז נישט דער „אולי" חסר אין פריהערדיגען פסוק: „אולי לא תאבה האשה ללכת אחרי"? דאָרט, בשעת ער האָט גערעדט מיט אברהם'ן, פון וועלכען ער האָט ערוואַרט אנ'ענטפער אויף זיין שאלה, וואָלט דאָך גיכער געפּאסט צו דרשנ'ען דעם דאָזיגען דרש? נאָר דער תירוץ איז: פריהער האָט אליעזר גאָרנישט געפיהלט, אז דעם „אולי לא תאבה האשה ללכת אחרי" זאָגט ער דערפאר, ווייל ער האָט א טאָכטער, דען דער נוגע בדבר פיהלט גאָר אָפט נישט, אז ער איז א נוגע... ערשט שפּעטער, לאחר המעשה, ווען ער איז שוין געווען אין ארם נהרים און דער פלאן מיט זיין טאָכטער איז דורכגעפאלען, ערשט דאמאָלס האָט ער דערפיהלט, אז מיט זיין „אולי", וואָס ער האָט געהאט געפרעגט אברהמ'ן, איז ער געווען א נוגע...

„בני ברוך ואתה ארור, ואין ארור מדבק בברוך"... (רש"י).

אין פלוג, קוים איז די מניעה מצד דעם „ברוך", וועלכער וויל זיך נישט משדך זיין מיט'ן „אָרור", וואָלט דאָך געדארפט שטעהן פערקעהרט: „ואין ברוך מדבק באָרור"... נאָר אזוי איז שוין דער שטייגער אין לעבען: דוקא דער גראָבער יונג, דער „אָרור", שטעהט גאָר אין גרויסען, איהם גאָר פאסט נישט דער שידוך!...

„אלי כתיב, בת היתה לו לאליעזר" וכו'... (רש"י).

פון וואנען נעהמען עס די חז"ל און וואָס האָט זיי געגעבען א גרונד דערצו, חושד־צו־זיין דעם טרייען אליעזר'ן אין פערזענליכע פניות? — ווייל וועגען בעגריף פון צווייפעל און אונזיכערקייט זענען פאַרהאַן אין תנ"ך צוויי אויסדריקען: „פן" און „אולי", פון וועל־

**כע יעדער האָט א בעזונדערע בעדייטונג: „פּן" ווערט בענוצט אין פאל, ווען מען וויל נישט, אז די זאך, וועגען וועלכער מען צווייפעלט, זאָל זיך בעשטעטיגען, ווי למשל: „פּן יפתה לבבכם", „פּן יהיה דבר עם לבבך בליעל" א. אז. וו. הלואי, הייסט עס, זאָל נישט קומען דערצו. דאגעגען „אולי" האָט א פערקעהרטע בעדייטונג: ווען מען ווינשט זיך אין הארצען, אז דאָס, אין וועלכען מען צווייפעלט, זאָל זיך ארויסווייזען פאר אנ'אמת, ווי „אולי אבנה ממנה", „אולי יש חמשים צדיקים", „אולי ישא פני"... אויב, אלזאָ — האָבען די חז"ל מדייק געווען — אליעזר זאָל געווען ווירקליך וועלען, אז הלואי זאָל דער ספק זיך נישט ארויסווייזען פאר ריכטיג, וואָלט ער דאָך געדארפט איז אזא פאל זיך אויסדריקען: „פּן לא תלך האשה"; קוים האָט ער אָבער בענוצט דאָס וואָרט „אולי", הייסט דאָך עס פערקעהרט, אז ער האָט זיך געוואונשען, עס זאָל טאקע זיין אזוי, און דערפון איז אלזאָ א בעווייז, אז „אלי כתיב", אז ער האָט געהאט דערביי א פּערזענליכע פּניה...**

(ווילנער גאון)

פרעגט מען דערויף: לויט דערדאָזיגער ערקלערונג פון ווילנער גאון, ווי אזוי וועט מען טייטשען דעם פסוק אין תולדות (כז. יב.) — „אולי ימושני אָבי"?

דידאָזיגע פראגע ווערט אויך געפרעגט אין ספר „הכתב והקבלה" פון רבי יצחק־צבי מעקלענבורג, וועלכער פרובט פערענטפערן דעם פשט פון „אולי ימושני אָבי" אויף צוויי אופנים:

ערשטענס — דאָס וואָרט „אולי" געהט נישט ארויף אופ'ן גאנצען ווייטערן פסוק, נאָר בלויז אויפ'ן וואָרט „ימושני", און דער זין איז אזוי: „אולי ימושני אָבי", — אז דער פאָטער זאָל ארויפלעגען די הענד אויף איהם, דאָס האָט יעקב געוואָלט, הלואי זאָל עס טאקע אזוי זיין, דען דאס איז א סגולה, אז די ברכה זאָל חל זיין (ווי ביי ברכת מנשה ואפרים און ביי דער ברכה פון משה צו יהושע); מורא האָט ער געהאט בלויז פאר דער צווייטער זאך — טאָמער וועט ער איהם דערביי דערקענען און „והייתי בעיניו כמתעתע" וכו'...

א צווייטער פשט: יעקב, אלס איש־תמים און איש־האמת, איז נישט איבריג צופרידען געווען פון רבקה'ס עצה אויסצונארען די ברכה בדרך־רמאות און ער האָט זיך דעריבער אויסגעדריקט: „אולי ימושני אָבי", — הלואי זאָל טאקע געשעהען אזוי, אז דער פאָטער זאָל איהם דערקענען און ער זאל איהם פערשפארען אבצונארען...

הרב סאָראָטשקין פון סטאָלפּצי ברענגט א ראיה צום דאזיגען צווייטען פירוש פון מדרש (ווערט געבראכט אין „ילקוט שמעוני"), וואו עס ווערט געזאָגט: „וילך ויקח ויבא לאמו — אָנוס וכפוף ובוכה", דערמיט ווערט אלזאָ דייטליך אָנגעוויזען, אז עס איז יעקב'ן געווען דערווידער צו בעקומען די ברכות בדרך ערמה; נאָר ער האָט זיך נישט געקאָנט געגענשטעלען דער מוטער'ס רצון, און אויף אזא אופן איז טאקע, „אולי ימושני אָבי" א־וואונש: הלואי זאָל עס געשעהען און די זאך זאָל נישט צושטאנדקומען.

אויך רבי צבי חיות, אין זיינע חידושים אויף סוף מכות כ"ד, טייטשט דעם דערמאָהנטען פסוק אויפ'ן זעלבען אופן: „דלא חפץ לשקר באמת כל־שהוא וחפץ שימיש אותו אבא".

אויף אנ'עהנליכען שטייגער ווערט אין נאָמען פון רבי יצחק־דוב ווירצבורגער געטייטשט דער פסוק (איוב א. ה.): „כי אָמר אולי חטאו בני וברכו אלקים בלבבם" (דען לויט'ן גאונ'ס פירוש וואָלט דאָך דאָ געדארפט זיין „פן חטאו בני"), אז דער פשט איז, דאס איוב האָט געבעטען, הלואי זאָל דער „חטאו בני" בלויז זיין „בלבבם", זיי זאָלען האָבען געזינדיגט בלויז אין הארצען, נישט אין דער ווירקליכקייט.

אָבער דאָס איז א פירוש דחוק, און חוץ־דעם פרעגט זיך א פראגע: ווי־אזוי וועט לויט'ן גאונ'ס

פשט געטייטשט ווערן דער פסוק (בראשית יח. כח.): „אולי יחסרון חמשים הצדיקים חמשה"? הלואי עס זאָלן פעהלען!?

דערזעלבער ענין ווערט אויך ברייט ארומגעשמועסט אין „דברי שאול" פון רבי יוסף־שאול נאטאנזאָהן, וועלכער שטעלט זיך אויך אויפ'ן פסוק אין איוב „אולי חטאו בני" און אויפ'ן פסוק „אולי יחסרון חמשים הצדיקים חמשה", און ער קומט דעריבער צום אויספיהר, אז די דערמאָהנטע ערקלערונג וועגען דעם אונטערשיד צווישען „פן" און „אולי" איז נישט ריכטיג. און רבי יוסף־שאול פיהרט־אויס: „אבל לי נראה ההבדל שמלת אולי יאמר כשהדעת נוטה שיהי' כן, ופן יאמר כשאין הדעת נוטה שיהי' כן ודו"ק ותשכח"...

אגב ווערט דיזעלבע ערקלערונג וועגען דעם אונטערשיד צווישען „אולי" און „פן" געבראכט אין ספר „עין דוגל" פון בעל „אפיקי יהודה" נישט אין נאָמען פון ווילנער גאון, נאָר „בשם החכם המדקדק מו"ה עמנואל איש בניינטא"...

## ואבא היום אל העין... (כד. מב.)

„היום יצאתי והיום באתי, מכאן שקפצה לו הארץ" (רש"י)

מיט וואָס האָט ער זיי געקענט איבערצייגען, אז עס איז אמת?

מיט די „מגדנות". אויפן „ומגדנות נתן לאחיה ולאמה" זאָגט רש"י: „מיני פירות", און ביי פירות זאָגען די חז"ל אין ביצה, לאָזט זיך לייכט דערקענען, צי זיי זענען אָבגע־ריסען געוואָרען פון בוים אינ'ם זעלבן טאָג...

(רבי עקיבא קריניצער מקראָקא)

אויפ'ן פסוק „וכל טוב אדוניו בידו" זאָגט רש"י: „שטר מתנה נתן לו ליצחק". לויט'ן דאטום פון שטר האָט מען אלזאָ גלייך געקענט פעסטשטעלען, ווען ער איז ארויס פון אברהם'ס הויז...

(רבי ר' העשעל)

א געוויסען רבי'ן האָט מען אמאָל געערעדט א שידוך פאר זיין זוהן מיט א גביר'ישע טאָכטער פון א ווייטער שטאָדט. דעם רבי'ן איז דער שידוך געפעלען און ער איז אהינ־געפאָהרען שרייבען תנאים. אויפ'ן וועג, אָבשטעלענדיג זיך אין אנ'אכסניה, האָט ער זיך בעגעגענט מיט עטליכע חסידים, וועלכע האָבען, דערהערענדיג וועגען דעם שידוך, וואָס דער רבי געהט טהון, גענומען אויסריידען אויפ'ן גביר'ישען מחותן און זיין טאָכטער כל דבר אסור.

— איצט — רופט זיך אָן דער רבי צו זיי — איז מיר פערשטענדליך, פארוואָס אויפ'ן פסוק „ואבוא היום אל העין" זאָגט רש"י „היום יצאתי והיום באתי, מכאן שקפצה לו הדרך". אין פלוג איז דאָך קשה: צוליב וואָס עפעס האָט אליעזר געדארפט האָבען קפיצת־הדרך? וואָס האָט ער עס אזוי קיין צייט נישט געהאט אז עס זאָל דויערען נאָך עטליכע טעג? נאָר ווען אליעזר וואָלט זיך געשלעפט נאָך עטליכע טעג צייט אין וועג און אָבגעטרעטען אין פערשידענע קרעטשמעס און אכסניות, וואָלט ער זיכער ערגיץ־וואו אָנגעטראָפען אויף עטליכע חסידים, וועלכע וואָלטען אויסגערעדט אויף בתואל'ן מיט רבקה'ן כל דאָס בייז און ווער ווייסט, צי עס וואָלט דאן געוואָרען פון שידוך, צי אליעזר

וואָלט זיך דאן נישט אויפגעהויבען אין מיטען וועג און צוריק אהיימגעפאָהרען, און כדי דאָס אויסצומיידען האָט ער דעריבער געמוזט האָבען קפיצת־הדרך...

## ואשאל אותה ואומר בת מי את וכו׳ ואשים הנזם על אפה... (כד. מז.)

„שנה הסדר שהרי תחלה נתן ואח״כ שאל״ (רש״י)

פארוואָס האָט ער טאקי משנה געווען דעם סדר?

האָט געזאָגט דערויף דער חכם צבי:

אין דער גמרא ווערט דערצעהלט: „ההוא גברא דאמר להו, הבו ליה ארבע מאה זוזי לפלוני ולנסיב ברתי, אמר רב פפא: ארבע מאה שקיל, וברתיה — אי בעי נסיב, אי בעי לא נסיב, טעמא דאמר הבו ליה ולנסיב, אבל אי אמר: לנסיב והבו ליה, אי נסיב — שקיל, ואי לא נסיב — לא שקיל״ (ביצה כ׳).

ווען אלזאָ, אליעזר וואָלט געווען דערצעהלט דעם אמת, אז פריהער האָט ער איהר געגעבען די מתנות און ערשט דערנאָך איז ער צוגעטרעטען צו שמועסען וועגען עניך, וואָלט מען איהם געקאָנט ענטפערן, אז די געגעבענע מתנות זענען איהר צו גאָרנישט מחייב און עס האָט דעם דין פון „ארבע מאה שקיל וברתיה אי בעי נסיב, אי בעי — לא נסיב״, האָט ער דעריבער ביים דערצעהלען משנה געווען דעם סדר, בכדי צו געבען דערמיט אָנצוהערעניש, אז די מתנות האָט ער איהר געגעבען לשם קידושין...

## ואקוד ואשתחוה לד׳ וכו׳ אשר הנחני בדרך אמת... (כד. מח.)

געוועהנליך איז א שדכן זיך נוהג צו בענוצען מיט אביסעל שקרים און גוזמאות, אָהן דעם איז אונמעגליך מזווג צו זיין און אויספיהרען א שידוך... אליעזר האָט דעריבער געדאנקט דעם אויבערשטען, „אשר הנחני בדרך אמת״, וואָס עס געלינגט איהם ביים דאָזיגען שידוך צו געהן מיט אמת, אָהן צו בענוצען זיך מיט שקרים...

(רוח חכמים)

בשעת מען האָט דעם ביאלער רבי׳ן, רבי נחום, גערעדט א שידוך מיט׳ן זיווג שני און ער איז זיך צונויפגעקומען מיט די מדוברת, האָט ער געזאָגט צו איהר:

— כדי עס זאָל נישט זיין קיין מקח־טעות האלט איך פאר מיין חוב צו זאָגען אייך פאָראויס: טאָמער האָט אייך ווער איינגערעדט, אז איך בין א גדול בתורה — זאָלט איהר נישט גלויבען, אז כ׳בין א צדיק — איז עס שקר, אז כ׳בין א חכם — הויבט זיך עס נישט אָן, אז כ׳בין אנ׳עושר — איז עס אויסגעטראכט.

רופט זיך אָן צו איהם די פרוי, די מדוברת:

— מילא, דאָס זענען זיינע חסרונות, און וואָס זענען זיינע מעלות?

— די איינציגע מעלה מיינע — ענטפערט ער — איז דאָס, וואָס איך לייקען נישט פאר אייך און זאָג אייך אויס דעם גאנצען אמת...

## ויאכלו וישתו הוא והאנשים אשר עמו... (כד. נד.)

פריהער, בעת זיי האָבען נאָכנישט געוואוסט ווער ער איז און נאָכוואָס ער איז גע־

קומען, ווערט געזאָגט: „ויישם לפניו לאכול", אז מען האָט איהם אליין פערבעטען צום עסען, דאגעגען די מענשען זיינע, די בעגלייטער, האָט מען געלאָזט אין דער זייט און מען האָט, זיי מכבד געווען בלויז מיט וואסער צו וואשען די פיס. ערשט אז זיי האָבען דער־הערט, אז ער איז דער שליח פון רייכען אברהם, וועלכער וויל זיך מיט זיי משדך זיין, ערשט דאן זענען זיי געוואָרען מיטאמאָל ברייטהארציג און פערבעטען אלעמען צום טיש — „ויאכלו וישתו הוא והאנשים אשר עמו"...

(חתם סופר)

## ויאמרו נקרא לנערה ונשאלה את פיה... (כד. נז.)

פארוואָס האָבען זיי פריהער געענטפערט: „הנה רבקה לפניך קח ולך" און מיט־אמאָל האָבען זיי זיך פלוצים געכומען וואקלען און ערקלערט „נקרא לנערה וכו' ?" — ווייל פריהער, זעהענדיג, אז אליעזר האָט מיט זיך אזוי פיעל כלי־כסף וכלי־זהב, זענען זיי זיכער געווען, אז אויך זיי וועלען בעקומען דערפון א חלק, האָבען זיי דעריבער מסכים געווען אויפ'ן שידוך און זיך אָנגערופען: „הנה רבקה לפניך, קח ולך!" נאכהער אָבער, בעת עס איז געקומען צו דער חלוקה און זיי האָבען דערזעהן, אז „ויוצא העבד כלי כסף וכלי זהב ובגדים ויתן לרבקה", אז אלע ווערטפולע חפצים האָט ער אוועקגעגעבען רבקה'ן און — „ומגדנות נתן לאחיה ולאמה", זיי האָט ער בלויז אָבגע'פטר'ט מיט א ביסעל פירות, האָבען זיי גענומען חרטה האָבען אויפ'ן גאנצען עסק און געמורמעלט: „נקרא לנערה ונשאלה את פיה"...

(אלשיך)

## ויברכו את רבקה... (כד. ס.)

אזעלכע נבזים ושפלים! ווי גרויס זייער ליעבשאפט איז געווען צו רבקה'ן, ווי שווער עס איז זיי נעבעך אָנגעקומען צו שיידען זיך מיט איהר, און דאָך — נדן האָבען זיי איהר געגעבען בלויז מיט'ן מויל (יוצא געווען מיט א ברכה)...

(בראשית רבה)

## אחותנו את היי לאלפי רבבה... (כד. ס.)

לבן הארמי — פלעגט זאָגען דערויף רבי חיים וואָלאָזשינער — האָט מסתמא געוואוסט פונם כלל, אז קינדער געראָטען אריין אין דער מאמע'ס ברידער, האָט ער איהר דעריבער געוואונשען: „את היי לאלפי רבבה", אז זי זאָל האָבען א סך קינדער, כדי עס זאָלען זיין א סך רמאים אויף דער וועלט...

לבן האָט מורא געהאט, אז אויב רבקה וועט ווערען א רייכע שנור, וועט זי דאן פערגעסען אין איהר משפחה, האָט ער איהר אָנגעזאָגט:

— „אחותנו", שוועסטער! „את היי לאלפי" אפילו ווען דו וועסט פערמאָגען טוי־זענדער, זאָלסטו געדענקען אינ'ם „רבבה", אז דו ביזט — „רבקה בת בתואל הארמי" (די ראשי תיבות פון „רבבה")...

(ארונו של יוסף)

## ותקם רבקה ונערותיה וכו׳ ותלכנה אחרי האיש ויקח העבד את רבקה וילך... (כד. סא.)

פארוואָס שטעהט פריהער: „ותלכנה אחר האיש״ און נאכהער, אינ׳ם זעלבען פסוק: „ויקח העבד״? פארוואָס ווערט אליעזר דאָס ערשטע מאָל אָנגערופען „איש״, און דאָס צווייטע מאָל — „עבד״?

ענטפערט דערויף רבי שלמה קלוגער:

די גמרא זאָגט: „לעולם היא ברשות האב עד שתכנס לחופה, הלכו שלוחי האב עם שלוחי הבעל עדיין היא ברשות האב, מסרו שלוחי האב לשלוחי הבעל היא ברשות הבעל״ (כתובות מ״ח). כל־זמן, אלזאָ, רבקה איז געווען ברשות אביה, און דאָס זעלבע אויך בשעת „ותקם רבקה ונערותיה״, בשעת זי האָט זיך געלאָזט אין וועג אריין אין דער בע־גלייטונג פון די נערות, די שלוחי האב, איז אליעזר נישט געווען איהר עבד, הגם ער איז געווען דער עבד פון יצחק׳ן (דען אברהם האָט דאָך אָבגעשריבען כל אשר לו ליצחק), און דעריבער ווערט דאַן געזאָגט: „ותלכנה אחרי האיש״. לגבי רבקה׳ן איז ער דאַן געווען א מענש, ווי אלע מענשען... מיט׳ן מאָמענט אָבער ווען „ויקח העבד את רבקה וילך״, ווען די נערות, נאָכ׳ן בעגלייטען איהר א שטיקעל וועג, האָבען איהר איבערגע־געבען צום שליח־הבעל, צו אליעזר׳ן, און זי איז פון דאַן אָן איבערגעגאנגען אין רשות הבעל, איז שוין אליעזר גלייכצייטיג געוואָרען איהר עבד, און דערפאר ווערט שוין דאָ געזאָגט: „ויקח העבד״...

## ויצא יצחק לשוח בשדה... (כד. סג.)

„לשוח לשון תפלה, כמו ישפוך שיחו״ (רש״י)

פארוואָס שטעהט נישט בפירוש: „ויצא יצחק להתפלל בשדה״?

נאָר אזוי דארף זיין דער דרך אין עבודת־השם: שטיל, בעשיידען, אָהן פרסום, אָהן צו רעקלאמירען זיך מיט׳ן פרומקייט. דער זייטיגער מענש, וועלכער האָט באגעגענט יצחק׳ן פארנאכט אין פעלד, איז געווען זיכער, אז ער געהט שפאצירען, באמת אָבער האָט ער דאַן מתקן געווען תפלת מנחה...

(לקט אמרים)

## ותרא את יצחק ותפול מעל הגמל... (כד. סד.)

בשעת דער רבי ר׳ העשעל איז געווען א יונגעל פון א יאָהר צעהן, האָט מען איהם שוין גענומען רעדען שידוכים — און געוועהנליך האָבען זיך אויף אזא כלי־נפלא גע־פונען א סך בעלנים. איין שידוך האָט שוין געהאלטען ביים פערענדיגט־ווערען און די מחותנים זענען געקומען איהם „פערהערען אין לערנען״.

— העשעל, — פרעגט מען איהם ביי זייער אריינקומען, — אנו, טרעף, ווער איז דער כלה׳ס טאטע?

— אָט דער, — ווייזט ער אָן אויף איינעם פון די געסט.

— פון וואנען ווייסטו?

— ווייל — ענטפערט העשעל — כ׳האָב איהם שוין פיינט...

— אויב איהר ווילט, — רופט־זיך־אָן דערויף איינער פון די פערזאמעלטע לומ־

דים, — איז עס טאקע מרומז אין פסוק. עס שטעהט: „ותשא רבקה את עיניה ותרא את יצחק ותפול מעל הגמל״. פון וואנען האָט רבקה געוואוסט, אז דאָס איז יצחק? — נאָר ס׳ווייזט אויס, אז אויך א מאַן דערקענט מען תיכף ביים ערשטען אויגענבליק...

## ותקח הצעיף ותתכס... (כד. סה.)

און דערפון נעהמט זיך דער מנהג, וואָס דער חתן אָדער מחותן (לויט׳ן ארטיגען מנהג) פערדעקט פאר דער חופה דאָס פנים פון דער כלה מיט א דעק־טוך.

פאר דער חופה איז מען זיך נוהג צו זאָגען דעם חתן דברי־מוסר און אָנצוטהון איהם אין א וויסען קיטעל, וואָס זאָל איהם דערמאָהנען אינ׳ם יום־המיתה. און דאָס — האָט דערויף בעמערקט דער טשאָרטקאָווער רבי — איז טאקי מרומז דאָ אין רש״י. אויף די ווערטער „ותקח הצעיף ותתכס״ זאָגט רש״י: „ותתכס לשון ותתפעל — כמו ותקבר ותשבר״...

רבי נפתלי ראָפשיצער איז אמאָל געווען פערבעטען אויף א חתונה און ער האָט בעמערקט, ווי בשעת דער בדחן האָט בעזונגען דעם חתן מיט פערשידענע דברי מוסר איז דער חתן געבליבען זיצען קאלט ווי אייז און קיין טרעהר נישט געלאָזט. האָט זיך דאַן דער ראָפשיצער אוועקגעשטעלט אין דער פאָזע פון א בדחן און זיך געווענדעט צום חתן און געזאָגט:

— הער זיך איין, חתן, א מעשה שהיה. א הירש מיט א הירשין האָבען זיך בע־קענט אין א וואלד און צווישען זיך פריינדשאפט געשלאָסען און געמיטליך שפאצירט. פלוצלינג האָט דער הירש אויפגעציטערט פון שרעק און א זאָג געטהון צו דער הירשין: טייערע פריינדין! מיר מוזען זיך ליידער שיידען, דען די יעגערס מיט די הינד יאָגען זיך נאָך אונז און די געפאהר איז זעהר גרויס.

— ווען וועלען מיר זיך ווידער טרעפען? — פרעגט די הירשין א טרויעריגע — ווען וועלען מיר נאָכאמאָל קאָנען אזוי געמיטליך פערברענגען?

— ווער ווייסט? — האָט דער הירש לויפענדיג געענטפערט — מעגליך, דאָס צונויפטרעפען וועלען זיך שוין בלויז די פעלעכלעך אונזערע ביים פוטער־סוחר אויף דער פאליצע...

ביי די דאָזיגע ווערטער האָט דער חתן אויסגעבראָכען אין א יאָמערליך געוויין און מען האָט געשטעלט די חופה.

„צעיף״ — פלעגט זאָגען רבי הירש רימאנאָווער — איז נוטריקון: „עמך ישראל צריכים פרנסה״. דאָס איז די איינציגע, געגרעכטע טענה, מיט וועלכער מיר דארפען מלמד־זכות זיין אויף אידען און פערדעקען אלע זייערע חטאים ועוונות...

## ויביאה יצחק האהלה וכו׳ ותהי לו לאשה ויאהבה... (כד. סז.)

נישט אזוי ווי אין אונזערע צייטען, ווען פריהער פערליבט מען זיך און שפעטער, נאָך דער חתונה, ווערט די ליבע וואָס ווייטער אלץ מעהר אָבגעקיהלט און גאנץ אָפט בע־קומט מען זיך פיינט און מען צעשיידט זיך... ביי יצחק׳ן איז געווען פערקעהרט: פריהער — „ותהי לו לאשה״, און ערשט נאכהער — „ויאהבה״...

(מלאכת מחשבת)

## ויתן אברהם את כל אשר לו ליצחק, ולבני הפילגשים וכו׳ נתן אברהם מתנות... (כה. ה. ו.)

דער לעצטער פסוק געהט אלס הסבר און ערקלערונג צום ערשטען פסוק. דער דין איז: „הכותב כל נכסיו לאחד מבניו אין מתנתו מתנה, שייר כל־שהוא מתנתו מתנה״. פריהער, אלזא, דערצעהלט אונז דער פסוק, אז „ויתן אברהם את כל אשר לו ליצחק״ און כדי עס זאָל נישט זיין קיין פראגע, ווי אזוי האָט ער געמעגט אוועקגעבען דאָס גאנצע פערמעגען יצחק׳ן, דער דין איז דאָך „הכותב כל נכסיו לאחד מבניו אין מתנתו מתנה״? ווערט באלד דערויף צוגעגעבען: „ולבני הפילגשים אשר לאברהם נתן אברהם מתנות״, אז עפיס דערפון האָט ער איבערגעלאָזען פאר די בני־הפילגשים און — „שייר כל־שהוא מתנתו מתנה״...

(אבני שהם)

## ולבני הפילגשים אשר לאברהם נתן אברהם מתנות... (כה. ה.)

„שם טומאה מסר להם״ (רש״י).

„ויתן אברהם את כל אשר לו ליצחק״, יצחק׳ן האָט ער געגעבען „כל אשר לו״, דאָס וואָס איז געווען זיינס, וואָס ער האָט ערוואָרבען דורך עהרליכע ארבייט, ביגיע כפיו, דאַגעגען „ולבני הפילגשים אשר לאברהם נתן אברהם מתנות״, זיי האָט ער אוועק־געגעבען די מתנות, וואָס ער האָט בעקומען פון פרעה׳ן און פון אבימלך׳ן, די אלע זאכען, אויף וועלכע עס האָט געשוועבט א שם טומאה, וועלכע האָבען געשטאמט פון אונריינע קוועלען...

(עולת חדש)

## ומשמע ודומה ומשא... (כה. יד.)

א מענש דארף קענען הערען, שווייגען און איבערטראָגען...

(רבי ר׳ בונם)

## ותבא בת שבע אל המלך החדרה... (הפטרה)

דעם בריסקער גאון, רבי ארי׳ לייב, האָט אמאָל איינער פון די לומדים אָנגעפרעגט אין א בריעף: צי בת־שבע איז איין וואָרט, אָדער צוויי ווערטער? האָט איהם דער בריס־קער גאון געענטפערט קורץ מיט דער מליצה פון ימים־נוראים׳דיגען פיוט: „תמכתי יתדותי בשלש עשרה תיבות״... יענער האָט אָבער נישט פערשטאנען, וואָס ער מיינט דערמיט און ער האָט איהם נאָכאמאָל אָנגעפרעגט פשט און דאן האָט ער עס איהם מסביר געווען. אויפ׳ן פסוק „ותבא בת שבע אל המלך החדרה״, זאָגען די חז״ל: „באותה שעה קינחה בת שבע בשלש עשרה מפות״ (סנהדרין כ״ב), און דערויף זאָגט דאָרט רש״י, אז דער דרש שטיצט זיך דערויף, וואָס אינ׳ם דאָזיגען פסוק זענען פארהאן דרייצעהן ווער־טער, און דערפון איז ממילא, אלזא, געדרינגען, אז בת שבע איז איין וואָרט, וואָרום ווען אנדערש, וואָלט דאָך דער פסוק ענטהאלטען פיערצען ווערטער...

# תולדות

## אברהם הוליד את יצחק... (כה, יט.)

„לפי שהיו לצני הדור אומרים מאבימלך נתעברה שרה" וכו' (רש"י)

פאַרוואָס ווערען זיי אנגערופען בלויז „ליצני הדור"? אויב זיי האָבען אויסגעטראַכט און פערשפּרייט וועגען שרה'ן אזא שענדליכען בלבול, זענען זיי דאָך געוועזען רשעים, נישט קיין ליצנים?

נאָר רש"י מיינט דערמיט צו זאָגען, אַז פאַקטיש איז ביי קיינעם נישט געוועזען קיין הוה־אמינא און עס האָט קיינער חלילה נישט געגלויבט, אַז „מאבימלך נתעברה שרה" און מען האָט עס בלויז גערעדט צווישען זיך אַלס שפּאַס, לשם ליצנות...

(חדושי הרי"ם).

## ויהי יצחק בן ארבעים שנה בקחתו את רבקה... (כה, כ.)

צוויי מאָל, ווערט אָנגעוויזען אין דער מסורה, געפינט זיך דאָס וואָרט „בקחתו" אין תנ"ך: „בקחתו את רבקה" און „בקחתו אותו והוא אסור באזיקים" (ירמי' מ. א.). עס איז היינו־הך — פלעגט דאַרויף זאָגען רבי אריה די מודינא — נאָכ'ן מקיים זיין דעם ערשטען „בקחתו" קומט גלייך דער צווייטער — דער „בקחתו אותו והוא אסור באזיקים", ווערט מען אַ געבינדענער אין קייטען...

## ויעתר יצחק לד' לנוכח אשתו כי עקרה היא... (כה, כא.)

דערויף זאָגט דער תרגום יונתן: „ארום עקרא הות עשרין ותרתין שנין".

פרעגט זיך: אין פסוק ווערט דאָך בפירוש געזאָגט: „ויהי יצחק בן ארבעים שנה בקחתו את רבקה" און — „ויצחק בן ששים שנה בלדת אותם", איז זי דאָך, אַלזאָ, געוועזען אַנ'עקרה נאָר צוואַנציג יאָהר, נישט קיין צוויי און צוואַנציג?

אייניגע מבארים ווילען דעריבער האָבען, אַז דאָ איז אַריינגעפאַלען אַ טעות און דאָס וואָרט „ותרתין" איז איבעריג.

(פרדס יוסף)

דער רבי ר' אלימלך פון ליזענסק האָט פאַר דער פטירה זיך געווענדעט צום בני־בית און געזאָגט, אַז ער איז מתפלל צו השי"ת, דאָס זיינע קינדער זאָלען נישט זיין קיין עשירים, בכדי זיי זאָלען געהן בדרך הישר און נישט קאַליע ווערען.

— טאַטע! — האָט זיך דערויף אָנגערופען זיין זוהן, רבי אליעזר — דערמיט וועסטו דאָך גורם זיין, אַז מען זאָל, חלילה, ריידען אויף דיר, דען די גמרא זאָגט אין ברכות: „צדיק וטוב לו — זה צדיק בן צדיק, צדיק ורע לו — זה צדיק בן רשע", און

אויב עס וועט אונז געהן שלעכט, וועט מען דאך זאגען, אז דער טאטע אונזערער איז, חלילה, קיין צדיק נישט געווען?

האט דער רבי ר' אלימלך א שמייכעל געטהון און געזאגט, אז איצט ווערט איהם פערענטפערט א מדרש. אויפ'ן פסוק „ויעתר יצחק לד'" זאגט דער מדרש: „מלמד שהתפלל בעושר". ווי קומט עס, וואס יצחק אבינו זאל מתפלל זיין אויף עשירות? נאר היות, ווי די לצני הדור האבען מרנן געווען, אז „מאבימלך נתעברה שרה", האט ער דעריבער מתפלל געווען, ער זאל זיין אנ'עושר, כדי אלע זאלען זיך איבערצייגען, אז ער איז בן אברהם, א צדיק בן צדיק, ווארום ווען ער וואלט, חלילה, געווען בן אבימלך, וואלט ער דאך נישט געקאנט זיין קיין צדיק וטוב לו...

פונדעסטוועגען, פערזיכערען די חסידים, האט דער רבי ר' אלימלך זיין בקשה נישט צוריקגעצויגען און צווישען זיינע אייניקלעך איז ביז'ן היינטיגען טאג נישטא קיין איינער, וואס זאל זיין אנ'עושר...

וועגען דעם זין פון אויבענדערמאהנטען מדרש, אויף וועלכען עס ווערען געגעבען פערשיעדענע פירושים, האט רבי יצחק שמעלקיש געזאגט בדרך הלצה:

אנ'ארימאן בעט נישט בלויז אויף קינדער, נאר צוזאמען דערמיט איז ער אויך מתפלל אויף פרנסה, כדי ער זאל אימשטאנד זיין די קינדער מפרנס צו זיין, און אויב יצחק האט געבעטען רק אויף קינדער און וועגען פרנסה א ווארט נישט דערמאהנט, איז — „מלמד שהתפלל בעושר", אז קיין עשירות האט איהם שוין דאמאלס נישט געפעהלט...

און דאס איז דער פשט: „וישגב אביון מעוני וישם כצאן משפחות" (תהלים קז. מא.). פריהער זאל זיין „וישגב אביון מעוני", זאלסטו פון זיי צונעהמען דאס ארימקייט, און ערשט דאן — „וישם כצאן משפחות", זאלסטו זיי געבען א סך קינדער. דאס צווייטע אהן דעם ערשטען איז נישט אזא גרויס גליק...

(הפלאה)

## ויתרוצצו הבנים בקרבה... (כה. כב.)

און פון דעמאלט אן איז נישטא קיין שלום צווישען יעקב און עשו. שוין אין דער מאמעס בויך איז אויסגעבראכען צווישען זיי דער ערשטער צוזאמענשטויס, די ערשטע מלחמה, וואס האלט־אן ביז'ן היינטיגען טאג...

(באר יצחק)

צוליב'ן חשש, אז יעקב זאל זיך, חלילה נישט אראפלערנען פון עשו'ס מעשים, האט מען שוין אין דער מאמעס בויך זיי פונאנדערגעשיידט און געמאכט צווישען זיי א פירוד...

(ספר חסידים סי' תתשל"ז)

„כשהיתה עוברת על פתחי תורה של שם ועבר — יעקב היה רץ ומפרכס לצאת, עוברת על פתחי ע"ז — עשו מפרכס לצאת" (רש"י)

פרעגט מען: בשלמא יעקב האט, פארבייגעהענדיג די פתחי תורה, געוואלט ארויס פון דער מאמעס בויך און נישט געקענט, ווייל עשו דער בכור האט איהם דעם וועג

פערשטעלט, אָבער עשו, אויב ער איז געווען אזא „מפרכס לצאת״, בשעת ער איז פערבייגעגאנגען די פּתחי ע״ז, ווער האָט איהם דען געשטערט דערצו?

נאָר — האָט געענטפערט דערויף רבי יחזקאל קוזמירער — עשו האָט באַדיי מוותר געווען אויף זיין עבודה־זרה, אבי צו פערהאלטען יעקב׳ן און איהם נישט צולאָזען צו די פּתחי תורה...

אָהן יעקב׳ן האָט עשו נישט געהאט קיין חשק ארויסצוגעהן אויף דער וועלט, וואָרום וואס וועט ער דאָרט טהון אָהן איהם, אויף וועמען וועט ער הערשען, מיט וועמען וועט ער זיך ראנגלען, וועמען וועט ער דאס לעבען פערביטערן?...

(רבי שלמה קלוגער)

דערפאַר, א פּנים, ווערען דורך די מאָדערנע אידען געבויט טעמפּלען, וואָס סיי לויט זייער אויסערליכען אויסזעהן, סיי לויט דעם אופן, ווי אזוי עס ווערען דאָרט אָבגעריכט די תפלות, זענען זיי עהנליך צו די קריסטליכע געבעט־הייזער. דאָס איז צוליעב׳ן „ויתרוצצו״, וואָס עס קומט פאָר אין די הערצער פון די דאָזיגע האלבע אידען און האלבע גוים; אין א אידישע שוהל וויל די גוי׳אישע העלפט נישט געהן, אין א קירכע — וויל נישט די אידישע העלפט, האָבען זיי דעריבער אלס פּשרה גענומען אויפשטעלען טעמפּלען. וועלכע זאָלען זיין האלב גוי׳איש און האלב אידיש, בכדי אזוי־ארום צו בעפריי־דיגעןביידע העלפטען...

(מטה יהודה)

הלמאי, פרעגט זיך, האָט יעקב אזוי געצאפּעלט און געוואָלט ארויס פון דער מוטערס בויך, בשעת ער איז פארבייגעגאנגען די „פּתחי תורה״? די חז״ל זאָגען דאָך, אז בשעת דאָס קינד געפינט זיך במעי אמו, לערנט א מלאך מיט איהם תורה, און דארף מען דען א בעסערן מלמד, ווי דער מלאך? — דער תירוץ איז: צוזאמען מיט עשו׳ן איז אפילו ביי א מלאך געפעהרליך צו לערנען...

(רבי ר׳ בונם)

עס איז אלץ אָבהענגיג אין דער מוטער, מיט וועמען זי חבר׳ט זיך און אין וועלכע סביבה זי פערקעהרט. פערברענגט זי אין א סביבה פון שם ועבר׳ס, איז א „יעקב מפרכס לצאת״, האָט זי שאנסען אויסצוהאָדעווען א יעקב; איז זי אָבער אנ׳איינגעהערין אין די בתי־ע״ז, דאן קומט פון איהר ארויס אנ׳עשו...

(גחלי אש)

צום בעלזער רבי׳ן רבי שלום, איז אמאָל געקומען א געוויסער משכיל, וועלכער האָט זיך געיחוס׳ט, אז ער האָט געלערנט מיט׳ן בעלזער רבי׳ן אין איין חדר.

— איהר געדענקט, רבי — מאכט ער צו איהם — אלס קינדער זענען מיר אָפט געשלאָפען זאָגאר צוזאמען אין איין בעט.

— יאָ, כ׳געדענק — ענטפערט איהם דער בעלזער — איהר זענט געלעגען אויף איין זייט און איך — אויף דער צווייטער זייט...

## ותלך לדרוש את ד׳... (כה, כב.)

„שיגיד לה מה תהא בסופה"... (רש"י)

רבקה האָט געמיינט, אז דאָס שוואנגערט זי בלויז מיט איינעם, וועלכער אמאָל דיענט ער דעם אויבערשטען, און אמאָל — די עבודה־זרה; האָט זי דעריבער געוואָלט וויסען „מה תהא בסופה", מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיגען; ווי אזוי עס וועט ענדליך אויסזען זיין לעצטער בעשלוס, אויף וועלכען וועג ער וועט זיך סוף־סוף דעצידירען צו געהן, דען די הויפט־זאך איז דער סוף. און אזוי איז עס אויך מיט יעדען מענש; א גאנצען לעבען אמפערט ער זיך און ראנגעלט זיך מיט׳ן יצר; אמאָל איז ער גובר, אמאָל — דער יצר. דער עיקר איז אָבער — ווער עס גיט דעם לעצטען פאטש...

## ותאמר אם כן למה זה אנכי... (כה, כב.)

אברהם, וועלענדיג זיך בעוואָרענען, אז עס זאָל ארויסקומען פון יצחק׳ן א פרומער, כשר׳ער דור, האָט ער אָנגעזאָגט אליעזר׳ן, ער זאָל נישט נעהמען פאר איהם קיין ווייב פון די בנות כנען, נאָר פון ארם נהרים. בשעת, אלזאָ, רבקה האָט דערפיהלט דעם „ויתרוצצו הבנים בקרבה", אז „כשעוברת על פתחי עבודה זרה עשו מפרכס לצאת", האָט זי אויסגערופען מיט ערשטוינונג: „אם כן למה זה אנכי", אויב אויך מיר שטעהט פאָר צו האָבען א זוהן א רשע, טאָ נאָכוואָס האָט ער מיך געדארפט, האָט ער דאך געקענט חתונה האָבען מיט איינע פון די בנות כנען?...

(רבי שלמה קלוגער)

## ויאמר ד׳ לה... (כה, כג.)

„על ידי שליח, לשם נאמר ברוח הקודש והוא אמר לה" (רש"י).

וואָס צווינגט רש"י׳ן צום דאָזיגען דרש? פארוואָס זאָל מען נישט טייטשען טאקי פשוטו כמשמעו, אז השי"ת האט עס איהר דירעקט אליין געזאָגט?

ווייל די חז"ל רעכענען אויס, אז „שבע נביאות נתנבאו לישראל" (מגילה יד) און אויב השי"ת זאָל האָבען גערעדט מיט רבקה׳ן, טאָ פארוואָס ווערט אויך איהר נאָמען נישט דערמאָנט צווישען די נביאות? איז דעריבער מוז מען טייטשען: „ויאמר ד׳ לה — על ידי שליח"...

(חסד לאברהם)

## שני גויים בבטנך... (כה, כג.)

מיט וואָס איז זי שוין דערמיט געטרייסט, אז עס איז „שני גוים בבטנך"?

נאָר רבקה האָט געמיינט, אז דאָס איז זי מעוברת מיט א צבוע׳ק, וועלכער שפּיעלט גלייכצייטיג א צוויי׳פנים׳דיגע ראָליע און איז א מפרכס סיי „על פתחי תורה של שם", סיי „על פתחי עבודה זרה", און זי האָט דעריבער מתרעם געווען: „למה זה אנכי"? בשעת מען האָט איהר אָבער ערקלערט, אז „שני גוים בבטנך", פון וועלכע איינער איז א צדיק און דער צווייטער א רשע — האָט זי זיך בערוהיגט; שוין בעסער א גוי גמור איידער א צבוע׳ק...

(אמרי חן)

„גיים כתיב כמו גאים, אלו אנטונינוס ורבי וכו׳״ (רש״י)

עס איז שוין פיעל טינט פערגאסען געוואָרען איבער דעם דאָזיגען אונפער־שטענדליכען מאמר. צוליב וואָס האָבען עס די חכמים געפינען פאר נויטיג צו דרשנ׳ען, אז דאס מיינט מען אנטונינוס ורבי?

נאָר אומעדום, וואו עס ווערט דערמאָהנט דאס וואָרט „שני״, אָדער „שנים״, וועלכע זעהען אויס צו זיין איבעריג, ווייל מען ווייסט דאָך ממילא, אז „מיעוט רבים — שנים״, ווערט געדרשנ׳ט, אז עס ווערט דערמיט געמיינט: „שנים שהם שוים״. דאָס לאָזט זיך דאָך אָבער נישט זאָגען אויפ׳ן „שני גויים בבטנך״, אויף יעקב און עשו, וועלכע זענען תיכף, ווי נור זיי זענען ארויס פון דער מוטערס בויך, שוין נישט געווען גלייך און עהנליך צווישען זיך נישט נור אינערליך, לויט זייערע כאראקטערען, מדות און נייגונגען, נאָר אפילו אויסערליך איז עשו ארויסגעקומען „אדמוני כלו כאדרת שער״?... און דעריבער ערקלערען די חז״ל, אז די בעדייטונג פון „שני גוים״ בעציהט זיך אויף לעתיד, אויף אזעלכע ווי אנטונינוס ורבי, וואָס הגם איינער פון זיי האָט געשטאמט פון יעקב׳ן און דער צווייטער פון עשו׳ן, דאָך זענען זיי געווען גלייך און עהנליך צווישען זיך און עס האָט געהערשט צווישען זיי א פולשטענדיגע הארמאָניע אין אלע הינזיכטען, אפילו בנוגע דער עהנליכקייט פון זייערע מאָלצייטען...

(תורת שלמה)

## ושני לאומים ממעיך יפרדו... (כה. כג.)

בדרך הלצה: דער פירוד צווישען יעקב און עשו איז קענטיג אויך אין די מעים. ביי יעקב׳ן, דער סימבאָל פון צדיק, איז — „ותורתך בתוך מעי״, דאגעגען ביי עשו׳ן, דעם רשע, איז — „ובטן רשעים תחסר״...

(עיר גבורים)

## ורב יעבוד צעיר... (כה. כג.)

עס לאָזט זיך נישט פעסטשטעלען דער גענויער זין פונ׳ם דאָזיגען פסוק. ווען עס וואָלט געשטאנען: „ורב יעבד את הצעיר״, וואָלט משמע געווען, אז דער עלטערער ברודער, עשו, וועט דיענען דעם יונגערען. ווען ווידער עס וואָלט געזאָגט געווען: „ואת רב יעבוד צעיר״, וואָלט עס בעדייט, להיפך, אז דער יונגערער ברודער וועט דיענען דעם עלטערען. אזוי אָבער לאָזט זיך עס טייטשען אויףביידע אופנים, דען טיילמאָל וועט עשו גובר זיין און טיילמאָל יעקב, טיילמאָל וועט דער עלטערער ברודער דיענען דעם יונגערען און טיילמאָל — פערקעהרט...

(רבי יוסף אבן כספי)

איבריגענס איז טאקי שווער פעסטצושטעלען, ווען עס איינפלוס אויף וועמען עס איז גרעסער און ווער עס פיהרט אָן מיט וועמען — צי דער עלטערער ברודער מיט׳ן יונגערען, אָדער פערקעהרט... עס איז אנ׳אלטע שקלא־וטריא, איבער וועלכער מען אמפערט זיך שוין זייט טויזענדער יאָהרען...

(אמרי חן)

## ויצא הראשון אדמוני... (כה. כה.)

אויפ'ן מאמר „הזהרו מן הצבועים" געפינען מיר אין תשבי (ערך „צבע") פאַלגענדע מערקווירדיגע ערקלערונג, נעמליך:

„יש מפרשים הצבועים פי' אדמונים בטבע, שצבע שערם אדום, כי רובם הם רעים בטבע"...

## ויקראו שמו עשו... (כה. כה.)

דאָ שטעהט „ויקראו", א לשון־רבים, דאגעגען ביי יעקב'ן ווערט געזאָגט: „ויקרא שמו יעקב", א לשון־יחיד. דאָס שלעכטע האָט שטענדיג מעהר אָנהענגער, ווי דאָס גוטע...

(כלי יקר)

## וידו אוחזת בעקב עשו... (כה. כו.)

בעקב, צום סוף, באחרית הימים, וועט זיין „וידו אוחזת", דער לעצטער דעצידי־רענדער נצחון געהער צו יעקב'ן...

(אסיפת חכמים)

אזוי איז דאָס ליידער שטענדיג — „וידו אוחזת בעקב עשו": כמעט אין אלע צרות אויף אידען קומט עשו'ן צוהילף א פעררעטערישע אידישע האנד, און — „יד ישראל באמצע"...

(רבי לייביש חריף)

„וידו אוחזת בעקב עשו" — טריט־ביי־טריט שלעפען מיר זיך נאָך אין אונזער גלות־לעבען נאָך עשו'ן, האלטענדיג איהם אין איין נאָכטהון, אין איין נאָכמאַלפּעווען...

(דרשות אל עמי)

דאָס איינציגע שטיקעל גליק פון יעקב'ן איז, וואָס „וידו אוחזת בעקב עשו", וואָס עשו קוקט איהם שטענדיג אין דער האנד אריין, וואָס מען קאָן זיך ביי איהם אויסקויפען מיט געלד, מיט געבען איהם עפּעס אין דער „יד"...

(קהלת יצחק)

## ויגדלו הנערים... (כה. כז.)

„כיון שנעשו בני י"ג שנה וכו'" (רש"י)

ווערט דערויף געפרעגט אין „פירוש הטור על התורה" א הארבע קשיא:

אין וויטערדיגען פסוק (פסוק ל') ערקלערט רש"י, אז אין דער זעלבער צייט איז געשטאָרבען אברהם. בשעת יצחק איז געבוירען געוואָרען איז אברהם אלט געווען הונדערט יאָהר, יצחק איז בשעת'ן געבורט פון יעקב ועשו אלט געווען זעכציג יאָהר, נמצא, אז אברהם איז דאן אלט געווען הונדערט און זעכציג. געשטאָרבען איז אברהם צו הונדערט מיט פונף און זיבעציג יאָהר, וממילא קומט אויס, אז יעקב ועשו זענען דאן אלט געווען פופצעהן יאָהר, טאָ ווי אזוי זאָגט דאָ רש"י: „שנעשו בני י"ג שנה"?...

## ויהי עשו איש יודע ציד וכו׳ ויעקב איש תם... (כה. כז.)

ביי עשו׳ן ווערט דערמאָהנט צוויי מאָל דאָס וואָרט „איש״, דען ער האָט א דאָפּלטע צוויי־פּנים׳דיגע ראָליע געשפּילט; אין שטוב איז ער געווען אנ׳אנדערער מענש, אנ׳„איש יודע ציד — לצוד ולרמות את אביו״, מאכענדיג דעם אָנשטעל פון א ירא־שמים, און אין פעלד איז ער ווידער אמאָל געווען אנ׳אנדערער, דער ריכטיגער עשו... ביי יעקב׳ן דאגעגען ווערט בלויז איינמאָל געזאָגט דאָס וואָרט „איש״, זייענדיג שטענדיג און איבעראל דער זעלבער...

(שדה תבואות)

## ויעקב איש תם יושב אוהלים... (כה. כז.)

עשו איז געווען א „איש יודע ציד איש שדה״, ער האָט זיך בעשעפטיגט בלויז מיט יאגד און פעלד־ארבייט, דאגעגען יעקב אבינו איז געווען „איש תם יושב אוהלים״, א מענש פון צוויי געצעלטען, צוויי געביעטען; א געצעלט פאר פיזישע ארבייט און א געצעלט פאר תורה...

(לויט׳ן ספורנו)

„מי שאינו חריף לרמות קרוי תם״ (רש״י)

דער — פלעגט דערויף זאָגען דער רבי פון לובלין — וואָס ווייסט נישט ווי אזוי יענעם צו נארען, איז ער א תם, דער אָבער, וועלכער ווייסט יאָ ווי אזוי, נאָר ער בענוצט זיך נישט דערמיט, סיידען אין א נויטוועגדיגען פאל, ווי יעקב וואָס אין זיינע עסקים מיט לבנ׳ען האָט ער עדות געזאָגט אויף זיך: „אחיו אני ברמאות״, אזעלכער הייסט „איש תם״, א בעל־הבית, א מושל איבער׳ן תמימות...

צי מעג א איד זיין אנ׳„איש ציד״ און זיך פערנעהמען מיט יאגד אויף חיות?

די דאָזיגע פראגע ווערט בעהאנדעלט אין „נודע ביהודה״ (שו״ת ה״ב) וואו עס ווערט אויסגעפיהרט, אז מען טאָר נישט, און דער „נודע ביהודה״ דריקט זיך דערביי אויס: „איך יוכל בן בנו של אברהם יצחק ויעקב למצוא עונג במעשה נמרוד ועשו״?!...

דאָס זעלבע געפינען מיר אויך אין „אור זרוע״ (הלכות שבת סי׳ י״ז) און אין שו״ת מהר״ם רוטנבערג (ח״א סי׳ כ״ז) וואו עס ווערט גע׳אסר׳ט צו בעשעפטיגען זיך מיט יאגד „בעזרת הכלבים, כמו שעושים הגויים״...

עס איז אויך, אגב, כדאי אָנצוווייזען, אז מהר״י וויל (דינים סי׳ ל״ז) פסקנ׳ט אז איבער א נייעם פוטער („אדרת שער״) און שטיוועל דארף מען נישט מאכען קיין „שהחיינו״, ווייל די דאָזיגע זאכען זענען פערבונדען מיט „צער בעלי חיים״ אומברענגענדיג צו דעם צוועק לעבעדיגע בעשעפענישען...

## ויאהב יצחק את עשו כי ציד בפיו... (כה. כה.)

דערויף פערטייטשט דער תרגום אונקלוס: „ארי מידיה הוה אכיל״, ווייל עשו האָט איהם, הייסט עס, מפרנס געווען, און אז עלטערן דארפן אנקומען צו די קינדער אויף קעסט, מוזען זיי זיך ליידער צופאסען צו זייער התנהגות, קוקען און שווייגען און אלץ אננעהמען פאר ליב...

(מטה יהודה)

אויף יעקב'ן — האָט זיך יצחק געטראַכט — איז קיין רבותא נישט, וואָס ער איז פרום; אַנ'„איש תם", אַ „יושב אוהלים", קומט נישט צווישען מענשען, פיהרט נישט קיין מסחרים, טאָ וואָס איז פאַר אַ חידוש ?... אָבער עשו, אַנ'„איש ציד", אַ בעשעפטיגטער מענש, אַ טרוד אין פרנסה, און דאָך איז ער אַזוי אָבגעהיט אין פרומקייט און ער קומט פרעגען דעם טאַטען שאלות; „אבא, האיך מעשרין את התבן", — אַזאַ מענש איז דאָך טאַקע עפּעס אַ זעלטענהייט... און דערפאַר האָט ער ביי איהם אַזוי אויסגענומען, אין דעריבער האָט ער איהם אַזוי ליעב געהאַט.

(רבי יוסף שאול נאַטאַנזאָהן)

וועגען עשו'ן ווערט אָנגעוויזען אַ טעם און מאָטיוו, פאַרוואָס יצחק האָט איהם ליעב געהאַט; ער האָט איהם ליעב געהאַט דערפאַר — „כי ציד בפיו". דאַגעגען וועגען יעקב'ן ווערט געזאָגט סתם, ווי אַ זעלבסטפערשטענדליכע זאַך; „ורבקה אוהבת את יעקב". בנוגע צו יעקב'ן איז נישט נויטיג צו פערענטפערען זיך און אָנצווייזען, פאַרוואָס מען האָט איהם ליעב...

(געהערט)

רבי מאיר'ל פּרימישליאַנער דערצעהלט, אַז זיין רבי, דער בעל „באר מים חיים", האָט געהאַט אַ זוהן, וועלכער איז נישט געגאַנגען בדרך־הישר און דאָך פלעגט ער איהם נישט מרחק זיין פון זיך און איהם געבען אויף אַלע זיינע הצטרכות'ן. דערביי פלעגט ער גאַנץ אָפט אויפהויבען די אויגען צום הימעל און זאָגען: רבונו של עולם! זיי דיך נוהג מיט דיינע קינדער, ווי איך בין זיך נוהג מיט מיין קינד. אויך איך האָב דאָך אַ שלעכט קינד, פונדעסטוועגען ביז איך זיך מרחם אויף איהם און איך געב איהם אַלץ וואָס ער דאַרף !...

און דאָס — האָט דער פּרימישליאַנער דערויף אויסגעפיהרט — איז אויך דער פשט פון „כי ציד בפיו". יצחק אבינו האָט פאָראויסגעזעהן, אַז לעתיד לבא, ווי די חז"ל דערצעהלען אונז (שבת פ"ט), וועט השי"ת זיך ווענדען צו איהם און זאָגען „בניך חטאו", און ער וועט דאַרפען פערטיידיגען די קינדער זיינע, און דעריבער „ויאהב יצחק את עשו", האָט ער דערפאַר עשו'ן ליעב געהאַט, „כי ציד בפיו", כדי ער זאָל דאַדורך האָבען אַ שטאַרק בעוואָפענטע טענה אין מויל, אַז אויך ער האָט ליעב געהאַט זיין קינד כאָטש ער איז געוועזען — אַנ'עשו...

(פרדס יוסף)

## ורבקה אוהבת את יעקב... (כה. כח.)

פון דאַנען — פלעגט זאָגען רבי נפתלי ראָפּשיצער — זעהט מען, אַז הגם „תמימות" איז איינע פון די שענסטע און נויטיגסטע מדות, דאָך בלויז תמימות אַליין טויג אויך נישט. יצחק, דער „עולה תמימה", האָט זיך נישט פערשטאַנען אויף קיין שווינדעל, האָט ער זיך דערפאַר געלאָזט אָבנאַרען פון עשו'ן, פון זיינע שמד־שטיק און פרומע שאלות; „אבא, היאך מעשרין את התבן". רבקה'ן אָבער איז איהם נישט געלונגען אָבצונאַרען; רבקה, די טאָכטער פון בתואל הארמי און די שוועסטער פון לבן הארמי — זי האָט זיך גלייך פערשטאַנען אויף די דאָזיגע זאַכען...

## ויאמר עשו אל יעקב הלעיטני נא וכו'... (כה, ל.)

לויט די ווערטער, וואָס השי"ת האָט געזאָגט צו רבקה: „שני גוים בבטנך וכו' ורב יעבוד צעיר", האָט עשו, אלס בכור, געדאַרפט בעדיענען דעם יונגערען ברודער, יעקב'ן. בשעת, אלזאָ, עשו האָט זיך געווענדעט צו איהם און אויסגערופען: „הלעיטני נא מן האדום האדום הזה"! אז יעקב זאָל איהם בעדיענען און דערלאנגען עסען, האָט איהם דערויף יעקב געענטפערט: „מכרה כיום את בכורתך לי", אויב אזוי דאַרפען מיר זיך בייטען. מוזטו מיר פריהער אוועקגעבען די בכורה און ערשט דאן וועל איך, אלס בכור, האָבען די פליכט דיך צו בעדינען און מקיים צו זיין דעם „ורב יעבוד צעיר"...

(זרע אברהם)

## ויאמר יעקב מכרה כיום את בכורתך לי... (כה, לא.)

וואָס איז דער זין פונ'ם אויסדרוק „כיום"?

נאָר די בכורה האָט אין זיך געהאַט צוויי מעלות: ערשטענס „לפי שהעבודה בבכורות", זי האָט געגעבען די פריווילעגיע אָבצוזריכטען די עבודה, צווייטענס האָט דער בכור בעקומען דאָפּעלטע ירושה. מיט'ן אָבקויפען ביי עשו'ן די בכורה איז יעקב בלויז אויסען געוועזען די עבודת הקרבנות, און דאָס איז דער פשט: „מכרה כיום את בכורתך לי", פון דער בכורה פערלאנג איך בלויז דאָס, וואָס איז גילטיג „כיום", ביי'ם היינטיגען טאָג — די עבודה. דאגעגען דאָס, וואָס די בכורה דאַרף ברענגען מיט זיך שפּעטער — די ירושה, דערויף בין איך מוותר...

(רבי צבי הירש קאַלישער)

די בעדייטונג פון „כיום" איז: א שטענדיגע, אייביגע זאך, ווי מיר געפינען אין סנהדרין (פרק חלק): „עשרת השבטים אינם עתידים לחזור, שנאמר וישליכם אל ארץ אחרת כיום הזה, מה יום הזה אינו חוזר אף המה אינם עתידים לחזור". און „מכרה כיום" בעדייט, אלזאָ: די מכירה זאָל זיין אויף שטענדיג, לצמיתות.

(קול יבשר)

ברודער מיינער! — האָט יעקב געזאָגט צו עשו'ן — צוויי וועלטען זענען פאַראַהאַן פאַר אונז: עולם־הזה און עולם־הבא. אויף דער וועלט קאָן מען עסען און טרינקען און כיהרען מסחרים און הייראטען און האָבען קינדער; אויף יענער וועלט—איז דאָס נישטאָ... אויב דו ווילסט, וועלען מיר זיך טיילען: נעהם דיר עולם־הזה, און איך — עולם הבא... און אזוי איז געבליבען. אין א צייט ארום, בשעת יעקב איז געקומען פון לבנ'ען און עשו האָט דערזעהן, אז ער האָט זיהן און טעכטער, קנעכט און דיענסטען, האָט ער א פערוואונדערטער געפרעגט: ברודער יעקב! האָסטו דען נישט בפירוש געזאָגט, אז צו דיר געהערט עולם־הבא, און צו מיר — עולם־הזה? טאָ פון וואנען קומט צו דיר אזא פערמעגען? אויב דו ווילסט, לאמיר מאכען שותפות: דיר א העלפט פוןביידע וועלטען, עולם־הזה און עולם־הבא און מ י ר א העלפט... אָבער יעקב איז אויף דעם שותפות נישט איינגעגאנגען...

(פרקי דרבי אליעזר)

## הנה אנכי הולך למות... (כה. לב.)

אז עשו האָט דערהערט, אז א בכור, בשעת ער בעשעפטיגט זיך מיט דער עבודה, טאָר ער נישט טרינקען, איז ער געוואָרען א דערציטערטער און אויסגעשריען: „הנה אנכי הולך למות!" — אָהן א כוסה איז אונמעגליך פאר עשו'ן צו לעבען...

(מילי דמיטב)

## ויאמר יעקב השבעה לי כיום... (כה. לג.)

„מה ראה יעקב שנתן נפשו על הבכורה וכו'" (מדרש רבה פ' ס"ג)

מיט וואָס איז דאָ „נתן נפשו", וואָס פאר א מסירת־נפש האָט דען דער־ביי יעקב ארויסגעוויזען? צוזייטענס, האָט דאָך דער מדרש געדארפט פרעגען די דאָזיגע פראגע אויפ'ן פריהערדיגען פסוק, אויפ'ן „מכרה כיום את בכורתך לי"?

נאָר וועגען א שבועת־שוא זאָגען די חז"ל: „נפרעים ממנו וממשפחתו", און די פראגע, אלזאָ, פון מדרש איז: „מה ראה יעקב שנתן נפשו על הבכורה", ווי אזוי האָט זיך יעקב איינגעשטעלט צו געבען א שבועה עשו'ן, וועלכער איז דאָך געווען חשוד, ער זאָל די שבועה נישט מקיים זיין און דאן וואָלט דאָך אויך יעקב געווען אין סכנה, דען — „על שבועת־שוא נפרעים ממנו וממשפחתו"?...

(מרגניתא דרב)

## וימכור את בכורתו ליעקב... (כה. לג.)

געוועהנליך איז ביי אלעמען אנגענומען דער פשט, אז יעקב האָט אבגעקויפט ביי עשו'ן די בכורה פאר א שיבוש, פאר א נזיד עדשים. גאנץ אנדערש אבער טייטשט דער ספורנו און נעמליך: „וימכור את בכורתו, במחיר שפסקו ביניהם ולא חשש הכתוב לבארו", אז די בכורה האָט ער איהם פערקויפט פאר א געוויסען בעשטימטען פרייז, וואָס זיי האָבען צווישען זיך אבגעמאכט און די תורה האָט נישט געהאלטען פאר וויכטיג צו ערקלערען אונז גענוי, וואָס פאר א פרייז דאָס איז געווען, און ערשט דאן — „ויעקב נתן לעשו לחם ונזיד עדשים", דאָס איז געווען בלויז אלס צוגאב, אלס סעודה, וואָס ווערט געפראוועט נאָך א דורכגעפיהרטע וויכטיגע טראנזאקציע...

## ויאכל וישת וכו' ויבז עשו את הבכורה... (כה. לד.)

צוליעב וואָס דארף עס דער פסוק דערצעהלען, אז ער האָט געגעסען און געטרונקען?

כדי צו בעזייטיגען דערמיט די טענות, אז יעקב האָט אויסגענארט ביי עשו'ן די בכורה בדרך רמאות, אז עשו איז דערצו געצוואונגען געווען, ווייל ער האָט קיין אנדערע ברירה נישט געהאט, זייענדיג הונגעריג, א „הולך למות". דערצעהלט דעריבער דער פסוק, אז אפילו נאָכ'ן „ויאכל וישת", ווען ער איז שוין מעהר נישט הונגעריג געווען, האָט ער קיין חרטה נישט געהאט אויפ'ן עסק און — „ויבז עשו את הבכורה"...

(אגדת מהרש"ק)

„חמש עבירות עבר אותו רשע באותו היום וכו׳ וכפר בתחיית המתים ושט את הבכורה״ (בבא בתרא ט״ז)

דערויף זאָגט דאָרט רש״י: „שט תרגום של בזיון, מדוע הקילתני תרגום יונתן אישטתני (שמואל ב׳ י״ט)״.

פארוואָס, פרעגט זיך, ברענגט נישט רש״י א ראיה פון תרגום אונקלוס דאָ אויפ׳ן אָרט, וואו אויף „ויבז עשו את הבכורה״ זאָגט דער תרגום: „ושט עשו ית בכרותא״ ?...

## ויהי רעב בארץ וכו׳ וילך יצחק אל אבימלך... (כו. א.)

ביי אברהם׳ן ווערט געזאָגט: „ואת הנפש אשר עשו בחרן — שגייר גרים״. וואו־זשע — האָט דערויף געפרעגט רבי העניך פון אלעקסאנדער — זענען די דאָזיגע גרים אהינגעקומען? פארוואָס זענען זיי גאָרנישט דערמאָהנט ביי יצחק׳ס וואנדערונגען? וואו האָט ער זיי איבערגעלאָזט?

נאָר, ווי עס ווייזט אויס — האָט ער געענטפערט — איז צוליעב דעם וואָס יצחק איז געווען צו שטרענג, בבחינת „פחד יצחק״, זענען די גרים אנטלאָפען פון איהם און חזרו לסורם.

די דאָזיגע ווערטער האָט דער אלעקסאנדרער רבי געזאָגט אנטקעגען דעם רבי׳ן פון קאָצק, רבי מענדעלי, וועלכער האָט מיט זיין שטרענגקייט און שארפקייט אָבגע־שטויסען פון זיך א סך חסידים...

## ונתתי לזרעך את כל הארצות האל והתברכו בזרעך וכו׳... (כו. ד.)

נאָכ׳ן „ונתתי לזרעך את כל הארצות האל״, נאָכדעם ווי די אידען וועלען זיך איינאָרדענען און זיך בעזעצען אין אייגענעם לאנד — ערשט דאַן „והתברכו בזרעך כל גויי הארץ״, וועלען די גוים ריהמען די אידען און האָבען פאר זיי אכטונג...

(רבי אליהו גריידיצער)

## וישב יצחק בגרר... (כו. ו.)

ער האָט זיך נישט געעפענט קיין קראָם, מען זאָל קאָנען האָבען טענות צו איהם, אז ער קאָנקורירט מיט די אָרטיגע סוחרים; ער האָט נישט געהאלטען קיין שענק אין דאָרף, מען זאָל איהם קאָנען בעשולדיגען, אז ער פערשפרייט שכרות צווישען די פויערן און צוליעב־דעם ווערען זיי פעראָרימט און דעמאָראליזירט; ער האָט זיך נישט פערנומען מיט ליכווע, מיט באָרגען די פריצים געלד אויף פראָצענט, מען זאָל קאָנען געגען איהם אויפהויבען א געוואלד, אז ער איז אַנ׳עקספּלואטאטאָר, א בלוט־זויגער... מיט ערד־ארבייט האָט ער זיך בעשעפטיגט, עהרליך, מיגיע־כפו האָט ער געלעבט — „ויזרע יצחק בארץ ההיא״... און דאָך האָט עס נישט געהאָלפען, און דאָך האָט עס נישט אָבגעהאלטען פון צו העצען געגען איהם, און דאָך האָט מען צו איהם געשריען: „לך מעמנו, כי עצמת ממנו מאד!״...

(חומר לדרוש)

## עקב אשר שמע אברהם בקולי וישמור וכו׳ חקותי ותורותי... (כו. ה.)

„אמר רבא, קיים אברהם אבינו אפילו עירובי תבשילין, שנאמר ותורותי" (יומא כ"ח)

דער ווילנער גאון איז מגיה, אז עס איז דאָ א טעות־הדפוס. אין כתב־יד איז געשטאנען א ראשי־תיבות „ע"ת" און דער מדפיס האָט געלייענט: „עירובי תבשילין", באמת אָבער דארף זיין „עירובי תחומין" און דער דרש שטיצט זיך דאָ בעיקר אויפ'ן וואָרט „עקב" (טריט)...

## ויגדל האיש וילך הלוך וגדל... (כו. יג.)

געוועהנליך איז צו בעמערקען ביי עשירים, אז וואָס מעהר עושר אלץ ווייניגער „איש", וואָס העכער זיי וואקסען אין עשירות, אלץ נידריגער ווערען זיי אין מענש־ליכקייט... די רבותא ביי יצחק'ן איז אלזאָ געווען, אז צוזאמען מיט'ן „וילך הלוך וגדל" איז אויך — „ויגדל האיש", איז ער אויך געוואָקסען און געשטיגען אלס מענש...

(רבי יצחק טאָרטשינער)

## ויריבו רועי גרר עם רועי יצחק וכו׳ (כו. כ.)

פריהער, בעת עס איז צווישען זיי אויסגעבראָכען דער סכסוך צוליעב דעם ערשטען ברונעם, איז „ויקרא שם הבאר עשק": ס'איז א געוועהנליכער „עסק", ווי אלע עסקים, ביי וועלכע מ'עז בענוצט זיך מיט שווינדעל, מיט גנבה, ווי דער שטייגער איז... שפעטער אָבער, ביי'ם „ויחפרו באר אחרת ויריבו גם עליה", ווען זיי האָבען אויך די צווייטע ברונעם פערכאפט און דאָס מאָל שוין אָהן די פריהערדיגע טענה פון "לנו המים", דאן — „ויקרא שמה שטנה", האָט ער געגומען איינזעהן, אז דאָס איז נישט סתם שווינדעל און רמאות, נאָר — צוליעב שנאה ווערט עס געטהון, צוליעב רשעות...

(מטה אהרן)

בשעת מען האָט מיט צעהנדליגער יאָהרען צוריק אויפגעשטעלט אין קלאָדאָווע די שטאָדטישע מקוה, האָט דאן דער קלאָדאָווער רב, רבי אפרים בענדעט, איינגעפונען, אז די מקוה איז פסול, מחמת ער האָט פעסטגעשטעלט אז דאָס וואסער פון דער מקוה שטראָמט נישט דירעקט פון גרונט, נאָר פון די זייטען.

עס איז געוואָרען א רעש אין שטאָדט, דען דער בנין פון דער מקוה איז שוין געווען איינגאנצען פארטיג און עס איז געווען פערבינדען מיט א גרויסען געלד־פערלוסט. אייניגע פון די חשוב'ע בעלי־בתים האָבען דעריבער געפועל'ט ביים רב, ער זאָל מיט זיי מיטפאָהרען פרעגען א שאלה ביים גאָסטינינער רבי'ן, רבי יחיאל מאיר. בשעת דער גאָסטינינער רבי האָט אויסגעהערט דעם רב'ס ערקלערונג, פארוואָס ער וויל פסל'ען די מקוה האָט ער זיך אָנגערופען:

אין דער תורה ווערט דערצעהלט, אז בשעת די רועי יצחק האָבען געגראָבען א ברונעם און געפונען וואסער, זענען געקומען די רועי גרר מיט א געוואלד: „לנו המים!", איז דאָך אין פלוג קשה. אויף וואָס פאר א גרונד האָבען זיי סתם געשריגען: „לנו המים". מען האָט דאָך גאנץ לייכט געקענט אָנווייזען, אויף וועמענס באָדען די ברונעם איז גע־

גראָבען געוואָרען, און צו וועמען עס געהער די ערד און דער ברונעם — צו דעם געהער דאָס וואסער?

נאָר מוז זיין, אז הגם דעם ברונעם גופא האָבען די רועי יצחק געגראָבען אויף זייער אייגענעם פלאץ, האָט אָבער דאָס וואסער, פונקט ווי אין דער קלאָדאָווער מקוה, געשטראָמט פון דער זייט, און דאָס איז געווען די טענה פון די רועי גרר: „לנו המים", דער פלאץ און דער ברונעם איז טאקי אייערער, אָבער דאָס וואסער געהט פון דער זייט און עס איז דעריבער אונזערס, און מיר ווייסען דאָך — האָט דער גאָסטינינער רבי אויסגעפיהרט — אז די רועי־גרר זענען געווען אומגערעכט מיט זייער טענה מחמת דאָס, וואָס דאָס וואסער שטראָמט פון דער זייט איז כלל נישט קיין מניעה...

און אזוי, אגב, ערקלערט טאקי אויך בפירוש דער מלבי"ם, אז דאָס וואָס די רועי גרר האָבען געטענה'ט: „לנו המים", איז געווען דערפאר, ווייל דאָס וואסער איז אנגעקומען פון דער זייט פון גרר.

## וימצא בשנה ההיא מאה שערים... (כו. יב.)

געוועהנליך וואָלט דאָך געדארפט זיין א שמחה ביי דער בעפעלקערונג, ווען נאָך א הונגער־יאָהר ווערט א טייל פון דער ערד פלוצים געבענשט מיט אזא פרוכטבארקייט, מיט אזא אונגעוועהנליכער שפע פון „מאה שערים", א הונדערט־פאכיג גערעטעניש, וואָס עס וועט אין א געוויסער מאָס לינדערן דעם הונגער און יקרות אין לאנד; און דאָך — דער דאָזיגער שפע'דיגער באָדען געהערט צו א אידען, און דאָס איז גענוג, מען זאָל, פערקעהרט גאָר, ווערען אונצופרידען און פערביטערט און מען זאָל אָנהויבען צו שרייען: „לך מעמנו, כי עצמת ממנו מאד!"...

(קובץ דרושים)

## עד כי גדל מאד... (כו. יג.)

„שהיו אומרים, זבל פרדותיו של יצחק ולא כספו וזהבו של אבימלך" (רש"י)

גאָר פשוט: דעם זבל בענוצט מען צו בעמיסטיגען און פעט צו מאכען די ערד. דער דאָזיגער זבל, נאָך וועלכען ס'איז געקומען אן אויסערגעוועהנליך גערעטעניש, האָט איהם אלזאָ ארייגעבראכט אנ'אונגעהויער עשירות, ווי דער פסוק דערצעהלט — „ויזרע יצחק בארץ ההיא וימצא מאה שערים"...

(רבי שמעון סופר)

## ולא רבו עליה ויקרא שמה רחובות... כי עתה הרחיב ד' לנו... (כו. כב.)

אידישע גליקען! אויב „ולא רבו עליה", אויב מען הערט אונז אויף צו טשעפען אויף א מאָמענט און צו בעראבעווען, איז — עתה הרחיב ד' לנו", איז עס פאר אונז א געוואלדיגע הרחבה, א ישועה. קיין אנדערע גליקען האָבען מיר נישט אין גלות... עהנליך דערצו איז די ברכה, וואָס מען האָט מתקן געווען אין ברכת המזון אויף די הרוגי ביתר. „הטוב והמטיב" — „הטוב שלא הסריחו, והמטיב שניתנו לקבורה". אָט דאָס משטיינס געזאָגט זענען די אידישע טובות ונחמות...

(דר. אהרן יעלינעק)

## ויאמר אליהם יצחק מדוע באתם אלי... (כו. כז.)

וויפיעל מענשליכען און אידישען שטאָלץ יצחק אבינו האָט ארויסגעוויזען, וויפיעל מוט און דרייסטקייט ער האָט געהאט אין זיך! א פרעמדער איז ער אינ׳ם דאָזיגען לאנד געווען, אונטער א פרעמדער הערשאפט האָט ער זיך געפונען און דער הערשער זעלבסט פונ׳ם דאָזיגען לאנד האָט איהם דעם כבוד אָנגעטהון און איז געקומען צו איהם און איהם גע׳חנפ׳ט, אָבער יצחק האָט זיך מיט דעם אלעם נישט גערעכענט, ער האָט נישט געקענט פערטראָגען קיין פאלשע חניפה, און אָפען האָט ער דעם הערשער דעם ביטערען אמת געזאָגט און אויסגערופען: „מדוע באתם אלי ואתם שנאתם אותי!״...

(רלב״ג)

## ראו ראינו כי היה ד׳ עמך... (כו. כח.)

פריהער, בשעת יצחק האָט געוואוינט צווישען זיי, זענען די פלשתים געווען זיכער, אז זיין עשירות האָט ער נאָר זייער לאנד צו פערדאנקען און זיי האָבען דעריבער געטענה׳ט צו איהם: „לך מעמנו כי עצמת ממנו מאד״. איצט אָבער זענען זיי געקומען און זיך מודה געווען: „ראו ראינו כי היה ד׳ עמך״, אז זעהענדיג, ווי נאָכ׳ן פערלאָזען זייער לאנד איז ער געוואָרען נאָך פיעל רייכער, האָבען זיי זיך איבערגעצייגט, אז נישט די פלשתים האָבען איהם דאָס עשירות געגעבען און נישט פון זיי איז ער רייך געוואָרען...

(בינת במקרא)

## אם תעשה עמנו רעה כאשר לא נגענוך... (כו. כט.)

דער לייב האָט, פרעסענדיג דאָס פלייש פון א פערצוקטער חיה, זיך געכומען שטיקען און עס איז איהם געבליבען שטעקען א ביין אין האלז, איז ער א פער׳יסורים׳טער געלאָפען איבער׳ן וואלד און האָט געשריען: ווער וועט מיר ארויסנעהמען דעם ביין פון האלז, וועט דערפאר גוט בעלוינט ווערען! האָט דאָס דערהערט א געוויסער פויגעל מיט א לאנגען שנאָבעל איז ער שנעל געקומען צו לויפען, ארייגעשטעקט זיין לאנגען שנאָבעל אינ׳ם לייב׳ס פיסק און ארויסגעשלעפט דעם ביין און דאן אוועקגעשטעלט זיך ווארטען, דער לייב זאָל איהם בעצאָהלען די צוגעזאָגטע בעלוינונג; אָבער דער לייב, נאָכדעם ווי ער האָט פריי אָבגעאָטעמט, האָט איהם ציניש געענטפערט: בעלוינונג? עס איז א גאנץ גענוגענדע בעלוינונג פאר דיר, וואָס דו ביזט געווען ביים לייב אין פיסק און ביזט ארויס פון דאָרט בשלום!...

(מדרש רבה)

דער נמשל: אזוי האָט אויך געענטפערט אבימלך, און דערדאָזיגער ענטפער גילט בנוגע צו אידען ביז׳ן היינטיגען טאָג... אויב א מלוכה פון וועלכען־עס־איז לאנד טהוט אידען קיין שלעכטס נישט, האלט זי דאָס אליין שוין פאר א גרויסען חסד, פאר א זעלטענער גוטסקייט, מיט וועלכער זי הערט זיך נישט אויף צו ריהמען ביי יעדער געלעגענהייט. בנוגע צו אידען ווערט אט דער בלויזער „כאשר לא נגענוך״ פעררעכענט אלס א אויסערגעוועהנליכע פריווילעגיע...

## ויעש להם משתה וכו׳ וילכו מאתו בשלום... (כו. ל. לא.)

ביי די שבת׳דיגע טישען, וואס דער קאצקער רבי פלעגט פראווען, פלעגען די חסידים זיצען מיט גרויס פחד, ציטערענדיג ממש די פארע פון מויל ארויסצולאזען. איינמאל האט דער קאצקער בעמערקט, ווי איינער פון די חסידים, זיצענדיג ביי׳ם טיש, איז שטארק אויפגערוימט, ער ברומט זיך אונטער א ניגונ׳דל און איז בכלל מיט זיך עפעס גאר שטארק צופרידען, האט ער א קוק געטהון אויף איהם מיט הקפדה און געזאגט: „ויעש להם משתה ויאכלו וישתו... וילכו מאתו בשלום״. דערצו דארף מען טאקי זיין דער אמת׳ער גוי! קומען צו יצחק׳ן אויף א משתה, עסען און טרינקען און אוועקגעהן פון דארט בשלום, רוהיג, צופרידען, גלייך ווי עס וואלט גארנישט געשעהן, אהן א טראכט צו טהון: צו וועלכען גאט דיענט דאס דער דאזיגער יצחק און וואס זאל איך איצט טהון, אהיימ־קומענדיג, מיט מיינע געצען? גארנישט — „וילכו מאתו בשלום״...

## ויהי עשו בן ארבעים שנה ויקח אשה וכו׳ ותהיין מורת רוח ליצחק ולרבקה... (כו. לד. לה.)

דערויף ווערט געפרעגט אין מדרש רבה: „למה ליצחק תחלה״? פארוואס ווערט פריהער דערמאהנט יצחק, וואס עס בעדייט, אז יצחק האט דערפון געהאט מעהר מורת רוח, מעהר עגמת נפש, ווי רבקה?

האט געזאגט דערויף רבי חיים טשערנאוויצער אין א ווערטעל, אז עס איז גאר קיין קשיא נישט, און עס איז גאנץ פערשטענדליך: יצחק האט זיך דערפון מעהר מצער געווען, ווייל זיין אהבה צו עשו׳ן איז געווען צוליב׳ן „כי ציד בפיו״, ווייל ער האט איהם געהאלטען פאר א כשר׳ן יונגערמאן, א צדיק, און ער האט דעריבער מורא געהאט, אז די ווייבער, וואס ער האט זיך גענומען פון די בנות חת, זאלען איהם חלילה נישט קאליע מאכען... רבקה אבער האט גאנץ גוט געוואוסט, וואס פאר א תכשיט זי פערמאגט, זי האט געוואוסט אז עשו׳ן דארף מען שוין נישט קאליע מאכען און דעריבער האט זי זיך עס נישט גענומען אזוי שטארק צום הארצען...

## ותכהין עיניו מראות... (כז. א.)

מערקווירדיג זענען די ווערטער, וואס ווערען געזאגט דערויף אין בעל הטורים: „ותכהין עיניו מראות, משום דכתיב כי השוחד יעור והוא לקח שוחד מעשו״.

דערפאר, הייסט עס, האט יצחק אויפגעהערט צו זעהען, ווייל ער האט זיך געלאזט משחד זיין פון עשו׳ן און — „השוחד יעור״...

## בעבור תברכך נפשי בטרם אמות... (כז. ד.)

דער איד הקדוש פון פשיסכע פלעגט זאגען:

מען פרעגט א מענש: וואס הארעוועסטו אזוי פיעל? ענטפערט ער: פאר מיר וואלט איך געווען א שמח בחלקי, מען מוז אבער אין זינען האבען די קינדער, מען מוז די קינדער פערזארגען...

ווען דאס קינד ווערט גרויס, נעמט עס אויך הארעווען צוליעב דעם זעלבען צוועק — „אלץ פאר די קינדער״.

— איך וואָלט שוין אָבער אמאָל א בעלן געווען צו זעהען — האָט פערענדיגט דער איד הקדוש — דאָס ריכטיגע קינד, פאַר וועלכען אלע דורות זאָרגען און האָרעווען אזוי פיעל...

## ועשה לי מטעמים ואוכלה — ואברככה... (כז. ז.)

וואָס האָט יצחק עפעס אָבהענגיג געמאכט די ברכה דערפון, אז פריהער זאָל ער איהם ברענגען מטעמים? צי אָהן דעם האָט ער איהם נישט געקענט בענשען?

נאָר גרייטענדיג זיך צו בענשען עשו'ן, האָט ער זיך געמוזט פריהער אראָבלאָזען אין מילי דגשמיות, אין די זאכען, וואָס זענען עשו'ן אמנאָהנטסטען — אין עסען...

(יקר מפז)

## ועתה בני שמע בקולי... (כז. ח.)

אויף דעם, אויף רבקה'ס עצה וועגען די ברכות, פלעגט זאָגען דער קאָזשעניצער מגיד: „גדזיע זשאַנא זשאָנדזשי, טאם מאָנזש בלאָנדזשי" (דאָרט, וואו די פרוי רעגירט, ווערט דער מאן פערפיהרט). ווען נישט רבקה'ס עצה, וואָלט עשו בעקומען די ברכות — און דאַן וואָלט נישט פערשארפט געוואָרען זיין שנאה צו יעקב'ן, און מיר וואָלטען פערשפּאָרט פון איהם ביז'ן היינטיגען טאָג אזוי פיעל צרות צו ליידען...

## ותקח רבקה את בגדי עשו... ותלבש את יעקב... (כז. טו.)

זי האָט פאָראויסגעזעהן, אונזער מוטער רבקה, אז בשעת די אידען וועלען זיין אין גלות, וואו זיי וועלען געצוואונגען זיין צו קליידען זיך אין די בגדי־עשו, וועלען זיי אָהן דער ברכת־יצחק קיין תקומה נישט האָבען...

(רבי ר' בונם)

— וואָס איז די מעשה, — האָט אמאָל א געוויסער משכיל געפרעגט דעם בעלזער רבי'ן, רבי שלום, — וואָס די קורץ־געקליידעטע אידען, די „דייטשען", זענען מצליח און עס לעבט זיך זיי על־פּי־רוב פיעל בעסער איידער די פרומע, חסיד'יש־געקליידעטע אידען? עס איז א פשוט'ע זאך, — האָט איהם דערויף רבי שלום געענטפערט, — דאָס נעהמט זיך דערפון, וואָס בשעת יצחק האָט געבענשט יעקב'ן, איז ער דאמאָלס געגאנגען געקליידעט, ווי א „דייטש" — אין די „בגדי־עשו"...

עס איז יעקב'ן — האָט געזאָגט דערויף רבי נפתלי ראָפּשיצער — שווער געווען צו זאָגען א ליגען, דען יעקב דאַרף געהן מיט'ן אמת, „תתן אמת ליעקב", און אלס עצה דערצו האָט זי איהם דעריבער אנגעטהון אין עשו'ס קליידער. אז מען קליידעט זיך ווי עשו, ווערט מען שוין אליין אויך א שטיקעל עשו...

צום „איד הקדוש" פון פשיסכע איז אמאָל אריינגעקומען א יונגערמאן, וועלכער האָט מיט זיין התנהגות נישט געהאַט קיין איבריג גוטען שם. פאַר'ן אריינגעהן צום רבי'ן

האָט ער זיך פריהער שטארק מכין געווען, געגאנגען אין מקוה ארייך, איבערגעטהון אנדערע מלבושים, ארומגענומען זיך מיט א ברייטען גארטעל, פונאנדערגעלאזט די פאות און אזוי ווייטער.

בשעת דער פשיסכער, וועלכער האָט געוואוסט וועגען דעם יונגענמאן, אז עס איז נישט תוכו כברו, האָט א קוק געטהון אויף זיין פרומען הילוך און תמימות־דיגען יראת־שמים־פנים, האָט ער זיך אנגערופען צו איהם און געזאָגט: אויפ׳ן פסוק „ותקח רבקה את בגדי עשו בנה הגדול החמודות אשר אתה בבית" ווערט געזאָגט אין מדרש רבה: „אמר רבי שמעון בן גמליאל, כל ימי הייתי משמש את אבא ולא שמשתי אותו אחד ממאה ששמש עשו את אביו. אני בשעה שהייתי משמש את אבא הייתי משמשו בבגדים מלוכלכין ובשעה שהייתי יוצא לדרך הייתי יוצא בבגדים נקיים, אבל עשו בשעה שהיה משמש את אבא לא היה משמשו אלא בבגדי מלכות, הרי הוא דכתיב אשר אתה בבית". איז דאָך אייגענטליך קשה: אויב עשו האָט אזוי מכבד געווען דעם פאטער און האָט איהם כסדר משמש געווען און איז תמיד געווען נעבען איהם, טא פארוואָס איז ער גארנישט בעסער געווארען און איז געבליבען א רשע?

נאָר דער תירוץ איז: יעקב פלעגט זיך ווייזען פאר׳ן טאטען אין זיין טאָג־טעגליכען וואכעדיגען געשטאלט, אזוי ווי ער איז, מיט אלע זיינע מעלות און חסרונות, ממילא האָט יצחק געהאט די מעגליכקייט צו בעקענען זיך מיט זיין התנהגות און אנצווייזען איהם אויף פערשידענע פעהלערן, וואָס ער דארף אויסבעסערען. דאגעגען עשו איז שטענדיג פארגעקומען פאר׳ן פאטער אין „בגדי מלכות", איידער ער איז אריינגעקומען צו איהם. האָט ער זיך אזוי אויסגעאיידעלט און אָנגענומען אזא פרום פנים, אז ער האָט אין איהם געזעהן בלויז גוטס, בלויז מעלות וממילא האָט יצחק געהאלטען פאר איבעריג איהם אויסצובעסערען און ער איז דערפאר פארבליבען א רשע אויפ׳ן גאנצען לעבען...

— ווי אזוי — האָט זיך אמאָל א משכיל געווענדעט מיט אנ׳איראָנישע שאלה צום רבי׳ן ר׳ בונם — אין וואָסערע שטייגער מלבושים האָט זיך יעקב געקליידעט?

— ער האָט געזעהען — האָט איהם דערויף רבי ר׳ בונם געענטפערט, — ווי אזוי עשו קליידעט זיך — האָט ער זיך געקליידעט אנדערש...

## עורות גדיי העזים הלבישה על ידיו ועל חלקת צואריו... (כז. טז.)

רבי הירש אלימלך דינאווער האָט שטארק געקעמפט געגען קליידען זיך אין גוי׳אישע הלבשה. איינמאָל איז געקומען צו איהם זיינער א חסיד, א גבירישער איד, א סוחר און געבענדיג איהם „שלום" האָט איהם דער דינאווער גענומען מוסר׳ן, הלמאי ער טראָגט אויפ׳ן האלז א שטייפען קראגען, וואָס דאָס איז חוקת הגוי.

גראָד איז דאָרט געזעסען רבי הערשעלע זדיטשעווער, וועלכער איז נישט געווען אזא שטארקער מקפיד אויף הלבשה, רופט ער זיך אָן צום דינאווער: מה רעש? וואו שטעהט דען אין דער תורה, אז מען טאָר נישט טראָגען א שטייפען קראגען?

איז דערביי געשטאנען רבי הירש אלימלך׳ס יונגעל (רבי דוד׳ל), רופט ער זיך אָן: אודאי שטעהט אין דער תורה... עס ווערט דערצעהלט אין חומש, אז רבקה האָט אָנגעטהון יעקב׳ן „עורות גדיי העזים" אויף די הענד און אויפ׳ן האלז, איז אויב יעקב וואָלט געטראָגען א קראגען, וואָלט זי דאָך איהם נישט געדארפט פערדעקען דעם האלז...

(עשר צחצחות)

דער בעקאנטער אפיקורס און שפעטערדיגער משומד, יחזקאל האגע, וועלכער איז פריהער געווען כלומרשט א חסיד, איז איינמאָל געקומען קיין לובלין צום „חוזה" אָנגעטהון אין א מאנטעל, אין וועלכען די קנעפּלעך זענען געווען אָנגענעהט לינקס, לויט'ן גוי'אישען גאנג.

רופט זיך אָן צו איהם דער חוזה: „כך דרכו של יצר, היום אומר לו עשה כך ומחר עשה כך, עד שאומר לו לך ועבוד עבודה־זרה".

שפעטער, ווען ער האָט זיך געשמדט, פלעגט ער זאָגען, אז ער האָט עס געטהון דערפאַר, ווייל — „מצוה לשמוע דברי חכמים"...

אין וואָלאָזשינער ישיבה האָט א בחור זיך אָנגעהויבען קליידען מאָדערן; אז מען האָט דאָס אָבגעטראָגען צום ראש־ישיבה, צום נצי"ב, האָט ער א מאך געטהון מיט דער האנד און געזאָגט:

— מה רעש? וואָס איז, אז מען געהט אין א גוי'אישער הלבשה? וואָס איז די הלבשה שולדיג?

און זעהענדיג, ווי די בחורים חדוש'ן זיך, הלמאי ער פערטיידיגט די גוי'אישע הלבשה, איז ער זיי מסביר:

— פערשטעהט איהר מיך, בשעת א זייגערל ווערט קאליע, זענען נישט שולדיג דערין די אויסערליכע ווייזערס, נאָר דאָס אינערליכע געווערק... און דאָס זעלבע איז אויך מיט דער הלבשה... די הלבשה אליין איז נישט שולדיג. די הלבשה ווייזט נאָר, אז אינווענינג איז עפּיס נישט אין אָרדנונג...

צו רבי אייזיל סלאָנימער איז אמאָל אריינגעקומען א יונגערמאן אין אנ'עלעגאנטען מאנטעל, אין וועלכען די קעשענעס, ווי ס'איז דאן ארויסגעקומען א מאָדע, זענען געווען אָנגענעהט אין דער הויך, נעבען די לאצען.

— אָ, — מאכט צו איהם רבי אייזיל — איהר זענט דאָך געוואָרען גאָר מיט א שטיק איד קלענער!

— וואָס הייסט? — חדושט זיך יענער — מיט וואָס?

— דען געוועהנליך זאָגט מען: „א איד ביז צו דער קעשענע", נו, אז איהר האָט אָנגעהויבען טראָגען די קעשענעס העכער, איז דאָך דער „איד" ביי אייך קלענער געוואָרען...

## אולי ימושני אבי וכו' והבאתי עלי קללה ולא ברכה... (כז. יב.)

נישט פאַר'ן פאָטערס קללה האָט יעקב געזאָלט מורא האָבען. עס איז אונדענקבאר געווען צו שרעקען זיך, אז פאר אזא אומשולדיגע זאך ווי אויסנארען א ברכה ביים טאטען, זאָל יצחק שעלטען זיין זוהן דעם צדיק, דעם „איש תם יושב אהלים": געשראָקען זיך האָט ער זיך פאר א גאנץ אנדערע קללה, אז דערמיט, וואָס ער וועט אָבנארען זיין בלינדען טאטען, וועט ער דאדורך עובר זיין אויפ'ן „אָרור משגה עור בדרך" און „אָרור מקלל אָביו ואמו" (דברים כ"ז). אָט פאר די צוויי אָרור'ס, די צוויי קללות פון דער תורה, האָט יעקב מורא געהאט...

(כרם הצבי)

## ויבא אל אביו ויאמר אבי ויאמר הנני וכו'... (כז. יח.)

מעהר האָט ער דערוויל נישט געזאָגט, נאָר דאָס איינע וואָרט: „אבי", **דאגעגען עשו האט גלייך ביים ארייננקומען אויסגערופען: „יקום אבי ויאכל מציד בנו"!** מחמת עשו האט זיך נישט געהאט וואס צו שרעקען, ער איז געגאנגען אויף א זיכערען וועג, ניט ערוואַרטענדיג, אז דער פאטער זאל איהם פרעגען, ווער ער איז, און איבערטרע־טענדיג די שוועל איז ער דעריבער תיכף, אהן שום שהיות, ארויס מיט'ן גאנצען פסוק: „יקום אבי ויאכל מציד בנו"... יעקב אבער איז געווען מלא פחד, טאמער וועט איהם דער פאטער דערקענען, האט ער קודם־כל ארויסגערעדט נאר איין וואָרט: „אבי!" און געוואַרט, צי דער פאטער וועט איהם דערקענען אין קול, אדער נישט. אויב ער וועט איהם דערקענען, וועט ער דאן אנהויבען רעדען מיט איהם וועגען גאנץ אנדערע זאכען, און ערשט דערנאך, ווען יצחק האט איהם געפרעגט: „מי אתה בני" און ער האט איהם געענטפערט: „אנכי עשו בכורך, עשיתי כאשר דיברת אלי", פון וואס ער האָט שוין בעוויזען צו איבערצייגען זיך, אז ער דערקענט איהם נישט, ערשט דאן האָט ער אויסגערופען, „קום נא שבה ואכלה מצידי"...

(שד"ל)

## קום נא שבה ואכלה מצידי... (כז. יט.)

עשו האָט זיך אויסגעדריקט: „יקום אבי ויאכל מציד בנו", יצחק זאָל זיך אויפשטעלען צום עסען, דאגעגען יעקב האָט געזאָגט: „קום נא שבה ואכלה מצידי", ער זאָל בלייבען זיצען, דען די חז"ל זאָגען: „שלשה דברים מתישין גופו של אדם, ואלו הן, אכל מעומד ושתה מעומד וכו'" (גיטין ע'). יעקב האָט, אלזאָ, גערעדט צום פאָטער אזוי ווי דער דין איז...

(רבי יהודה לייב דיסקין)

## מה־זה מהרת למצא בני... ויאמר כי הקרה ד' אלקיך לפני... (כז. כ.)

און עשו האָט געזאָגט: „יקום אָבי ויאכל מציד בנו".

ווערה איז דעם פאָטער, וועלכער דאַרף אויף די עלטערע יאָהרען אָנקומען צו קינדער, זיי זאָלען איהם מפרנס זיין. אָבער נישט אלע קינדער זענען אין דער הינזיכט גלייך. א גוטער זוהן, אז ער דארף מפרנס זיין דעם טאטען, טהוט ער עס איידעל, גוטמוטיג: זיי נישט, טאטע, — בערוהיגט ער איהם — געפאלען ביי זיך, „כי הקרה ה' אלקיך לפני", דו עסט נישט מיינס, חלילה, נאָר גאָט'ס... דאגעגען א זוהן א גראָבער יונג בעמערקט ביי יעדער געלעגענהייט: „יקום אָבי ויאכל מציד בנו", געבענדיג דעם טאטען אָנצוהערעניש, אז דאָס עסט ער „מציד בנו", זיינס, דעם זוהנ'ס פראַצע...

(כסף נבחר)

## גשה נא ואמשך בני... (כז. כא.)

פערלירענדיג דעם חוש־הראיה, האָט יצחק זיך בעמיהט צו דערקענען עשו'ן מיט דער הילף פון די איבריגע פיער חושים. פריהער האָט ער אָנגעשטרענגט דעם חוש־המישוש: „גשה נא ואמשך בני", דאן — דעם חוש־השמיעה: „הקול קול יעקב",

דאן — דעם חוש־הטעם: „הגישה לי ואוכלה״, און דאן — דעם חוש־הריח: „וירח את ריח בגדיו״...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

## הקל קול יעקב והידים ידי עשו... (כז. כב.)

דאָס וואָרט „הקל״ איז געשריבען חסר (אָהן א ו׳), דען נישט שטענדיג איז יעקב אימשטאנד צו שרייען. גאנץ אָפט בשעת עס צעווילדעווען זיך געגען איהם די „הידים ידי עשו״, מוז דאן אויך יעקב׳ס קול בלייבען ליידער פערשטומט, חסר... אפילו שרייען לאָזט מען איהם נישט...

(צלותא דאברהם)

„בזמן שקולו של יעקב מצפצף אין ידי עשו שולטות בו״ (מדרש רבה)

פונוואנען איז עס דאָ געדרונגען? אין פסוק שטעהט דאָך נישט „אין ידי עשו״, נאָר פערקעהרט, כאָטש עס איז „הקל קול יעקב״, דאָך — „והידים ידי עשו״ ?...

נאָר געשריבען איז דאָס ערשטע וואָרט חסר, עס שטעהט נישט „הקול״ נאָר „הקל״, אָהן א ו׳, און דער דיוק איז: בשעת עס איז חסר און עס פעהלט דער קול יעקב, דאן איז „והידים ידי עשו״...

(בכורי אביב)

צו אבנימוס הגרדי (איינער פון די גרויסע פילאָזאָפען ביי די אומות־העולם) האָבען זיך איינמאָל פערזאמעלט די פאָרשטעהער פון פערשידענע אומות און איהם געפרעגט: ווי מיינסטו, וועלען מיר קענען בעזיעגען די אידישע אומה? — האָט ער זיי דערויף געענטפערט: געהט און מאכט א שפאציר איבער די אידישע שוהלען און בתי־מדרשים; אויב איהר וועט אין זיי הערען דעם קול־תורה פון די אידישע קינדער — וועט איהר זיי נישט קענען בייקומען; אויב אָבער נישט — דאן וועט איהר זיי בייקומען...

(בראשית רבה)

על־פי־רוב, בעת עס לעבט זיך די אידען גוט אין א לאנד און זיי האָבען זיך נישט צו בעקלאָגען אויפ׳ן מצב־הפרנסה און זיי האָבען נישט אויסצושטעהן קיין שום רדיפות, ווערט דאן, ליידער, דער „קול־יעקב״ פערשוויגען, מען דערווייטערט זיך וואָס אמאָל מעהר פון אידישקייט און פון דער געמיינזאמער שייכות מיט די אידען פון אנדערע לענדער... ווען דערהערט זיך דער „הקול קול יעקב״, ווען דערוועקט זיך אמ־שטארקסטען אין די הערצער דאָס „פינטעלע איד״? — ערשט דאן, ווען מען דערפיהלט פלוצים די „הידים ידי עשו״...

(מגד ירחים)

פארהאן אידען, וואָס בנוגע צום „קול״ זענען זיי פולקאָם אין אָרדנונג, זיי דאווענען און לערנען א סך און היטען־אָב דעם „הקול קול יעקב״ ווי געהעריג, קומט עס אָבער צו די „ י ד י ם ״, צו די הענד, צו געבען צדקה, צו האנדלען באמונה, דאמאָלס,

לײדער, איז — „הידים ידי עשו", זענען די זיך גרײט צו הרג'ענען פאר א פחות משוה פרוטה...

(דובנער מגיד)

## וירח את ריח בגדיו... (כז. כז)

„ריח בגדיו — ריח בוגדיו" (דער ריח פון זײנע פּעררעטער)... (מדרש)

און דאָס איז דער טײטש פון די װײטערדיגע װערטער: „ראה ריח בני כריח שדה" — דאָס אידישע קינד איז ענליך צום פעלד, צו דער ערד. פונקט װי בנוגע דער ערד איז אָנגענומען, אז "אין אונאה לקרקעות", אז מיט ערד גענארט מען זיך נישט, װײל אויב עס איז אינ'ם איצטיגען מאָמענט נישט װערט דעם בעצאָהלטען פּרײז, װעט עס װערט זײן אין א צײט ארום, אזוי איז אויך מיט אידישע קינדער דאָסזעלבע: אויב זײ זענען אפילו אינ'ם איצטיגען מאָמענט אונטערײ און פערדאָרבען און זײ פערשאפען אונז צער מיט זײערע מעשים, דארף מען זיך נישט מײאש זײן און האָפען, אז זײ װעלען שפּעטער בעסער װערען, דען „ישראל אף־על־פי שחטא — ישראל הוא"...

(ייטיב לב)

## ויתן לך האלקים מטל השמים ומשמני הארץ... (כז. כח)

און בײ עשו'ן איז דער נוסח פערקעהרט: „משמני הארץ מושבך ומטל השמים", פריהער „ארץ", און נאָכדעם „שמים"... אין יעדענס ברכה האָט יצחק מקדים געװען דאָס, װאָס עס איז בײ יעדען פון זײ דער עיקר. יעקב לעבט מעהר מיט'ן הימעל, און עשו — מיט דער ערד.

(אמרי דרוש)

„יתן ויחזור ויתן" (רש"י)

עשירות איז פאר'ן מענש א גרויסער נסיון, דען עפ"י רוב איז „עושר שמור לבעליו לרעתו" און „רש ועושר אל תתן לי, פן אשבע וכחשתי", איבערהויפּט איז געפעהרליך, װען דאָס עשירות קומט פּלוצלונג, װען דער מענש װערט מיטאמאָל רײך, די פערדאָרבענסטע מענשען זענען עפ"י רוב די אויפגעקומענע גבירים... און דערײ־בער: „ויתן לך האלקים — יתן ויחזור ויתן", רײך זאָלסטו װערען ביסלעכװײז, בהדרגה, נישט מיטאמאָל...

(כתב סופר)

## יעבדוך עמים... (כז. כט)

אמאָל האָבען מיר געמײנט, אז עס איז א ברכה, אז עס װעט זײן פאר אונז א גרויס גליק דער „ועמדו זרים ורעו צאנכם". לײדער אָבער איז עס פערװאנדעלט געװאָרען אין א קללה. „יעבדוך עמים", די גוים ארבײטען, און מיר געהען ארום און שלינגען די לופט...

(אמרי חן)

## הוה גביר לאחיך... (כז. כט.)

א גביר זאָלסטו זיין „לאַחיך״, צו דיינע ברידער; פון דיין עשירות זאָלען געניסען אידען. נישט ווי עס פיהרען זיך, ליידער, געוויסע אידישע מיליאָנערן, וועלכע שפענדען די גרעסטע נדבות פאר כל מיני נישט־אידישע צוועקען און פון זייערע אייגענע ברידער ווילען זיי נישט וויסען...

(הדרש והעיון)

## וישתחוו לך בני אמך... (כז. כט.)

פארוואָס עפעס „בני אמך״ און נישט „בני אביך״?

נאָר יצחק האָט דאָך בשעת מעשה געמיינט, אז ער בענשט עשו׳ן, און ער האָט דעריבער געמיינט דערמיט צו זאָגען, אז עס זאָל זיך בוקען צו איהם און ער זאָל האָבען די שליטה איבער יעקב׳ן, וועלכער איז דער מאמע׳ס קינד — „ורבקה אוהבת את יעקב״...

(מקרא מפורש)

## ויחרד יצחק חרדה גדולה... (כז. לג.)

„ראה גיהנם פתוחה מתחתיו״... (רש״י)

פארוואָס האָט מען עפעס דאָ פלוצים געוויזען יצחק׳ן דעם גיהנם?

דען די חז״ל זאָגען (בראשית רבה, פ׳ מד.), אז אויף דעם חטא פון דער פראגע „במה אדע״ האָט השי״ת פאַרגעלעגט אברהם׳ן, ער זאָל זיך אויסקלייבן וועלכען עונש ער וויל: „במה אתה רוצה? שירדו בניך בגיהנם, או במלכיות״? דערויף האָט אברהם זיך בעסער אויסגעקליבען דעם עונש פון „שעבוד מלכיות״... וויבאלד, אלזאָ, יצחק האָט איצט געבענשט יעקב׳ן מיט דער ברכה: „יעבדוך עמים וישתחוו לך לאומים״, הייסט דאָך עס, אז ער זאָגט זיך אָב פון „שעבוד־מלכיות״, — איז אויב אזוי, דאַרף ער דאָך נעהמען אויף זיך דעם צווייטען עונש, דעם עונש פון גיהנם, און דעריבער —

„ראה גיהנם פתוחה מתחתיו״... (רש״י)

(רבי ר׳ העשעל)

## ואברכהו — גם ברוך יהיה... (כז. לג.)

אין תחילת — פלעגט זאָגען דער חידושי הרי״ם — האָט יצחק ליעבער געהאַט עשו׳ן פאר יעקב׳ן, דען אויף יעקב׳ן איז ביי איהם קיין רבותא נישט געווען, וואָס ער איז פרום; א מענש, וואָס האָט נישט קיין ידיעה אין הויות העולם, אנ׳איש תם ויושב אוהל, א בית־מדרש׳ניק, וואָס איז דער חידוש, וואָס ער איז פרום? מעהר רבותא איז ביי איהם געווען עשו, וועלכער איז געווען אנ׳ארבייטס־מענש, פערנומען תמיד מיט מילי דעלמא, און דאָך איז ער אָבגעהיטען אויף די מינדסטע קלייניקייטען אזש ביז צו פרעגען: „אבא האיך מעשרין את התבן״? — אזא יונגערמאן איז טאקי א יקר־המציאות...

איצט אָבער, בעת ער האָט געהערט פון עשו׳ן, אז דאָס האָט זיך יעקב מקדים געווען און אויסגענאַרט פון איהם די ברכות, הייסט דאָך עס, אז דער יעקב איז לגמרי

גאָר קיין שוטה נישט, דאָס מאכט ער זיך בלויז פאַר א תם און באמת שטעהט ער נאָך העכער פאַר עשו'ן, איז אויב אזוי — „גם ברוך יהיה!" איז ער ווערט די אויסגענאַרטע ברכות, האָט ער זיך זיי פאָלקאָם פערדיענט...

## את בכורתי לקח והנה עתה לקח ברכתי... (כז. לו.)

מיט'ן אָבקויפען די בכורה האָט זיך יעקב פערקנעכטעט צו עשו'ן, דען עס איז דאָך געזאָגט געוואָרען „ורב יעבוד צעיר", און איצט איז ער דאָך, יעקב, געוואָרען דער רב, דער עלטסטער... און דאָס, אלזאָ, האָט עשו געשריען: „את בכורתי לקח", און קוים איז ער בכור דארף דאָך זיין „ורב יעבוד צעיר", ולסוף — „והנה עתה לקח ברכתי", האָט ער איצט אויך צוגענומען פאר זיך די ברכה פון „הוה גביר לאחיך"!...

(מלבי"ם)

## משמני הארץ יהיה מושבך... (כז. לט.)

„זו איטליא של יון" (רש"י)

וואָס איז רש"י אויסען מיט דער דאָזיגער בעמערקונג?

נאָר רש"י וויל דערמיט פערענטפערען, פארוואָס ביי ברכת יעקב שטעהט פריהער „מטל השמים" און נאכהער „ומשמני הארץ", דאגעגען ביי ברכת עשו פערקעהרט, פריהער „משמני הארץ" און נאכהער „ומטל השמים"? מיט דער בעמערקונג „זו איטליא של יון" ווערט די דאָזיגע קשיא פערענטפערט. דען די חז"ל זאָגען (סנהדרין כ"א): „בשעה שנשא שלמה בת פרעה ירד גבריאל ונעץ קנה בים ועלה שרטון ועליו נבנה כרך גדול וזו איטליא של יון". יעקב'ן האָט ער דעריבער געבענשט פריהער מיט „טל השמים", דען זיין לאנד, ארץ ישראל, האָט דאָך שוין עקזיסטירט און זיך גלייך געגויטיגט אין טל. עשו'ס לאנד אָבער, „איטליא של יון", איז דאָך נאָך אויף דער וועלט נישט געווען און וואָס טויג איהם שוין דער טל? האָט ער איהם אלזאָ פריהער געבענשט מיט „משמני הארץ יהיה מושבך", פריהער האָב א לאנד און ערשט דאן — „ומטל השמים מעל"...

(רבי ר' העשעל)

## ואת אחיך תעבוד... (כז. מ.)

הלואי וואָלטען אונזערע אידישע גבירים מקיים געווען אלע אנדערע מצוות פון דער תורה מיט אזא קנאות, ווי זיי זענען מקיים דעם דערמאָהנטען פסוק! דען נאָר דערפון, וויזט אויס, צוליעב דעם אָנזאָג „ואת אָחיך תעבוד", נעהמט זיך עס, וואָס ס'רוב אידישע פאבריקען זענען אָפען פאר צעהנער טויזענדער גוי'אישע ארבייטער און געשלאָסען פאר אייגענע אידען...

(רבי שמואל מאהילעווער)

די השגחה העליונה האָט בכיוון מסבב געווען, אז די ברכות, וואָס יצחק האָט געבענשט יעקב'ן, זאָלען דארפען אויסגענארט ווערען בדרך־רמאות, נישט אויפ'ן גלייכען, נאָרמאלען וועג.

דאָס איז נויטיג געווען דערפאַר, כדי די ברכות זאָלען חל זיין אויף אידען אויך דאַן, ווען זיי וועלען זיין זינדיג און נישט געהן בדרך־הישר. וואָרום יצחק האָט דאָך אין זינען געהאט בשעת־מעשה, אז דאָס בענשט ער עשו׳ן, און דעריבער, ווי זינדיג מיר אידען זאָלען נישט זיין, זענען מיר דאָך אָבער על־כל־פנים נישט זינדיגער און נישט ערגער פון עשו הרשע...

(רבי משה־לייב סאַסעווער)

## וישטום עשו את יעקב... (כז. מא.)

מען האָט אמאָל געפרעגט דעם רבי׳ן רבי יונתן אייבעשיץ, פאַרוואָס, בשעת עס מאכט זיך ביי א פרומען איד א שאלה וועגען כשרות, אָדער וועגען חמץ־בפסח, וואַרט ער נישט, עס זאָל איהם ווער אויפפאָדערן, נאָר ער אליין לויפט אוועק צום רב, און אויב דער רב פסק׳נט: ט ר י פ ה, אָדער: ח מ ץ, רעדט ער קיין וואָרט נישט, פרובט זיך נישט געגענשטעלען, נאָר ער איז הכנעה׳דיג מקיים דעם פסק, מעג עס זיין פערבונדען מיט א בעדייטענדען געלד־היזק. דאגעגען אין מסחר, ביי דיני־ממונות, ווען עס האנדעלט זיך וועגען גזילה פון פרעמד געלד, איז נישט־נאָר וואָס מען לויפט נישט צום רב אליין פרעגען א שאלה אויפ׳ן גזל, נאָר על־פי־רוב מוז מען אָנווענדען פערשידענע מיטלען און נאָכלויפען דעם בעל־דבר וואָכען און אמאָל חדשים־לאנג, ביז יענער איז מרוצה צו געהן צו א דין־תורה; און אפילו שוין נאָך דער דין־תורה קומט עס אָן אין מעהרסטע פאלען נישט אזוי לייכט, ביז יענער איז ענדליך מקיים־פסק, מעג זיך עס אפילו האנדלען אין א גאנץ קליינער סומע... מיט וואָס ערקלערט זיך עס? איז דען דער לאו פון „לא תגזול“ און „לא תעשוק את רעך“ נישט אזוי הארב, ווי דער „ובשר בשדה טרפה לא תאכלו“ און „כל מחמצת לא תאכלו“?...

דאָס איז דערפאַר, — האָט רבי יונתן דערויף געענטפערט, — ווייל ביי א שאלה פון כשרות און חמץ, איז כאָטש ער אליין ליידט טאקע א גרויסען היזק, אָבער קיין פרעמדער, קיין צווייטער האָט דערפון נישט קיין שום נוצען; דאגעגען ביי א דין־תורה וועגען דיני־ממונות, בשעת ער פערשפּיעלט, געווינט דאָך דערביי דער צווייטער בעל־דין, — און דער צער, הלמאי יענער זאָל האָבען ריווח, מעג ער זיין ווי קליין, איז ביי א מענשען פיעל גרעסער, ווי דער אייגענער היזק, ווי גרויס ער זאָל נישט זיין...

און דאָסזעלבע איז אויך געווען מיט עשו׳ן. „וישטום עשו את יעקב“ — די שנאָה, וואָס האָט געברענט אין עשו׳ן, איז געווען נישט אזוי צוליעב זיין אייגענעם היזק, הלמאי ער האָט בעקומען א צו־קליינע ברכה, נאָר — „על הברכה אשר ברכו אָביו“, אויף יעקב׳ס ריווח, הלמאי מען האָט אויך יעקב׳ן געבענשט...

(כפלים לתושיה)

## יקרבו ימי אבל אבי ואהרגה את יעקב... (כז. מא.)

היתכן? ווי געשיקט זיך עס, אז עשו, וועלכען די חז״ל ריהמען, אז ער האָט אזוי שטארק געהאלטען פון כיבוד אב, זאָל שטעהן און אויסקוקען דעם פאָטערס טויט? צווייטענס, פון וואנען איז ער עס געווען זיכער אינ׳ם „יקרבו ימי אבל אבי“, אז דער פאָטער וועט קירצליך שטארבען, וועהרענד באמת האָט ער נאכהער געלעבט גאנצע פיערציג יאָהר?

נאָר דער פשט איז: עשו האָט אויסגערופען מיט א טאָן פון בעדויערן און מיט־געפיהל: אָ, „יקרבו ימי אבל אבי", מיין פאָטער וועט בקרוב איבערלעבען זעהר טרויעריגע טעג, מחמת „ואהרגה את יעקב אחי", גאָר אין קורצען, ביי דער ערשטער גע־לעגענהייט, וועל איך הרג'ענען מיין ברודער יעקב, וואָס דאָס וועט דעם פאָטער פיעל צער פערשאפען...

(טעמא דקרא)

אין בריסקער בית־המדרש איז אמאָל אויסגעבראכען א מחלוקת צווישען צוויי אבלים, צוליעב'ן קדיש־זאָגען, צוליעב'ן דאווענען פאר'ן עמוד, ווי דער שטייגער איז... עס איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז די אבלים האָבען זיך געכאפט שלאָגען און איינער האָט דעם צווייטען צובלוטיגט. בינתים איז אָנגעקומען רבי יאָשע־בער — און דער־זעהענדיג דידאָזיגע סצענע און הערענדיג צוליעב וואָס דאָס איז ארויסגעקומען, האָט ער די צוויי בעלי־דברים שארף אויסגעזידעלט.

— אָט איצט — מאכט דאן דער רבי יאָשע־בער צום עולם — איז מיר פער־שטענדליך דער פשט פון פסוק „יקרבו ימי אבל אָבי ואהרגה את יעקב". אין פלוג איז דאָך קשה: צוליעב וואָס האָט ער עס געדארפט אָבלעגען אויף אזוי לאנג? האָט דען אזא פארשוין, ווי עשו, נישט געקאָנט זיך אָברעכענען מיט יעקב'ן באלד אויפ'ן אָרט? נאָר עשו מיט זיינע שאלות, „אבא האיך מעשרין את התבן", האָט, ווי איהר ווייסט, געשפיעלט די גאנצע צייט די ראָליע פון א מכלומרשטען פרומאק און דעריבער האָט ער בכיוון אויסגעקליבען די צייט פון „יקרבו ימי אבל אָבי", דען דאמאָלס, אין דער צייט פון אבלות, איז דער בעסטער זמן צו פערפיהרען א מחלוקת, אָט צוליעב א „קדיש", „עמוד", די בעסטע געלעגענהייט אויף אבצורעכענען זיך און אָנצופאלען אויף אנ'אייגענעם ברודער...

## עד אשר תשוב חמת אחיך — עד שוב אף אחיך ממך... (כז. מד. מה.)

פארוואָס ווערט דאָס זעלבע צוויי מאָל איבערגעחזר'ט: „עד אשר תשוב חמת אָחיך" און דאן נאָכאמאָל: „עד שוב אף אָחיך ממך"?

נאָר דאָס הארץ פון א מענש איז זעהר עמפינדליך און עס דערפיהלט אינסטינק־טיוו די געגענזייטיגע פריינדשאפט און געגענזייטיגע שנאה, „כמים הפנים לפנים כן לב האדם לאדם" (משלי כז. יט.) און דאָס האָט רבקה געזאָגט צו יעקב'ן: „וישבת עמו ימים אחדים עד אשר תשוב חמת אחיך", ווען אָבער וועסטו וויסען, צי דער דאזיגער מאָמענט איז שוין געקומען, צי דיין ברודער איז שוין מעהר נישט אין כעס אויף דיר? דאן ווען — „עד שוב אף אחיך ממך", ווען אויך דו וועסט אין הארצען נישט פיהלען מעהר קיין כעס אויף דיין ברודער...

(חמש ידות)

## ויקרא יצחק אל יעקב ויברך אותו ויצוהו וכו'<br>לא תקח אשה מבנות כנען... (כח. א.)

די תורה בעווייזט אונז דערמיט א ביישפיעל, אז אויב מען וויל ווירקען אויף א קינד און איהם אָבהאלטען פון צו געהן אין שלעכטען וועג, דארף מען עס מאכען

אויף א דעליקאטען, בנעימות׳דיגען אופן, נישט מיט רוגזה און כעס, דורך וועלכע מען דערגרייכט אָפט פונקט פערקעהרטע רעזולטאטען, און אזוי האָט אויך יצחק גע־האנדעלט: „ויקרא יצחק אל יעקב ויברך אותו", איידער ער איז צוגעטרעטען צו זאָגען איהם זיין פערלאנג, האָט ער קודם־כל גערעדט צו איהם א פאָר ווארימע ליעבליכע ווערטער און איהם געבענשט, און ערשט נאָכדעם האָט ער זיך געווענדעט צו איהם: טהו מיר צוליעב, מיין קינד, „לא תקח אשה מבנות כנען"...

(חפץ חיים)

## לא תקח אשה מבנות כנען... (כח. א.)

„לעולם — זאָגען די חז"ל — ימכור אדם כל מה שיש לו וישא בת תלמיד חכם".

אויב איינער — ווערט דערויף געטייטשט בדרך־הלצה — געהט נעהמען א מיוחסת, א בת תלמיד־חכם, זאָל ער פריהער פאר דער חתונה פערקויפען אלץ, וואָס ער פערמאָגט, ווארום אויב ער וועט עס נישט טהון פאר דער חתונה, וועט ער עס זיין געצוואונגען צו טהון נאָך דער חתונה...

(אסם בושם)

## ויפרך וירבך והיית לקהל עמים... (כח. ג.)

דערויף ווערט געזאָגט אין תרגום יונתן: „ותהא זכי לכנישת דבני סנהדרין".

וואָס פאר א שייכות האָט דאָס צום „ויפרך וירבך"?

נאָר די גמרא זאָגט: „אין מושיבין סריס בסנהדרין", און דאָס, אלזאָ, איז די ברכה. דער „ויפרך וירבך" זאָל מקוים ווערען אין אייך אויף אזא צופרידענשטעלענדען אופן, אז זיי זאָלען ראוי זיין צו זיצען צווישען די סנהדרין — עס זאָלען זיך נישט געפונען צווישען אייך קיין סריסים...

(רבי לייביש חריף)

## אל לבן וכו׳ אחי רבקה אם יעקב ועשו... (כח. ה.)

זאָגט רש"י: „איני יודע מה מלמדנו".

דער פסוק — ערקלערט דערויף רבינו אפרים מגרמיזא — לערנט אונז און פערענטפערט דערמיט די פראגע פון „אל לבן בן בתואל הארמי אחי רבקה". זאָלסט זיך נישט וואונדערען, הייסט עס וואָס ער איז געווען א רשע און די שוועסטער — א צדיקת, דען אויך רבקה איז געווען „אם יעקב ועשו", א מאמע פון צוויי קינדער, קאָנ־טראסטען, א צדיק און א רשע...

## וילך עשו... ויקח את מחלת בת־ישמעאל... (כח. ט.)

א מערקווירדיגען מאמר געפינען מיר אויף דעמדאָזיגען פסוק אין ירושלמי (בכורים פ"ג, ה"ג): „וכי מחלת שמה — והלא בשמת שמה? אלא מלמד שנמחלו לו כל עונותיו, מכאן לחתן שמוחלין לו עונותיו"...

## אחות נביות... (כח. ט.)

„ולמדנו שהיה יעקב באותו הפרק ס״ג שנים וכו׳
ולמדנו מכאן שנטמן בבית עבר י״ד שנה ואחר כך הלך לחרן״ (רש״י).

האָט דער אסטראָווצער רבי געפרעגט: די דריי און זעכציג יאהר, וואס יעקב איז געווען אין דער היים, איז ער דאָך אויך נישט געגאנגען לעדיג און איז כסדר געזעסען און געלערנט, ווי דער פסוק זאָגט עדות אויף איהם: „ויעקב איש תם יושב אהלים״, טאָ פארוואָס איז ער איצט נישט גלייך אוועק קיין פדן ארם, ווי דער פאָטער האָט איהם געהייסען, נאָר ווייטער אוועקגעזעצט זיך לערנען?

— נאָר ביז איצט — האָט ער געענטפערט — האָט יעקב געלערנט ווי אזוי א איד דארף זיך נוהג זיין און אויפפיהרען זיך אין דער היים, צווישען אידען. איצט אָבער, בעת ער האָט געדארפט אוועקגעהן צו לבנ׳ען קיין פדן ארם, האָט ער זיך פריהער אוועקגעזעצט לערנען, ווי אזוי מען דארף זיך פיהרען אין דער פרעמד, צווישען גויים...

אין מדרש־רבה פון דער היינטיגער סדרה (סוף פ׳ ס״ד) ווערט געבראכט פאָלגענדער מאמר:

„ויבואו עבדי יצחק, אין אָנו יודעין אם מצאו אם לא מצאו, מן זה דכתיב וימצאו שם באר מים חיים הוי שמצאו מים״.

עס איז אנ׳אונפערשטענדליכער מאמר, אויף וועלכען די פערשידענע מפרשים מאטערען זיך צו זאָגען פשט, אָבער פון אלע פשטים שיינט צו זיין דער ריכטיגסטער די ערקלערונג פון חדושי הרש״ש און נעמליך:

פאר די בעלי־המדרש איז נישט געווען קלאָר, צי עס קומט אינ׳ם דאָזיגען פסוק „לו״ מיט א ו׳ אָדער „לא״ מיט א א׳, צי מען דארף לייענען: „ויאמרו לו, מצאנו מים״, אָדער: „ויאמרו, לא מצאנו מים״, און דערויף קומט דער אויספיהר: „מן זה דכתיב וימצאו שם באר מים חיים הוי שמצאו מים״. און עס דארף אלזאָ זיין „לו״ מיט א ו׳.

# וַיֵּצֵא

## ויצא יעקב מבאר שבע... (כח, י.)

„מגיד שיציאת צדיק מן המקום עושה רושם" (רש"י)

ערשט דאן, ווען דער צדיק געהט ארויס פון שטאָדט, מאכט עס א רושם, דאַ־מאָלס כאפט מען זיך, אז מען האָט געהאט ביי זיך א צדיק... פריהער אָבער, בעת ער זיצט אין שטאָדט, זעהט מען עס נישט און עס קוקט זיך קיינער נישט אום אויף איהם. — „אין נביא בעירו"...

(בית יעקב)

„ולא יסף עוד מלאך ד' להראות וכו' אז ידע מנוח כי מלאך ד' הוא" (שופטים י"ג, כ"א.)

בשעת דער מלאך איז מעהר נישט געקומען און האָט זיך אויפגעהערט צו בעוויזען, ערשט דאמאָלס האָט מען זיך געכאפט — „כי מלאך ד' הוא", אין דער צייט אָבער, וואָס ער איז געווען ביי זיי, האָט גאָר קיינער נישט געפיהלט, אז זיי האָבען צווישען זיך א מלאך...

(אבן אהרן)

רבי יחיאל מיכל נאָוואָרדעקער, דער מחבר פון „ערוך השלחן", פלעגט זאָגען:

דעריבער איז זיך יעדער רב נוהג אונטערצושרייבען אויף יעדען בריעף: „החו־נה פה ק"ק", ווייל א רב האָט נישט קיין שטענדיגע זיכערע היים, אויף יעדען אָרט פיהלט ער זיך, ווי ער וואָלט דאָרט גערוהט און זיך אויפגעהאלטען נור צייטווייליג, יעדען טאָג דאַרף ער זיך ריכטען צו זיין געצוואונגען פון דאָרט אויסצוואנדערען און צו זוכען זיך א כסא־רבנות אין אנ'אנדערע שטאָדט...

„ויצא יעקב — מגיד שיציאת צדיק מן המקום עושה רושם וכו' יצא משם פנה הודה פנה זיוה פנה הדרה" (רש"י)

רבי ישראל ריזשינער האָט זיך אמאָל אויסגעדריקט אויף די וואנדערענדע צדיקים און „אייניקלעך", וועלכע שלעפען זיך ארום פון שטעדטעל צו שטעדטעל, אז וועגען זיי איז עס געזאָגט געוואָרען דער דרש: „יצא משם פנה הודה פנה זיוה פנה הדרה", אָט די וואנדערענדע „אייניקלעך" זענען מבזה דאָס חסידות און נעהמען צו פון איהר דעם גאנצען פראכט און גלאנץ און שענקייט...

(בית ישראל)

„יש שהוא הולך אצל זוגו ויש שזוגו הולך אצלו" — ביי איינעם טרעפט, אז דער זיווג קומט צו איהם (יצחק), און ביי א צווייטען — אז ער מוז געהן אויפזוכען זיין זיווג (יעקב)...

(בראשית רבה)

רבי ארי׳ לייב תאומים האָט נישט איבריג ליעב געהאַט די גבירים, איבער־הויפּט די אויפגעקומענע גבירים. איינמאָל זענען אריינגעקומען צו איהם צוויי שטאָד־טישע בראָדער גבירים, גרויסע עמי־הארצים, וועלכע זענען אמאָל געווען ארימעלייט און פלוצים נתעשר געוואָרען און, ווי דער שטייגער איז, זענען זיי צוזאמען דערמיט אויך געוואָרען גרויסע קמצנים און רשעים. אריינגעקומען זענען זיי צום רב, אז ער זאָל זיי אָבגעבען מזל־טוב, מחמת זיי האָבען זיך ביידע צווישען זיך משדך געווען. רופט זיך אָן צו זיי רבי ר׳ ארי׳ לייב: די חז״ל זאָגען, אז „הקב״ה יושב ועושה סולמות ומזווג זווגים בת פלוני לפלוני, שדה פלוני לפלוני״. איז צוליעב וואָס אייגענטליך ווערט גלייכצייטיג מיט׳ן „בת פלוני לפלוני״ אויך אויסגערופען: „שדה פלוני לפלוני״? ווייל בשעת עס ווערט נגזר למשל, אז די טאָכטער פון אַן עם־הארץ זאָל זיך משדך זיין מיט׳ן זוהן פון א בעריהמטען רב, איז אויב דער עם־הארץ זאָל נאָך דערצו זיין א קבצן, וועט דאָך דער מחותן, דער רב, זיכער נישט וועלען זיך מיט איהם משדך זיין. רופט מען דעריבער גלייך אויס: „שדה פלוני לפלוני!״ אז דער עם־הארץ זאָל נתעשר ווערען און מיט געלד קאָן מען זיך איינקויפען יחוס... איהר אָבער, ווי איך זעה, האלט נישט פון אזעלכע זאכען און אפילו נאָכדעם, ווי איהר זענט רייך געוואָרען, האָט איהר נישט געזוכט פאר אייערע קינדער קיין יחוס׳דיגע שדוכים, נאָר זיך משדך געווען צווישען זיך, איז אויב אזוי וואָלט איהר דאָך דעם זעלבען שידוך געקאָנט טהון אויך דאַן, ווען איהר וואָלט ביידע פערבליבען קבצנים און נאָכוואָס איז נויטיג געווען אויס־צורופען אין הימעל וועגען אייך: „שדה פלוני לפלוני״ ?...

(דוד דעה)

דער גרויסער אידישער פילאָזאָף, משה מענדעלסאָן, איז, ווי בעוואוסט, געווען א בעל־מום, א הויקער; א פרוי דאגעגען האָט ער געהאַט א זעלטענע יפת־תואר און דערצו זעהר רייך פון־דער־היים.

וועגען דעם, ווי אזוי מענדעלסאָן איז געקומען צו אזא שידוך, ווערט דער־צעהלט פאָלגענדעס:

מענדעלסאָן איז אין דער יוגענד געווען א לעהרער ביים בערלינער גביר גוגענהיים. גוגענהיים׳ס שענע טאָכטער איז איהם זעהר געפעלען געווען; ער אָבער, פערשטעהט זיך, האָט אין תחילת ביי איהר, צוליעב זיין העסליכקייט, נישט אזוי שטארק אויסגענומען.

איינמאָל, בשעת זיי זענען ביידע גראָד געזעסען אליין און געשמועסט, מאכט צו איהר מענדעלסאָן:

— גלויבט איהר, פריילין, אין זיווג מן השמים, אז א מענשענס זיווג איז בעשערט פון הימעל?

— יאָ, — ענטפערט זי, — כ׳גלויב.

— וועל איך אייך — זאָגט מענדעלסאָן — דערצעהלען א מעשה:

פיערציג טעג איידער ס׳קינד ווערט געבוירען — זאָגען אונזערע חכמים — רופט מען אויס אין הימעל: „בת פלוני לפלוני״, יענעמס און יענעמס טאָכטער איז יענעמס בעשערטע. בשעת איך האָב אלזאָ דערהערט, ווי דער מלאך האָט אויסגערו־פען: „בת גוגענהיים למשה מענדעלסאָן״, בין איך געווען טשעקאווע און האָב א פרעג געטהון דעם מלאך: ווי ועט מיין בעשערטע אויסזעהן? וועט זי זיין א יפת־תואר?

— ניין — ענטפערט מיר דער מלאך — א פערזעהעניש וועט זי זיין, א בעל־מום, א הויקער...

ווי איך האב דאס דערהערט, האט מיך א שטארקער צער ארומגענומען און איך האב מיך אנגערופען צום מלאך: געה צום בעשעפער און זאג איהם, אז איך וועל ליעבער נעהמען דעם הויקער אויף מיינע פלייצעס און זאל מיין בעשערטע זיין שעהן, אהן א מום...

דערדאזיגער קלוגער ענטפער האט ביי גוגענהיים׳ס טאכטער שטארק אויס־גענומען און זי האט מסכים געווען צו ווערען זיין פרוי.

## ויפגע במקום וילן שם... (כח. יא.)

„למדנו שתקן תפלת ערבית״ (רש״י)

מען האט איינמאל רבי יאשע־בער׳ן דערצעהלט וועגען אייניגע געוויסע בריסקער בעלי־בתים, אז זיי קומען נישט א גאנץ יאהר דאווענען, אחוץ ווען זיי האבען יאהר־צייט; האט רבי יאשע־בער דערויף געענטפערט בדרך־הלצה, אז דאס איז דער פשט פון מאמר חז״ל „תפלות אבות תקנו״: די תפילות אין שוהל האלטען זיך צוליעב די טאטעס: א מערכה, וואס דער טאטע, אדער די מאמע איז געשטארבען, מוז מען קומען דאווענען, קדיש זאגען. ווען נישט דאס, וואלטען א סך אידען אויף זייער גאנצען לעבען קיין שוהל נישט אנגעקוקט...

## ויקח מאבני המקום וישם מראשותיו... (כח. יא.)

בשעת דער קעניג קומט צו זיין געליעבטער און זי מאכט איהם א געלעגער פון שטיינער, איז איהם דאס דאזיגע געלעגער א סך ליעבער, ווי זיין גאלדען בעט מיט׳ן טייערסטען בעטגעוואנד...

(זהר בראשית צ״ח)

„התחילו מריבות זו את זו, זאת אומרת עלי יניח צדיק את ראשו וכו׳״ (רש״י)

א געוויסער רבי האט געפרובט ווירקען אויף א קאברינער חסיד, ער זאל אויפהערען צו פאהרען קיין קאברין און קומען צו איהם. האט עס דער חסיד דערצעהלט דעם רבי׳ן זיינעם, רבי משה קאברינער, בכדי צו ווייזען איהם דערמיט, ווי גרויס חשוב ער איז ביי אנדערע רביים, אין דער צייט, ווען ער, דער רבי זיינער, מאכט פון איהם גאר קיין וועזען נישט.

רופט זיך אן צו איהם רבי משה קאברינער: — עך, אמאל איז געווען א צייט, ווען די שטיינער האבען זיך געקריגט איבער א צדיק, און היינט, בעוונותינו הרבים, איז פערקעהרט, קריגען זיך די צדיקים איבער א שטיין...

צוויי סלאנימער בעלי־בתים האבען אמאל געהאט א דין־תורה ביי רבי אייזיל חריף. די דין־תורה האט זיך געצויגען עטליכע טעג און זיך נישט געריהרט פון ארט, מחמת ביידע בעלי־דינים זענען געווען תקיפים און עקשנים און ס׳איז אונמעגליך געווען צו דערפיהרען זיי צו א וועלכע עס איז פשרה.

רבי אייזיל האט זיך דאן געוועגדעט מיט כעס צו די בעלי־דינים און געזאגט:

— אויף „ויקח מאבני המקום" זאָגט רש"י, אז די שטיינער האָבען זיך ארומ־געקריגט, יעדער פון זיי האָט פערלאנגט: „עלי יניח צדיק את ראשו" און הקב"ה האָט דעריבער פון אלע שטיינער געמאכט איין שטיין. איז דאָך אין פלוג קשה: מען האָט דאך געקענט געפינען אנ'אנדערע עצה, ווי, למשל, אז יעקב זאָל אלעמען צוליעב טהון און שלאָפען אביסעל אויף איין שטיין און נאכהער אויף א צווייטען שטיין, אָדער אז אויף איין שטיין זאָל ער אנשפארען דעם קאָפּ, אויף א צווייטען שטיין די הענד און אזוי ווייטער, נאָר אפנים, אז מיט שטיינער איז די שווערסטע דין־תורה, צווישען שטיינער איז נישט מעגליך קיין שום פשרה...

„וישכב במקום ההוא, לשון מיעוט, באותו מקום שכב, אבל י"ד שנים ששמש בבית עבר לא שכב בלילה" (רש"י)

דאָרט, אין בית־מדרש פון שם ועבר, האָט ער זיכער געהאט א מעהר בעקוועמער געלעגער, און דאָך איז ער אויף די שטיינער, די שטיינער פון ארץ־ישראל, פיעל בעסער געשלאָפען, דען — „כי „רצו עבדיך את אבניה ואת עפרה יחוננו", דיינע קנעכט, די צדיקים, האָבען דעם שטארקסטען רצון צו איהרע שטיינער און איהר ערד האָט ביי זיי דעם גרעסטען חן...

(יד יוסף)

## והנה סולם מצב ארצה וראשו מגיע השמימה... (כח. יב.)

בשעת דער מענש קוקט אויף זיך, ווי אויף א „סולם מוצב ארצה", ווי אויף א שפל, וועלכער שטעהט נאָך אויף א זעהר קליינע און נידריגע מדרגה, דאן איז באמת — „וראשו מגיע השמימה"...

(תולדות יעקב יוסף)

„סולם" איז בגימטריא „ממון", געלד... געלד דערהויבט דעם מענש און דער־נידעריגט איהם: אָהן געלד איז דער מענש א „מוצב אָרצה", מיט געלד איז — „וראשו מגיע השמימה"...

(בעל הטורים)

„סולם" איז בגימטריא „ממון" און איז אויך בגימטריא „עוני". עשירות און עניות האלטען זיך נישט לאנג אויף אנ'אָרט. עס איז כסדר עולים ויורדים, „משפיל גאים ומגביה שפלים"...

(בעש"ט)

דעם מענש — פלעגט זאָגען רבי מאיר'ל פרימישליאנער — דערקענט מען לויט'ן שלאָף, לויט די חלומות, וועלכע חלום'ן זיך איהם בשעת ער שלאָפט... פרעה, אז ער שלאָפט, חלום'ן זיך איהם בהמות, קיה, פעטע קיה און מאָגערע קיה א. א. וו. יעקב'ן אָבער חלום'ן זיך — „מלאכי אלקים" און „והנה ד' נצב עליו" וכו'...

אין קעלם איז געווען א ראש־הקהל א געוויסער שולם (משולם) לייב, א רייכער איד, א תקיף, וועלכער פלעגט אלעמען דערגעהן די יאָהרען און אלע האָבען פאר איהם געציטערט, מחמת ער איז געווען א גרויסער חשוב ביים דאָרטיגען פריץ.

שטאָדט־מגיד איז דאן געווען דער בעקאַנטער קעלמער מגיד, וועלכער פלעגט נישט קיינעם נושא־פנים זיין, האָט ער איינמאָל אין פ׳ ויצא געהאַלטען אין שוהל א פייערדיגע דרשה, כדרכו, און אָבשטעלענדיג זיך אויפ׳ן פסוק „והנה סולם מוצב ארצה״, האָט ער אויסגעשריען:

— „והנה סולם מוצב ארצה״! שולם („סולם״), רבותי, וועט סוף כל סוף ליגען אין דער ערד, אָבער דערווייל בעוונותינו הרבים, איז „וראשו מגיע השמימה״, דערגרייכט זיין רשעות ביז צום הימעל...

אָבער פאַר דער דאָזיגער דרשה האָט דער קעלמער טייער בעצאָהלט. נאָך אין דער זעלבער וואָך האָט מען איהם ענטזאגט פון פּאָסטען און ער איז געצוואונגען געווען צו פערלאָזען די שטאָדט...

(ספר הזכרונות א. א. פרידמאן)

## הארץ אשר אתה שכב עליה לך אתננה... (כח. יג.)

די פּאַקטישע נתינה פון ארץ ישראל פאַר אידען הויבט זיך אָן פון יעקב׳ן: „הארץ אשר אתה שוכב עליה לך אתננה״, און דעריבער רופען מיר זיך „בית ישראל״, „עם ישראל״, אויף יעקב׳ס נאָמען, דען פון דאַמאָלס אָן הויבען מיר זיך אָן רעכענען אלס אומה, וואָס ס׳איז נישט שייך כל־זמן מען האָט קיין אייגען לאַנד נישט...

(רבי חיים וויטאל)

„הארץ אשר אתה שוכב עליה״ — פלעגט טייטשען דער קאָזשעניצער מגיד — דאָס לאַנד, אויף וועלכען דו האָסט זיך פערלעגט — „לך אתננה״, וועט צו דיר געהערען... אידען האָבען זיך פערלעגט אויף ארץ ישראל, עס איז דער „אבן אשר שם מראשותיו״, וואָס דער איד האָט זיך פעסט ארייגענומען אין קאָפּ אריין, און דעריבער מוז עס זיין און וועט זיין זיינס...

(השבה לטובה)

## והיה זרעך כעפר הארץ... (כח. יד.)

אלע טרעטען אויף דער ערד, אָבער סוף כל סוף טרעט זי שפּעטער אויף אלעמען. וד״ל...

(צרור המור)

דאָס אידישע פאָלק איז געגליכען צו ערד: פון דער ערד האָט מען אַממעהרסטען נוצען, און דאָך — טרעט מען אויף איהר...

(רבי צבי־הירש קאלישער)

בשעת רבי משה מאָנטעפיאָרע איז געווען אין ווילנא, האָט צווישען די דעלע־גאציעס, וועלכע זענען איהם געקומען בעגריסען, זיך אויך געפונען א געוויסער משומד, וועלכען מאָנטעפיאָרע האָט זיך ענטזאגט אויפצונעהמען. צווישען די דעלעגאציעס זענען אויך געווען איינ׳גע אָנגעזעהענע קריסטען, וועלכע האָבען זיך שטאַרק געוואונדערט,

וואָס אזא קולטורעלער מענש, ווי מאַנטעפּיאָרע, זאָל זיך ארויסווייזען אזוי אונטאָלעראַנט צוליעב אמונה־זאכען.

— מיינע הערדען! — האָט זיי דערויף מאַנטעפּיאָרע ערקלערט — דער אויבערשטער האָט צוגעזאָגט אונזער זיידען אברהם: „והי׳ זרעך כעפר הארץ״, אז זיינע קינדער וועלען זיין געגליכען צו ערד. ערד אליין איז א גאנץ גוטע זאך, וואסער אליין איז אויך גאנץ גוט; אָבער ווען מען נעהמט ערד און מען גיסט ארויף דערויף וואסער, ווערט דערפון בלאָטע, און בלאָטע האָב איך פיינט...

## והיה זרעך כעפר הארץ ופרצת ימה וקדמה... (כח, יד.)

בשעת די אידען וועלען זיך געפונען אין דער סאמע נידעריגסטער שפלות, וועלכע וועט ממש צו זיך קיין גלייכען נישט האָבען, וועט דאן פלוצים קומען פאר זיי די גרויסע אונעווארטעטע ישועה, ווי די חז״ל זאָגען אונז: „אם ראית דור שצרות רבות באות עליו כנהר — חכה לו, שנאמר כי יבא כנהר צר וסמיך ליה ובא לציון גואל״ (סנהדרין פ׳ חלק), און דאָס איז אונז אויך דער פסוק דאָ מרמז: „והיה זרעך כעפר הארץ״ — בשעת דיינע קינדער וועלען זיין ערנידריגט, ווי שטויב, דאן — „ופרצת ימה וקדמה צפונה ונגבה״...

(ספורנו)

וועגען ארץ־ישראל ווערט געזאָגט, אז „ארץ צבי כתיב בה״, אז דאָס דאָזיגע לאנד איז מסוגל זיך אויסצושפרייטען און פונאנדערצוזאמען מיט דעם וואוקס פון איהר בעפעלקערונג... „הארץ אשר אתה שוכב עליה לך אתננה ולזרעך״, עס וועט פאר די קינדער דיינע זיין גענוג אָרט אין לאנד אפילו דאמאָלס, ווען — „והיה זרעך כעפר הארץ״, וויפיעל אידען עס זאָלען נישט זיין, וועט זי זיי אלעמען קענען אריינ־נעהמען...

(רבי לייביש צונץ)

## והנה אנכי עמך... (כח, טו.)

בשעת רבי אברהם יצחק הכהן קוק — דערצעהלט הרב בערלין — האָט געלערענט אין דער וואָלאָזשינער ישיבה, האָבען די בחורים איינמאָל בעמערקט, אז בייטאָג פעהלט דאָס גלעזעל פונ׳ם נאפט־לעמפעל, ביי וועלכען ער זיצט אין א ווינקעל און לערענט ביז שפעט אין דער נאכט. נאכ׳ן לערנען פלעגט ער אראָבנעהמען דאָס גלעזעל און עס ערגעץ־וואו בעהאלטען. די זאך איז זיי געוואָרען אויפפאלענד, זיי זענען טשעקאווע געווען צו וויסען, צוליעב וואָס ער טהוט דאָס, ביז זיי זענען ענדליך דערגאנגען דעם סוד: ער האָט אויפ׳ן גלעזעל, האָט זיך ארויסגעוויזען, אויפגעשריבען די ווערטער „שויתי ד׳ לנגדי תמיד״, בכדי בעת׳ן לערנען זאָל ער שטענדיג האָבען דעם דאָזיגען פסוק פאר די אויגען...

## וייקץ יעקב משנתו ויאמר אכן יש ד׳... (כח, טז.)

— כמעט איטליכער מענש — פלעגט זאָגען רבי מאיר׳ל פרימישלאנער — וועקט זיך ביינאכט פון שלאף, נאָר דער צדיק, אז ער כאפט זיך אויף איז ער זיך

מתגבר, רייסט זיך אראָב פון געלעגער און נעהמט זיך גלייך צו דער, ארבייט צו דיענען דעם אויבערשטען בתורה ועבודה. דאגעגען דער פּראָסטער מענש, אז ער כאפּט זיך אויף, דרעהט ער זיך איבער אויף דער צווייטער זייט און שלאָפט ווייטער...
און אזוי געפינען מיר אין דער תורה. ביי יעקב'ן שטעהט: „וייקץ יעקב משנתו — ויאמר אכן יש ד'", דאגעגען ביי פרעה'ן ווערט געזאָגט: „וייקץ פרעה — ויישן ויחלום שנית"...

## אכן יש ד' במקום הזה ואנכי לא ידעתי... (כח. טז.)

נאָר דאמאָלס קאָן זיך דער מענש פיהלען נאָהענט צו גאָט, אויב ס'איז „ואנכי" לא ידעתי, אויב ער מאכט נישט קיין וועזען פון זיין אייגענעם „איך"...

(פנים יפות)

## מה נורא המקום הזה אין זה כי אם בית אלקים... (כח. יז.)

די יראה ווערט אָנגערופען „דרתא" און די תורה — „תרעא לדרתא", און דאָס איז די כוונה פון מאמר: „חבל על דלית ליה דרתא ותרעא לדרתא עביד" (שבת ל"א). בשעת יעקב האָט דערפיהלט די יראה, וואָס רוהט אויפ'ן דאָזיגען אָרט, האָט ער דעריבער אויסגערופען: „מה נורא המקום הזה, אין זה כי אם בית אלקים", נישט אנדערש, נאָר דאָ איז די דירה („דרתא") זעלבסט, דער „בית-אלקים", — „וזה שער השמים", און דאָס, וואָס איז געווען ביז אהער, די פיערצעהן יאָהר לימוד התורה בבית מדרשו של שם ועבר, איז בלויז געווען דער „שער השמים", דער „תרעא לדרתא"...
די דאָזיגע ווערטער האָט דער גערער רבי נאָכגעזאָגט אין נאָמען פון בעש"ט בשעת דער ערעפנונג פון דער לובלינער ישיבה אין יאָהר תר"ץ.

(פרדס יוסף)

אויפ'ן פסוק „ויקח מאבני המקום" זאָגען די חז"ל, אז די שטיינער האָבען זיך גענומען ארומקריגען, און דאָס האָט יעקב'ן געבערענגט אויפ'ן געדאנק, אז „אין זה כי אם בית אלקים"; וואָרום אויב די מחלוקת אופ'ן דאָזיגען אָרט דערגרייכט אזוי ווייט, אז די שטיינער אפילו קריגען זיך, איז נישט אנדערש, נאָר דאָ מוז זיין א שוהל, אָדער א בית-המדרש...

(רבי אייזשע סלאָנימער)

דער בעוואוסטער גאון, דער בעל „הפרדס", איז אמאָל געקומען אין א גרויסער שטאָדט און איז אוועק דאווענען אין שטאָדטישען בית-המדרש. אריינקומענדיג אהין, איז ער איבעראשט געוואָרען, זעהענדיג, אין וואָס פאר א מורא'דיגען צושטאנד דאס בית-המדרש געפינט זיך: די ווענד איינגעבויגען פון אלטקייט, דער סופיט דורכגעלעכערט, עס רעגענט אריין פון אלע זייטען, ממש א חורבה... מן-הסתם — האָט ער געטראכט מיט וועהטאָג — זענען די בעלי-בתים נעבעך גרויסע אָרימעלייט און זיי זענען נישט ביכולת קיין רעמאָנט צו מאכען... שפּעטער אָבער, ווען ער האָט זיך דורכשפּאצירט אין

שטאָדט, האָט ער צו זיין פערוואונדערונג דערזעהן, ווי פיעל בעלי־בתים וואוינען אין פרעכטיג שענע הייזער, אמת'ע פאלאצען... פארנאכט, בין מנחה למעריב, האָט ער אין בית־המדרש געהאלטען א דרשה און אויסגעשריען:

— מה־נורא המקום הזה!... בשעת מען קומט אין שטאָדט אריין און מען זעהט אין דער אידישער גאס א בנין אין א חורבה'דיגען מצב און מען וואונדערט זיך, ווי קומט עס, וואס זיינע אייגענטימער זאָלען דעמדאָזיגען בנין אזוי פערנאכלעסיגען — קאָן מען דאן מיט זיכערקייט ענטפערן פאָראויס: „אין זה, כי אם בית אלקים!" — נישט אנדערש, נאָר דאָס איז אודאי א מקום־קדוש, א שוהל, א בית־המדרש... וואָרום ווען עס וואָלט געווען א פריוואט־הויז און וואָלט געהערט צו איינעם פון די היגע בעלי־בתים, וואָלט ער זיכער אנדערש געווען אויסגעזעהן!...

## וזה שער השמים... (כח. יז.)

יעדער איד, וואָס וואוינט אין ארץ־ישראל, איז א צדיק, וואָרום ווען ער וואָלט נישט געווען קיין צדיק, וואָלט דאָס לאנד איהם נישט געקאָנט פערטראָגען; און אויב זי פערטראָגט איהם, איז ער געוויס א צדיק, כאָטש ער איז ביי מענשען בחזקת־רשע... דען ארץ־ישראל ווערט אָנגערופען „שער השמים", און דאָס איז דער סוד פון פסוק: „זה השער לד', צדיקים יבואו בו"; די ראשי־תיבות פון די לעצטע ווערטער איז „צבי", א רמז אז ווער עס בעזעצט זיך אין ארץ־ישראל, וואָס ווערט אָנגערופען „ארץ צבי", הייסט ער א צדיק...

(טוב הארץ)

## ויקרא את שם המקום ההוא בית אל... (כח. יט.)

לויט רש"י, ווי אויך לויט'ן רמב"ן און אנדערע מפרשים, זענען געווען צוויי ערטער מיט'ן נאָמען „בית אל" — איין אָרט, וועלכען אברהם האָט נאָך געגעבען דעם דאָזיגען נאָמען, נעבען דער שטאָדט עי, און איין אָרט נעבען ירושלים.

דאגעגען ווייזט אָן דער ווילנער גאון, אז א חוץ דאָס אָרט נעבען עי, וואָס אברהם האָט אָנגערופען „בית אל", זענען געווען נאָך בעזונדערע דריי ערטער, וועלכע יעקב האָט גערופען מיט'ן דאָזיגען נאָמען: געהענדיג קיין חרן האָט ער אויפ'ן וועג א נאָמען געגעבען די שטאָדט לוז — „בית אל"; צוריקגעהענדיג פון פרן האָט ער אויפ'ן זעלבען אָרט געבויט א מזבח און עס אָנגערופען: „אל בית אל" (לה. ז.); און בשעת השי"ת האָט זיך בעוויזען צו איהם, ווען ער איז צוריקגעגאנגען פון פדן ארם, האָט ער אויפ־געשטעלט א מצבה וועלכער ער האָט א נאָמען געגעבען „אלקים בית אל" (לה. טו.).

## וידר יעקב נדר לאמר אם יהי' אלקים עמדי וכו'... (כח. כ.)

אויפ'ן דאָזיגען פסוק געפינען מיר אין „דעת זקנים בעלי התוספות" פאָלגענדע שטעלע:

„שאל מין אחד את ריב"ל, היכן מצינו שעישר יעקב בניו; א"ל, עישר את לוי שהקדישו לשמים; א"ל, ומה ראה להקדיש לוי והוא לא הי' עשירי? א"ל, שעשה יעקב מכל בניו כטלאים הנכנסין לדיר להתעשר והכניס דרך תולדותם דברניות הן".

וואס איז דער פשט פון די לעצטע ווערטער — „דברניות הן״?...

פון אלע פשטים און ערקלערונגען, וואס ווערען געזאגט דערויף, זעהט־אויס צו זיין אמריכטיגסטען די ערקלערונג, וואס ווערט געגעבען אין ספר „הנותן בים דרך״, נעמליך:

מיט די ווערטער „והכניס דרך תולדותם״ איז דער מאמר געענדיגט, און די ווערטער „דברניות הן״ בעציהען זיך אויפ׳ן ווייטערען פסוק; „ויאמר להם הידעתם את לבן בן־נחור — ויאמרו שלום והנה רחל בתו באה עם הצאן״. אט דערויף בעמערקט דער „דעת זקנים״: „דברניות הן״; די ווייבער — האבען די פאסטוכער געזאגט צו יעקב׳ן — האבען ליעב א סך צו רעדען — און רחל, אלזא, וועט אייך שוין אלץ ערקלערען גענוי און אויספיהרליך... און אזוי געפינען מיר טאקע אין מדרש־רבה: „ויאמרו שלום, ואין פוטטין את בעי (און אויב דו ווילסט אביסעל מעהר רעדען), והנה רחל באה אם הצאן. הדה אמרה שהדבור מצוי בנשים״...

## ונתן לי לחם לאכל ובגד ללבש... (כח. כ.)

מיט דריי שווערע נסיונות זענען די אבות געפרובט געוואָרען. אברהם איז געוואָרען געפרובט מיטן נסיון פון עשירות: „ואברם כבד מאד במקנה בכסף ובזהב״, און ער איז דעם נסיון בייגעשטאנען. נישט קוקענדיג אויף זיין רייכטום איז ער ארומ־געגאנגען פערשפרייטען גאָט׳ס וואָרט אויף דער וועלט און — „ויקרא שם אברם בשם ד׳״.

יצחק איז געפרובט געוואָרען מיט׳ן נסיון פון דער עקידה, פון מסירת־נפש, פון לאָזען זיך איינגאנצען מקריב זיין פאר׳ן אויבערשטען — און ער האָט דעם נסיון אויס־געהאלטען.

יעקב איז געפרובט געוואָרען מיט׳ן נסיון פון אָרימקייט בעטענדיג אזש אויף „לחם לאכל ובגד ללבש״ און קלאָגענדיג זיך, אז „ביום אכלני חורב וקרח בלילה״ — און ער האָט דעם נסיון אויסגעהאלטען און נישט פערלוירען דעם בטחון צו גאָט.

אויך מיר אידען, אלס פאָלק, האָבען די דאָזיגע דריי נסיונות מיטגעמאכט. אין אונזער גלאנץ עפאָכע, זיצענדיג אויף אונזער ערד, אין אונזער היים, זענען מיר געבענשט געווען מיט עשירות, מיט „איש תחת גפנו ותחת תאנתו״ — און אין יענער צייט האָבען מיר דער וועלט א תנ״ך געגעבען.

שפעטער האָט זיך אָנגעהויבען פאר אונז די צייט פון עקידות, פון שחיטות והריגות — און מיר האָבען אויסגעהאלטען און די וועלט ערשטוינט מיט אונזער עקשנות.

איצט איז אויף אונז נגזר געוואָרען אויסצוהאלטען דעם דריטען נסיון, דעם שווערסטען, הגם דעם שטילסטען פון אלע נסיונות, דעם נסיון פון אָרימקייט — און אויך דאָס וועלען מיר מיט גאָט׳ס הילף אויסהאלטען...

(אש דת)

## ונתן לי לחם לאכל וכו׳ והי׳ ד׳ לי לאלקים... (כח. כ. כא.)

בשעת א איד האָט דאָס נויטיגסטע, וואָס ער דאַרף, „לחם לאכול ובגד ללבוש״, איז „והי׳ ד׳ לי לאלקים״, איז ער דאן צוגעבונדען צו גאָט און פיהרט זיך אידיש; קוים

אָבער ווערט ער געבענטשט מיט עשירות און ער הויבט־אָן פיהרען א לעבען פון מותרות און לוקסוס — דאמאָלס דארף ער האָבען נסים, אז דאָס ביסעל אידישקייט, זאָל זיך ביי איהם לאנג האלטען...

(לויט׳ן כלי־יקר)

בשעת א איד — פלעגט זאָגען רבי לוי יצחק בערדיטשעווער — האָט „לחם לאכול ובגד ללבוש״, איז ער דאן ביכולת צו געדענקען יעדע מינוט, אויף שריט און טריט, אינ׳ם „והיה ד׳ לי לאלקים״. אויב אָבער עס פעהלען איהם די נויטיגע הצטרכות׳ן, דאן קאָן, חלילה, טרעפען, אז פון גרויס פערביטערונג און פיעל דאגות און עגמת־נפש זאָל ער, חלילה, טיילמאָל דערין פערגעסען...

רבי זישע אניפּאָלער פלעגט טייטשען דעם פסוק אין תהלים „תשב אנוש עד דכא ותאמר שובו בני אדם״ (תהלים צ. ג.):

דוד המלך קלאָגט פאר׳ן רבונו של עולם: „תשב אנוש עד דכא״ — דו דער־פיהרסט דעם מענשען ביז צו שטויב, דו דערדריקסט איהם, נעביך, און צוברעכסט איהם — „ותאמר: שובו בני אדם!״ — און דערביי פערלאנגסטו פון איהם, ער זאָל תשובה טהון! ווי אזוי קען מען תשובה טהון ווען מען געפינט זיך אינ׳ם מצב פון „עד דכא״? פערזאָרג זיי פריהער, רבונו של עולם, מיט אלע הצטרכות׳ן וועלען זיי דאן קענען האָבען א רוהיגען קאָפּ צו טראכטען וועגען תשובה...

אויף דער „גרויסער חתונה״, וואָס איז געפראוועט געוואָרען צווישען די צוויי מחותנים, רבי שניאור זלמן פון לאדי און רבי לוי יצחק בערדיטשעווער, וועלכע האָבען זיך משדך געווען מיט זייערע אייניקלעך, האָט רבי שניאור זלמן, טרינקענדיג „לחיים״ צום מחותן, געוואונשען:

— לחיים, מחותן! השי״ת זאָל אונז העלפען בגשמיות וברוחניות.

— היתכן, מחותן־לעב? — וואונדערט זיך דער בערדיטשעווער — גשמיות איז ביי אייך פאר רוחניות.

— אויך יעקב אבינו — ענטפערט איהם רבי שניאור זלמן — האָט זיך אזוי געוואונ־שען: „ונתן לי לחם לאכל ובגד ללבוש — והיה ד׳ לי לאלקים״, זעהען מיר דאָך, אז אויך ער האָט מקדים געווען גשמיות פאר רוחניות.

פרעגט איהם ווייטער דער בערדיטשעווער:

— קאָן מען דען, חלילה, מחותן־סערדצע, פערגלייכען יעקב אבינו׳ס גשמיות צו אונזער גשמיות?

— און אונזער רוחניות — ענטפערט איהם דערויף צוריק רבי שניאור זלמן — קאָן מען דען פערגלייכען צום רוחניות פון יעקב אבינו?...

רבי דוד׳ל לעלעווער איז געווען ל״ע א גרויסער אביון. עס האָבען געטראָפען טעג, ווען דאָס בני־בית האָט בוכשטעבליך געהונגערט. איינמאָל אין אזא טאָג, געווען איז עס אין די שווערע ווינטער־חדשים, ווען עס האָט אויסגעפעהלט ברויט אין שטוב, האָט ער אראָבגענומען פון זיך דעם ווינטערדיגען פּעלץ און איהם אוועקגעטראָגען און פער־משכונ׳ט. איצט — האָט ער זיך אויסגעדריקט מיט א רוהיג־סבלנות׳דיגען שמייכעל,

ציטערענדיג דערביי אינגאנצען פון קעלט — זענען מיר פערשטענדליך די ווערטער, וואס יעקב אבינו האט געבעטען: „ונתן לי לחם לאכול ובגד ללבוש", אז געבען זאלסטו מיר א „בגד ללבוש", צו געהן עס אנגעטהון, נישט צום פערקויפען און צו פער'משכונ'ען עס אויף ברויט — נישט קיין „בגד לאכול"...

## ושבתי בשלום אל בית אבי — והי' ד' לי לאלקים... (כח. כא.)

„מכאן — ווערט געזאגט דערויף אין פירוש הטור על התורה — להולכי דרכים שפטורים מכמה מצוות".

ערשט דאן, הייסט עס, ווען „ושבתי בשלום אל בית אבי", ווען כ'וועל מיך אומקעהרען אהיים און זיצען רוהיג אויף אנ'ארט „והי' ה' לי לאלקים", וועל איך קענען דיענען דעם אויבערשטען און מקיים זיין אלע מצוות, דען אין וועג, בשעת מען איז נע־ונד, איז דאס שווער אויסצופיהרען...

דער רבי ר' בונם, וועלכער האט זעהר פיעל געררייזט, פלעגט זאגען: דער וואס איז א איד אין דער היים, איז א האלבער איד אין דער פרעמד, און דער, וואס איז א האלבער איד אין דער היים, איז ער א גאנצער גוי אין דער פרעמד...

און דערפאר ווערט געזאגט: „אשרי תמימי דרך". וואויל איז דעם, וואס אויך אין דרך, אין וועג, קאן ער בעווייזען צו זיין א פרומער, אבגעהיטענער איד, א תמים...
(קרבן העני)

## וכל אשר תתן לי עשר אעשרנו לך... (כח. כב.)

די אבות — זאגען די חז"ל — האבען מקיים געווען את כל התורה כולה ואפילו עירוב תבשילין, כאטש זיי זיינען דערצו נישט געווען מחויב, און דאך דערמאהנט נישט די תורה ביי קיין איינעם פון זיי קיין שום אנדערע מצוות, א חוץ די מצוה פון הכנסת־אורחים („וירא וירץ לקראתם") און צדקה, („עשר אעשרנו לך") מחמת ווי גרויס עס זאל נישט זיין די רבותא פון אנ„אינו מצווה ועושה", איז אבער די גרעסטע רבותא, ווען מען איז זאגאר גרייט צו זיין אנ„אינו מצווה ועושה", ביי זאכען, וואס קאסטען געלד, ביי הכנסת־אורחים און צדקה...
(אמרי חן)

## עוד היום גדול לא עת האסף המקנה... (כט. ז.)

האבען זיי דען אליין, די פאסטוכער, נישט געוואוסט דעם זמן פון זון־אונטערגאנג, אז דער טאג איז נאך גענוג גרויס? נאכוואס האט זיי דאס יעקב געדארפט דערצעהלען?

דערפאר, ווייל מיט א טאג פריהער, בשעת יעקב איז געגאנגען אויפ'ן וועג קיין חרן, ווערט דערצעהלט אין פסוק, אז „וילן שם כי בא השמש", אויף וואס עס ווערט געזאגט: „ששקעה לו חמה פתאום שלא בעונתה". בשעת די פאסטוכער אין פעלד האבען אלזא נעכטען דערזעהען, אז די זון איז פערגאנגען פריהער, ווי לויט'ן געוועהנליכען נארמאלען חשבון, זענען זיי זיכער געווען, אז די צייט פון זונען־אונטערגאנג האט זיך געענדערט

און אז אויך היינט וועט מסתמא די זון אונטערגעהן פריהער און זיי האָבען זיך דעריבער צוגעאיילט און צונויפגעטריבען בעצייטענס די טשערעדעס פון פעלד, האָט זיי יעקב, אלזאָ, געפינען דערפאַר פאַר נויטיג צו אינפאָרמירען: „עוד היום גדול, לא עת האסף המקנה". איהר האָט זיך נישט וואָס צו איילען, דער טאָג איז נאָך גענוג גרויס. דער נעכטיגער פלוצלונגער זון־אונטערגאנג איז געווען בלויז אנ׳אויסנאהם און היינט וועט זיך עס מעהר נישט איבער׳חזרן...

(אבני שוהם)

רבי משה קאָברינער פלעגט אָפט זאָגען צו די חסידים זיינע: מען דארף זיין גרייט, ליעבע אידען! „הן עוד היום גדול" — שוין גאָר גיך און באלד וועט קומען דער יום־הגדול — „לא עת האסף המקנה" — און עס איז נישטאָ מעהר קיין צייט צו פער־נעהמען זיך מיט׳ן זאמלען די קניני עולם הזה...

(אור ישרים)

רבי מאיר׳ל פרימישליאנער, צוקומענדיג איינמאָל צום דאָזיגען פסוק, האָט ער אויפגעהויבען די הענד צום הימעל און געזאָגט:

רבונו של עולם! „לא עת האסף המקנה" — אויב עס איז נאָך בעוונותינו הרבים נישט געקומען די צייט צונויפצוזאמלען די שאָף, די נדחי ישראל — „השקו הצאן ולכו רעו" — טאָ פערזאָרג זיי כאָטש מיט פרנסה לפי־שעה, כדי זיי זאָלען האָבען כח אויסצוהאלטען און צו ווארטען אויף דער גאולה שלמה!...

(עשר עטרות)

## הן עוד היום גדול, לא עת האסף המקנה...

די אותיות „הן" זענען אָבגעריסען פון אלעמען און לאָזען זיך נישט מיט קיינעם פעראייניגען; א׳ מיט ט׳ איז צעהן, ב׳ מיט ח׳ איז צעהן, ג׳ מיט ז׳ איז צעהן, ד׳ מיט ו׳ איז צעהן, דאגעגען די ה׳ שטעהט בעזונדער און האָט צו זיך נישט קיין פּארל. דאָסזעלבע איז מיט דער נ׳: י׳ מיט צ׳ איז הונדערט, כ׳ מיט פ׳ איז הונדערט א. א. וו. בלויז די נ׳ חבר׳ט זיך נישט מיט קיינעם... און אָט, כל־זמן מיר וועלן זיין בבחינת „הן", כל־זמן עס וועט צווישען אונז קיין אחדות נישט הערשען, איז — „עוד היום גדול, לא עת האסף המקנה", וועט זיך פערציהען אונזער ביטערער גלות...

(רבי נפתלי ראָפּשיצער)

## ויאמר לו לבן אך עצמי ובשרי אתה... (כט. יד.)

„שלשה שותפים באדם" זאָגען די חז"ל (נדה ל׳). דער פאָטער איז מוליד די גידין ועצמות, די מוטער — דעם בשר ודם וכו׳. וויבאלד, אלזאָ, איינער איז מיט דעם צווייטען פערוואנדעט מצד דעם פאָטער, ווערט ער אָנגערופען „עצם", און אויב מצד די מוטער — „בשר". לבן איז געווען א קרוב מיט יעקב׳ן פוןביידע צדדים. איינמאָל מצד רבקה׳ן, וועלכע איז געווען זיין שוועסטער, און איינמאָל מצד יצחק׳ן, דען יצחק׳ס פאָטער, אברהם, מיט לבנ׳ס זיידע, נחור, זענען געווען לייבליכע ברידער... און דעריבער — „עצמי ובשרי אתה", דאָפּעלט פערוואנדעט.

(ווילנער גאון)

נאָכדעם ווי יעקב האָט איהם דערצעהלט „את כל הדברים האלה", די גאנצע געשיכטע, ווי אזוי ער האָט געמוזט אנטלויפען פאר עשו'ן צוליעב דער בכורה און די ברכה, וואָס ער האָט ביי איהם צוגענומען, האָט זיך לבן אָנגערופען; אויב אזוי, „אך עצמי ובשרי אתה", זענען מיר דאָך גלייכע מענשען, ביזטו דאָך דער זעלבער רמאי, וואָס איך!...

(רבי ברוך קאָסאווער)

„מעתה אין לי לאספך הביתה הואיל ואין בידך כלום, אלא מפני קורבה אטפל בך" (רש"י)

פונוואנען דרינגט דאָס רש"י? וואו איז דען דאָ מרומז אין פסוק, אז לבן זאָל זיך האָבען אויסגעדריקט: „הואיל ואין בידך כלום?"

נאָר ווי עס ווייזט אויס, טייטשט רש"י: „אך עצמי ובשרי אתה", דו ביזט דאָך בלויז ביין און פלייש, מעהר ווי דעם אָרימען קערפער דייַנעם פערמאָגסטו דאָך נישט...
(שדה תבואה)

## הכי אחי אתה ועבדתני חנם... (כט. טו.)

אזוי איז עס מיט יעדען גאסט: „בתחלה נעשה אורח ואחר־כך טורח וכו'". אין ערשטען מאָמענט האָט זיך לבן מיט יעקב'ן ארומגעכאפט און אויסגעשריען: „אך עצמי ובשרי אתה!"... שפעטער, אין א חודש ארום, איז ער געוואָרען אביסעל קעלטער און איהם שוין אָנגערופען בלויז: „הכי אָחי אתה"... און נאָך שפעטער — „ויעבד יעקב ברחל שבע שנים", האָט ער שוין געקוקט אויף איהם, ווי אויף א געוועהנליכען עבד...
(מלאכת מחשבת)

## ועיני לאה רכות... (כט. יז.)

בעמערקט דערויף דער אבן־עזרא: „ובן אפרים אמר שהוא חסר א'", אז אינ'ם וואָרט „רכות" פעהלט אנ'אלף און עס דארף זיין „ועיני לאה ארכות", אז לאה האָט געהאט לענגליכע אויגען... אָבער — פיהרט אויס דער אבן־עזרא — „והוא הי' חסר א'", דעם דאָזיגען מפרש, בן אפרים, וואָלט געדארפט פעהלען אנ'אלף, ער וואָלט, הייסט עס, פאר אזא ווילדען פשט, געדארפט הייסען „בן פרים"...

## ועיני לאה רכות ורחל היתה יפת תואר... (כט. יז.)

„רכות, שהיתה סבורה לעלות בגורלו של עשו ובכתה" (רש"י)

גענומען איז דער דאָזיגער דרש פון דער גמרא (ב"ב קכג). אינטערעסאַנט איז אָבער, אז אין „דעת זקנים מבעלי התוספות" ווערט געזאָגט פונקט פערקעהרט: „ועיני לאה רכות, לשון רך וטוב, כלומר שהיתה נראית יפה מתוך שעיניה יפות ונראית רכה וילדה, אבל רחל היתה משובחת ביפיה אלא שהי' עיניה כואבות מן הבכי, לפי שראתה שתפול בגורלו של עשו". אלזאָ, נישט לאה האָט געהאט שוואכע אויגען, נאָר רחל, און נישט לאה, נאָר רחל האָט געוויינט און רחל האָט מורא געהאט, אז זי זאָל נישט אריינ־פאלען בגורלו של עשו...

## ורחל היתה יפת תאר ויפת מראה... (כט. יז.)

**טאָ פארוואָס זאָגט שלמה המלך: „שקר החן והבל היופי אשה יראת ד' היא תתהלל", ווערענד אין דער תורה, ווי מ'זעהען, ווערט שענקייט יאָ געריהמט און אָנערקענט אלס מעלה?**

נאָר דער פשט איז: „שקר החן והבל היופי", בלויז חן און יופי האָבען קיין ווערט נישט, „אשה יראת ד' היא תתהלל", די דאָזיגע מעלות האָבען נאָר דאמאָלס א בעדייטונג, ווען מען איז דערצו אויך א „אשה יראת ד'"...

(דרך אבות)

דער רבי ר' בונם פלעגט זאָגען:

„שקר החן", דאמאָלס ווען דער שקר וועט האָבען ביי מענשען חן, „והבל היופי", און דער הבל וועט בעטראַכט ווערען אלס יופי, דאן „יראת השם היא תתהלל", וועט מען שטארק דארפען ריהמען ווען עס וועט זיך איינער ארויסווייזען אלס ירא־שמים. עס וועט זיין א זעלטענהייט, אנ'אויסנאהם...

## טוב תתי אותה לך מתתי אותה לאיש אחר... (כט. יט.)

א צדיקת, אז זי האָט חתונה מיט א רשע, איז זי בכח איהם אויסצובעסערן און איהם מחזיר־למוטב צו זיין. פערקעהרט ווידער, ווען דער מאן איז א צדיק און זי איז שלעכט איז ער אימשטאנד צו מאכען זי פאר גוט און פרום. ווען לבן האָט, אלזאָ, געזעהן, אז יעקב איז א צדיק און רחל א צדיקת, האָט ער דעריבער גע'טענה'ט: „טוב תתי אותה לך", שוין גלייכער, זיי זאָלען איינער מיט'ן צווייטען חתונה האָבען, „מתתי אותה לאיש אחר", איידער זיי זאָלען זיך פונאנדערטיילען, זי זאָל חתונה האָבען מיט א רשע, און ער — מיט א מרשעת, דען דאמאָלס וועט דאָך חלילה ארויסקומען פון זיי א וועלט מיט צדיקים...

(רבי ר' בונם)

## ויהיו בעיניו כימים אחדים באהבתו אותה... (כט. כ.)

**איז פלוג איז דאָך פערקעהרט: בשעת א מענש ווארט עפעס אָב מיט אונגעדולד, איז דאָך ביי איהם א טאָג א יאָהר? נאָר דער פשט איז: פון גרויס אהבה צו רחל'ן האָט ביי יעקב'ן אויסגעזעהן דער תנאי, וואָס לבן האָט איהם געשטעלט צו דיענען איהם זיבען יאָהר, אלס ביליגער פרייז, גלייך ווי ער וואָלט פערלאַנגט פון איהם בלויז עטליכע טעג, וואָרום אין זיינע אויגען איז זי א סך מעהר ווערט געווען...**

(רבי שלמה קלוגער)

אויף אנ'אנדער אופן:

געוועהנליך איז דער שטייגער, אז וואָס לענגער פערליעבטע זענען צוזאמען אין איין הויז, אלץ שוואכער און אָבגעקיהלטער ווערט מיט דער צייט די אהבה צווישען זיי; די אהבה אָבער פון יעקב'ן צו רחל'ען איז געווען אזוי גרויס, אז כאָטש ער איז געווען מיט איהר זיבען יאָהר צוזאמען, דאָך איז עס געווען אין זיינע אויגען „כימים אחדים", ווי ער וואָלט פערבראַכט מיט איהר ערשט עטליכע טעג...

(יד־יוסף)

## ויאסף לבן את כל אנשי המקום ויעש משתה... (כט. כב.)

אין מדרש רבה ווערט געזאָגט, אז לבן האָט ביי די פערבעטענע געסט צוגענומען די מלבושים, וועלכע ער האָט פער׳משכונ׳ט און פאר דעם געליהענעם געלד אָנגעגרייט א סעודה, און נאָך דער סעודה האָט ער געהייסען יעדען גאסט, ער זאָל מוחל זיין און אויסלייזען זיין משכון...

פונוואנען האָבען די חז״ל גענומען די דאָזיגע השערה? האָט דערויף ערקלערט דער חפץ־חיים, אז דאָס איז מרומז אין פסוק, דען געוועהנליך איז דער דרך־העולם, אז בשעת מען פראוועט א שמחה ווערט פריהער צוגעגרייט די סעודה און נאכהער קומען די איינגעלאַדענע געסט, דאָ אָבער אין פסוק שטעהט: „ויאסוף לבן את כל אנשי המקום — ויעש משתה״, אז פריהער האָט ער איינגעלאַדען די געסט און ערשט דערנאָך האָט ער איינגעאָרדענט א סעודה, און דערפון האָבען, אלזאָ, די חז״ל געדרונגען, אז ער האָט געפראוועט די סעודה אויף זייער חשבון, פאר זייער געלד...

(פרחי אהרן)

## ויהי בבקר והנה היא לאה... (כט. כה.)

„אבל בלילה לא היתה לאה, לפי שמסר יעקב סימנים לרחל״ (רש״י)

נאָך וואָס אייגענטליך האָט יעקב געדאַרפט געבען רחל׳ן סימנים, די חז״ל זאָגען דאָך, אז בכדי צו דער׳קענען אין דער פינסטער, ווער דאָס איז, איז גענוג „טביעת עינא דקלא״, קאָן מען זיך סומך זיין אויפ׳ן קול?

נאָר יעקב האָט זיך נישט געוואָלט פערלאָזען דערויף וואָרום אט האָט ער דאָך אליין אמאָל נאָכגעמאכט דעם צווייטענס קול, פאָרשטעלענדיג זיך אלס עשו, אויסרופענדיג: „אנכי עשו בכורך״ און דער פאָטער האָט איהם טאקי נישט דערקענט, און דערפאר, אלזאָ, האָט ער זיך נישט סומך געווען אויפ׳ן „טביעת עינא דקלא״ און ער האָט איהר איבערגעגעבען סימנים...

(שערי שמחה)

## ויאמר לבן לא יעשה כן במקומנו... (כט. כו.)

אין תוספות, אין קידושין, ווי אויך אין ש״ך יו״ד ווערט גע׳פסקנ׳ט להלכה, אז מען טאָר נישט חתונה מאכען די יונגערע טאָכטער פאר דער עלטערע.

פרעגט זיך: אזוי איז דאָך נור אייגענטליך געווען לבנ׳ס מיינונג, דאָס האָט דאָך לבן געזאָגט: „לא יעשה כן במקומנו לתת הצעירה לפני הבכירה״, יעקב אָבער האָט דערויף נישט מקפיד געווען, טאָ ווי געשיקט זיך עס, אז מיר זאָלען פסק׳ענען ווי לבן און נישט ווי יעקב?

(תכלת מרדכי)

אין תוספות קידושין נ״ב ווערט געבראכט אין נאָמען פון רבינו תם, אז מען איז אמאָל געקומען צו איהם מיט א שאלה וועגען איינעם, וועלכער האָט זיך אויס־געדריקט צו א פאָטער פון עטליכע טעכטער און געזאָגט „בתך מקודשת לי״ און ער

האָט דערביי נישט אנגערופען דעם נאָמען, וועלכע טאָכטער ער מיינט. האָט דער רבנו תם געפסקנ׳ט, אז מען דארף אננעהמען, דאָס ער האָט געמיינט די עלטסטע טאָכטער. דען עס שטעהט בפירוש „לא יעשה כן במקומנו לתת הצעירה לפני הבכירה״.

ווי עס איז, אלזאָ, צו זעהען, ווערען לבנ׳ס ווערטער געפסקנ׳ט להלכה.

דעסגלייכען שטיצט זיך דער דין אין דער גמרא (ירושלמי מועד קטן), אז „אין מערבין שמחה בשמחה״ אויף די ווערטער פון לבנ׳ען: „מלא שבע זאת ונתנה לך גם זאת״. דער דין, אז „נותנין לבתולה י״ב חודש״ ווערט ארויסגעלערנט (כתובות נז) דערפון, וואָס לבן און בתואל האָבען געזאָגט: „תשב הנערה אתנו ימים או עשור״. — עס ווערט אויך גערדרשנ׳ט: „מנין לברכת חתנים מן־התורה, שנאמר ויברכו את רבקה״ (מס׳ כלה), און זאָגאר דער נוסח פון דער ברכה, מיט וועלכער מען איז זיך נוהג צו בענשען די כלה פאר דער חופה, ווערט געזאָגט מיט לבנ׳ס ווערטער: „אחותנו את היי לאלפי רבבה״...

דאָס זעלבע, ווי עס איז צו זעהען, שטיצען זיך אויך פיעל הלכות און דרשות פון די חז״ל אויף די ווערטער פון בלעם׳ען. פון זיין אויסדרוק „ודם חללים ישתה״ ווערט אראָבגעלערנט דער דין, אז „פרט לדם קלוח שאינו מכשיר את הזרעים״ (חולין לו). — פון די ווערטער „וירא ישראל שוכן לשבטיו״ דרינגען די חז״ל, אז „היזק ראיה נקרא היזק״ (ב״ב ס׳)... דעם נוסח התפלה הויבען מיר אָן יעדען טאָג מיט בלעם׳ס ווערטער „מה טובו אהליך יעקב״. — די פסוקים פון מלכויות אין מוסף לראש־השנה הויבען זיך אָן מיט בלעם׳ס פסוק: „לא הביט און ביעקב ולא ראה עמל בישראל״ וכו׳ און עס ווערט זאָגאר געזאָגט: „בקשו לקבוע פרשת בלק בקריאת שמע״ (ברכות י״ב).

ווי מיר זעהען, אלזאָ, האָבען זיך די חז״ל כלל נישט גערעכענט דערמיט, פון וועמען די און יענע ווערטער האָבען געשטאמט און ווער עס האָט זיי געזאָגט, נאָר געהאלטען זיך אינ׳ם כלל פון „קבל האמת ממי שאמרו״...

(תוספת ברכה)

## ותאמר הפעם אודה את ד׳... (כט. לה.)

„מיום שברא הקב״ה את עולמו לא הי׳ אדם שהודה לקב״ה עד שבאה לאה והודה״ (ברכות ז׳)

פרעגט מען: מיר געפינען דאָך אויך פריהער א רייה פסוקים מיט לויב־ווערטער צו השי״ת, ווי: „וברוך אל עליון אשר מגן צריך בידך״ (יד. כ.), „ברוך ד׳ אלקי אדני אברהם אשר לא עזב חסדו ואמתו״ (כד. כז.), ובכלל, איז דען א יתכן צו זאָגען, אז אברהם און אלע אנדערע פריהערדיגע צדיקים האָבען נישט געלויבט דעם אויבערשטען?

נאָר דאָס לשון „הודאה״ בעדייט: מודה זיין, געבען גערעכט, אָנערקענען, אז דאָס, וואָס מען האָט געהאלטען פאר א שלעכטע זאך און מען האָט געהאט דערויף תרעומות, האָט זיך גאָר באמת ארויסגעוויזען אלס גוט. און דאָס אייגענטליך איז דער זין פון „הפעם אודה את ד׳״: לאה האָט איצט מודה געווען און איינגעזעהען, אז דאָס, וואָס זי איז געווען א שנואה, איז פאר איהר א טובה געווען. זי האָט צוליעב דעם זוכה געווען צו א סך קינדער... און דערמיט איז זי געווען די ערשטע. פאר איהר האָט נאָך קיינער נישט געהאט אָבגעגעבען אזא הודאה.

(רבי צבי העלער)

## ויחר אף יעקב ברחל... (ל. ב.)

רבי מענדעלי קאָצקער איז געווען, כידוע, א קפדן און האָט געהאט א טבע צו בייזערען זיך. האָט דער חידושי הרי"ם וועגען איהם געזאָגט:

ביי קיינעם פון די אבות געפינען מיר נישט, אז ער זאָל זיך האָבען װען געבייזערט, אויסער ביי יעקב'ן: „ויחר אף יעקב ברחל", „ויחר ליעקב וירב בלבן". און דאָס איז דערפאר, ווייל יעקב האָט אין זיך כולל געווען די מדה פון אמת („תתן אמת ליעקב"), און דער איש־האמת קאָן נישט רוהיג און גלייכגילטיג דורכגעהן די וועלט. עס איז אונמעגליך פאר איהם צו קענען זיך תמיד בעהערשען און נישט בייזערען זיך.

אָבער בייזערען זיך — האָט דער חידושי הרי"ם אויסגעפיהרט — דארף מען קענען...

## ויאמר התחת אלקים אנכי... (ל. ב.)

א דאָרפס־איד מיט זיין ווייב, וועלכע זענען געווען קינדערלאָזז, זענען געקומען צום „חוזה" פון לובלין מיט א בקשה, ער זאָל זיך בעמיהען פאר זיי, זיי זאָלען געהאָלפען ווערען מיט א בן־זכר. ענטפערט זיי דער חוזה, אז ער פערלאנגט דערפאר זעכציג טאָלער, און דוקא פאָראויס.

נעהמט זיך דער דאָרפס־איד מיט איהם דינגען; ער איז גרייט צו געבען צוואָנציג... מילא, א סוף, ער וועט דערלעגען נאָך צעהן טאָלער, גאנצע דרייסיג... אָבער דער „חוזה" וויל נישט אָבלאָזען, א פרוטה נישט ווייניגער פון זעכציג...

ווערט די אידענע בייז און טהוט א ציה דעם מאן פאר'ן ארבעל: קום מיין מאן, גאָט קאָן אויך העלפען, און אינגאנצען אומזיסט...

— אָט דאָס האָב איך טאקי געוואָלט הערען פון אייך — שמייכעלט דער „חוזה" — מחמת רבי מענדעלי רימאנאָווער שרייט: קומט צו מיר, וועט איהר געהאָלפען ווערען! דער רבי פון לובלין איז מכריז ומודיע: צו מיר קומט, וועט איהר געהאָלפען ווערען! איז אויב אזוי וועלען דאָך שוין די אידען, חלילה, באלד פערגעסען, אז דער רבונו של עולם אליין קאָן אויך העלפען!...

## ותקרא את שמה דינה... (ל. כא.)

נאָך יעדען קינד־האָבען האָט לאָה געדאנקט דעם אויבערשטען, בלויז דאָ שטעהט סתם: „ותקרא את שמה דינה", אָהן שום דאנק, אָהן שום אויסדרוק פון צופרידענהייט: ווייל — אז עס ווערט געבוירען א טאָכטער, איז נישט אזא שמחה...

(רשב"ם)

## ויזכר אלקים את רחל... ויפתח את רחמה... (ל. כב.)

א חסיד האָט אמאָל מיט גרויס תמימות דערצעהלט דעם קאָזשעניצער מגיד, רבי ישראל, אז ער ווייסט וועגען אנ'אלט פאָרפאָלק, וואָס איז נפקד געוואָרען, געהאט א בן־זכר, נישט פאָהרענדיג גאָר לגמרי צו קיין צדיק...

— טאקע? — שמייכעלט דער קאָזשעניצער — גאנץ גלייך... דער רבונו־של־עולם

האָט זעהר גוט געטהון; אזוי פאַרט מען אָדער צום „חוזה" (דעם לובלינער), אָדער צו מיר; נו, האָט השם-יתברך בעוויזען, אז ער קאָן אויך העלפען מיט א בן-זכר...

## ויאמר אליו לבן וכו' נחשתי ויברכני ד' בגללך... ויאמר נקבה שכרך עלי... ויאמר אליו אתה ידעת את אשר עבדתיך... (ל. כז. כח. כט.)

א גרויסער גביר און נדבן האָט אמאָל אויסגעבויט א בית-מדרש, וואָס ער האָט אויסגעהאלטען אויף זיין חשבון און געדינגען צעהן אידען, עשרה בטלנים, זיי זאָלען זיצען יעדען טאָג און לערנען און עס זאָל זיין שטענדיג א מנין צום דאווענען, צאָהלענדיג דערפאר יעדען פון זיי צו עטליכע רובל א וואָך. ויהי היום, האָבען זיך די עשרה בטלנים דערוואוסט אז אינ'ם גביר'ס גרויסען געשעפט האָט דער גאנצער פערסאָנאל, דער דירעקטאָר, די בוכהאלטארען און אלע איבריגע אָנגעשטעלטע, פערשטרייקט, פערלאנגענדיג מען זאָל זיי העכערען די שכירות, און צוליעב דעם וואָס דער שטרייק האָט זיך פערצויגען עטליכע טעג איז דער גביר געצוואונגען געווען נאָכצוקומען זייערע פאָדערונגען.

דערהערט אזא מעשה זענען די עשרה בטלנים אוועק צום גביר מיט א פאָדערונג, אז אויך זיי פערלאנגען א הוספה און אויב נישט וועלען זיי פערשטרייקען, אויף וואָס זיי האָבען בעקומען א תשובה, אז אויב עס לוינט זיי נישט קענען זיי שטרייקען געזונטערהייט.

— ס'טייטש? — האָבען זיי זיך גע'חידושט — פארוואָס האָט איהר יענע מענשען אייערע יאָ נאָכגעגעבען און אונז נישט?

האָט דער גביר זיך צולאכט און זיי ערקלערט:

— יענע האָב איך געמוזט נאָכגעבען, ווייל אָהן זיי קאָן איך זיך קיין עצה נישט געבען; זיי זענען ספעציאליסטען, פאכמענער, וועלכע פיהרען אלע מיינע מסחרים און קיין אנדערע אויף זייער אָרט וועל איך אזוי גיך נישט קריגען... פאר אייער ארבייט אָבער, וועלכע באשטעהט פון דאווענען און תהלים-זאָגען לוינט מיר קיין גרויסע געלדער נישט צו צאָהלען, כ'וועל גאנץ לייכט קריגען אנדערע אויף אייער אָרט, קיין תהלים-זאָגערס פעהלען נישט...

בשעת יעקב האָט פערפיהרט מיט לבנ'ען א שמועס וועגען שכירות, האָט לבן דער שווינדלער פרום פערגלאָצט די אויגען און גענומען ריידען מיט גאָט; „נחשתי ויברכני ד' בגללך" יעקב איז איהם זעהר מזל'דיג, אין זכות פון יעקב'ן, אין זכות פון זיין דאווענען און תהלים-זאָגען האָט איהם גאָט געהאָלפען, „כשבאתי לכאן לא היו לי בנים וכו' ועכשו היו לי בנים", און דעריבער — „נקבה שכרך עלי ואתנה", אדרבה, ער איז איהם גרייט צו בעצאָהלען דערפאר, אָבער ער דארף דאָך אליין פערשטעהן, וויפיעל קאָן מען דען פערלאנגען פאר דאווענען און תהלים זאָגען?...

דערויף האָט איהם יעקב געענטפערט: „אתה ידעת את אשר עבדתיך ואת אשר היה מקנך אתי" כ'בין נישט געווען ביי דיר קיין באנק-קוועטשער און תהלים-זאָגער, נאָר איינפאך און ממש שווער געהאָרעוועט ארום דיינע פיה און „ויברך אותך ד' לרגלי", געבענשט און רייך ביזטו געוואָרען „לרגלי", פון מיין ארומשלעפען זיך טאָג ווי נאכט מיט דיינע בהמות, און דעריבער — „ועתה מתי אעשה גם אנכי לביתי", האָב איך מיר פאר דער דאָזיגער ארבייט כשר פערדיענט, כ'זאָל שוין אליין אויך אָנהויבען לעבען ווי א מענש און בעקומען אנשטענדיגע שכירות...

(רבי בעריש פלאהם)

## ועתה מתי אעשה גם אנכי לביתי... (ל. ל.)

„מעשי אבות סימן לבנים", און דער דאָזיגער אונרוהיגער געדאנק דערוועקט זיך אָפט ביי פיעל אידען אויך אין יענע גלות־לענדער, וואו עס לעבט זיך זיי מאטעריעל נישט שלעכט און וואו זיי האָבען זיך אין אלגעמיין נישט צו בעקלאָגען אויף זייער מצב.

עס איז יעקב'ן גאנץ נישט־קשה'דיג געגאנגען אין לאנד פון לבנ'ען. אנטלויפענדיג פאר דער שנאה פון עשו'ן און דורכמאכענדיג א שווערען וואנדער־וועג, וואו ער איז געצוואונגען געווען צו שלאָפען אונטער'ן פרייען הימעל, אויף א שטיין צוקאָפּענס, האָט ער סוף כל סוף דאָ געלעבט במנוחה, און הגם ער האָט אין תחילת זעהר שווער געארבייט אויף חיונה און „ביום אכלני חורף וקרח בלילה", האָט ער אָבער סוף כל סוף זיך אויס־געארבייט און זיך ערוואָרבען א שטיקעל פערמעגען, ווי ער האָט נאכהער אליין ער־קלערט: „ויהי לי שור וחמור צאן ועבד ושפחה", אָבער מיט דער צייט האָט ער זיך אָנגעהויבען ארומקוקען און מאכען א שטיקעל חשבון פון דעם פרייז, וואָס ער האָט פאר דעם דאָזיגען וואוילשטאנד בעצאָהלט און עס איז איהם מיטאמאָל זעהר טרויעריג גע־וואָרען אויפ'ן הארצען: ער האָט דערזעהן, ווי די „תרפי לבן" הויבען אָן ביסלעכוויז אריינגנב'נען זיך אין זיין הויז, אז אויב ער וועט דאָ זיצען נאָך א ביסעל לענגער וועט לבן האָבען פאָלקאָם רעכט מיט זיין תביעה: „הבנות בנותי והבנים בני"... ער דערזעהט דעם גרויסען מרחק, וואָס עס האָט דורכגעמאכט יעקב פון דער אָנהויב סדרה ביז יעקב פון דער סוף סדרה: יענעם יעקב האָבען זיך גע'חלומ'ט „מלאכי אלקים" און דער איצ־טיגער יעקב זעהט שוין אין חלום גאָר אנדערע זאכען: „עתודים עולים על הצאן"... דאמאָלס איז זיין בעשיידענע שטרעבונג געווען: „אם יהי' אלקים עמדי וכו' ונתן לי לחם לאכול ובגד ללבוש והי' ד' לי לאלקים", און איצט איז ער איינגאנצען אריינגעטהון אין די „עקודים נקודים וברודים"... ער דערפיהלט די גרויסע ענדערונג, וואָס עס איז פאָר־געקומען במשך פון דער צייט אין זיין גייסטיגען לעבען און עס דערוועקט זיך אין איהם די בענקשאפט צו זיין אלטער היים, צום אמאָליגען לעבענס־שטייגער און א געשריי רייסט זיך ארויס פון זיין הארץ: „מתי אעשה גם אנכי לביתי!"...

(הרב אברהם גאלאנטי, ניו־יורק)

## ויאמר מה אתן לך ויאמר יעקב לא תתן לי מאומה... (ל. לא.)

עס איז נישטאָ קיין יעקב — שרייבט דער חתם סופר אין א תשובה צו זיינעם א תלמיד — וועלכער זאָל נישט אָנטרעפען אויף א לבן, אבער עס איז זעלטען צווישען די לבנ'ס, ער זאָל אָנטרעפען אויף א יעקב'ן (וועלכער זאָל וויסען, ווי זיך מיט איהם אומצוגעהן)...

## ויאמר לבן הן לו יהי כדבריך... (ל. לד.)

אזוי איז שוין דער שטייגער פון יעדען רמאי און שווינדלער. דוקא ער פערלאנגט פון צווייטען, ער זאָל איהם חלילה נישט אָבנארען, ער זאָל האלטען וואָרט. דוקא לבן דער שקרן וואָרענט יעקב'ן: „לו יהי כדבריך!"...

(מטה אהרן)

## והי׳ העטופים ללבן והקשורים ליעקב... (ל. מב.)

די „עטופים״ — פלעגט זאָגען רבי משה קאָברינער — די פערוויקעלטע, די צבועים, שטאמען פון לבן דעם רמאי; „והקשורים״, די, וואָס זענען באמת אויפריכטיג צוגעבונדען צו השי״ת, געהערען צו יעקב׳ן...

## לקח יעקב את כל אשר לאבינו... (לא. א.)

„את כל״ — אלץ, דעם גאנצען פּרעסטיזש און גלאנץ האָט ער פון איהם צו־גענומען, וואָרום ביז־איצט האָט נאָכנישט פאסירט, אז א מענש זאָל קענען אָבנארען אונזער טאטען, דעם רמאי...

(לויט׳ן כלי־יקר)

## ומאשר לאבינו עשה את כל הכבד הזה... (לא. א.)

דערויף ווערט געזאָגט אין מדרש רבה: „אין כבוד אלא כסף וזהב שנאמר בוזו כסף בוזו זהב ואין קצה לתכונה כבד מכל כלי חמדה״ (נחום ב׳).

האָט מען געפרעגט דעם ווילנער גאון: דער דאָזיגער מדרש איז דאָך אין סתירה צום מאמר אין אבות: „ואין כבוד אלא תורה שנאמר כבוד חכמים ינחלו״ (אבות פרק ו׳)? — האָט דער גאון דערויף געענטפערט: אומעטום אין גאנץ תנ״ך איז דאָס וואָרט „כבוד״ געשריבען מלא מיט א ו׳, בלויז דאָ אין פסוק „ואשר לאבינו עשה את כל הכבד הזה״ ווי אויך אין נחום, איז „כבד״ געשריבען „חסר״, אָהן א ו׳, און דערויף זאָגען די חז״ל, אז דאָרט, וואו דער „כבד״ איז „חסר״, ווערט דערמיט געמיינט דער כבוד המדומה, וואָס מען דערגרייכט דורך געלד...

ס׳שטעהט נישט: „את כל העושר הזה״, נאָר — „את כל הכבד הזה״ און דערפון איז אלזאָ צו זעהן, אז שוין דאמאָלס זענען די ביידע זאכען געווען צווישען זיך ענג פערבונדען. ווער עס איז געווען אנ׳עושר — דער האָט אויך געהאט כבוד...

(באר יצחק)

## שוב אל ארץ אבותיך וכו׳ וישלח יעקב לרחל וללאה וכו׳ (לא. ג. ד.)

בעת יעקב האָט דערהערט דעם רוף: „שוב אל ארץ אבותיך״! האָט ער קודם־כל, אידער ער האָט אָנגענומען א בעשלוס, זיך דורכגעשמועסט מיט די פרויען, רחל ולאה, וועלענדיג וויסען, צי זיי זענען ראוי צום דאָזיגען נייעם שריט אין לעבען, צי זיי זענען נישט דורכגעזאפּט מיט דעם גייסט און מיט דער ערציהונג, וואָס זיי האָבען בעקומען ביי לבנ׳ען, און ערשט דאן, ווען ער האָט דערהערט פון זיי די ערקלערונג: „אין לנו חלק ונחלה בבית אָבינו״, אז זיי האָבען מיט׳ן לבנ׳יזם מעהר קיין שום געמיינזאמעס נישט, האָט ער זיך ענדליך דעצידירט עולה צו זיין מיט זיי קיין ארץ־ישראל...

(אמרי דרוש)

## עקדים נקדים וברדים... (לא. י.)

דערויף זאָגט רש״י: „ואין להביא עד מן המקרא״, אז אויסער דאָ געפינט זיך נישט מעהר אין ערגעץ דאָס וואָרט „ברודים״.

א פלא! ס'איז דאָך א בפירושער פסוק: „ובמרכבה הרביעית סוסים ברודים אמוצים (זכרי' ו' ג')...

## ויקם יעקב וישא את בניו ואת נשיו... (לא. יז.)

דערויף זאָגט רש"י: „הקדים זכרים לנקבות, ועשו הקדים נקבות לזכרים, שנאמר ויקח עשו את נשיו ואת בניו וגו'"...

פרעגט זיך: אויך ביי יעקב'ן געפינען מיר דאָך, אז ער האָט מקדים געווען די נשים און זאָגאר די שפחות פאר די זכרים? עס שטעהט דאָך בפירוש (וישלח, ל"ב, כ"ג): „ויקח את שתי נשיו ואת שתי שפחותיו ואת אחד־עשר ילדיו"...

(תורה תמימה)

## ויגנוב יעקב את לב לבן הארמי על בלי הגיד לו כי בורח הוא... (לא. כ.)

וואָס הייסט „על בלי הגיד לו כי בורח הוא"? צי האָט יעקב אפשר געדאַרפט פריהער אויסזאָגען לבן'ען, אז ער גרייט זיך צו אנטלויפען?

נאָר דער פשט איז: דער „ויגנוב יעקב את לב לבן הארמי" איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס „על בלי", אויף יעדע קלייניגקייט, ביי יעדען מינדעסטען אינצידענט, „הגיד לו כי בורח הוא", האָט ער איהם געסטראַשעט, אז ער געהט אנטלויפען, און אזוי ווי די דאָזיגע דראָהונג האָט זיך כסדר איבערגע'חזר'ט, האָט זיך לבן דערצו צוגעוועהנט און ער האָט זיך אויפגעהערט צו היטען, און א דאנק דעם האָט יעקב בעקומען די מעגליכ־קייט צו אנטלויפען אונגעשטערט, בשעת ער איז שוין אויך אנ'אמת געווען גרייט דערצו...

(אלשיך)

## השמר לך פן תדבר עם יעקב מטוב עד רע... (לא. כד.)

מילא, אז ער זאָל נישט טאָרען ריידען מיט איהם קיין שלעכטס, איז פערשטענד־ליך, אָבער פארוואָס זאָל ער קיין גוטס נישט טאָרען רעדען מיט איהם?

נאָר דער מדרש זאָגט: „מפני מה היו אמותינו עקרות? שלא יאמרו ברכותינו עושים פירות", כדי מען זאָל נישט זאָגען, אז רבקה, למשל, איז געהאָלפען געוואָרען א דאנק דער ברכה פון איהר ברודער, לבן, וועלכער האָט איהר געבענשט „אחותנו, את היי לאלפי רבבה".

אויף אזא אופן קומט, אלזאָ, אויס, אז לבנ'ס ברכה איז גאָר געווען א רעה, דען צוליעב דעם איז רבקה געווען אנ'עקרה, און דעריבער — „השמר לך פן תדבר עם יעקב מטוב עד רע", אויך קיין גוטס זאָלסטו נישט רעדען מיט איהם, דען אויך פון דיין גוטס קומט קיין גוטס נישט ארויס...

(טעם מן)

## למה נחבאת לברוח... ולא הגדת לי ואשלחך בשמחה... (לא. כז.)

ווען דו וואָלסט נישט געווען די גאנצע צייט אזא בעהאלטענער און איך זאָל געוועזן וויסען פריהער, אז דו ביזט באמת גאָר א צדיק, וואָלט איך דיך שוין לאנג געהאַט משלח געווען — דען אזעלכע לייט זענען נישט פאר מיר...

(רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער)

## עם אשר תמצא את אלהיך לא יחיה... (לא. לב.)

ווען דו וועסט שוין אפילו ביי מיר געפינען דיין גאָט, וועל איך אויך דאַן נישט האָבען בעגאַנגען אזא גרויס פערברעך. דען — „לא יחיה״, ער לעבט דאָך נישט, דער דאָזיגער גאָט דיינער, ער איז דאָך נישט מעהר, ווי א טויטער געץ, וואָס מען קאָן פּראָדוצירען וויפיעל מען וויל...

(כתב סופר)

## ויאמר ללבן מה פשעי מה חטאתי כי דלקת אחרי... (לא. לו.)

דער בעלזער רבי, רבי יהושע רוקח, איז אמאָל געקומען אויף עטליכע טעג קיין לעמבערג. צווישען די פערשידענע פערזאָנען, וועלכע זענען געקומען צו איהם געבען שלום, האָבען זיך אויך געפונען עטליכע לעמבערגער משכילים, די אָנפיהרער פון דער דאָרטיגער חברה „שומר ישראל״. דער רבי האָט זיי זעהר פריינדליך אויפגענומען. צו־מאָרגענס זענען זיי ווידער געקומען און ער האָט ווידער מיט זיי א געוויסע צייט פער־בראַכט אין א פריינדליכען שמועס. ביני לביני האָט מען אין די חסידישע קרייזען גענו־מען מורמלען, הלמאי, דער רבי חבר׳ט זיך מיט די דאָזיגע לייט, וועלכע האָבען אין שטאָדט א שם אלס אפיקורסים און פושעים. דאָס דאָזיגע מורמלעניש איז דערגאַנגען צום בעלזער און ווען די דערמאָהנטע משכילים זענען א דריטען מאָל צו איהם געקומען, האָט ער זיך אָנגערופען צו זיי:

— א פּלא והפלא אויף יעקב׳ן, בשעת זיין בעגעגעניש מיט לבנ׳ען, האָט לבן, ווי עס איז צו זעהען פון פסוק, גערעדט צו איהם זעהר פריינדליכע ווערטער: „למה נחבאת לברוח וכו׳ ולא הגדת לי ואשלחך בשמחה ובשירים בתוף ובכנור״, דוכט זיך — גאַנץ איידעל, לסוף ענטפערט איהם יעקב מיט רוגזה: „מה פשעי מה חטאתי כי דלקת אחרי״!... היתכן?

נאָר די מעשה איז: בעת יעקב האָט דערזעהן, אז לבן, זיין פיינדליכער געגנער, האָט פלוצלונג אָנגעהויבען צו רעדען צו איהם מיט אזא הארציגען לשון, האָט ער זיך שטארק דערשראָקען און זיך געטראַכט, אז נישט אַנדערש, נאָר מסתמא האָט לבן בעמערקט אין איהם, אז ער איז שוין נישט מעהר דער זעלבער יעקב ווי פריהער, אז אויך ער הויבט שוין אָן צו זינדיגען און צו געהן אין לבנ׳ס דרכים... און ער האָט זיך אלזאָ געווענדעט צו איהם און געפרעגט: „מה פשעי מה חטאתי כי דלקת אחרי״, וואָס האָב איך אזעלכעס געטהון, וואָסערע חטאים האָסטו דערזעהן אין מיר, וואָס דו לויפסט מיר אזוי נאָך און חבר׳סט זיך אזוי מיט מיר...

## כי משש את כל כלי וכו׳ שים כה נגד אחי... (לא. לז.)

נאָכדעם, ווי לבן האָט רעווידירט זיינע געצעלטען און אלץ דאָרט דורכגעניש־טערט, איז יעקב נישט זיכער געווען, צי דער דאָזיגער לבן הארמי האָט נישט אמאָל בשעת דער בדיקה עפּעס צוגע׳לקחנ׳ט, און ער האָט איהם דעריבער אויף א זעהר העפ־ליכען אופן פאַרגעלעגט: „מה מצאת מכל כלי ביתך, שים כה נגד אחי ואחיך״. זייט אזוי פריינדליך, שווער־לעבען, און לעגט ארויס אלע אייערע חפצים, בכדי צו זעהען, צי עס

פעהלט איך נישט עפעס... באמת אָבער האָט ער דערביי געוואָלט זעהען, צי עס געפינט זיך נישט דאָרט, אין לבנ׳ס באגאזש, עפעס פון זיינע, יעקב׳ס, זאכען...

(רבי יוסף שאול נאטאנזאָהן)

## גנבתי יום וגנבתי לילה... (לא. לט.)

וואָס איז דען פאר א נפקה מינה אייגענטליך, צי מען האָט די בהמה געגנב׳עט בייטאָג, אָדער עס איז געשעהען ביינאכט?

נאָר מעגליך, אז דאָס ווערט געמיינט בדרך מליצה, אין זין, אז ער האָט קיין טאָג און קיין נאכט נישט געהאט, „גנבתי יום וגנבתי לילה״, די אונאויפהערליכע שטענדיגע ארבייט האָט ביי איהם צוגעגנב׳עט דעם טאָג און צוגעגנב׳עט די נאכט, און דערויף קומט דער ווייטערער אויספיהר: „הייתי ביום אכלני חורב וקרח בלילה״.

ענליך דערצו איז דער פסוק: „לילה גנבתו סופה״ (איוב כ״ז כ׳), פון וועלכען דער זין איז, אז דער שטורם האָט צוגעגנב׳עט די נאכט, ווי זי וואָלט גאָר אינגאנצען נישט געווען...

(הרב ברוך פרידענבערג)

## את עניי ואת יגיע כפי ראה אלקים ויוכח אמש... (לא. מב.)

„ויוכח אמש״, א ראיה און א בעוויז דערויף, אז ווען נישט די מורא פאר גאָט וואָלט לבן פון איהם אלץ צוגענומען, איז דער — „אמש״, דאָס, וואָס לבן האָט זיך אליין פריהער אויסגעדריקט: „יש לאל ידי לעשות עמכם רע ואלקי אביכם אמש אמר אלי לאמר השמר לך וכו׳ ״...

(כלי יקר)

## ויאמר יעקב לאחיו לקטו אבנים... (לא. מו.)

דערויף זאָגט רש״י: „לאחיו — הם בניו שהיו לו אחים נגשים אליו לצרה ולמל־חמה״. דאגעגען אויפ׳ן ווייטערען פסוק: „ויקרא לאחיו לאכל לחם״, מאכט רש״י: „לאחיו — לאוהביו של לבן״. פארוואָס טייטשט רש״י דאָ דעם „אחיו״ אנדערש ווי דאָרט?

נאָר — האָט געענטפערט דערויף רבי יחיאל מאיר מאָגלניצער בדרך־הלצה — אינ׳ם צווייטען פסוק רעדט זיך וועגען עסען, און אז עס קומט צום עסען, דאָ ווערען אלע גוטע פריינד אמת׳ע ברידער. אָבער רעדט וועגען א טובה, אין וועלכער יעקב האָט זיך גענויטיגט, וועגען צוהעלפען איהם אין אנ׳ארבייט, אויפקלויבען שטיינער, דערביי האָט ער זיך שוין געמוזט בענוצען מיט די אייגענע קינדער, דען — גוטע פריינד זענען נאָר צום עסען...

## ויקרא לו לבן יגר שהדותא ויעקב קרא לו גלעד... (לא. מז.)

ווי מיר זעהען, איז צווישען זיי פאָרגעקומען א שטיקעל שפראכען־קאמף: לבן האָט דאָס אָרט א נאָמען געגעבען אויף אראמיש: „יגר שהדותא״, אָבער יעקב האָט נישט געוואָלט ענדערען זיין שפראך און ער האָט פערלאנגט, אז דער נאָמען זאָל זיין אויף לשון

קודש: „גלעד“, און אויסגעפיהרט האָט יעקב, לבן האָט לסוף מסכים געווען און „ויאמר לבן וכו׳ על כן קרא שמו גלעד“...

(לויט׳ן ספורנו)

## וישב לבן למקומו — ויעקב הלך לדרכו... (לב. א. ב)

כל־זמן יעקב איז געווען ביי לבנ׳ען, איז ער געווען געצוואונגען צו האנדלען מיט איהם אויף זיין שטייגער און צו בענוצען זיך מיט רמאות; מיט׳ן מאָמענט אָבער, ווי נאָר „וישב לבן למקומו“, ווי נאָר ער איז פון איהם פטור געוואָרען, — „ויעקב הלך לדרכו“, האָט זיך יעקב תיכף אומגעקעהרט צו זיין אלטען דרך פון עהרליכקייט און תמימות, צום דרך פון „יעקב איש תם יושב אוהלים“...

(רבי משה־לייב סאָסעווער)

## ויברח יעקב שדה ארם ויעבוד ישראל באשה ובאשה שמר...
(הפטורה הושע יב.)

דער דין איז, אז מען טאָר נישט פערלאָזען ארץ־ישראל און געהן קיין חוץ־לארץ, סיידען ווען דאָס איז נויטיג צוליעב לערנען תורה אָדער צוליעב א שידוך. און דאָס איז אויך מדויק דאָ אין פסוק: „ויברח יעקב שדה ארם“. איי, ווי אזוי האָט ער געמעגט פערלאָזען ארץ־ישראל? קומט דערויף דער ענטפער: „ויעבוד ישראל באשה ובאשה שמר“. עס איז דאָרט געווען צוגעגרייט פאר איהם זיין זיווג און איז׳ם דאָזיגען פאל איז עס ערלויבט...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

## כי ישרים דרכי ד׳ וצדיקים ילכו בם ופושעים יכשלו בם...

„ורשעים יכשלו בם“. עס טרעפט, אז אויך דער רשע ווערט אמאָל נכשל אין א דבר־טוב און נישט־ווילענדיג טהוט ער א מצוה...

(רבי גרשון העניך מראדזין)

# וַיִּשְׁלַח

## וישלח יעקב מלאכים לפניו... (לב. ד.)

צווישען ר' ברוך מעזשיבוזשער און רבי שניאור זלמן פון ליאדי האָט זיך גע־צויגען, כידוע, א לאנגע און שארפע מחלוקת. ווי דער שטייגער איז האָבען זיך געפונען שליחים און פערמיטלער, וועלכע האָבען געוואָלט צווישען זיי שלום מאכען. אָבער אויס־געלאָזט האָט זיך יעדעס מאָל, אז א דאנק די פערמיטלער האָט זיך די מחלוקת נאָכמעהר פערשארפט... האָט רבי ברוך איינמאָל געזאָגט וועגען דעם:

מיר געפינען ביי יעקב'ן, אז בעת ער האָט געוואָלט שלום מאכען מיט זיין ברו־דער, האָט ער זיך מורא געהאט צו פערלאָזען אויף געוועהנליכע שליחים און ער האָט געשיקט צו איהם „מלאכים ממש". דורך מלאכים, איז ער געווען זיכער, וועט אודאי דער ענין ערלעדיגט ווערען אין בעסטען אָרדנונג, על צד היותר טוב. לסוף, אנשטאָט שלום צו מאכען, זענען די מלאכים צוריקגעקומען מיט א געוואלד: „וגם הולך לקראתך וארבע מאות איש עמו"! הגם, ווי עס איז צו זעהען פון די ווייטערע פסוקים, איז ער גאָר געקומען צו איהם מיט גאנץ פריעדליכע כוונות... דערפון איז, אלזאָ, צו זעהען, אז אויב מען וויל מיט עמיצען שלום ווערען, זאָל מען עס טהון אליין און קיינעם די דאָזיגע מיסיע נישט אָנטרויען, אויף קיין שום שליחים זיך נישט פערלאָזען — אפילו אויף מלאכים...

## וישלח יעקב מלאכים וכו' ארצה שעיר שדה אדום... (לב. ד.)

אין יאָהר 1744 האָט די עסטרייכישע רעגירונג, אונטער דער הערשאפט פון מאריא טערעזא, ארויסגעגעבען א גזירה ארויסצוטרייבען די אידען פון בעהמען. די פראַ־גער קהלה האָט דאן אוועקגעשיקט קיין וויען דעם פראגער דיין, רבי זלמן קרוב, ער זאָל זיך משתדל זיין ביים דאמאָלסדיגען קאנצלער, קאאוניטץ, וועגען אָברופען די גזירה.

קומענדיג קיין וויען האָט רבי זלמן, זוכענדיג פראָטעקציע צום קאנצלער, זיך דערוואוסט, אז ער האָט א אידישע געליעבטע. ער איז אוועק צו איהר און זי האָט איהם צוגעזאָגט, אז בעת דער קאנצלער וועט צו איהר קומען וועט זי שיקען נאָך איהם און זי וועט זיך בעמיהען, אז זיין בקשה זאָל ערפילט ווערען.

וכך הוה. אריינקומענדיג צו זיין געליעבטע האָט זי פאר איהם פאָרגעשטעלט דעם פראגער דיין און דעם צוועק פון זיין בעזוך. דער קאנצלער איז געוואָרען שטארק אויפגעבראכט פון דער אונאנגענעהמער בעגעגעניש און נישט קוקענדיג אויף די בקשות פון זיין געליעבטע, האָט ער שטרענג און קאטעגאָריש ערקלערט, אז די גזירה קאָן נישט צוריקגעצויגען ווערען. דערביי האָט ער מיט אנ'איינגעהאלטענעם כעס געפרעגט דעם דיין: פונוואנען האָט ער געוואוסט איהם דאָ צו טרעפען און אָבצוּוואַרטען? פארוואָס איז ער נישט געקומען אין מיניסטעריום, נאָר דאָ אהער?

דערויף האָט איהם רבי זלמן, וועלכער האָט שוין געהאלטען די זאך פאר פער־שפיעלט, אָבגעענטפערט מיט א שטאָך:

— אין דער ביבעל, הערר קאנצלער, ווערט דערצעהלט, אז יעקב אבינו האָט געשיקט שליחים מפייס צו זיין עשו'ן קיין שעיר שדה אדום. פרעגט זיך: עשו האָט דאָך גאָר געוואוינט אין כנען, ווי עס ווערט דייטליך געזאָגט אין א ווייטערען פסוק: „ויקח עשו את נשיו ואת בניו וכו' ואת כל קנינו אשר רכש בארץ כנען" (ל"ו, ו'), טאָ פארוואָס האָט ער געשיקט די שליחים קיין שעיר? נאָר יעקב האָט געוואוסט, אז איינע פון זיינע ווייבער און געליבטע, אהליבמה, די טאָכטער פון ענה, וועלכע האָט אויך געטראָגען א אידישען נאָמען „יהודית", שטאמט פון שעיר, ווי עס ווערט געזאָגט: „אלה בני שעיר החורי יושבי הארץ לוטן ושובל וצבעון וענה" (ל"ו, כ') און ער האָט דעריבער געשיקט די שליחים, זיי זאָלען אָבווארטען עשו'ן בשעת ער קומט אהין קיין שעיר צו זיין געליבטע, זייענדיג זיכער, אז אין איהר אָנוועזענהייט וועט ער זיך א ביסעל איידעלער אויפפיהרען...

דעם קאנצלער איז דער דאָזיגער שארפזיניגער, הגם שטעכענדיגער ענטפער שטארק געפעלען געוואָרען. ער האָט איבערגעבעטען דעם דיין, צוגעזאָגט צו ערפיעלען זיין פערלאנג און די גזירה פון גירוש איז צוריקגעצויגען געוואָרען...

## כה תאמרון לאדוני לעשו... (לב. ה.)

בשעת יעקב אבינו האָט גערופען עשו'ן „אדוני", האָט השי"ת געזאָגט צו איהם: דערפאר, וואָס דו האָסט זיך ערנידריגט פאר עשו'ן און איהם גערופען „אדוני", שווער איך דיר, אז אלס עונש וועלען פון עשו'ס קינדער פר'יהער קיניגען אכט מלכים, איידער פון דיינע קינדער, אנטקעגען די אכט מאָל „אדוני", וואָס דו האָסט איהם גערופען.

(מדרש אגדה)

דאגעגען ווערט געזאָגט אויפ'ן זעלבען פסוק אין „נועם אלימלך":

„כה תאמרון לאדוני לעשו"... די תורה הקדושה לערנט אונז, ווי אזוי מיר האָבען זיך אויפצופיהרען אינ'ם ביטערען גלות, אונטער וועלכען מיר וועלען זיין אונטערגעוואָרפען אונטער דער הערשאפט פון די אומות. ביז השי"ת וועט זיך אויף אונז דערבארמען דארפען מיר אלץ אויף זיך מקבל באהבה זיין און אונטערטעניג זיין אונטער די אומות און זיי רופען „אדוני"... כה תאמרון לעשו, אזוי זאָלסטו רופען די עשו'ס: — „אדוני"...

## עם לבן גרתי ואחר עד עתה... (לב. ה.)

„עם לבן הרשע גרתי — ותרי"ג מצוות שמרתי" (רש"י)

זאָל עס דיר, הייסט עס, קיין חידוש נישט זיין, וואָס אָבזייענדיג צוואנציג יאָהר ביי לבנ'ען, בין איך אלץ געבליבען א גר, דען — „ותרי"ג מצוות שמרתי", כ'בין א איד; און א איד, מעג ער אָבוואוינען אין א לאנד צעהנדליגער יאָהרען, איז ער אלץ א גר, א פרעמדער...

(רבי אשר רימענאָווער)

דאָס איז א כלל־גדול און אזוי זעהען מיר עס ביז'ן היינטיגען טאָג ; אזוי לאנג ווי עס איז „עם לבן גרתי", כל־זמן דער איד פערגעסט נישט, אז ער איז א גר, אז דאָס פרעמדע לאנד, אין וועלכען ער וואוינט, איז פאר איהם נאָר א ציטווייליגע אכסניא, איז „ותרי"ג מצוות שמרתי", איז ער דאן צוגעבונדען צו דער אידישער תורה ומצוות. מיט'ן מאָמענט אָבער, וואס ער הויבט זיך אָן פיהלען אלס פול־בערעכטיגער און פעסט־איינגע־וואָרצעלטער תושב — דאן האלט עס זעהר שמאָל מיט די תרי"ג מצות...

(אבני חן)

„לא נעשיתי שר וחשוב אלא גר וכו' ד"א גרתי בגימטריא תרי"ג וכו' עם לבן הרשע גרתי ותרי"ג מצוות שמרתי" (רש"י)

אין פלוג זענען די ביידע פשטים זיך סותר איינס דאָס אנדערע, דען, לויט'ן ערשטען פשט, האָט זיך יעקב מכניע געווען פאר עשו'ן און איהם ערקלערט אין א שפ־לות'דיגען טאָן, אז „לא נעשיתי שר וחשוב אלא גר", דאגעגען לויט'ן צווייטען פירוש האָט ער גערעדט צו איהם מיט שטאָלץ : „עם לבן הרשע גרתי ותרי"ג מצוות שמרתי", און אין זכות פון די תרי"ג מצוות האָב איך, פונקט ווי פאר לבנ'ען, אויך פאר דיר קיין מורא נישט... אָבער לויט'ן דאָזיגען פשט, ווי פאסט זיך דאָ די ערנידערונג פון „כה אמר עבדך יעקב", אָנצורופען זיך מיט'ן נאָמען עבד, און דער אויספיהר, „ואשלחה להגיד לאדני למצא חן בעיניך" ?...

באמת אָבער איז דער צווייטער פשט אנ'ערגענצונג צום ערשטען. יעקב האָט זיך בעמיהט צו איבערצייגען עשו'ן, אז ער דארף אויף איהם נישט בייז זיין צוליעב די אויס־געגנארטע ברכות דען די דאָזיגע ברכות זענען סיי־ווי ביי איהם נישט מקוים געוואָרען, והראיה : „עם לבן גרתי, לא נעשיתי שר וחשוב אלא גר". טאָמער אָבער וועט עשו מיינען, אז זיי זענען בלויז פאָרלויפיג נישט מקוים געוואָרען, ווייל ער האָט נישט מקיים געווען די תרי"ג מצוות און יצחק האָט דאָך אין זיינע ברכות אויסדריקליך בעוואָרענט : „והיה כאשר תריד — ופרקת עלו", האָט ער גלייך דערויף מוסיף געווען : „עם לבן הרשע גרתי ותרי"ג מצוות שמרתי", כ'האָב דעם תנאי פינקטליך ערפילט, מקיים געווען אלע תרי"ג מצוות, און פונדעסטוועגען האָט עס נישט געהאָלפען און „לא נעשיתי שר וחשוב", וואס עס בעווייזט, אלזאָ, אז יעקב האָט קיין מזל נישט צו די ברכות, זיי זענען אינגאנצען נישט חל אויף איהם און עשו האָט דעריבער נישט וואס אין כעס צו זיין...

(כלי יקר)

„לא נעשיתי שר וחשוב... שברכני ׳הוה גביר לאחיך׳, שהרי לא נתקימה בי"... (רש"י)

דער „בי" פונ'ם וואָרט „גביר" איז נישט מקוים געוואָרען, און עס איז געבליבען דערפון — „גר"...

(פה קדוש)

(אין ספר „מיני תרגימא" ווערט עס געבראכט אין נאמען פון ר' ישעי' פיק'ס שוועסטער).

## ויהי לי שור וחמור וכו'... (לב. ו.)

צוליעב וואס האָט ער דאָס איהם געדארפט דערצעהלען ?

דען עשו איז געווען אנ'איש שדה, ער האָט זיך פערנומען מיט פעלד, מיט ערד־

ארבעט, אויך זייער פאָטער יצחק האָט זיך מיט דער זעלבער ארבייט פערנומען: „ויזרע יצחק בארץ", און כדי עשו, דערהערענדיג, אז יעקב קומט צוריק אהיים, זאָל נישט מיינען, אז ער וויל זיך דאָ בעזעצען און צונעהמען פון איהם א טייל ערד, האָט ער איהם דעריבער געשיקט מודיע זיין, אז „ויהי לי שור וחמור", אז ער פערנעהמט זיך גאָר מיט א גאנץ אנדער בעשעפטיגונג: מיט פיה־צוכט, און ער האָט, אלזאָ, קיין מורא נישט צו האָבען פאר קאָנקורענץ...

(אמרי חן)

## ויהי לי שור וחמור וכו׳ ואשלחה להגיד לאדוני למצא חן בעיניך... (לב. ו.)

יעקב אבינו האָט פערשטאנען, דאָס אויב ער וועט דערצעהלען עשו׳ן, אז ער איז במשך פון דער צייט געזעסען און געלערנט און עוסק געווען אין פרומקייט, אין עבודת־השם, וועט ער ביי איהם גאנץ ווייניג אויסנעהמען. דאגעגען אָבער ווען ער וועט איהם מודיע זיין, אז ער איז רייך און האָט זיך ערוואָרבען א גרויס פערמעגען פון אקסען, אייזלען שעפסען, קנעכט און דיענסטען, דאמאָלס וועט ער ביי איהם נושא חן זיין און ער וועט גאָר אנדערש רעדען מיט איהם...

(משל ומליצה)

אפילו ביי אנ׳אייגענעם ברודער איז מען נושא־חן נאָר דאן, ווען עס איז „ויהי לי שור וחמור", ווען מען איז רייך; וואָרום מיט אנ׳אָרימען ברודער שעמט מען זיך, אנ׳אָרימען ברודער האָט מען נישט גערן — „כל אחי רש שנאהו" (משלי יט. ז.).

(אשכול ענבים)

אין גאנץ ספר איוב, וואו עס ווערט געשילדערט איוב׳ס טראגישע לאגע, זיין אָרימקייט און זיינע מורא׳דיגע יסורים, זעהען מיר בלויז דריי גוטע פריינד, וועלכע זענען איהם געקומען טרייסטען אין זיין אומגליק. צי האָט איוב אויך געהאט ברידער, קרובים, און צי איז ווער פון זיי דאן געקומען צו איהם? — דאָס ווערט לגמרי נישט דערמאָהנט. ערשט אין סאמע לעצטען קאפיטעל, וואו עס ווערט דערצעהלט, אז „וד׳ שב את שבות איוב" און „ויוסף ד׳ את כל אשר לאיוב למשנה", אז איוב איז צוריק אויפ־געריכט און צוריק רייך געוואָרען, ערשט דאן דערהערען מיר מיטאמאָל, אז „ויבאו אליו כל אחיו וכל אחיותיו וכל יודעיו לפנים ויאכלו עמו לחם", אז ער האָט געהאט א סך ברידער און א סך שוועסטער און א סך גוטע פריינד און אז אלע, אלע זענען זיי געקומען — צום עסען...

(רבי משה חפץ)

דער רבי ר׳ זישא, איידער ער איז נתגלה געוואָרען, האָט ער א לאנגע צייט אָב־געריכט גלות, געוואנדערט פון שטעדטעל צו שטעדטעל, נישט געגעבען זיך אין ערגיץ צו דערקענען און געליטען נויט און דחקות.

איינמאָל איז ער אָנגעקומען צו־פוס אין א שטעדטעל אריין, וואו ער איז אוועק אין בית המדרש און א גאנצען טאָג געדאווענט און געלערנט. ביינאכט, נאָך מנחה ומע־ריב, איז ער צוגעגאנגען צום שטאָדטישען פרנס און איהם געבעטען, ער זאָל איהם נעהמען צו זיך אהיים אויף נאכטלעגער.

— פאר די קבצנים — האָט איהם דער פרנס געענטפערט מיט כעס — איז דאָ אנ'אָרט אין הקדש, נישט ביי מיר אין שטוב!

באין ברירה האָט ער געמוזט שלאָפען אין הקדש צווישען אלע שלעפער.

לימים, מיט עטליכע יאָהר שפעטער, ווען רבי זישא איז נתגלה געוואָרען און געהאט א גרויסען עולם חסידים, איז ער איינמאָל אָנגעקומען אין'ם זעלבען שטעדטעל, וואו מען האָט איהם אויפגענומען מיט א גרויסארטיגען קבלת־פנים, דער פרנס האָט צוגעגרייט זיין בהרחבה'דיגע דירה און ער האָט געשיקט דעם משרת, אז ער זאָל אָב־ווארטען דעם רבי'ן און בעת ער וועט אָנקומען זאָל ער איהם גלייך פיהרען צו איהם.

דערהערענדיג פון משרת, ווער עס האָט איהם געשיקט, האָט רבי זישא איהם אָנגעוויזען אויף זיין בריוח'דיגען פערד און וואָגען און געהייסען, ער זאָל זיי אָבפיהרען צו זיין בעל־הבית, צום פרנס, און אליין איז ער אוועק און זיך אָבגעקליבען אנ'אָרט אין א פשוט'ער אכסניה.

דער פרנס איז אוועק צום רבי'ן א פערחדוש'טער, נישט פערשטעהענדיג פאר־וואָס ער האָט איהם עפיס געשיקט דעם לעדיגען פערד און וואָגען.

— איהר געדענקט אפשר — מאכט צו איהם רבי זישא — מיט עטליכע יאָהר צוריק, ווען איך האָב געוואָלט ביי אייך איבערנעכטיגען, האָט איהר מיר געענטפערט, אז פאר קבצנים, פוס־געהער, איז ביי אייך קיין אָרט נישטאָ. הייסט דאָך עס, אז דער עיקר איז ביי אייך דער פערד און וואָגען, נו, האָב איך זיי אייך געשיקט און — זייט זיי מכבד...

## וגם הולך לקראתך וארבע מאות איש עמו... (לב. ז.)

„הלך ונטל אגרומי ממצרים, אמר אין יכילנא ליה הא טב, ואם לאו אנא אימא ליה אייתי מכסא ומגן כן אנא קאים עליו וקטילנא ליה" (מדרש רבה)

ער האָט מיט זיך מיטגעבראכט שטייער־בעאמטע, שטייער־עקזעקוטאָרען פון מצרים, און ער האָט געזאָגט: וועל איך איהם אזוי קענען בייקומען איז גוט, אויב נישט — וועל איך זאָגען צו איהם: גיב מכס, שטייערען! און אזוי ארום וועל איך אויפשטעהן אויף איהם און דער'הרג'נען.

ווי מיר זעהען, אלזאָ, האָט שוין אין יענער צייט עשו געוואוסט פון דעם סוד, אז איינס פון די מיטלען צו רואינירען יעקב'ן און אונטערצוברעכען זיין עקזיסטענץ איז — ארויפצולייגען אויף איהם ריזיגע שטייערען...

## ויירא יעקב מאד ויצר לו... (לב. ח.)

„ויצר" — ער האָט צער געהאט צוליעב'ן „ויירא"; הלמאי ער, יעקב, זאָל דאר־פען מורא האָבען פאר עשו'ן...

(מלבי"ם)

„ויירא יעקב מאד ויצר לו"... דאָס איז געזאָגט געוואָרען אויפ'ן לעצטען גלות, וועגען וועלכען יעקב אָבינו האָט געזעהן ברוח־הקודש, אז די אידען וועלען דאן לעבען

**אין גרויס דחקות... און אויף יענער צייט האָט ער עס מתפלל געווען: „ונתן לי לחם לאכול ובגד ללבוש"...**

(זוהר)

**— אין פלוג — פלעגט זאָגען רבי בונם מפשיסכע — זעהט דאָך עס אויס צו זיין א גאנץ קליינע בקשה: א ברויט און א קלייד, מאי כולי האי? אָבער בעקבא דמשיחא וועט עס זיין פון די גרויסע זאכען, פון די גאָר גרויסע בקשות...**

## והיה המחנה הנשאר לפליטה... (לב. ט.)

**די דאָזיגע פרשה איז געשריבען געוואָרען אלס רמז לדורות, אז אלץ, וואָס עס האָט פאסירט צווישען אונזער פאָטער יעקב מיט עשו'ן, וועט זיך איבערחזר'ן אין אלע צייטען וואָס אידען וועלען זיין אין גלות.... „והיה המחנה הנשאר לפליטה", עס וועט זיך קיינמאָל די בני־עשו נישט איינגעבען צו פערניכטען חס־ושלום דאָס אידישע פאָלק, און בשעת איין מלך וועט ווען־עס־איז גוזר־זיין אויפ'ן לעבען און פערמעגען פון די אידען אין זיין לאנד, וועט דאן א צווייטער מלך זיך מרחם זיין אויף זיי און ראטעווען די פליטים...**

(לויט'ן רמב"ן)

## אלקי אבי אברהם ואלקי אבי יצחק... (לב. י.)

**דער מהרי"ק פסקנ'ט (ווערט געבראכט אין יורה דעה ס' ר"מ), אז מען איז נישט מחויב בכבוד אבי אביו, און דערויף ווערט געזאָגט אין „שאגת אריה", אז דאָס איז נאָר דאן, ווען דער פאָטער לעבט נישט, אָבער ווען דער פאָטער לעבט איז ער צוליעב'ן כבוד פון פאָטער אויך מחויב אין כבוד פון אבי אביו, און דערמיט ווערט, אלזאָ, פערענטפערט די קשיא פון רמב"ן, וועלכער פרעגט, פארוואָס דאָ, אין פ' וישלח, דערמאָהנט יעקב אויך אברהמ'ס נאָמען: „אלקי אבי אברהם ואלקי אבי יצחק", דאגעגען אין א צווייט אָרט, אין פ' ויגש (מו. א.), ווערט געזאָגט: „ויזבח זבחים לאלקי אביו יצחק" און אברהמ'ס נאָמען ווערט מעהר נישט דערמאָהנט? — ווייל דאָ האָט נאָך זיין פאָטער יצחק געלעבט, ובעת דער פאָטער לעבט איז מען דאן מחויב אויך אין כבוד פון אבי אביו. דאָרט אָבער, אין פ' ויגש, איז שוין געווען נאָך יצחק'ס טויט און דאמאָלס איז ער שוין אינ'ם דאָזיגען כבוד נישט מחויב געווען...**

(לוית חן)

## שוב לארצך ולמולדתך ואיטיבה עמך... (לב. י.)

**הגם — שרייבט דער כתב סופר אין אנ'אָרט — די גאולה איז אינגאנצען אָבהענגיג פון השי"ת, דאָך מוזען מיר פריהער פון אונזער זייט טהון אלעס, וואָס איז נאָר אין אונזערע כחות און מעגליכקייטען און דאן וועט אונז השי"ת העלפען, און אזוי איז אויך געזאָגט געוואָרען אין דער הבטחה צו יעקב אָבינו: „שוב לארצך ולמולדתך ואיטיבה עמך", עס שטעהט נישט „ואיטיבה לך", נאָר „ואיטיבה עמך", מיט דיר צוזאַמען. דו**

טהו, דו זיי קודם־כל מקיים דעם „שוב לארצך ולמולדתך" און איך וועל דיר צוהעלפען... און דאָס איז אויך דער פשט אין פסוק: „כי כארץ תוציא צמחה וכגנה זרועי' תצמיח, כן ד' אלקים יצמיח צדקה" (ישעי' כא. יא.), פונקט ווי די ערד גיט ארויס איהרע פרוכטען נאָכדעם, ווי דער מענש טהוט פון זיין זייט אלע נויטיגע יגיעות, און דאן ערשט איז דאָס גערעטעניש אָבהענגיג פון דער הימלישער הילף, פון זון, ווינד און רעגען, אזוי וועט אויך אונזער צדקה ותהלה, אונזער הילף, אויפשיינען ערשט נאָכדעם ווען מיר פון אונזער זייט וועלען האָבען געטהון אלץ, וואָס עס איז נאָר מעגליך צו טהון לויט אונזערע מענשליכע כחות...

## הצילני נא מיד אחי מיד עשו... (לב. יב.)

ער האָט מורא געהאַט פאר ביידע זאכען: נישט בלויז פאר'ן „יד עשו", נאָר אויך פאר'ן „יד אָחי", פאר דער פערברידערונג, פאר א צו־נאָהענטער התקרבות. אינ'ם ערשטען פאל איז זיין גוף איינגעשטעלט; אין צווייטען פאל — זיין נ ש מ ה...

(רבי יאשע־בער בריסקער)

„לעתיד לבוא — ווערט געזאָגט אין מדרש — יתעטף עשו בציצית וישב בין הצדיקים והקב"ה מושכו משם".

און פאר אָט די דאָזיגע צבועים, „שהם מלובשים בגדי לבנים בשבת ולובשים טלית בע"ש במנחה", האָט זיך יעקב אבינו אממעהרסטען געשראָקען און ער האָט מתפלל געווען: „הצילני נא מיד אחי עשו", פאר אזעלכען, וועלכער איז א „אחי" אין חיצוניות און א „עשו" אין פנימיות...

(דגל מחנה אפרים)

זיי מיך מציל — האָט יעקב מתפלל געווען — אז איך זאָל נישט בעקומען קיין „ידי עשו". וואָרום ווען יעקב'ס ידים ווערען חלילה פערוואנדעלט אין ידי־עשו זענען זיי פיעל געפעהרליכער, מחמת בענוצט ווערען זיי דאמאָלס נישט געגען אנדערע, נישט געגען די פרעמדע שונאים, נאָר — געגען די אייגענע ברידער...

(דבש וחלב)

די בוימער אין וואלד — זאָגט דער מדרש א משל — האָבען דערהערט דעם קלאנג פון אייזען, פון פערשידענע כלי־משחית, וואָס מען האָט אין וואלד אריינגעפיהרט. האָבען זיי אָנגעהויבען צו ציטערען: וועה צו אונז, דאָס גרייט מען זיך אודאי אונזערע יונגע לעבענס אונטערצושניידען!... רופט זיך אָן איין בוים צו די איבריגע בוימער און זאָגט: אויב דאָס זענען בלויזע אייזענס אָהן הילצערנע הענדטלעך, האָבען מיר נישט וואָס מורא צו האָבען. מיט א בלויזען אייזען קאָן מען קיין בוים נישט אונטערהאקען. שלעכט איז נאָר, אויב דער אייזען איז בעהאָפטען מיט אזעלכעס, וואָס שטאמט פון אונזער אייגענעם מין, מיט א הילצערנעם הענדטעל...

ווען עס וואָלט זיך געהאנדעלט בלויז אינ'ם „הצילני נא מיד עשו", וואָלט דאָס אומגליק נישט געווען אזוי גרויס. פיעל ערגער איז, ווען צום „יד עשו" איז גאנץ אָפט

ליידער אויך צוגעטשעפּעט א „יד אחי", א הענדטעל פון אייגענעם מין — ווען איז זיינע רשעות'דיגע פּלענער איז אָפּט „יד ישראל באמצע"...

(תולדות יעקב יוסף)

„אמר רבי יצחק מאי דכתיב: אל תתן מאויי רשע, זממו אל תפק ירומו סלה (תהלים קמ. ט.) אמר יעקב לפני הקב"ה: רבונו של עולם, אל תתן לעשו הרשע תאות לבו, זממו אל תפק — זו גרממיא של אדום, שאלמלי כן יוצאיו מחריבין כל העולם כולו".

דערויף ווערט בעמערקט אין ערוך השלם, אז „גרממיא" מיינט מען — גערמאניען, דייטשלאנד...

שוין יעקב אבינו, ווי מיר זעהען, האָט מתפלל געווען, אז עס זאָלען חלילה נישט ערפיהלט ווערען די רשעות'דיגע פערלאנגען פון די גערמאניער, וואָס אויב מען זאָל זיי לאָזען, וואָלטען זיי די גאנצע וועלט חרוב געמאכט...

## כי ירא אנכי אותו פן יבוא והכני אם על בנים... (לב. יב.)

פאר זיך אליין האָב איך קיין מורא נישט, מיך וועט דאָס התקרבות מיט עשו'ן נישט קאליע מאכען; שרעקען שרעק איך זיך פאר די „אם על בנים", פאר די פרויען און פאר די קינדער, פאר דער יוגענד. זיי, ליידער, קאָן די בעריהרונג מיט עשו'ן שאָדען ברענגען. זיי, ליידער, לאָזען זיך פון איהם זעהר לייכט בעאיינפלוסען...

(הרב יצחק ניסענבוים)

## גמלים מיניקות ובניהם שלשים... (לב. טז.)

דערויף דרשנ'ען די חז"ל (ווערט אויך געבראכט אין רש"י): „ובניהם בנאיהם, זכר כנגד נקבה".

וואָס צווינגט די חז"ל אזוי צו דרשנ'ען און פון וואנען דרינגען זיי דאָס?

דען דער דין איז (אין מס' בכורות), אז אויב איינער זאָגט צום צווייטען: „פרה מיניקה אני מוכר לך", האָט ער נישט געמיינט, אז צוזאַמען מיט דער פרה פערקויפט ער איהם אויך דאָס ולד, דען מיט'ן וואָרט „מיניקה", נעהמט מען אָן, איז ער בלויז אויסען געווען צו לויבען איהר מילך. אויב אָבער ער זאָגט: „גמל מיניקה אני מוכר לך" האָט ער דאָס מאָל מיט'ן וואָרט „מיניקה" זיכער געמיינט אוועקצוגעבען איהם אויך דאָס ולד פאר'ן זעלבען פרייז, וואָרום די מילך פון א גמל איז דאָך נישט ראוי לשתיה... וויבאלד, אלזאָ, עס ווערט דאָ געזאָגט אין פּסוק: „גמלים מיניקות", זענען דאָך שוין ממילא אויך די בניהם, די ולדות אין כלל, טאָ נאָכוואָס ווערט בעזונדער דערמאָהנט דאָס וואָרט „ובניהם"? — דערפון דר'ינגען, אלזאָ, די חז"ל, אז מיט'ן וואָרט „ובניהם" ווערט דאָ גע־מיינט — „בנאיהם", די זכרים...

(ווילנער גאון)

## ושאלך לאמר למי אתה ואנה תלך... (לב. יח.)

דער חדושי־הרי"ם פלעגט זאָגען: דער יצר־הטוב מיט'ן יצר־הרע בענוצען זיך אָפט מיט דיזעלבע ווערטער. וויל א מענש טהון אנ'עבירה, בעמיהט זיך דער יצר־טוב

איהם אָבצוהאַלטען און װענדעט זיך צו איהם: „מאין באת ולאָן אתה הולך“, װאָס געהסטו טהון? בערעכען דײן װערט, מ׳שטײנס געזאָגט, און װאָס דיך ערװאַרט... װײל ער אָבער געהן טהון א מצוה, דאַן פערשטעלט איהם דער יצר־הרע דעם װעג, און אויך מיט דיי־זעלבע װערטער: „למי אתה ואָנה תלך“, װער ביזטו דען, מ׳שטיינסגעזאָגט, און װאָס לוינט עס דיר צו פערנעהמען זיך מיט מצוות? נישט כדאי די גאַנצע ארבייט...

## ואמרת... מנחה היא שלוחה לאדוני... (לב. יט.)

אויף אלע געשטעלטע שאלות זאָלט איהר געבען בלויז איין ענטפער: „מנחה היא שלוחה לאדוני“, און דאָס איז גענוג... דערמיט װערען שוין אלע קשיות פער־ענטפערט...

(שדה תבואות)

„מנחה — לעשו“... רבי יאָשע־בער בריסקער איז אמאָל געפאָהרען אויף דער באהן צוזאמען מיט נאָך עטליכע אידען. אז עס איז געקומען זמן־מנחה, האָט מען אָנ־געהויבען קלויבען א מנין, צו דאװנען בצבור. אין װאגאָן זענען געזעסען צװיי יונגעלייט פון די „היינטיגע“, מיט זיי איז גראַד געװען א מנין. די יונגעלייט האָבען אָבער קיין חשק נישט געהאט צו אזעלכע זאכען, זיי האָבען זיך גיך ארויסגערוקט פון װאגאָן, און דער מנין איז בטל געװאָרען... שפעטער, נאָכ׳ן דאװנען, זענען די יונגעלייט צוריק אריין אין װאגאָן און האָבען זיך געזעצט אויף זייערע ערטער.

— איהר װייסט, רבותי, — רופט זיך אָן רבי יאָשע־בער צום עולם, די יונגעלייט זאָלען הערען, — עס איז מיר איצט פערענטפערט געװאָרען א קשיא, װאָס איז מיר תמיד געװען הארב. בעת יעקב אָבינו האָט געשיקט עשו׳ן די מנחה, האָט ער איהם געשיקט: רינדער, שאָף, ציגען — גאַנצע סטאַדעס. האָט מיך תמיד געאַרט: פארװאָס האָט ער נישט מצרף געװען צו דער מנחה אויך עטליכע כלבים פאר די סטאַדעס? נאָר איצט איז מיר שוין ריכטיג: כלבים, זעהט־אויס, האָבען א טבע, אז זיי דערשמעקען א „מנחה“, צולויפען זיי זיך...

## ותעבור המנחה על פניו... (לב. כב.)

„על פניו, אף הוא שרוי בכעס, שהיה צריך לכל זה“ (רש״י)

דאָס לשון „אף הוא“ (און אזוי איז אויך דער נוסח אין מדרש־רבה), װאָס עס בעדייט, אז אויך ער איז געװען אין כעס, איז דאָ עפּיס נישט אויפ׳ן אָרט, װאָרום װער נאָך איז דען געװען אין כעס, א חוץ איהם?...

באמת אָבער, בעמערקען דערויף אייניגע מבארים, דארף דער דאָזיגער זאַץ געטיילט װערען און עס דארף זיין אזוי: „על פניו — אף“. פריהער װערט פערטייטשט, אז דאָס װאָרט „פניו“ האָט דאָ די בעדייטונג פון „אף“, צאָרן, כעס, און דאַן קומט דער אויספיהר, װעגען װאָס פאר א כעס עס רעדט זיך דאָ און עס װערט ערקלערט: „הוא שרוי בכעס שהיה צריך לכל זה“...

## ואת אחד עשר ילדיו... (לב. כג.)

„ודינה היכן היתה? — נתנה בתיבה... שלא יתן בה עשו עיניו" (ב"ר)

פון וואנען דרינגען עס די חז"ל, אז געפעהלט האָט גראָד די טאָכטער, דינה, און נישט איינער פון די זיהן?

דען אין מדרש־רבה ווערט געזאָגט, אז הערנבער איז דאָס בית־המקדש געבויט געוואָרען „בחלקו של בנימין", ווייל בנימין האָט זיך נישט געבוקט צו עשו'ן (דען בנימין איז נאָך דאמאָלס נישט געהאט געבוירען געוואָרען)... און אָט דערפון איז אלזאָ געדרונגען, אז פון די צוועלף קינדער האָט בלויז געפעהלט דינה; ווארום ווען עס זאָל האָבען געפעהלט און זיך נישט געבוקט צו עשו'ן איינער פון די זיהן, טאָ פארוואָס האָט דוקא בנימין, און נישט יענער, זוכה געווען, אז דאָס בית־המקדש זאָל געבויט ווערען בחלקו?...

(רבי חיים וואָלאָזשינער אין נאָמען פון ווילנער גאון)

אין א צווייטען מדרש (ספרי, ברכה) ווערט געזאָגט, אז דעריבער איז דאָס בית־המקדש געבויט געוואָרען בחלקו של בנימין, ווייל פון יעקב'ס אלע קינדער איז ער איינער געבוירען געוואָרען אין ארץ־ישראל, ווערענד אלע איבריגע שטאמען פון חוץ־לארץ.

ביידע מדרשים זענען צווישען זיך איינינג און ביידע זאָגען ריכטיג. עס איז הא בהא תליא. נאָר אַן ארץ־ישראל־קינד פערמאָגט אין זיך דעם געהעריגען אידישען שטאָלץ, נישט צו בויגען און נישט צו בוקען זיך פאר עשו'ן...

(קניני קדם)

## ויותר יעקב לבדו... (לב. כה.)

„שכח פכים קטנים" (רש"י)

אויפ'ן פסוק „ופנית הבית", אין פרשת נגעים, ווערט געזאָגט אין זוהר: מה־דאָך אויף פכים קטנים האָט הקב"ה חס געהאט, און ער האָט בעפויהלען, מען זאָל זיי פריהער ארויסנעהמען פון שטוב, כדי זיי זאָלען נישט טמא ווערען, קל־וחומר א תלמיד־חכם, אז ער דאַרף חס האָבען אויף זיך און נישט ארויסגעהן אליין, כדי צו זיין אָבגעהיטען פון מזיקים.

און דאָס ווערט אלזאָ געמיינט: „ויותר יעקב לבדו — שכח פכים קטנים", ער האָט פערגעסען דעם קל־וחומר פון „פכים קטנים"...

(תפארת צבי)

„שכח פכים קטנים וחזר עליהם"...

און דערפון דרינגען די חז"ל: „מכאן לצדיקים שחביב עליהם ממונם יותר מגופם" (חולין צ"א).

„יותר מגופם" — האָט דערויף בעמערקט ר' ישראל סאלאנטער — דאָס געלד איז ביי זיי חשוב'ער, ווי זייער אייגענער גוף, אָבער נישט, ווי יענעמס גוף...

בשעת רבי צבי אַרנשטיין, וועלכער איז פריהער געווען לעמבערגער רב, האָט אָנגענומען דאָס כסא־רבנות אין בריסק, האָט ער דעם ערשטען שבת געפּראוועט א קידוש, צו וועלכען עס זענען געוואָרען איינגעלאַדען אלע שטאָדטישע בעלי־בתים. איינעם פון די בעלי־בתים, א איד א מחוצף, איז נישט געפעלען געווען, הלמאי מען האָט צום דערלאַנגטען כיבוד אוועקגעשטעלט אויפ׳ן טיש צו־קליינע גלעזלעך און ער רופט זיך אָן בקול־רם צו דער רבי׳צין, אז די דאָזיגע גלעזלעך האָט זי געמעגט איבער־לאָזען אין גאַליציען, נישט מיטברענגען זיי קיין בריסק...

בעקומט ער דערויף מניה וביה אנ׳ענטפער פון רב:

אויפ׳ן פסוק „ויותר יעקב לבדו" זאָגען די חז"ל: „שכח פכים קטנים". איז דאָך קשה: האָט איהם געלוינט צוליעב אזא קלייניגקייט זיך מטריח צו זיין און נאָכאמאָל צוריקגעהן? נאָר דער תירוץ איז: יעקב האָט געהערט, אז עשו קומט צו איהם צו־גאסט נישט אליין, נאָר מיט גאנצע „ארבע מאות איש", וועלכע מען וועט דארפען, ווי דער שטייגער איז, מכבד זיין מיט משקה, און אז אזא חברה וועלען זיך נעהמען צום טרינקען, קענען זיי דאָך אויסטרינקען א ים, האָט ער דעריבער בעשלאָסען מיטצו־ברענגען פון דער היים „פכים קטנים" — קליינע גלעזלעך...

## ויאבק איש עמו... (לב. כה.)

דערויף ווערט געבראַכט אין מדרש צוויי פּשטים, איין פשט: „שהעלו עפר", און א צווייטער פשט: „שחבקו בזרועותיו".

אין די דאָזיגע צוויי פּשטים — זאָגט דער כתב־סופר — זענען מרומז די בײדע אופנים, מיט וועלכע דער שר של עשו האָט געפּרובט — און ער פּרובט דאָס ביז הײנ־טיגען טאָג — בײצוקומען יעקב׳ן. דער ערשטער וועג איז „שהעלו עפר", דער גע־וועהנליכער אויסגעטרעטענער וועג פון די שונאי־ישראל אין אלע צייטען, צו ערנידרי־גען דעם איד, צו בעווארפען איהם מיט בלאָטע און צו טרעטען איהם מיט די פיס, און ווען דאָס העלפט נישט, נעהמט ער זיך אָפּט אויפ׳ן צווייטען וועג פון „חבקו בזרועותיו", צו האלזען איהם מכלומרשט, ארויסצווייזען איהם אונגעהויערע ליעבשאפט, גלויבענ־דיג אזוי ארום, דורכ׳ן וועג פון דערנעהנטערונג און אסימילאציע, צו קענען איהם ביי־קומען און צו דערפיהרען צו זיין אונטערגאנג...

לויט דער ערקלערונג פון רמב״ן האָט דאָס וואָרט „ויאבק" די בעדייטונג פון „ויחבק". אויף אנ׳עהנליכען אופן טייטשט אויך רש״י: „ויאבק — ויתקשר". גאנץ אָפּט געלינגט דעם „שר של עשו" ביי־צוקומען יעקב׳ן און צו דערפיהרען צום „ותקע כף ירך יעקב" דוקא דורך חבוק און התקשרות, דורך שליסען מיט איהם נאָהנטע חבר׳שאפט...

(חתם סופר)

„זהו שרו של עשו" (ב"ר)

דאגעגען לויט׳ן פירוש פון רשב״ם איז דער מלאך געשיקט געוואָרען פון השי״ת, ווייל יעקב האָט בדעה געהאט צו אנטלויפען, דער רצון השם אָבער איז געווען, ער זאָל אָהן שום פחד בלייבען אויפ׳ן אָרט און זיך איבערצייגען אין דער ריכטיגקייט פון אויבערשטענס הבטחה: „והנה אנכי עמך ושמרתיך בכל אשר תלך". און צוליעב דעם האָט זיך דער מלאך געראנגעלט מיט איהם, וועלענדיג איהם אָבהאלטען ער זאָל נישט

אנטלויפען פאר עשו׳ן, און ווען יעקב האָט זיך דאָך געריסען צום אנטלויפען, איז ער דערפאר נענש געוואָרען און — ותקע כף ירך יעקב״...

„רבי שמואל בר נחמני אמר: כגוי נדמה לו; רב שמואל בר אחא אמר: כתלמיד־חכם נדמה לו״... (חולין צ״א)

וואָס איז דער זין פון דערדאָזיגער, אין פלוג אונפערשטענדליכער, מחלוקת?

די כוונה דערפון איז פאָלגענדע: אין מדרש ווערט געזאָגט, אז יעקב האָט גע־האט אויף זיך צוויי חטאים. ערשטענס, וואָס ער האָט חתונה געהאט מיט צוויי שוועס־טער, האלטענדיג, אז אין חוץ־לאָרץ האָט ער דעם דין פון א גוי, א בן־נח, אויף וועל־כען עס איז לויט דער תורה נישט חל דער איסור פון „שתי אחיות״; צווייטענס, וואָס ער האָט צוויי און צוואנציג יאָהר — די צייט וואָס ער האָט פערבראכט ביי לבנ׳ען — נישט מקיים געוועזן די מצוה פון כיבוד אָב ואם, ווייל א תלמיד־חכם, בשעת ער איז עוסק בתורה, איז ער דאן פטור פון כיבוד, דען „גדול תלמוד תורה יותר מכיבוד אָב ואם״ (מגילה ט״ז). די פלוגתא בעשטעהט, אלזאָ, אין דעם, פאר וועלכען חטא איז ער נענש געוואָרען. איינער זאָגט, אז דער עונש פון „ויאָבק איש עמו״ איז איהם געקומען צוליעב׳ן חטא פון „כגוי נדמה לו״, און דער צווייטער זאָגט — צוליעב׳ן חטא פון „כתלמיד־חכם נדמה לו״, ווייל ער האָט זיך געהאלטען פאר א תלמיד־חכם...

(חתם סופר)

„כתלמיד־חכם נדמה לו וכו׳״... נישט שטענדיג בעווייזט זיך דער יצר־הרע אין זיין אמת׳ן פרצוף, גאנץ אָפט קומט ער צום מענשען איינגעהילט אין א חלוקה דרבנן...

(הג״ל)

דעמדאָזיגען מאמר קאָן מען אויך ערקלערען אויף א גאנץ איינפאכען אופן:

פאראן מאָמענטען, ווען דער „שר של עשו״, בשעת ער רודפ׳ט און ראנגעלט זיך מיט יעקב׳ן, טהוט ער זיינע מעשים אָהן א דעק־מאנטעל, אָהן תירוצים און אויס־ריידען, אָהן דער נויטיגקייט צו בערעכטיגען זיינע אָנפאלען... פשוט — „כגוי נדמה לו״... איך האָב דיך פיינט אָהן א פארוואָס; איך האָב דיך פיינט, ווייל איך בין שטארק און דו ביזט שוואך, ווייל איך בין עשו און דו ביזט יעקב, און — „בידוע שעשו שונא ליעקב״...

פאראן אָבער מאָמענטען, ווען „כתלמיד־חכם נדמה לו״, ווען עשו וויל דערביי דוקא שפיעלען די ראָליע פון „תלמיד־חכם״ און קולטור־מענש, איינוויקלענדיג די טומאה אין דער יראה, בעמיהענדיג זיך צו בערעכטיגען זיינע מעשים־רעים געגען יעקב׳ן אין נאָמען פון הויכע פרינציפען און שענע אידעאלען, אין נאָמען פון מענשליכ־קייט און געטליכקייט...

דער חתם־סופר, וועלכער האָט, כידוע, אין זיין צייט שטארק געקעמפט געגען דער דאמאָלסדיגער רעפאָרם־בעוועגונג ביי אידען, פלעגט זאָגען אויפ׳ן דאָזיגען מאמר בדרך־הלצה, אזביידע מאן־דאמר׳ס זאָגען ריכטיג: דער שר של עשו האָט זיך בעוויזען צו יעקב׳ן סיי „כגוי״, סיי „כתלמיד־חכם״; ער האָט זיך, נעמליך, בעוויזען צו איהם

אין געשטאלט פון א — רעפאָרם־ראבינער, וועלכער פיהרט ער זיך ווי א גוי און שפּיעלען שפּיעלט ער די ראָליע פון א „רב״, א תלמיד־חכם...

בשעת יעקב גרייט זיך אומצוקעהרען „אל ארץ מגורי אביו״, קיין ארץ־ישראל, שטעלט זיך אוועק דאן אלס שטן אויפ׳ן וועג דער „שר של עשו״ וועלכער פּרובט איהם אָבהאלטען דערפון מיט די פערשידענסטע שטערונגען און מיט די פערשידענסטע תירוצים און ארגומענטען. טיילמאָל איז „כעכו״ם נדמה לו״, נעהמט ער איהם סטראַשען מיט די עכו״ם, מיט די גוים און מיט׳ן „למה יאמרו הגוים״, אז עס איז א געפעהר־ליכע זאך, מען טאָר נישט זיצען אין איין לאנד און אין דער זעלבער צייט טראכטען וועגען א צווייט לאנד, אז דערמיט וועלען די גוים צווישען וועלכע ער וואוינט, אָנ־הויבען צווייפלען אין זיין מלוכה־פאטריאָטיזם און קוקען אויף איהם, ווי אויף א פרעמ־דען א. אז. וו.... און טיילמאָל — „כתלמיד־חכם נדמה לו״, נעהמט ער גאָר ריידען צו איהם, ווי א תלמיד־חכם, אויפווייזענדיג מיט ראיות מן התורה, אז מען טאָר זיך נישט ריהרען פון אָרט, מען טאָר נישט פערלאָזען דאָס גלות און געהן קיין ארץ־ישראל...

(רעיונות וחומר לדרוש)

חסידים זענען אמאָל אריינגעקומען צום בלענדאָווער רבי׳ן, רבי יעקב יצחק, דער בעל „אמת ליעקב״, און האָבען איהם געטראָפען, ווי ער לויפט ארום איבער׳ן צי־מער, ווי ער וואָלט זיך געיאָגט נאָך וועמען, און דאן איז ער צוגעלאָפען צו דער ספרים־שאנק, זיך אָבגעשטעלט און יאוש׳דיג א מאך געטהון מיט דער האנד...

— וועה, וועה — מאכט ער צו די חסידים — כ׳האָב זיך געיאָגט נאָכ׳ן יצר־הרע און איך האָב איהם שוין שיער־שיער נישט געכאפּט, האָט ער זיך אָבער מיישב גע־ווען, דער בעל־דבר, און „כתלמיד־חכם נדמה לי״, ער האָט זיך בעהאלטען צווישען די ספרים און דאָ קאָן איך מיך שוין מיט איהם קיין עצה נישט געבען...

אין דער „אידישער געשיכטע״, וואָס עס האָט ארויסגעגעבען אויף ענגליש דער רעפאָרמירטער ראבינער אין אמעריקא, יצחק מאיר ווייז, ווערט „ערקלערט״ דער ענין פון „ויאבק איש עמו״, אז דאָ ווערט דערצעהלט איינפאך וועגען א באנדיט, אנ׳אראַ־בישען גזלן, וועלכער איז בעפאלען יעקב׳ן אויפ׳ן וועג און זיך געראנגעלט מיט איהם און איהם אויסגעלענקט א פוס... דערויף האָט איהם דאן אנ׳אָרטאָדאָקסישער רב אָנ־געפרעגט אין א בריעף, ער זאָל איהם אזוי פריינדליך זיין און ערקלערען; ווי געשיקט זיך עס, וואָס יעקב האָט דורכאויס פערלאנגט פונ׳ם דאָזיגען גזלן, ער זאָל איהם בענ־שען, ערקלערענדיג; „לא אשלחך כי אם ברכתני״, און דערצו נאָך איז דעם גזלנ׳ס ברכה און דער נייער נאָמען, וואָס ער האָט איהם געגעבען, אזוי חשוב געווען ביי איהם, אז עד־היום רופען מיר זיך אלע מיט׳ן דאָזיגען גזלנ׳ס נאָמען — „ישראל״. היתכן?... דער ראבינער און „געשיכטע פּערפאסער״ האָט נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערען און אין זיין תשובה צום רב האָט ער זיך מודה געווען, אז ער האָט, ליידער, א טעות געהאט אין פשט...

### עד עלות השחר... (לב. כה.)

אמאָל האָט מען געמיינט און געגלויבט, אז דאָס ראנגלעניש פון יעקב׳ן מיט

עשו׳ן וועט דויערן נאָר „עד עלות השחר״, ביז עס וועט אויפשיינען אויף דער וועלט דער מאָרגענשטערן, דאָס ליכט פון קולטור און ציוויליזאציע, וויסען און בילדונג, און דאן, ווען די מענשען וועלען ווערען בעוואוסטזיניג, וועט אויפהערען די רעליגיעזע שנאה און דער ראסען־האס און עס וועלען אָפגעשטעלט ווערען די אונזיניגע רדיפות פון עשו׳ן געגען יעקב׳ן. לסוף זעהען מיר, צו אונזער אומגליק, אז אויך דער „עלות השחר״ האָט נישט געהאָלפען און אינ׳ם „ויאבק איש עמו״ האָט זיך פון דאמאָלס ביז היינט אבסאָלוט גאָרנישט געענדערט...

(המגיד)

## ויירא כי לא יכול לו ויגע בכף־ירכו... (לב. כו.)

בשעת עשו זעהט, אז ער קאָן יעקב׳ן נישט בייקומען, איז „ויגע בכף־ירכו״, נעהמט ער זיך צו די קינדער זיינע...

(אברבנאל)

## ותקע כף־ירך יעקב בהאבקו עמו... (לב. כו.)

די גאנצע צייט, כל־זמן עס וועט דויערן דער „בהאָבקו עמו״, דאָס ראנגלעניש פון עשו׳ן מיט יעקב׳ן, אזוי לאנג וועט זיין „ותקע כף־ירך יעקב״, אזוי לאנג וועלען מיר זיין נע־ונד פון אָרט צו אָרט, ביז עס וועט קומען די גאולה במהרה בימינו...

(הנ״ל)

## ויאמר אליו מה שמך ויאמר יעקב... (לב. כח.)

צום מלבי״ם איז אמאָל געקומען א מחבר בעטען א הסכמה אויף זיין ספר, וואָס ער האָט א נאָמען געגעבען „ויאמר יעקב״.

דער מלבי״ם האָט גענומען דערין מעיין זיין און בלעטערענדיג דאָס ספר, האָט ער יעדעס מאָל א זאָג געטהון מיט התפעלות: א זעלטענער נאָמען, אנ׳אויסגעצייכענ־טער נאָמען...

טאקי באמת? — דערפרעהט זיך דער מחבר — געפעלט אייך ווירקליך אזוי שטארק דער נאָמען?

—יאָ, א זעהר פאסענדער נאָמען — ענטפערט איהם דער מלבי״ם — אויך אין דער תורה, אין פ׳ וישלח, געפינען מיר: „ויאמר יעקב״, יעקב האָט געזאָגט, און עס שטעהט נישט, וואָס ער האָט געזאָגט...

## לא יעקב יאמר עוד שמך כי אם ישראל... (לב. כט.)

די דאָזיגע ברכה, וואָס דער שר של עשו האָט געבענשט יעקב׳ן, דאָס איז אונזער אומגליק ביז׳ן היינטיגען טאָג. ביי יעדען אנדערען פאָלק, אויב א יחיד בעגעהט א פערברעך, מאכט מען נישט פעראנטוואָרטליך דעם גאנצען צבור פאר זיינע זינד, עס וועט קיינעם נישט איינפאלען צו בעשולדיגען דעם רבים פאר די מעשים פון א יחיד, אָבער ווען דאָס טהוט א איד, בשעת אנ׳איינצעלנער יעקב בעגעהט א וועלכען עס איז

חטא, דאן איז — „לא יעקב יאמר עוד שמך כי אם ישראל", זאגט מען נישט, אז יאנקעל האט געזינדיגט, נאר — „ישראל", דער איד איז שולדיג, דער גאנצער אידישער צבור...
(מטה יהודה)

## ויזרח לו השמש... והוא צולע על ירכו... (לב. לב.)

אזוי איז שוין על־פי־רוב, לײדער, דער שטײגער בײ אידען; קוים שײנט־אויף אײנעם די זון פון הצלחה, אזוי הויבט ער אן אונטערהינקען אין אידישקײט...
(ספר הדרוש)

## על כן לא יאכלו בני ישראל את גיד הנשה... (לב. לג.)

לויט'ן געוועהנליכען פשט איז דער אײנפאכער טעם פון דער דאזיגער מצוה: צוליעב דעם, וואס יעקב איז פערוואונדעט געווארען אין גיד־הנשה, האבען דער־בער די קינדער זײנע, די בני ישראל, גענומען אויף זיך, אלס אנדענקונג, נישט צו עסען דאס דאזיגע אבר... אבער אין ספר החנוך ווערט דערויף צוגעגעבען נאך א טעם: דאס נישט עסען דעם גיד־הנשה איז נישט בלויז א זכר אויפ'ן „ותקע כף ירך יעקב", נאר אויך ובעיקר אויפ'ן „ויזרח לו השמש"; דאס דארף דיענען אלס רמז און סימבאל פאר די בני־ישראל, אז פונקט אזוי, ווי עס האט אויפגעשײנט פאר יעקב'ן די זון, וועלכע האט איהם אויסגעהײלט און אויסגעלײזט פון די יסורים, וואס עס האט איהם פערשאפט דער שר של עשו, אזוי וועט אויך פאר אונז סוף כל סוף אויפשײנען די שמש הגאולה, וואס וועט אונז בעפרײען פון אונזערע שונאים און פון די אלע צרות, וואס מיר לײדען פון זײ...

אין „כרתי ופלתי" שרײבט רבי יונתן אײבעשיץ, אז א מנקר פון פראג האט איהם ערקלערט אז דער גיד־הנשה געפינט זיך נור בײ בהמות זכרים, און רבי יונתן פרעגט דערבײ א קשיא פון סמ"ג, וואו עס ווערט בפירוש געזאגט, אז „גיד הנשה נוהג בזכרים ובנקבות".

די דאזיגע שאלה רופט ארויס בײ אלעמען גרויס פערוואונדערונג, מחמת דער זין פון סמ"ג'ס ווערטער איז דאך גאנץ אײנפאך, אז דער איסור נישט צו עסען דעם גיד הנשה איז חל סײ אויף זכרים, סײ אויף נקבות...

באמת אבער, ווי עס ווערט אנגעוויזען, איז אין „כרתי ופלתי" ארײנגעפאלען א טעות. די ציטאטע איז נישט פון סמ"ג, וואו עס געפינען זיך איבערהויבט נישט די געבראכטע ווערטער, נאר פון סה"ג (ספר הלכות גדולות) און דארט דף קכ"ט ווערט געזאגט וועגען גיד־הנשה: „ומשקלא לזכר ונוקבא", ד. ה. אז דער גיד־הנשה דארף בעזײטיגט ווערען סײ פון בהמות זכרים, סײ נקבות און דער „כרתי ופלתי" האט אלזא קײן שום טעות נישט געהאט אין פשט.

אין דער בעקאנטער מלחמה, וואס רבי יעקב עמדין האט געפיהרט אויף אנ'אונ־געוועהנליך שארפען אופן געגען רבי יונתן אײבעשיץ, וועלכען ער האט חושד געווען אלס אנהענגער פון שבתי צבי ימ"ש, איז אײנע פון די ראיות, אויף וועלכע ער האט געשטיצט זײן בעשולדיגונג, געווען דאס, וואס רבי יונתן — ווי רבי יעקב עמדין

פערזיכערט — פלעגט אליין מנקר זיין די אונטערשטע טיילען פון די געשאָכטענע בהמות און דאָס פלייש ארומשיקען צו די בעלי־בתים. עס איז קלאָר — ערקלערט ער — אז די שס״ה גידים, וואָס זענען פאַרהאַן אין א בהמה, זענען אנטקעגען די שס״ה טעג פון יאָהר, און דער גיד־הנשה איז מרמז אויפ׳ן ניינטען טאָג אין אָב, דען דאָס וואָרט „את״ אין פסוק „לא יאכלו בני ישראל את גיד הנשה״, איז ראשי־תבות: „תשעה אָב״, און היות ווי די שבתאים האָבען מבטל געמאכט דעם תשעה באָב האלטענדיג, אז משיח איז שוין געקומען, פאלט שוין ממילא אויך אָב דער איסור פון גיד־הנשה, און דעריבער — פיהרט ער אויס — האָט רבי יונתן אייבעשיץ, אלס זייער אָנהענגער, זיך בכיוון בעשעפטיגט מיט׳ן מנקר זיין דעם חלק האחורים, כדי אזוי ארום מכשיל צו זיין די בעלי־בתים, זיי זאָלען עסען דעם גיד־הנשה, וועלכען ער האָט זיכער נישט מנקר געווען...

## וירץ עשו לקראתו וכו׳ וישקהו... (לג. ד.)

„נקוד עליו וכו׳ יש שדרשו נקודה זו לומר, שלא נשקו בכל לבו, אמר רבי שמעון בן יוחאי הלכה היא, בידוע שעשו שונא ליעקב, אלא שנכמרו רחמיו באותה שעה ונשקו בכל לבו״
(רש״י)

פארוואָס איז רבי שמעון בן יוחאי נישט געפעלען צו טייטשען, ווי די אנדערע חכמים: „שלא נשקו בכל לבו״? צווייטענס, נאָכוואָס איז דאָ נויטיג די הקדמה: „הלכה היא, בידוע, שעשו שונא ליעקב״, וואָס זעהט דאָך אויס, ווי א סתירה צום ווייטערדיגען אויספיהר: „אלא שנכמרו רחמיו באותה שעה״?

נאָר בשעת עס ווערט אוועקגעשטעלט אויף א וואָרט א ספעציעלער ניקוד, איז דער זין פון דער נקודה אָנצודייטען, אז דאָס דאָזיגע וואָרט דאַרף נישט געטייטשט ווערען לויט׳ן געוועהנליכען אָנגענומענעם פשט. די חכמים האָבען, אלזאָ, געטייטשט איינפאך: פונ׳ם וואָרט „וישקהו״, אָהן דער נקודה, וואָלט משמע געווען: „שנשקו בכל לבו״, און קוים איז עס מנוקד, איז „נקודה זו לומר, שלא נשקו בכל לבו״. דאגעגען רבי שמעון בן יוחאי האלט פערקעהרט, אז „וישקהו״ אָהן דער נקודה וואָלט משמע געווען: „שלא נשקו בכל לבו״, ווארום „הלכה היא, בידוע שעשו שונא ליעקב״, און דאָס איז, אלזאָ, דער איינפאכער, פשוט׳ער פשט... און וויבאלד מען האָט אויף דעם וואָרט גע־שטעלט א ספעציעלע נקודה, בעוויזט עס, אז מען דאַרף דאָס מאָל טייטשען, נישט לויט׳ן געוועהנליכען פשט, אז דאָס מאָל גראָד האָט זיך עשו אויפגעפיהרט פערקעהרט, ווי די „הלכה״ איז און — „שנכמרו באותה שעה ונשקו בכל לבו״...

(שיח שפתים)

„הלכה היא בידוע שעשו שונא ליעקב״.

די שנאה פון עשו צו יעקב׳ן איז ביי איהם א „הלכה״, א דין, וואָס ער איז מקיים אָהן א שום ספעציעלע סיבה דערצו, גאנץ אָפט אָהן א טעם און מאָטיוו...

(אמרי חן)

## וישקהו ויבכו... (לג. ד.)

ביידע האָבען געוויינט: עשו, ווייל ער דאַרף קושען א אידען, יעקב׳ן... און יעקב,

ווייל ער האָט געוואוסט, אז דער קוש וועט איהם טייער קאָסטען — עשו קושט נישט אומזיסט...

בדרך־הלצה:

בשלמא יעקב, אז ער האָט געוויינט, איז פערשטענדליך; עס האָט איהם וועה געטהון, וואָס ער דארף עשו׳ן אוועקגעבען אזא גרויסע מנחה. אָבער עשו — וואָס האָט ער געהאט צו וויינען?... איז דער תירוץ: ער האָט געוויינט, וואָס די מנחה איז געשיקט געוואָרען דורך שליחים, „דעלעגאטען״; דען א חזקה האָבען מיר, אז קוים ווערט א מנחה געפיהרט דורך פרעמדע הענד, איז ביז עס קומט־אָן אויפ׳ן אָרט, בלייבט דערפון קיין העלפט נישט...

## מי לך כל המחנה הזה... ויאמר למצא־חן בעיני אדוני... (לג. ח.)

ווי די חז״ל זאָגען, האָבען זיך יעקב און עשו איינגעטיילט מיט ביידע וועלטען: עשו האָט גענומען עולם־הזה, און יעקב — עולם־הבא. בשעת עשו האָט אלזאָ דערזעהן יעקב׳ס רייכטום, די גרויסע מחנה רינדער מיט שאָף, האָט ער איהם א פרעג געטהון: הא? „מי לך כל המחנה הזה״, ווי קומט דאָס אלץ צו דיר, ביי דיר איז דאָך דער עיקר יענע וועלט, עולם־הבא?... דערויף האָט איהם יעקב געענטפערט: „למצא־חן בעיני אדוני״, דאָס עשרות מוז איך האָבען פאר דיינעטוועגען, כדי ביי דיר נושא־חן צו זיין; „לאַ־יחרץ־געלד״ פאר דיר און פאר אלע דיינע איבריגע גרויסע און קליינע עשו׳לעך, דען אָהן דעם וועט פאר אונז אונמעגליך זיין איבערצוטראָגען ביי דיר דעם ביטערן גלות...

(רבי יצחק־יעקב ריינעס)

„אם נא מצאתי חן בעיניך ולקחת מנחתי מידי״... סיי־ווי געהער דאָס אלץ צו דיר, סיי־ווי וועסטו עס ביי מיר צונעהמען, וואָרום אלעס, וואָס יעקב ערווערבט און זאמעלט צונויף במשך פון דורות, פאלט סוף כל סוף אריין צו עשו׳ן...

(מעדני מלך)

א צווייטער נוסח. יעקב זאָל איהם האָבען דערויף געענטפערט: „למצא־חן בעיני אדני״ — דאָס עשירות איז מיר נויטיג, כדי צו קאָנען נושא־חן זיין ביים אויבערשטען, וואָרום אָהן עולם־הזה איז שווער צוצוקומען צו עולם־הבא, דען „אם אין קמח אין תורה״, און „טוב לי תורת פיך מאלפי זהב וכסף״ — דעם „תורת פיך״ קאָן מען נאָר דאמאָלס מקיים זיין, ווען מען האָט דערצו „אלפי זהב וכסף״...

(דעת זקנים)

## ויאמר עשו וכו׳ יהי לך אשר לך... (לג. ט.)

וואָס איז עפּיס עשו געוואָרען פּלוצים אזוי גוט און ווייכהארציג און נישט געוואָלט צונעהמען די מתנה?

נאָר עשו — האָט געזאָגט דערויף דער כתב סופר בדרך הלצה — וועלכער איז געוואָרען פון ברודער צוויי מאָל אבגענאַרט און וועלכער האָט שוין אויך געהערט

מסתמא פון די פערשידענע קלוגע איינפאלען, מיט וועלכע ער האָט זיך אנ'עצה געגעבען געגען לבן הארמי, איז שוין געווען איצט אזוי אנגעשראָקען פון יעקב'ס פקחות, אז ער האָט מורא געהאט, אז אויך מיט דער דאָזיגער מתנה איז יעקב אויסכען עפעס א פרישע המצאה, און ער האָט דעריבער אויסגעשריען: „יהי לך אשר לך", האלט דיר דאָס דייניגע און לאָז מיך צורוה, לאָמיר מעהר נישט מאכען קיין שום טראנזאקציעס...

## כי על כן ראיתי פניך כראות פני אלקים... (לג. י.)

היתכן? ווי געשיקט זיך עס, אז יעקב זאָל חנפ'נען עשו'ן מיט אזעלכע ווערטער?

נאָר ער האָט געמיינט צו זאָגען דערמיט: „ראיתי פניך כראות פני אלקים", איך זעה דיך אזוי גערן, ווי גאָט זעהט דיך גערן...

(רבי יצחק אלי' לאנדוי)

דעריבער בעט איך דיך: „ולקחת מנחתי מידי", ווייל „ראיתי פניך כראות פני אלקים", און פונקט אזוי ווי ביים רואה פני אלקים ווערט געזאָגט: „ולא יראו פני ריקם", ווייל איך אויך צו דיר נישט קומען מיט לעדיגע הענד.

(כלי יקר)

רבי יונתן אייבעשיץ האָט זיך אמאָל בעגעגענט מיט'ן האמבורגער צענזאָר איבער אידישע ספרים, וועלכער איז געווען א משומד און א גרויסער שונא ישראל. בעת'ן געשפרעך מיט איהם האָט רבי יונתן אויסגעמיטען צו קוקען איהם אין פנים אריין, דען „אסור לאדם להסתכל בצלם דמות אדם רשע" (מגילה כ"ח); דער צענזאָר האָט דאָס בעמערקט און ער רופט זיך אָן צו איהם: פערוואָס קוקט איהר נישט אויף מיר? אויך יעקב האָט דאָך, רעדענדיג מיט עשו'ן, געקוקט איהם אין פנים אריין, ווי עס שטעהט בפירוש אין פסוק: „כי על כן ראיתי פניך"?...

— איהר פערגעסט אָבער — ענטפערט איהם רבי יונתן — אז דער פסוק פיהרט דערביי אויס: „כראות פני אלקים". אין פלוג איז עס דאָך אונפערשטענדליך: היתכן, אז יעקב זאָל פערגלייכען עשו'ן, להבדיל באלף אלפי הבדלות, צו גאָט? נאָר ער האָט געמיינט צו געבען איהם אָנצוהערעניש, אז פונקט ווי ער קוקט אויפ'ן אויבערשטען (וועלכען עס איז דאָך אונמעגליך צו זעהען, „כי לא יראני האדם וחי"), אזוי קוקט ער אויך, להבדיל, אויף איהם...

## ויפצר בו ויקח... (לג. יא.)

אויף „ויתן לך האלקים מטל השמים" (תולדות כז. כח.) זאָגט רש"י: „יתן ויחזור ויתן", און אויך דער „ויקח" דאָ האָט דעם זעלבען פשט: „יקח ויחזור ויקח"... פון דאמאָלס אָן הערט עשו נישט אויף צו נעהמען און צו נעהמען, עד סוף כל הגלות...

(נחל קדומים)

## אדוני יודע כי הילדים רכים... (לג. יג.)

פאר מיר האָב איך קיין מורא נישט, אָבער די קינדער... די קינדער, אז זיי

וועלען געהן צוזאמען, בחברותא מיט עשו'ן, קאנען די חלילה זעהר לייכט קאליע ווערען...

(רבי יהושע רוקח מבעלז)

## ויאמר עשו אציגה־נא עמך מן העם אשר אתי... (לג. טו.)

בשעת עס האט אויפגעלויכטען אין דער וועלט דאס ליכט פון בעש״ט הקדוש, איז דער שטן ימ״ש שטארק מבולבל געווארען און ער האט זיך געפרעגט: אנה אני בא? וואס וועל איך איצט טהון?... און דאן איז ער געפאלען אויף א המצאה און ער איז אוועק צו די צדיקים פון דור און האט געזאגט צו זיי: „אציגה־נא עמך מן העם אשר אתי״, — אזוי ווי איהר האט ווייניג חסידים, וועל איך אייך פון מיין זייט צושטעלען חסידים, גאר א סך חסידים... די דאמאלסדיגע צדיקים האבען דידאזיגע עצה־טובה פון שטן נישט אנגענומען; אנדערש אבער איז, ליידער, מיט די היינטיגע צדיקים, וועלכע עפענען זייערע טהירען פאר אלע מיני חסידים, אפילו פאר אזעלכע, וועלכע שטאמען פון שטנ׳ס לייט...

(אור המאיר)

## ויאמר למה זה אמצא חן בעיני אדוני... (לג. טו.)

די דאזיגע ווערטער: „למה זה אמצא חן בעיני אדוני״, זענען נישט קיין סתירה צום פריהערדיגען פסוק, אין וועלכען יעקב האט דייטליך אויסגעדריקט זיין פערלאנג נושא־חן צו זיין ביי עשו'ן, זאגענדיג: „ואשלחה להגיד לאדוני למצא חן בעיניך״.

יעקב האט טאקי געוואלט ביי איהם נושא־חן זיין, אבער עס ווענדעט זיך, ווי אזוי, דורך וואסערע מיטלען, פאר וועלכען פרייז דאס זאל דערגרייכט ווערען. נושא־חן צו זיין ביי עשו'ן דורך א מנחה, דורך מתנות — דאס יא, דאגעגען אבער איינצוקויפען זיך ביי איהם אין ליעבע דורך „נסעה ונלכה ואלכה לנגדך״, דורך געהן צוזאמען מיט עשו'ן אויף איין וועג — דערפון האט זיך יעקב אבגעזאגט און ערקלערט: „למה זה אמצא חן בעיני אדוני״; ניין, אזא נשיאת־חן וויל ער נישט...

(בית יעקב)

## ויחן את פני העיר... (לג. יח.)

„ערב שבת היה״ (רש״י)

און דעריבער דערמאהנען מיר ביי מנוחת שבת יעקב׳ס נאמען, זאגענדיג אין דער שבת׳דיגער תפלה „יעקב ובניו ינוחו בו״.

(רבי מרדכי צרפת)

„ויחן את פני העיר, אמר רב מטבע תיקן להן ושמואל אמר שווקים תיקן להם ורבי יוחנן אמר מרחצאות תיקן להם״ (שבת ל״ג)

דאס איז, ליידער, די טראגעדיע אונזערע: אלץ וואס יעקב טהוט און שאפט, הן בנוגע מטבע ושווקים, אויפ׳ן געביעט פון האנדעל און פינאנסען, הן אין אלע אנדערע געביעטען, דאס אלץ איז — „להם״, פאר זייערטוועגען...

(הגיונות אל עמי)

## ויקן את חלקת השדה... (לג. יט.)

דער פסוק דערצעהלט עס אונז צוליעב דעם, כדי מודיע צו זיין, אז עס איז א גרויסע מעלה צו קויפען א חלק פעלד אין ארץ־ישראל, דען א חלק אין ארץ־ישראל איז אזוי חשוב, ווי א חלק עולם־הבא...

(אבן־עזרא)

## כי נבלה עשה בישראל... וכן לא יעשה... (לד. ז.)

„וכן לא יעשה" — עס איז אזא נבלה, וואס מען קאָן עס נישט נאָכטהון, מען קאָן זיך נישט נוקם זיין מיט דעמזעלבען...

(כפלים לתושיה)

## אם תהיו כמונו להמול לכם כל־זכר... (לד. טו.)

צו־וואָס האָבען די בני־יעקב געדארפט נקמה נעהמען אין די אנשי־שכם דורך אנ׳ערמה, ראטענדיג זיי, זיי זאָלען זיך מל זיין? האָבען דען יעקב׳ס קינדער, די גבורים, זיך נישט געקאָנט מיט זיי קיין עצה געבען, אפילו ווען זיי וואָלטען זיך נישט מל געוועזן?

דער תירוץ איז: ווען זיי וואָלטען אויסגע׳הרג׳עט די אנשי־שכם נישט גע׳מל׳־טערהייד, וואָלט זיך דאן אויף דער גאנצער וועלט אויפגעהויבען געגען זיי א שטורם און א פראָטעסט; אנדערש איז אָבער, ווען די אנשי־שכם האָבען זיך מל געוועזן און אזוי־ארום בעקומען איבעראל א שם אלס אידען, דאמאָלס זענען שוין די בני־יעקב זיכער געוועזן, אז עס וועט זיי גאָרנישט געשעהען: פאר אויסגעקוילעטע אידען וועט זיך די וועלט נישט אָננעהמען...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

## וישבו בארץ ויסחרו אותה... (לד. כא.)

אויף אידען זאָגט מען, אז זיי זענען א מסחר־פאָלק, טאָ זעהט, אדרבה, אויף וואָס עס זענען פעהיג אנדערע, נישט קיין אידען: צוליעב דער בלויזער הבטחה פון „ויסחרו אותה", אז מען וועט מיט זיי האנדלען און מאכען געשעפטען, האָבען די אידעלע בני־שכם אָהן שום וואקלעניש זיך אָבגעזאָגט פון זייער אמונה און זיך געלאָזט באַדיי מל זיין צוליעב מסחר...

(הגיונות הרמ"ה)

## אך בזאת יאותו לנו האנשים וכו׳ כאשר הם נמולים... (לד. כב.)

נאָכוואָס ווערט נאָך די ווערטער „בהמול לנו כל זכר", נאָכאמאָל איבערגע׳חזר׳ט: „כאשר הם נמולים"?

נאָר די חז"ל דערצעהלען אין סנהדרין: „אמר ליה קיסר לרבי חנינא, תא ונהוי לעמא חדא, אמר ליה לחיי, אנן דמהלינן לא מצינו מיהוי כוותיכו, אתון מהליתו ותהוי כותן" (דער קיסר האָט געזאָגט צו רבי חנינא׳ן: קום און לאָמיר ווערען צו איין פאָלק. ענטפערט ער: גוט, אָבער מיר אלס גע׳מל׳עטע קענען דאָך נישט ווערען ווי איהר

(אומגע׳מל׳עטע), דאגעגען איהר קענט ווער׳ען ווי מיר)... און דאָס זעלבע האָט אויך חמור בן שכם מסביר געווען זיינע שטאָדט־לייט: „אך בזאת יאותו לנו האנשים לשבת אתנו להיות לעם אחד״, אויב מיר ווילען זיין מיט זיי איין פאָלק, איז עס נור מעגליך „בהמול לנו כל זכר״, אז מיר זאָלען זיך מל זיין און ווערען ווי זיי, וואָרום זיי ווי מיר קענען נישט ווער׳ען, „כאשר הם נמולים״, דען זיי זענען דאָך שוין געמל׳עט....

(תולדות יעקב)

## ויאמרו הכזונה יעשה את אחותנו וכו׳ ויאמר אלקים אל יעקב קום עלה בית־אל... (לה. א.)

ביידע זענען גערעכט. יעקב איז גערעכט מיט זיין טענה: „ואני מתי מספר ונאספו עלי והכוני״, אָבער אויך שמעון און לוי זענען גערעכט מיט זייער געשריי: „הכזונה יעשה את אחותנו!״ — און אין דערדאָזיגער שווערער סיטואַציע, ווען פון איין זייט קאָן מען בשום־אופן נישט מסכים זיין צו לאָזען זיך אזוי טרעטען מיט די פיס, און פון דער צווייטער זייט פיהלט מען זיך אָבער אויך נישט גענוג שטארק, כדי צו קאָנען זיך געגענשטעלען, איז פאראהאן בלויז איין אויסוועג: „קום עלה בית־אל!״...

(דרשות אל עמי)

אין מדרש רבה, אין אָנהויב פון דערדאָזיגער סדרה, ווערט געזאָגט: „ר׳ פנחס אָמר חמשה פעמים דוד מקים להקב״ה בספר תהלים — „קומה ד׳ והושיעני״, „קומה ד׳ באפך״ וכו׳.

פרעגט מען: מיר געפינען דאָך אין תהלים (קל״ב) נאָך א זעקסטען פסוק — „קומה ד׳ למנוחתך״?

אלס ענטפער אויף דערדאָזיגער פראגע, וועלכע ווערט בעריהרט פון פערשידענע מפרשים, ווערט אָנגעוויזען אין חדושי־רב״ל, אז דערזעלבער מאמר ווערט אויך געבראכט אין מדרש שוח״ט, אין ילקוט, אין פסיקתא ותאמר ציון, ווי אויך אין מדרש־תהלים (הוצאת שלמה באָבער) — און אין די אלע ערטער איז דער נוסח „ה׳ פעמים מקים דוד להקב״ה בספר ר א ש ו ן של תהלים״.

## ויתנו אל יעקב את כל אלהי הנכר אשר בידם ואת הנזמים... (לה. ד.)

אויך די נזמים, דאָס צירונג, אויך דאָס איז אין כלל פון די „אלהי הנכר״, די אָבגעטער, צו וועלכע מענשען דיענען...

(קול שמחה)

## ויהי עוד כברת הארץ לבוא אפרתה... (לה. טז.)

דערויף זאָגט דער רמב״ן: „ופרושה שיעור מהלך ארץ מן הבקר עד לעת האוכל, כי כן ישערו כל הולכי דרך. זה כתבתי תחלה, ועכשיו שזכיתי ובאתי אני לירושלים וכו׳ ראיתי בעיני שאין מן קבורת רחל לבית־לחם אפילו מיל״...

אלזאָ, דער רמב״ן זעלבסט בעשטעטיגט פריהער אין נאָמען פון „כל הולכי דרך״, אז דער מהלך פון קבר רחל ביז בית לחם דויערט מן הבקר עד הצהרים, און ווירקליך

געפינען מיר אזוי אין די אלטע בעשרייבונגען וועגן ארץ־ישראל ביי פלאוויוס'ן און אנדערע. טאָ ווי קומט עס, אז בימי הרמב"ן, ווי ער האָט זיך שפעטער איבערצייגט, האָט זיך דער זעלבער וועג ארויסגעוויזן אלס קירצער זאָגאר פון א מייל?

נאָר וועגן ארץ־ישראל — האָט געענטפערט דערויף רבי יוסף שאול נאטאנזאהן — ווערט געזאָגט: „ארץ צבי כתיב בה וכו' בזמן שיושבין עליה — רווחא ובזמן שאין יושבין עליה — גמדא" (גיטין כ"ז). נאָכ'ן חורבן איז גאנץ ארץ ישראל איינגעשרומפען געוואָרען וממילא איז אויך דער וועג פון קבר־רחל ביז בית־לחם געוואָרען קירצער...

רבי חיים יוסף זאָנענפעלד האָט אמאָל ערקלערט בדרך צחות, פונוואנען עס נעהמט זיך, וואָס אין ארץ־ישראל עקזיסטירט א קאָלאָסאלער קלימאט־אונטערשיעד פון איין אָרט צום צווייטען. דאָס איז דערפאר, ווייל „ארץ צבי כתיב בה", ממילא קומט אויס, אז פון ירושלים ביז יפו, למשל, איז אמאָל געווען א גאָר גרויסער מהלך וממילא איז אויך געווען א בעדייטענדע דיפערענץ אין קלימאט, איצט אָבער, נאָכ'ן חורבן, ווען דאָס לאנד איז איינגעשרומפען געוואָרען זענען געאָגראפיש די מקומות געוואָרען נעהנטער צו זיך, דער קלימאט דאגעגען איז אין יעדען אָרט געבליבען דער זעלבער וואָס אמאָל...

## ויהי בהקשותה בלדתה ותאמר לה המילדת אל תיראי כי גם זה לך בן... (לה. יז.)

וואָס פאר א בערוהיגונג און טרייסט איז עס, אז זי זאָל נישט קיין מורא האָבען פאר די שווערע יסורים, ווייל אויך דאָס איז א זוהן?

נאָר די חז"ל זאָגען (נדה ל"א), אז די חבלי לידה ביים געבוירען א נקבה זענען גרעסער, ווי ביים געבוירען א זכר. רחל'ס פערלאנג און שטרעבונג איז געווען, צו האָבען נאָך א בן־זכר, בעטענדיג: „יוסף ה' לי בן אחר", און „ויהי בהקשותה בלדתה", בשעת זי האָט, אלזאָ, דערפיהלט אזעלכע שווערע חבלי־לידה, האָט זי אָנגעהויבען מורא האָבען, אז עס איז א נקבה, דען „חבלי לידת נקבה מרובים משל זכר" און די מילדת האָט איהר דעריבער געטרייסט: „אל תיראי, כי גם זה לך בן"...

(תורה תמימה)

אויף אנ'אנדער אופן:

רחל האָט זיך געהאט אויסגעדריקט, אין איהר ווענדונג צו יעקב'ן: „הבה לי בנים ואם אין מתה אנכי", און היות, ווי „בנים" איז דאָך משמע לכל־הפחות צוויי, האָט כסדר געשוועבט פאר איהר די שרעק פון דער ארויסגעכאפטער קללה: „ואם אין מתה אנכי". בשעת, אלזאָ, זי האָט זיך געראנגעלט אין שווערע יסורים און מורא געהאט פאר'ן טוידט, האָט איהר די מילדת געטרייסט: „אל תיראי", דו האָסט מעהר נישט פאר יענער קללה פון „ואם אין מתה אנכי", וואָס מורא צו האָבען, „כי גם זה לך בן", דען אויך דאָס איז א זוהן, דו האָסט שוין איצט צוויי זיהן, און דער „הבה לי בנים" איז שוין, אלזאָ, מקוים געוואָרען...

(זר זהב)

## ויצב יעקב מצבה על קבורתה... (לה. כ.)

דער חיד״א (רבי חיים יוסף דוד אזולאי) אין „נחל קדומים״ ציטירט אויפ׳ן דאָזיגען פסוק דעם ירושלמי פרק ב׳ דשקלים: „תני רבי שמעון בן יוחאי אומר, אין עושים נפשות לצדיקים וכו׳״ און ער קומט צום אויספיהר, אז א מצבה דארף מען אויפשטעלען נאָר „לרבנים גדולים כאשר מפורסם מצבת מרן האר״י והרמ״ק״, דאגעגען אויפ׳ן קבר פון א געוועהנליכען מענש טאָר מען קיין מצבה נישט שטעלען. אזוי — ווייזט ער אָן — ווערט אויך גע׳פסק׳נט אין רמב״ם, ווי אויך אין „שו״ת הריב״ש״ סי׳ תכ״א און אין „נזר הקודש״.

עס איז ווירקליך א חידוש, וואָס דער דאָזיגער דין איז ביי אונז נישט אָנגענומען געוואָרען, און מיר זענען גאָר דערויף אבסאָלוט נישט מדקדק...

דער בעקאנטער משורר און סאטיריקער עמנואל הרומי, וועלכער האָט געלעבט אין צוועלפטען יאָהרהונדערט, האָט אויף דער מצבה פון זיין פערשטאָרבענער פרוי, יוסטא, מיט וועלכער ער האָט נישט געהאט קיין איבריג גוט לעבען, אויפגעשריבען פאָלגענדען נוסח:

„גל זה למשא ולא למצבה
שמתי לאשתי על קברתה
פן חס ושלום אחרי מותה
תקום ואל ביתי תהיה שבה״...

## בני לאה בכור יעקב ראובן... (לה. כג.)

דערויף ווערט געזאָגט אין מדרש רבה: „ראובן בכור לבכורה״, פערטייטשט עס דער „מתנות כהונה״: „בכור לבכורה — שעד ראובן לא נזכר במקרא בכור״.

א פלא! מיר געפינען דאָך דאָס וואָרט „בכור״ עטליכע מאָל דערמאָהנט אין די פריהערדיגע סדרות, ווי אין פ׳ נח: „את צידון בכורי״ און אין פ׳ חיי שרה: „בכור ישמעאל נביות״...

(שמעון זאקאָן)

## בשמת בת ישמעאל... (לו. ג.)

פארוואָס עפעס איז מען דעם, וואָס האָט חתונה, מוחל די עוונות?

ווייל — ווערט דערויף געענטפערט בדרך־בדיחות — „יסורים ממרקים עוונותיו של אדם״...

## ותמנע היתה פלגש לאליפז ותלד את עמלק... (לו. יב.)

צוליב וואָס דארף עס אונז די תורה דערצעהלען, אז אליפז האָט געהאט א פלגש, און ווער זי איז געווען און ווי זי האָט געהייסען?

האָט געענטפערט דערויף רבי חיים וואָלאָזשינער:

עס איז פאַרהאַן אין דער תורה א סתירה צווישען צוויי פסוקים. אין איין פסוק שטעהט: „לא תעב אדומי כי אחיך הוא״ (דברים כג. ח.) דאגעגען ווידער ווער. געזאָגט

אין דער זעלבער פרשה: „תמחה את זכר עמלק מתחת השמים" (דברים כה. יט). איז דאָך דאָס א סתירה צו די פריהערדיגע ווערטער, דען אויך עמלק קומט דאָך ארויס פון אדום׳ען?

און דעריבער געפינט די תורה פאר נויטיג דאָ צו דערצעהלען, אז „ותמנע היתה פלגש לאליפז ותלד לאליפז את עמלק", אז עמלק איז נישט געווען קיין געזעצליך קינד אין אדום׳ס משפחה, אז געבוירען איז ער געוואָרען פון א פלגש און דער פערבאָט „לא תתעב אדומי" איז דעריבער אויף איהם נישט חל...

## הוא ענה אשר מצא את הימם במדבר... (לו. כד.)

„את הימים — פרדים" (רש"י)

און אזוי ווערט אויך געזאָגט אין פסחים נ"ד: „רבי שמעון בן גמליאל אומר פרד בימי ענה היה". פרעגט דאָרט דערויף דער מהרש"א אין נאָמען פון חזקוני: אויפ׳ן פסוק „ויגדל האיש" זאָגען דאָך די חז"ל (מדרש רבה תולדות) „שהיו אומרים זבל פרדותיו של יצחק ולא כספו וזהבו של יעקב", איז דאָך דערפון משמע, אז דער מין פרדות איז שוין געווען בעקאנט א סך פריהער, נאָך אין די צייטען פון יצחק?...

אויף דער דאָזיגער פראגע ווערען געענטפערט פערשיעדענע תירוצים, וועלכע זענען אָבער לגמרי נישט נויטיג, דען דער דערמאָהנטער מדרש ווערט אויך געבראכט אין תוספות בבא־מציעא פ"ח און דאָרט איז צו זעהען, אז די ריכטיגע גירסא איז — „זבל בהמותיו של יצחק".

(תורה תמימה)

## ואלה המלכים אשר מלכו בארץ אדום... (לו. לא.)

„שמנה היו וכנגדן העמיד יעקב ובטל מלכות עשו בימיהם וכו׳ ובימי שאול כתיב. אין מלך באדום נצב מלך" (רש"י)

דער דאָזיגער פסוק, וואָס זיין ריכטיגער טעקסט איז: „ומלך אין באדום נצב מלך", געפינט זיך נאָר איינמאָל אין מלכים א׳ (כב. מח.) און ער בעציהט זיך אויף דער צייט פון יהושפט.

צי איז, אלזאָ, דאָ נישט אריינגעפאלען אין רש"י עפעס א טעות הדפוס?...

(קובץ דרושים)

## מטרד בת מי זהב... (לו. לט.)

די טרדה איז די טאָכטער פון זהב... אלע טרדות און דאגות נעהמען זיך פון געיעג נאָך געלד...

(רבי יצחק יוסף עטינגער)

אין דער מסורה צום סוף פון דער סדרה ווערט פערצייכענט: „קנ"ד, קלִיט"ה סימן", אז אין דער סדרה זענען פאראַן הונדערט מיט פיער און פופציג פסוקים, און אז

דער סימן צו געדענקען דאָס איז דאָס וואָרט „קליטה", וואָס בעטרעפט הונדערט פיער און פופציג.

וואונדערט מען זיך: ערשטענס, שטימט נישט דער חשבון, די סדרה ענטהאלט נאָר הונדערט מיט דריי און פופציג פסוקים. צווייטענס, געפינט מען נישט אין גאנץ תנ"ך דאָס וואָרט „קליטה" מיט א ה', נאָר מיט א א', „קליטא" אין עזרא י. כג. און אין נחמיה ח. ז. וממילא קאָן דאָס שוין נישט דינען אלס סימן צום אָנגעוויזענעם מספר...

## הנה קטן נתתיך בגוים בזוי אתה מאד וכו'
## שוכני בחגוי סלע מרום שבתו אומר בלבו מי יורידני ארץ וכו'...

(הפטרה, עובדיה א')

האָט דער דובנער מגיד געזאָגט דערויף א משל:

צוויי פרעמדע לייט, מדינה־געהערס, האָבען זיך אמאָל צונויפגעטראָפען אויף א שאָסעע וואָס פיהרט אין דער הויפט־שטאָדט. איינער פון זיי איז געווען א געזונטער יונג, מאסיוו געבויט, מיט ברייטע און פעסטע פלייצעס, דאגעגען דער צווייטער איז געווען א קראנקער, א צעבראכענער, קוים וואָס די נשמה האָט זיך אין איהם געהאלטען, קוים וואָס ער האָט די פיס געשלעפט. דער געזונטער פארשוין האָט איבער'ן גאנצען וועג חוזק געמאכט פון זיין אומגליקליכען שכן, כסדר איהם געפייניגט און געטריבען, אז ער זאָל געהן גיכער און איהם מבזה געווען מיט כל מיני בזיונות.

מאכט זיך א מעשה און אין דער הויפט־שטאָדט פון דער מדינה זענען געשטאָרבען צוויי מלוכה־מענער: דער גרעסטער גבור פון קעניג'ס גווארדיע און דעם קעניג'ס לייב־דאָקטאָר, און דער קעניג האָט ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז מען זאָל נאָמינירען אנדערע צוויי אויף זייערע פלעצער. מען האָט תיכף אויסגעזוכט אין דער מדינה דעם שטארקסטען מאן פון צווישען דער בעפעלקערונג און דעם גרעסטען דאָקטאָר און מען האָט זיי פאָרגעשטעלט פאר'ן קעניג.

— מיט וואָס קענט איהר מיך איבערצייגען — האָט זיי דער קעניג געפרעגט — אז איהר זענט ראוי צו פערנעהמען די דאָזיגע פאסטענס?

— זאָל מען מיר ברענגען — האָט געזאָגט דער דאָקטאָר — דעם קראנקסטען און שוואכסטען מענש, וועלכער האָט קוים כוח צו עטעמען, וועל איך איהם אין א קורצע צייט קורירען און געזונד מאכען.

— און מיר — האָט געזאָגט דער גיבור — זאָל מען ברענגען דעם שטארקסטען מענש, וועל איך איהם אין עטליכע מינוט אוועקלעגען א טויטען.

בעת דעם קעניג'ס שליחים האָבען זיך ארויסגעלאָזט אויפצוזוכען אזעלכע צוויי פארשוינען זענען גראָד אָנגעקומען אין שטאָדט אריין די צוויי וואנדערער, און אז די שליחים האָבען זיי דערזעהן האָבען זיי געכאפט און אריינגעזעצט זיי אין דער קעניג־ליכער קארעטע און אָבגעפיהרט צום קעניג אין פאלאץ.

— דאָס מיינט מען מיך — האָט דער שטארקער אויסגערופען מיט שטאָלץ צו זיין שכן — קענטיג אז איך געפעל זיי... איך שטעל מיר אָבער פאָר — האָט ער דערביי געלאכט און זיך געבייזט מיט איהם — וואָס פאר א קבלת־פנים מען וועט דיר דאָרט מאכען...

ערווארט האָט זיי אָבער ביידע דאָרט עפעס גאָר אנדערש, ווי יעדער פון זיי האָט

זיך פריהער פאָרגעשטעלט, איבער ביידע איז דער דורכגעפיהרטער עקספערימענט געלונגען...

און אזוי וועט עס אויך זיין בעת עס וועט קומען די צייט פון דער גאולה, בעת עס וועט שלאָגען די שעה צו פערטיליגען די הערשאפט פון רשעות איבער דער וועלט. השי"ת וועט דאן זיינע וואונדער בעוויזען און אלס עקספערימענט וועט ער אויסקלויבען דעם שוואכסטען און דעם שטארקסטען, דעם „קטן נתתיך בגוים בזוי אתה מאד" און דעם „שוכני בחגוי סלע מרום שבתו". — דער ערשטער, וועלכער איז שוין געווען ביי זיך געפאלען און געמיינט, אז ער וועט שוין קיינמאָל חלילה קיין תקומה נישט האָבען, וועט אין א קורצע צייט ווערען אויסגעהיילט און צוריקגעשטעלט ווערען אויף די פיס: „ובהר ציון תהיה פליטה והיה קדש וירשו בית יעקב את מורשיהם" דאגעגען דער „אומר בלבו מי יורידני ארץ", דער תקיף און אכזר, פאר וועלכען די וועלט האָט געציטערט, וועט אין איין מאָמענט האָבען א שווארצען סוף און „ולא יהיה שריד לבית עשו", עס וועט פון איהם קיין זכר נישט בלייבען!...

## מחמס אחיך יעקב תכסך בושה...

משל למה הדבר דומה? צו א פאָטער, וואָס האָט געהאט צוויי קינדער: איינער פון זיי איז געווען א שטילער, א געהאָרכזאמער, וועלכער האָט נישט געטשעפעט קיין פליג אויף דער וואנד, דער צווייטער דאגעגען — א צולאָזענער יונגאטש, א ווילדער עזות־פנים, וועלכער פלעגט זיך מיט אלעמען ארומשלאָגען.

ויהי היום, קומט דער צווייטער חברה־מאן אריינצולויפען אין שטוב מיט א צו־דראפעט פנים און קלאָגט זיך פאר'ן טאטען, אז דאָס האָט איהם דער ברודער אזוי צו'מ־מית'ט, דער פאָטער הערט אויס די אָנקלאָגע און אלס ענטפער דערויף איז ער איהם מוסיף צוויי פייערדיגע פעטש.

ווערט דער בחור א צעקאָכטער: היתכן? — געוואלדעוועט ער — לאַ־די, וואָס דער ברודער האָט איהם געשלאָגען, שלאָגט איהם נאָך דער טאטע אויך?

— דיין ברודער — ענטפערט איהם דערויף דער פאָטער — האָט נישט קיין טבע צו שלאָגען זיך, ער איז א שטילער, א רוהיגער און דאנקט גאָט, אז מען לאָזט איהם צו־רוה און אויב ער איז שוין ארויס פון געדולד און ער האָט זיך שוין נישט געקענט איינ־האלטען און האָט דיך אזוי צודראפעט, שטעל איך מיר שוין פאָר, ווי ווייט דו האָסט איהם שוין געמוזט דערקוטשען און וואָסערע צרות דו האָסט איהם אָנגעטהון...

עס פאסירט אמאָל, אז יעקב געהט ארויס פון די כלים און ער שטעלט זיך אנט־קעגען עשו'ן און ברעכט איהם אָן די ביינער. עשו הויבט דאן אויף א געוואלד, באשר יעקב איז איהם אומזיסט און אומנישט בעפאלען.

אָבער — קומט דערויף דער ענטפער — „מחמס אחיך יעקב תכסך בושה"... יעקב איז נישט קיין שלעגער, יעקב וועט נישט סתם אין דער וועלט אריין אָנפאלען אויף עשו'ן, וועלכער איז, ווי ער ווייסט, פיעל שטארקער פון איהם. יעקב דאנקט גאָט, אז מען טשעפעט איהם נישט, און אויב יעקב האָט שוין פערלוירען זיין אונמענשליכע סבלנות און ער איז אריינגעפאלען אין אזא כעס, אז ער שטעלט זיך שוין זאָגאר נישט אָב פון אויפצוהויבען א האנד געגען עשו'ן, דאן זאָל זיך דער לעצטער דערמיט שעמען, דאן בעווייזט דאָס בלויז, אז די צרות און ליידען, וואָס יעקב האָט אויסצושטעהען פון עשו'ן, האָבען שוין איבערגעשטיגען יעדע מאָס און גרעניץ...

(רבי יצחק וואָלאָזשינער)

## ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו...

בשעת דער אָנגעקלאָגטער, וואָס ווערט געשטעלט פאר'ן געריכט, ווערט בע־שולדיגט אין א גרויס און שווער פערברעכען, וואָס איז פערבינדען מיט מענשליכע רצי־חות, בענוגענט זיך דאן נישט דאָס געריכט מיט'ן בלויזען בעשולדיגונגס־אקט און מיט די ערקלערונגען פון פראָקוראר, נאָר עס בעשליסט אראָבצופאָהרען און דורכצופיהרען א וויזיע אויפ'ן אָרט, וואו דאָס פערברעכען איז אויסגעפיהרט געוואָרען.

לעתיד, בשעת עשו וועט געשטעלט ווערען לדין פאר זיינע מעשים געגען יעקב'ן, דאן — „ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו", וועט דאָס געריכט זיך פערזאמ־לען אויפ'ן הר־ציון, בכדי צו זעהען און צו איבערצייגען זיך אויפ'ן אָרט, ווי גרויס עס איז דער אידישער חורבן, צו וועלכען עשו האָט דערפיהרט...

(עינות מים)

# וַיֵּשֶׁב

## וישב יעקב בארץ מגורי אביו... (לז. א.)

„אחר שכתב לך ישובי עשו" (רש"י)

דאָס איינציגע אָרט, וואו יעקב קאָן זיך אויסבעהאלטען פון די ישובי עשו און זייערע אלופים איז — „ארץ מגורי אָביו"...

(רבי צבי הירש קאלישער)

אין „תולדות" און אין „וישלח" ווערט גערעדט וועגען דער שנאה, וואָס יעקב האָט געהאט אויסצושטעהען פון פרעמדע, פון עשו און לבן. דאָ, אין דערדאָזיגער סדרה, רעדט זיך וועגען דער שנאה צווישען די בני־יעקב גופא; פון איין איד, וואָס פערקויפט דעם צווייטען...

און ביז'ן היינטיגען טאָג ציהט זיך אָהן אויפהער דידאָזיגע טרויעריגע געשיכטע פון „מכירת־יוסף", וועלכע האלט זיך אין איין איבער'חזר'ן אין אלע דורות און צייטען, יעדעס מאָל לויט אנ'אנדער נוסח. נישט נאר די „עשרה הרוגי מלכות" האבען, לויט'ן מדרש, א שייכות צו „מכירת־יוסף", נאָר זי איז דער דירעקטער און אונדירעקטער גורם פון טויזענדער, טויזענדער „הרוגי־מלכות", פון אָהן א שיעור קרבנות און חור־בנות אין אידישען לעבען... ביז'ן היינטיגען טאָג ציהט זיך דידאָזיגע געגענזייטיגע אידישע שנאָה פון די אָהן א שיעור גרופען און ריכטונגען. און דאָס טרויעריגסטע דערביי איז, וואָס אָט די פערביסענע שנאה שטיצט זיך על־פי־רוב אויף חלוקי־דעות וועגען אבסטראקטע ענינים, נעכטיגע טעג, הלומות: „ויוסיפו עוד שנוא אותו על חלו־מותיו ועל דבריו!..." מען קריגט זיך צוליעב דברים־בטלים, צוליעב קליינליכקייטען, צוליעב זאכען, וועלכע האָבען קיין ממשות נישט אין רעאלען לעבען, צוליעב פרינציפען און אידעען, וועלכע געהערען צו דער „צוקונפטס־מוזיק", וועלכע זענען א „הלכתא למשיחא"... פריהער ווערט געבוירען די שנאָה, און ערשט נאָכדעם זוכט מען די סיבה און דעם אויסרייד, וואָס זאָל די שנאה בערעכטיגען און פערענטפערן. פריהער איז: „וישנאו אותו ולא יכלו דברו לשלום", און ערשט נאָכדעם — „ויקנאו בו אחיו"... מען האָט זיך פיינט, נישט וועלענדיג געבען זיך די מיה אויסצוהערען און צו פערשטעהען איינער דעם צווייטען — „ויראו אותו מרחוק, ובטרם יקרב אליהם ויתנכלו אותו להמי־תו!"... מען מיידט־אויס יעדע דערנעהנטערונג, ווי מורא האָבענדיג, אז די דערנעהנ־טערונג זאָל נישט אמאָל העלפען אויפצודעקען חלילה דעם סוד, אז די גאנצע שנאה איז נישט מעהר, ווי א שנאת־חנם, וואָס האָט קיין זין און קיין יסוד נישט און ברענגט בלויז שאָדען און חורבן פאר אלע אָהן אויסנאָהם...

(דרשות אל עמי)

„ביקש יעקב לישב בשלוה קפץ עליו רוגזו של יוסף" (רש"י)

כנוהג שבעולם, געוועהנליך, בשעת עשו איז אונצופרידען לאָזט ער אויס דעם

כעס און די רוגזה צו יעקב'ן... דאָס מאָל אָבער איז עשו גראָד געווען אין א גוטער שטימונג; די פריהערדיגע סדרה ענדיגט זיך מיט דער שילדערונג, ווי אזוי די בני עשו האָבן זיך איינגעאָרדענט אין פארשידענע ישובים, וואו זיי זענען געוואָרען „אלו־פים" און הערשער. יעקב האָט אלזאָ געגלויבט, אז וויבאלד עשו איז רוהיג, קאָן ער שוין איצט אליין אויך געניסען פון א ביסל שלוה, אָבער דאָ ליידער — „קפץ עליו רוגזו של יוסף". אויב יעקב האָט שוין יאָ אמאָל א ביסל מנוחה פון דרויסען, ווערט זי גלייך גע־שטערט פון אינעווייניג, פון אייגענע היימישע מענשען...

(חות יאיר)

די גזירת־השעבוד פון ארבע מאות שנה הויבען זיך אָן, כידוע, צו רעכענען משנולד יצחק. פארוואָס פון יצחק'ן? ווייל יצחק האָט זיך שטענדיג געפיהלט אין גלות און, כאָטש ער איז געווען גענוג רייך, האָט ער געזאָגט אויף זיך: „גר אנכי בארץ". יעקב אָבער „בקש לישב בשלוה", האָט געפרובט זיך איינצוואָרדנען אין גלות און איינצוזעצען זיך דאָ, ווי ביי זיך אין דער היים, און דעריבער — „קפץ עליו רוגזו של יוסף", איז געשעהען די מעשה מיט יוסף'ן, צוליעב וועלכער ער איז נאסהער געצוואונגען געוואָרען אויסצוּוואנדערען אין אמת'ן גלות אריין...

(רבי שלמה קלוגער)

אויך א צדיק האָט אמאָל מנוחה, אָבער דאָס איז נישט אזא זאך, וואָס מען זאָל עס קאָנען אויסזוכען און זיך אליין נעהמען, מנוחה מוז קומען פון זיך זעלבסט. אויב ס'איז „בקש יעקב לישב בשלוה", אויב מען זוכט מנוחה, דאן — „מיד קפץ עליו רוגזו של יוסף", קומט דוקא רוגז און עגמת־נפש...

(אמרי חן)

„רוגזו של יוסף" — האָט רבי שלמה לייב לענטשנער געטייטשט — דער רוגז פון יוסף'ן, דער רוגז, וואָס איז ענטשטאנען צווישען איהם און זיינע ברידער און וואָס האָט לסוף גורם געווען צו די טרויעריגע געשעהענישען...

„ביקש יעקב לישב בשלוה וכו' אמר הקב"ה לא דיין לצדיקים
מה שמתוקן להם לעוה"ב וכו'..." (רש"י)

אין מדרש רבה, פון וואנען דערדאָזיגער דרש איז גענומען, שטעהט נישט „אמר הקב"ה", נאָר — „השטן". צי זאָל דאָ זיין א טעות־הדפוס? און וועלכער נוסח איז איי־גענטליך דער ריכטיגער?

רבי הערש־לייב (דער „נציב") און רבי יאָשע־בער בריסקער זענען א געוויסע צייט געווען גלייכצייטיג ראשי־ישיבה אין וואָלאָזשין. כידוע, האָבען דידאָזיגע צוויי גדולים נישט געלעבט צווישען זיך בשלום. עס זענען גאנץ אָפט ענטשטאנען צווישען זיי פערשידענע סכסוכים, נישט קאָנענדיג זיך איינטיילען מיט דער הנהגה. חוץ לזה זענען זיי געווען וויט צווישען זיך אין דרך־הלמוד. רבי הערש־לייב איז געווען דער תמים און פשטן, וועלכער האָט געהאלטען מעהר פון בקיאות, פון „פּשט אויפ'ן אָרט"; דאגעגען רבי יאָשע־בער איז געווען דער פקח און חריף, וועלכער האָט מעהר אכט

געלעגט אויף חריפות און שארפע סברות. געוועהנליך האָבען זיך אויך די ישיבה־לייט צוטיילט אין צוויי לאגערן: טייל האָבען זיך גרופירט ארום יאָשע־בער׳ן; טייל — ארום רבי הערש־לייב׳ן, און די מחלוקת האָט זיך וואָס ווייטער אלץ שטארקער צופלאקערט.

האָט מען אראָפּגעבראכט עטליכע גדולי־הדור, זיי זאָלען שלום־מאכען צווישען די צוויי ראשי־ישיבה, פערטיילען צווישען זיי די הנהגה און מאכען א סדר אין דער ישיבה. די מפשרים זענען געווען: רבי טעבעלע מינסקער, רבי יאָסעלע סלוצקער, רבי וועלוועלע דער ווילנער שטאָדט־מגיד און רבי יצחק־אלחנן.

זיצען די רבנים און זענען זיך מיישב, ווי אזוי מען מאכט דאָ א פשרה צווישען אזעלכע צוויי גדולי־ישראל... רופט־זיך־אָן רבי וועלוועלע:

— איהר ווייסט, רבותי, ביי מיר געהט איצט די סדרה „וישב".

קוקען זיי איהם אָן. געווען איז עס נאָך סוכות, חשון־צייט. צו „וישב" זענען נאָך שענע עטליכע וואָכען.

— כ׳וועל אייך זאָגען — מאכט רבי וועלוועלע — וואָס איך מיין. איך בין שטאָדט־מגיד אין ווילנאָ און אלע שבת מוז איך זאָגען א דרשה אין דער סדרה. מיין דרך אין דרוש איז תמיד אנטקעגענצושטעלען דעם צדיק געגען רשע, דעם גוטען — געגען שלעכטען, אויפווייזען די צדקות, די גוטע און שענע מדות פון דעם און די רש־עות, די מדות־מגונות פון יענעם. איז אין אלע סדרות ביז היינט האָב איך די צוויי הפכים: אין „בראשית" — אָדם מיט׳ן נחש, קין מיט הבל׳ן; אין „נח" — נח מיט׳ן דור־המבול, שם מיט חם׳ן; אין „לך" — אברהם מיט פרעה׳ן; אין „וירא" — אברהם מיט סדום. בקיצור — אין אלע סדרות האָב איך פאר מיר א צדיק מיט א רשע, שטעל איך מיך אוועק אויף איין צד, בעשיין און בעקרוין דעם צדיק און שיט פעך און שוועבעל אויפ׳ן רשע. אז כ׳קום אָבער צו דער סדרה „וישב", צו יוסף׳ן מיט זיינע ברידער — דאָ בלייב איך שטעהן אין פערלעגענהייט: מיט וועלכען צד זאָל איך האלטען, ווי־באלד ביידע צדדים זענען צדיקים, קדושים וטהורים!

— אין דערזעלבער פערלעגענהייט — מאכט רבי וועלוועלע — געפין איך זיך אויך איצטער. ווען כ׳וואָלט געדארפט מפשר זיין צווישען רבי הערש־לייב׳ן, אָדער צווישען רבי יאָשע־בער׳ן און פלוני ופלוני, וואָלט איך געוואוסט, ווער ס׳איז גערעכט און ווער אומגערעכט. געה אָבער זיי מפשר צווישען רבי הערש־לייב׳ן מיט רבי יאָשע־בער׳ן, אז זיי זענען ביידע גאונים, ביידע צדיקים...

„וישב יעקב׳ — ראה כת של כלבים באים עליו" (בראשית רבה פ׳ פ״ד)

א געוויסער משכיל, וועלכער האָט זיך געהאלטען פאר א גרויסען למדן, האָט אמאָל, אין דער אָנוועזענהייט פון מעהרערע פערזאָנען, זיך געוועגדעט בדרך ליצנות צום מלבי״ם און איהם געפרעגט: ילמדנו רבינו. דער דין איז, אז ווען מען זעהט א תלמיד־חכם דארף מען זיך פאר איהם אויפשטעלען, דאגעגען ווידער ווערט געזאָגט: „וישב יעקב — ראה כת של כלבים באים עליו", אז אויב מען זעהט, הייסט עס, א כת של כלבים איז א סגולה זיך אוועקצוזעצען. ווי איז אָבער, ווען מען דערזעהט פאר זיך גלייכצייטיג אי א תלמיד־חכם, אי א כת של כלבים, וואָס דארף מען דאמאָלס טהון: בלייבען זיצען, אָדער אויפשטעהן?

ענטפערט איהם דער מלבי״ם: וועגען אזעלכע פאלען, ווען מען ווייסט נישט, ווי אזוי צו האנדלען עפ״י הלכה, זאָגען די חז״ל: „פוק חזי מאי עמא דבר", אז מען

דארף זעהען, ווי אזוי דער עולם איז זיך נוהג. די איינציגע עצה, אלזאָ, איז, מיר זאָלעןביידע ארויסגעהן אין גאס און צוקוקען זיך, וואָס די מענשען, בעת זיי וועלען אונז דער־זעהען, וועלען טהון: צי זיי וועלען זיך אוועקזעצען, אָדער אויפשטעלען...

לערך מיט פופציג יאָהר צוריק, בעת עס האָט זיך אָנגעהויבען פערשטארקען אין מזרח־גאליציען די אידיש־נאציאָנאלע בעוועגונג, האָט דאן דער בעקאנטער גע־לעהרטער און ארויסגעבער פון דער „אידישער וואָכענשריפט" אין וויען, ראבינער דר. יוסף שלמה בלאָך, צום ערשטען מאָל, בעת די וואהלען צום עסטרייכישען פארלאמענט, קאנדידירט אויף א ריין־נאציאָנאלע ליסטע אין אידישען וואהל־בעצירק קאָלאָמיי. די וואהלען זענען אויסגעפאלען זונטאָג פ׳ וישב און דר. בלאָך האָט זיין גלענצענדע וואהל־רעדע, וואָס ער האָט אינ׳ם זעלבען טאָג געהאלטען, פערענדיגט מיט די ווערטער: פערגעסט נישט, אידען, אז היינט איז פרשת וישב און דאָס וואָרט „וישב" דאַרף דעם נאציאָנאל־בעוואוסטזיניגען אידענטום דיענען אלס וואהל־פאראָל. די ראשי־תיבות פון „וישב" מאכט: „וועהלט יוסף שלמה בלאָך!"...

דאָס האָט געווירקט. א דאנק די דאָזיגע ראשי־תיבות האָט מען דאן צום ערשטען מאָל מנצח געווען דעם אסימילאטאָרישען בלאָק און דר. בלאָך איז געוועהלט געוואָרען מיט א ריזיגע מערהייט...

## יוסף בן שבע עשרה שנה וכו׳ והוא נער את בני בלהה... (לז. ב.)

„יוסף בן שבע עשרה שנה ואתה אומר והוא נער? אלא שהיה עושה מעשה נערות" (מדרש רבה)

וואָס וואונדערט זיך דער מדרש — האָט געפרעגט דערויף דער גערער רבי — הלמאי יוסף, וועלכער איז שוין אלט געווען זיבעצעהן יאָהר, ווערט אָנגערופען „נער"? אָט האָט דאָך אויך אברהם זיך אויסגעדריקט: „ואני והנער נלכה עד כה" (בראשית כב. ה.), הגם יצחק איז שוין דאן אלט געווען זיבען און דרייסיג יאָהר?

נאָר פון יענעם פסוק — האָט ער דערויף געענטפערט — איז קיין קשיא נישט. דאָרט האָט עס געזאָגט דער פאָטער, אברהם, און אין די אויגען פון א פאָטער איז זיין זוהן, וועלכען ער האָט ליעב, תמיד א קינד, א יונגעל, ווי גרויס און דערוואקסען ער זאָל שוין נישט זיין.

דאָ אָבער זאָגט עס דאָך די תורה, וואונדערט זיך דעריבער דער מדרש: „יוסף בן שבע עשרה שנה ואתה אומר והוא נער?"...

## וישנאו אותו ולא יכלו דברו לשלום... (לז. ד.)

וואלטען זיי אָבער גערעדט צווישען זיך, וואלט אפשר יאָ געקומען צו א שלום.

די הויפט־צרה פון יעדע מחלוקת איז, וואָס מען קאָן זיך נישט צונויפרעדען, וואָס איינער דעם צווייטען וויל נישט אויסהערען און פערשטעהן... וואלט מען זיך צו־נויפגערעדט, וואָלט מען אין די מעהרסטע פאלען זיכער זיך ארומגעזעהען, אז מען האָט זיך נישט צוליעב וואָס צו קריגען...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

## והנה תסבינה אלמותיכם ותשתחוין לאלמתי... (לז. ז.)

אינ׳ם ערשטען חלום איז — „ותשתחוין לאלמתי״! אינ׳ם צווייטען חלום — „משתחוים לי״... דען צוויי מאָל זענען זיי, די ברידער, געקומען קיין מצרים. ביים ערשטען מאָל, ווען זיי האָבען איהם נאָכנישט געקענט ווער ער איז, בעטראַכטענדיג איהם בלויז אלס „משביר״, אלס תבואה־פערוואלטער, איז געווען „ותשתחוין לאלמתי״, האָבען זיי, ווי יעדער נצרך, וועלכער דארף אָנקומען צום גביר, זיך געבוקט נישט צו איהם, נאָר צו זיין עשירות, צו זיינע שפייז־סקלאדעס... דאגעגען דאָס צווייטע מאָל, ווען זיי האָבען זיך שוין געהאַט מיט איהם נעהנטער בעקענט און געזעהן זיין גרויסקייט און חשיבות, איז שוין געווען — „משתחוים לי״...

(כנף רננים)

## המלך תמלך עלינו אם־משול תמשל בנו... (לז: ח.)

„מלך״ בעדייט — ווען מען הערשט מיט דער הסכמה און רצוֹן פון פאָלק; דאַגעגען „משול״ איז — ווען מען פערכאַפּט די מאַכט מיט תקיפות, כאָטש דאָס פאָלק וויל נישט. און דאָס האָבען די ברידער גע׳טענה׳ט צו איהם: „המלך תמלך עלינו״, קאָן דען געמאָלט זיין, דו זאָלסט ווערען ביי אונז א מלך? „אם־משול — תמשל בנו״; ווערען א „מושל״ בגוואלד, ביד חזקה — דאָס איז מעגליך, אין אזעלכע פאלען, אויב מען פיהלט זיך גענוג תקיף, פרעגט מען נישט און מען רעכענט זיך נישט מיט קיינעם; אָבער א „מלך״? ווי אזוי קאָנסטו איבער אונז ווערען מ ל ך, אויב מיר ווילען נישט ווילען?...

(ווילנער גאון)

פרעגט מען דערויף: עס איז דאָך א בפירוש׳ער פסוק: „אם לא ביד חזקה ובזרוע נטויה ובחמה שפוכה אמלוך עליכם״ (יחזקאל כ. לג.) זעהט מען דאָך, אז אויך „מלוכה״ קאָן געמיינט ווערען דורך תקיפות וביד חזקה?...

## ויוספו עוד שנא אותו על חלומותיו ועל דבריו... (לז. ח.)

דעריבער האָבען די חלומות זיינע ארויסגערופען ביי די ברידער אזא שנאה, הגם אין פלוג, וואָס איז דער מענש שולדיג, אז עס חלומ׳ט זיך איהם? — „על דבריו״, ווייל זיי האָבען אָנגענומען, אז צוליעב דעם חלומ׳ן זיך איהם אזעלכע חלומות, ווייל ער רעדט און טראַכט דערפון און ס׳איז דאָך ידוע, אז — „כל החלומות הולכים אחר הפה״ און „אין מראין לו לאדם אלא מהרהורי לבו״.

(כלי יקר)

א מערקווירדיגען מאמר געפינען מיר אין זוהר פ׳ מקץ:

„דוד מלכא לא חמא חלמא טבא — דוד המלך האָט קיינמאָל קיין גוטען חלום נישט געזעהן — כל ימיו הוה משתדל לאושדא דמן ואגח קרבין — ווייל כל ימיו האָט ער עוסק געווען אין שפיכת דם, אין פיהרען מלחמות — וכל חלמוי לא הוו אלא חלמין בישין חורבא ושוממותא״ — און אלע זיינע חלומות זענען דעריבער געווען שלעכטע חלומות וועגען חורבות און פערוויסטונגען...

## וילכו אחיו לרעות את צאן אביהם... (לז. יב.)

„נקוד על את, שלא הלכו אלא לרעות את־עצמן"... (רש"י)

דערדאָזיגער דרש איז נישט לגנאי. עס ווערט געמיינט דערמיט, אז די שנאת־אחים און דאָס שפעטערדיגע פערקויפען יוסף'ן קיין מצרים, וואו ער איז געוואָרען דער „משביר לכל עם הארץ", דאָס אלץ איז געווען לטובה — „לרעות את עצמן", כדי יעקב מיט זיינע קינדער זאָלען שפעטער קיין הונגער נישט ליידען...

(חתם־סופר)

## לך־נא ראה את שלום אחיך... (לז. יד.)

זוכען זאָלסטו ביי דיינע ברידער דאָס שלימות, די גוטע זייטען, די מעלות — נישט די חסרונות...

(רבי ר' בונם)

עהנליך ווערט אויך געטייטשט די משנה: „מעולם לא ראתה חמה פגימתה של לבנה" — דער אמת־גרויסער מענש, דער מאור הגדול, זוכט קיינמאָל נישט קיין הסרו־נות און קיין פגם אויף דעם, וועלכער איז קלענער פון איהם...

## את שלום אחיך ואת שלום הצאן...

ווען ס'איז „שלום אחיך", ווען ס'איז דאָ שלום־בית, דאן איז „שלום הצאן", איז מען אויך מצליח אין פרנסה...

(שיר מעון)

## וימצאהו איש והנה תועה בשדה... (לז. טו.)

רבי חיים צאנזער האָט זיך אמאָל געווענדעט צו א חשוב'ן בעל־הבית ער זאָל ארויסגעהן מיט איהם אין שטאָדט אריין צונויפנעהמען א נדבה פאר א געוויסען יורד. יענער האָט זיך אָבער דערפון אָפּגעזאָגט, ערקלערענדיג, אז ער האָט קיין צייט נישט. ער קאָן נישט מבטל זיין פון לערנען.

האָט עס רבי חיים'ן פערדראָסען און ער האָט איהם געענטפערט:

אויפ'ן פסוק „וימצאהו איש", ביי יוסף'ן, זאָגט רש"י: „זה גבריאל", דאגעגען אויף „ויאבק איש עמו", ביי יעקב'ן, זאָגט רש"י: „הוא שרו של עשו". איז פון וואנען ווייסט עס רש"י צו זאָגען, אז יענער „איש" איז געווען גבריאל און דער „איש" איז שרו של עשו? — נאָר גאָר פשוט: דאָרט ווערט דערצעהלט, אז נאָכדעם, ווי יעקב, ראנגלענדיג זיך מיט'ן מלאך א גאנצע נאכט, האָט פון איהם געבעטען א קליינע טובה, ווי א ברכה, האָט איהם דער מלאך געענטפערט, אז ער האָט קיין צייט נישט: „שלחני כי עלה השחר — וצריך אני לומר שירה". ער איז פערנומען מיט שירה זאָגען, מיט לערנען. פון אזא תשובה איז אלזאָ קלאָר, אז דאָס איז שרו של עשו... ביי יוסף'ן דא־געגען שטעהט: „וישאלהו האיש לאמר מה תבקש". זעהענדיג, ווי א מענש בלאָנדזשעט אין פעלד, האָט איהם דער מלאך אָפּגעשטעלט און געפרעגט, וואָס ער זוכט, מיט וואָס

ער קאָן איהם דיענען, און דערפון איז א בעווייז, אז דאָס איז געווען דער מלאך גבריאל, הגם ער זאָגט זיכער נישט וועניגער שירה, ווי דער שר של עשו, האָט ער נאָך פונ־דעסטוועגען צייט צו שענקען א האלבע שעה פאר אזעלכען, וואָס בלאָנדזשעט און נויטיגט זיך אין הילף...

## את אחי אנכי מבקש... (לז. טז.)

אין „תפארת שלמה" געפינען מיר אויפ'ן דאָזיגען פסוק פאָלגענדע כאראקטע־ריסטישע שטעלע:

ס'איז נישט גענוג מיר זאָלען זיך מצער זיין אויף גלות השכינה, זי נויטיגט זיך נישט לגמרי אין אונזער רחמנות... „ואתה ד' לעולם תשב". דו, רבונו של עולם, ביזט אומעדום אויף דיין אָרט, מלא כל הארץ כבודך, דער עיקר וועהטאָגט אונז דאָס הארץ אויף — „למה לנצח תשכחנו", פארוואָס דו פארגעסט אָן אונז. מיר, אז מיר זענען נישט ביי זיך אין דערהיים, איז אונז טאקי זעהר ביטער...

„את אחי אנכי מבקש"! אינטערעסירען דארפען מיר זיך הויפטזעכליך מיט'ן גורל פון אונזערע ברידער און זייערע אויסטערלישע לידען...

— אידער דו זאָלסט מקטרג זיין און מוסר זאָגען די אידען — האָט דער בעש"ט אמאָל געזאָגט צו א מוכיח, וועלכער האָט אין זיין דרשה שטארק געשטראָפט דעם עולם — הלמאי זיי זענען נישט מקיים זייערע פליכטען צום רבונו של עולם, זאָג בעסער א ביסעל מוסר דעם רבונו של עולם, הלמאי ער ערפילט נישט זיינע פאָטערליכע פליכ־טען צו זיינע קינדער...

## ויאמר האיש נסעו מזה... (לז. יז.)

דערויף ווערט געזאָגט אין מדרש: „נסעו ממדותיו של מקום".

די כונה איז: אויפ'ן פסוק „ויתנכלו אותו להמיתו" דרש'ענען די חז"ל, אז די ברידער האָבען געוואָלט אומברענגען יוסף'ן דערפאר, ווייל זיי האָבען געזעהן ברוח־נבואה, אז עס וועט ארויסקומען פון איהם ירבעם, וועלכער וועט זיין א חוטא ומחטיא את הרבים. הייסט דאָך עס, אז זיי האָבען איהם געוואָלט דן זיין „על שם סופו", און דאָס איז דאָך כנגד דער מדה פון הקב"ה, וועלכער איז דן דעם מענשען לויט זיינע אייגענע, איצטיגע מעשים — „באשר הוא שם"... און אָט דאָס ווערט געמיינט: „נסעו ממדותיו של מקום" — אין דערדאָזיגער האנדלונג זייערער זענען זיי אוועק פונ'ם אויבערשטענס מדות...

(רבי ר' העשעל)

רבי אריה לייב, דער בעל „קצות החושן", האָט זיך אמאָל צונויפגעטראָפען מיט'ן ליסער רב, רבי יעקב, און זיי האָבען פערפיהרט צווישען זיך א שמועס. רבי אריה לייב, וועלכער האָט געטראָגען א שטיקעל פערדרוס אויפ'ן ליסער רב פאר זיין ספר „נתיבות המשפט", אין וועלכען ער האָט שארף קריטיקירט דעם „קצות" (רבי אריה לייב האָט נאכהער דערויף אָבגעענטפערט מיט א ספעציעל ספר „משובב הנתיבות"), האָט אינ'ם שמועס יעדעס מאָל אריינגעוואָרפען פערשיעדענע שטעכווערטלעך, וועלכע דער ליסער

רב האָט זיך אָבער געמאכט נישט הערענדיג, נישט ארויסוויזענדיג די מינדעסטע הקפדה. ערשט ביים געזעגענען זיך רופט ער זיך אָן צו איהם:

אויפ'ן פסוק „ויאמר האיש נסעו מזה" זאָגט רש"י: „הסיעו עצמן מן האחוה". יוסף, וועלכער איז געווען א גאנץ גרויסער חכם, האָט מסתמא זעהר גוט פערשטאנען די דאָזיגע אָנצוהערעניש און פונדעסטוועגען האָט ער זיך געמאכט נישט פערשטעהן און — „וילך יוסף אחר אחיו", ער האָט זיי ווייטער געהאלטען פאר זיינע ברידער און גוטע פריינד...

## כי שמעתי אומרים נלכה דותינה... (לז. יז.)

„לבקש לך נכלי דתות שימיתוך"... (רש"י)

זיי ווילען בערעכטיגען זייער טהאט מיט „נכלי דתות", שטיצענדיג זיך מכלומר'שט אופ'ן דת, אויף דער תורה, פון וועלכער מען קאָן אלץ אויסדריינגען און מטהר זיין אפילו א שרץ בק"ן טעמים... און דאָס איז אויך דער פשט: „לא חרבה ירושלים אלא על שהעמידו דבריהם על דין תורה", געפינענדיג אויף די אונווירדיגסטע מעשים א ראיה פון דער תורה...

(הדרש והעיון)

## ויתנכלו אתו להמיתו... (לז. יח.)

„אותו כמו א ת ו, ע מ ו, כלומר אליו"... (רש"י)

דידאָזיגע הארבע רש"י, וועלכע די מפרשים מאטערן זיך צו ערקלערען אויף פערשידענע אופנים, ווערט דורכ'ן ווילנער גאון געטייטשט אזוי:

דער „אותו" פון דאָזיגען פסוק האָט דיזעלבע בעדייטונג, ווי דער „אתו" אין פסוק „והשיב את הגזלה... או את הפקדון אשר הפקד אתו", און ווי דער „עמו" אין פסוק „לא נעשה עמו דבר". אין אָט די אלע דריי ערטער האָט עס די בעדייטונג פון „אליו"...

„אמרו בואו ונשסה בו את הכלבים" (מדרש רבה)

פארוואָס עפּעס האָבען זיי געוואָלט אָנרייצען אויף איהם הינט?

דען זייער שנאה צו איהם האָט זיך גענומען, ווייל ער האָט גערעדט אויף זיי לשון־הרע און — „כל המספר לשון־הרע ראוי להשליכו לכלבים" (פסחים קי"ח)...

(נבחר מפנינים)

חסידים דערצעהלען: דער ווילנער גאון האָט אין די שפּעטערדיגע יאָהרען שטאַרק חרטה געהאט, וואָס ער האָט זיך געלאָזט אָנריידען פונ'ם בעקאנטען אביגדור פון פינסק און געגלויבט אין זיין רכילות און לשון־הרע אויפ'ן הרב מלאדי. איינמאָל, ווען דער דאָזיגער אביגדור איז ווידער אמאָל געקומען צו איהם און, בויגענדיג זיך פאר איהם מיט גרויס הכנעה, גענומען מיט זיין חניפה'דיגען טאָן אונטערטראָגען א פריש רכילות'ל, רופט זיך אָן צו איהם דער גאון:

— די חז"ל זאָגען: „כל המספר לשון הרע ראוי להשליכו לכלבים" פארוואָס עפּיס להשליכו לכלבים? נאָר וועגען די כלבים ווערט געזאָגט: „והכלבים עזי נפש", און דאָך, כאָטש זיי זענען עזי־נפש, ווערט וועגען זיי געזאָגט אין פרק שירה: „כלבים

אומרים באו ונשתחוה ונכרעה״, און דאָס זעלבע איז אויך מיט די בעלי־לשון־הרע, וואָס הגם זיי זענען בעצם גרויסע עזות־פּנימער, פונדעסטוועגען בעת עס איז זיי נויטיג צום לשון־הרע, זענען זיי זיך מכניע און בויגען זיך ווי די לעמעלעך...

## וישלכו אותו הבורה והבור רק אין בו מים... (לז. כד.)

„מים אין בו אבל נחשים ועקרבים יש בו״ (רש״י)

די חז״ל זאָגען: „כל הצנוע וכו׳ נצול משלשה דברים מן הנחשים ומן העקרבים וכו׳ וי״א אף חלומותיו מיושבים עליו״ (ברכות ס״ב), און דעריבער, אלזאָ, האָבען זיי אריינגעוואָרפען יוסף׳ן אין א גרוב פון נחשים ועקרבים, בכדי צו איבערצייגען זיך, אז אויב ער וועט נצול ווערען פון די נחשים, איז א סימן, אז „אף חלומותיו מיושבין עליו״, אז אויך די חלומות זיינע זענען ריכטיגע...

(מלבי״ם)

דעריבער — ווערט געזאָגט אין זהר — האָט ראובן, זעהענדיג די שנאה פון די ברידער צו יוסף׳ן, געראַטען אריינצוואַרפען איהם אין שלאַנגען־גרוב, ווייל „מוטב לו לאדם שיפיל את עצמו בגוב האריות ואל ימסר ביד שונאו״...

רבי נחמן בראצלאווער, וועלכער האָט געהאַט אויסצושטעהן א שטאַרקע התנג־דות פון שפּאָלער רבי׳ן, רבי אריה ליב („דער שפּאָלער זיידע״) און שטאַרק געליטען פון איהם, האָט זיך אמאָל אויסגעדריקט בדרך־הלצה: די חז״ל זאָגען, אז „מוטב לו לאדם שיפיל את עצמו בגוב האריות ואל ימסר ביד שונאו״. וואָס טהוט מען אָבער אין אזא פאַל, ווען דער שונא אליין איז א „גוב האריות״ — א לייב, רבי אריה לייב...

## וגמליהם נושאים נכאת וצרי ולוט... (לז. כה.)

„נכאת — כל כנוסי בשמים הרבה קרוי נכאת״ (רש״י)

דאַגעגען אין א ווייטערען פּסוק: „נכאת ולוט בטנים ושקדים״ (מקץ מ. יא.) טייטשט רש״י אין נאָמען פון מדרש רבה: „נכאת — שעוה״... איז דאָך עס א מערק־ווירדיגע סתירה!

## מה בצע כי נהרוג את אחינו וכסינו את דמו... (לז. כו.)

אויב זיי האָבען, ווי דער מדרש זאָגט, דן געווען יוסף׳ן למיתה על פי דין, ווייל זיי האָבען איינגעפינען, אז ער האָט מיט זיין שלעכטער אויפפיהרונג זיך פערדינט דעם דאָזיגען עונש, טאָ וואָס איז די פראַגע: מה בצע, וואָס פאַר א נוצען מען וועט האָבען דערפון?

נאָר צוליב דריי סיבות ווערען אויסגעפיהרט מאָרד־אָנפאַלען: צוליב געלד; צוליב נקמה; צוליב פרסום, אָנצולערנען און אָנצוואָרפען אנ׳אימה אויף די ארומיגע, זיי זאָלען זיך היטען נישט נאָכצוטהון זייןביישפּיעל. אָט די אלע מאָטיוען — האָט זיי יהודה אָנגעוויזען — האָבען דאָ קיין אָרט נישט. געלד? — „מה בצע״, איהר ווייסט דאָך, אז יוסף האָט קיין געלד ניט. נקמה? — „כי נהרוג את אחינו״, אויף אנ׳אייגענעם

ברודער פיהרט מען נישט אויס קיין נקמה. אַנצוואַרפען אַנ׳אימה אויף אנדערע ? — „וכסינו את דמו״, מיר וועלען דאָך עס סיי־ווי מוזען האלטען בסוד, אז עס זאָל זיך קיינער נישט דערוויסען. טאָ וואָס פאר א נוצען, אלזאָ, וועט דער דאָזיגער מאָרד אונז ברענגען ?...

(רבי יצחק וואָלאָזשינער)

## ויעברו אנשים מדינים סוחרים וכו׳... (לז. כח.)

אינטערעסאנט איז דער פשט פון אַנ׳אלט ספר „שו״ת ראג׳ח״, וועלכער טייטשט אויס די פסוקים דאָ אויף אזא אופן, אז די ברידער האָבען כלל נישט פערקויפט יוסף׳ן און פאר איהם קיין געלד נישט גענומען, און נעמליך: „ויקחהו וישליכו אותו הבורה וכו׳ וישבו לאכל לחם״, נאָכדעם ווי די ברידער האָבען אריינגעוואָרפען יוסף׳ן אין גרוב, האָבען זיי זיך אוועקגעזעצט עסען, און דאן: „וישאו עיניהם ויראו והנה אורחת ישמעאלים באה מגלעד״, האָבען זיי דערזעהן פונווייטענס, אז א גרופע ישמעאלים קומט אַן פון גלעד, „ויאמר יהודה וכו׳ לכו ונמכרנו לישמעאלים״, האָט יהודה פאָרגעלעגט די ברידער, מען זאָל איהם פערקויפען צו זיי, אָבער ביני לביני, בשעת זיי האָבען זיך בעראַטען און גערעדט וועגען דעם — „ויעברו אנשים מדינים סוחרים וימשכו ויעלו את יוסף מן הבור״, איז דערוויל פארבייגעגאנגען פאר׳ן גרוב א צווייטע וואנדער־גרופע פון מדינים, וועלכע האָבען יוסף׳ן פון דאָרט ארויסגעצויגען און — „וימכרו את יוסף לישמעאלים בעשרים כסף״, און זיי, די מדינים, האָבען פערקויפט יוסף׳ן צו די ישמעאלים. די ברידער אָבער האָבען זיך זעלבסט אינ׳ם דאָזיגען פערקויף נישט בעטייליגט...

## הילד איננו ואני אנה אני בא... (לז. ל.)

„אָנה אָני בא — מחטא של בלהה״״ (מדרש)

וואָס האָט עס פאר א שייכות ?

נאָר אויפ׳ן פסוק „וישמע ראובן ויצילהו מידם״ ווערט געזאָגט אין מדרש: „אמר ראובן, הוא מונה אותי עם אחי ואיני מצילו ? אני הייתי סובר שנדחתי מכח אותה מעשה (בלהה), והוא מונה אותי עם אחי, שנאמר ואחד עשר כוכבים משתחוים לי, ואיני מצילו ?״

פון יוסף׳ס חלום, אין וועלכען ער איז אריינגערעכענט געוואָרען אין כלל צווישען די איבעריגע ברידער, צווישען די „אחד עשר כוכבים״, האָט ראובן ארויסגעדרינגען, אז מען האָט איהם מוחל געווען דעם חטא פון מעשה בלהה און ער איז צוריק גלייכגעשטעלט געוואָרען מיט אלע שבטים. בשעת, אלזאָ, ער האָט איצט דערזעהען, אז הילד איננו, אז יוסף איז נישטא, זייענדיג זיכער אז ער לעבט נישט מעהר און אז דער גאנצער חלום מיט די "אחד עשר כוכבים״ האָט אויף אזא אופן קיין שום ווערט נישט, האָט ער דעריבער אויסגעשריגען א פערצווייפעלטער: „אנא אני בא — מחטא של בלהה ?״ דען קוים איז דער חלום קיין חלום נישט, פאלט דאָך שוין ממילא אוועק זיין פריהערדיגע השערה און טרייסט, אז מען האָט איהם מוחל געווען דעם חטא...

(כתנות אור)

## כתונת בני, חיה רעה אכלתהו... (לז. לג.)

פונוואַנען איז יעקב געווען זיכער, אז „חיה רעה אכלתהו״, אפשר האָבען איהם גאָר מענשען דערהרגעט ?

נאָר ווייזט אויס, אז אין יענע נישט־ציוויליזירטע אור־אלטע צייטען איז גיכער איינגעפאלען צו טראכטען, אז ער איז אומגעקומען דורך אווילדע חיה אין וואלד, איידער צו גלויבען, אז דאָס זאָלען האָבען געטהון מענשען, אז זיי זאָלען בעפאלען אין וועג אנ־אונשולדיגען יונגענמאן און איהם דערהרגענען...

(הרב יחזקאל מיכעלזאָהן)

## וימאן להתנחם... (לז. לה.)

„אין אדם מקבל תנחומין על החי" (רש"י)

פרעגט מען דערויף די בעקאנטע קשיא: היתכן? אויך יעקב האָט דאָך געדארפט וויסען פונ׳ם דאָזיגען כלל און דאָס גופא, אלזאָ, וואָס ער האָט זיך נישט געקענט טרייס־טען און פערגעסן אין יוסף׳ן, האָט איהם געדארפט דיענען אלס באווייז, אז יוסף לעבט?

אָט דאָס — האָט געזאָגט דערויף רבי יחזקאל שינאָווער — האָבען טאקי די קינ־דער גע׳טענה׳עט צו איהם און דאָס אייגענטליך איז דער טייטש פון די ווערטער: „וית־אבל על בנו ימים רבים, ויקומו כל בניו וכל בנותיו לנחמו", זיי האָבען איהם געטרייסט דערמיט, וואָס ער איז א „ויתאבל על בנו ימים רבים", וואָס ער טרויערט אזוי לאנג אויף יוסף׳ן און דערפון גופא איז אלזאָ א בעוויז, אז יוסף לעבט, וואָרום — „אין מקבלין תנ־חומין על החי"...

## כי ארד אל בני אבל שאולה... (לז. לה.)

„שאולה — גיהנם". (רש"י)

„שלוחי־מצוה אינן ניזוקין" — און אויך יוסף איז דאָך געווען א שליח מצוה, ער איז דאָך געגאנגען אין שליחות פון פאָטער, מקיים זייענדיג די מצוה פון כיבוד־אָב, טאָ פארוואָס איז ער ניזוק געוואָרען? — אָט דאָס טאקע האָט יעקב׳ן געארט און דערפאר האָט ער געזאָגט: „כי ארד אל בני אָבל שאולה — לגיהנום"; וויבאלד, הייסט עס, יוסף איז ניזוק געוואָרען, בעווייזט דאָס, אז איך בין א רשע, א „יורד גיהנום", דען דער דין איז, אז אויב דער פאָטער איז א רשע, איז דער זוהן נישט חיב בכיבוד, וממילא איז ער נישט קיין שליח־מצוה...

(חסדי יונתן)

פון וואנען נעהמט זיך עס, וואָס דעם שטילען, פרומען יעקב׳ן שטעהט שטענדיג דאָס גיהנם פאר די אויגען; דאגעגען דער רשע עשו, איז תמיד זיכער ביי זיך, אז פאר איהם איז צוגעגרייט דאָס גן־עדן? — ווייל, כידוע, האָט יצחק איינגעטיילט צווישען זיינע צוויי זיהןביידע וועלטען: עשו׳ן האָט ער געגעבען עולם־הזה, און יעקב׳ן עולם־הבא. ווען מען וואָלט, אלזאָ, עשו׳ן אריינגעגעבען דעם געדאנק צו טראכטען, אז עס וואָרט אויף איהם שפעטער דאָס גיהנם, וואָלטען דידאָזיגע מחשבות גופא איהם פערזאָו־מערט דאָס לעבען און ער וואָלט אויך פון עולם־הזה נישט געגאָסען, ער וואָלט דאן ביידע וועלטען נישט געהאט... פערקעהרט ווידער, ווען יעקב זאָל זיין דורכגעדרונגען מיט דער זיכערקייט וועגען שפעטערדיגען גן־עדן, וואָלט ער דאָך פון גרויס שמחה געהאט ביידע וועלטען...

(רבי ר׳ העשעל)

## ויבך אותו אביו... (לז. לה.)

דערויף ווערט געזאָגט אין מדרש: „משנמכר יוסף הי׳ יעקב בוכה ומתאבל, אוי לי על שנשאתי שתי אחיות״.

וואונדערען זיך אלע מפרשים: וואָס האָט עס פאר א צוזאמענהאנג און וואָס איז דער זין פון דאָזיגען מדרש?

נאָר, ווי עס ווייזט אויס, ווערט איג׳ם דאָזיגען מדרש געגעבען אנ׳אנדייטונג אויף דער בעקאנטער קשיא, וואָס ווערט געפרעגט אויף יעקב אבינו. עס ווערט דאָך געזאָגט, פרעגט מען, אז די אבות האָבען מקיים געווען אלע מצוות פון דער תורה, טאָ ווי געשיקט זיך עס, וואָס יעקב אבינו האָט גענומען צוויי שוועסטער, רחל און לאה, געגען דעם בפי־רושען פערבאט פון דער תורה? און דערויף ווערט געענטפערט: דער גאנצער טעם פון דעם דאָזיגען איסור איז דאָך נור דערפאר, ווייל, ווי עס ווערט אָנגעוויזען אין פסוק: „ואשה אל אחותה לא תקח לצרור״ (ויקרא יח.), ווייל דאָס וועט גורם זיין צו קנאה־שנאה צווישען די צוויי שוועסטער און עס וועט הערשען שטענדיג פיינדשאפט און מחלוקת אין הויז, היות אָבער ווי צווישען רחל׳ און לאָה האָט געהערשט א זעלטענע געגענזייטיגע ליבשאפט און קיין שום שפור פון קנאָה איז צווישען זיי נישט געווען צו בעמערקען, אזוי ווייט אז רחל האָט זאָגאר איבערגעגעבען איהר שוועסטער לאָה די סמנים, זי זאָל קענען ווערען יעקב׳ס פרוי אויף איהר אָרט, האָט דעריבער יעקב גערעכענט, אז אין אזא פאל איז נישט חל מעהר דער איסור... איצט אָבער, ווען ער האָט געזעהען די מורא׳דיגע שנאָה פון די בני־לאָה צום בן רחל, צו יוסף׳ן, און די טראגישע פאָלגען, צו וואָס דאָס האָט דערפיהרט, האָט ער דעריבער אויסגערופען מיט וועהטאָג: „אוי לי שנשאתי שתי אחיות!״ דען הגם די שוועסטערען אליין האָבען זיך נישט פיינד געהאט, האָט דאָס אָבער גורם געווען צו א שנאָה צווישען זייערע קינדער...

(מפרשים)

## ויט עד איש עדלמי ושמו חירה... (לה. א.)

„רבנן אמרו, חורה הוא חורם שהי״ב בימי דוד וכו׳ חי קרוב לאלף ומאתים שנה״ (מדרש רבה פרשה פ״ה)

און לויט׳ן נוסח פון רש״י אויפ׳ן דאָזיגען מדרש — דרייצעהן הונדערט יאָהר. א סך מעהר, אלזאָ, אפילו פאר מתושלח׳ן, וועגען וועלכען עס איז אָנגענומען ביי אלע־מען, אז ער האָט געלעבט אמלענגסטען פון אלע מענשען...

## וירא שם יהודה בת איש כנעני... (לח. ב.)

„איש כנעני, יש אומרים סוחר וכו׳ ויתכן להיות כמשמעו״ (אבן עזרא)

אויף די דאָזיגע לעצטע ווערטער פון „ויתכן להיות כמשמעו״ בעמערקט דער אור־החיים: „נאמר לשתוק ולכתוב ודאי״, בעסער, הייסט עס, וואָלט דער אבן־עזרא געשוויגען און געשריבען נאָר אזא פשט, אין וועלכען ער וואָלט זיכער געווען, אז עס איז א דבר ודאי, נישט ער זאָל צוליעב א ספק מוציא לעז זיין אויף יהודה׳ן, אז ער זאָל זיך האָבען אָבגעגעבען מיט איינע פון די בנות־כנען...

עס איז אָבער א גרויס חידוש, וואָס דער אור־החיים איז אזוי מתרעם אויפ׳ן אבן־

עזרא, וועהרענד אויפ'ן פסוק „ויקומו כל בניו לנחמו" ווערט געזאָגט בפירוש אין מדרש־רבה (און רש"י ברענגט עס אויפ'ן אָרט): „ר' נחמיה אמר כנעניות היו". דעסגלייכען אין פ' ויחי אויפ'ן פסוק „ויעשו לו בניו כן כאשר צום", זאָגט רש"י: „אל ישאו מטתי לא מצרי ולא אחד מבניכם שהם מבנות כנען"...

(עזרה להבין)

## ויראן שם יהודה בת איש כנעני ושמו שוע... (לח. ב.)

דעם ניעסוויזשער רבי'נס א זוהן האָט זיך משדך געווען מיט א רייכען סוחר, א פּראָסטער מענש. דער ניעסוויזשער רבי האָט אויסגעדריקט דעם זוהן זיין אונצופריעדענהייט מיט'ן דאָזיגען שידוך, זאָגענדיג:

— די תורה דערצעהלט אונז, אז יהודה האָט גענומען פאר א ווייב די טאָכטער פון אַן'איש כנעני, און דערויף מאכט רש"י: „כנעני — תרגא", א סוחר. צוליעב וואָס דארפען מיר עס אייגענטליך וויסען, אז דער מחותן איז געווען א סוחר? נאָר דער פסוק דערצעהלט עס אונז, בכדי מיר זאָלען זיך נישט וואונדערען, פארוואָס עס זענען פון אזא צדיק, ווי יהודה, ארויסגעקומען אזעלכע שלעכטע קינדער ווי ער און אונן: אז דאָס איז דערפאר ווייל ער האָט נישט געקוקט אויף קיין יחוס און זיך געיאָגט נאָך א געלד־שידוך, נאָך א מחותן א סוחר...

## ותקרא את שמו אונן... (לח. ד.)

אין יורה־דעה, הלכות אבלות, סי' שע"א, שרייבט דער רמ"א: „יש אומרים שאין מתאבלין על הבן הבכור שמת ומנהג טעות הוא"... ווייזען ווייזט אָבער אויס אז דערדאָזיגער מנהג האָט יאָ א געוויסען יסוד, דען אויפ'ן פסוק „ותקרא את שמו אונן" זאָגט דער תרגום־יונתן: „ארום ברם עלוי עתיד אבוי לאתאבלא" — אויף איהם, הייסט עס, אויף אונן, דעם צווייטען זוהן, וועט שוין דער פאָטער דארפען טרויערן. און דערפון איז אלזאָ משמע, אז אויפ'ן ערשטען זוהן, אויף ער, דעם בכור, האָט מען נישט געטרויערט...

(רבי זלמן ווילנער)

## בא אל אשת אחיך ויבם אותה והקם זרע לאחיך... (לח. ח.)

אין בערלין האָט אמאָל פּאסירט א מעשה מיט איינעם א מופקר, ביי וועלכען דער ברודער איז געשטאָרבען אָהן קינדער, און ער האָט געדארפט דער שוועגערין געבען חליצה, אָבער אַנשטאָט חליצה האָט זיך דער פארשוין איינגעשפּארט, אז ער וויל מיט איהר חתונה האָבען און „מקיים" זיין די מצות יבום. דער רב, רבי הערשעלע בערלינער, האָט, פערשטעהט זיך, נישט דערלאָזט דערצו און ער האָט איהם נישט געוואָלט געבען קיין חופּה וקדושין, ערקלערענדיג דעם בעל־דבר, אז מצות יבום איז לויט'ן דין נישט נוהג בזמן הזה.

יענער האָט דערלאַנגט אַנ'אָנקלאָגע צו דער מאכט. דער בילדונגס־מיניסטער אליין האָט זיך מיט דער זאך אינטערעסירט און ער האָט ארויסגערופען דעם רב אויף א פערהער:

— אויף וואָס פאר א גרונד — האָט ער איהם פאָרגעוואָרפען — ווילסטו איהם

נישט געבען קיין חופה וקדושין? אין תורת משה ווערט דאָך דייטליך געזאָגט, אז אויב איינער שטארבט אָהן קינדער, דארף דער ברודער חתונה האָבען מיט זיין ווייב?

דערויף האָט איהם רבי הערשעלע געענטפערט:

די חז"ל זאָגען (יבמות כב.), אז „מי שאין לו בן מכל מקום, פוטר אשת אביו מן הייבום — מכל מקום לאתויי מאי? לאתויי ממזר", און היות, ווי די דאָזיגע פאמיליע צייכענט זיך נישט אויס מיט קיין איבריגער צניעות, האָבען מיר נישט די זיכערקייט, אז דער פערשטאָרבענער ברודער האָט נישט געלאָזען ערגיץ־וואו א בן־ממזר, און אין אזא פאל איז דאָך שוין נישטאָ די מצוה פון יבום וממילא איז שוין דעמאָלס צוריק חל דער איסור פון אשת אח...

## ויאמר הבה נא... (לח. טז.)

דריי מאָל געפינען מיר דאָ כסדר, פסוק נאָך פסוק, די ווערטער „ויאמר", „ותאמר". אין ערשטען פסוק איז אויפ'ן „ויאמר" א „פשטא" אויפ'ן „ותאמר" אויך א „פשטא"; אויפ'ן צווייטען „ויאמר" איז א „זקף גדול" — אויפ'ן „ותאמר" אויך א „זקף גדול"; אויפ'ן דריטען „ויאמר" איז א „רביעי" — אויפ'ן „ותאמר" אויך א „רביעי"....

דערפון — פלעגט רבי יצחק־אלחנן פון קאָוונע זאָגען בדרך־הלצה — נעהמט זיך א פנים דאָס פאָלקס־ווערטעל, אז „אזוי ווי מען גריסט, אזוי ענטפערט מען"...

## וישלח יהודה את גדי העזים ביד רעהו העדלמי... (לח. כ.)

יעדער מענש דארף האָבען אזא חבר, אזא איבערגעגעבענעם טרייען פריינד, וועלכען ער זאָל קענען אָנטרויען זאָגאר אזעלכע געהיימע, אינטימע זאכען מיט וועלכע יהודה האָט זיך פארטרויט פאר זיין חבר חירה העדלמי...

(רבי ר' בונם)

## איה הקדשה היא בעינים... (לח. כא.)

רבי משה פשעווארסקער האָט געטייטשט:

איה הקדשה? — צי ווייסט איהר וואו עס געפינט זיך דער עיקר די אתריינ־קייט און טומאה? — היא בעינים — אין די אויגען! ווי די חז"ל זאָגען: „עין רואה והלב חומד" און — „עינא וליבא תרי סרסורי דחטאה"...

רבי יחזקאל קוזמירער פלעגט זאָגען:

„קידוש במקום סעודה" — די אמת'ע קדושה פון א מענש דערקענט מען „במקום סעודה", בשעת'ן עסען. לויט זיין אויפפיהרען זיך ביים עסען און ווי אזוי ער עסט לאָזט זיך דערקענען, וואָס און ווער ער איז...

## ויאמר יהודה תקח לה פן נהיה לבוז... (לח. כג.)

אויך זיין פריינד, חירה, האָט יהודה אריינגענומען אין כלל אויסדריקענדיג זיך בלשון רבים: „פן נהיה לבוז", הגם חירה אליין האָט גאָרנישט געטהון אזעלכעס, מיט וועלכען ער זאָל זיך דארפען שעהמען...

דען דעם מענש אורטיילט מען לויט די פריינד, מיט וועלכע ער חבר'ט זיך, ער ווערט צוזאמען מיט זיי געהויבען און צוזאמען מיט זיי — ערנידריגט. „זאג מיר ווער דיין חבר איז און איך וועל דיר זאגען, ווער דו אליין ביזט"...

(הכורם)

## זנתה תמר כלתך וגם הנה הרה... (לח. כד.)

אנטקעגען וואס האבען זיי געדארפט צוגעבען די ווערטער „וגם הנה הרה", — צום עצם פערברעך איז דאך דאס קיין שום נפקא־מינה נישט צו וויסען?

דידאזיגע לעצטע ווערטער זענען נויטיג געווען צוליעב דעם, ווייל גע'משפט האט מען דאך תמר'ן נישט אלס אשת־איש (זי איז דאך דאן געווען אנ'אלמנה), נאר אלס „שומרת־יבם"; און אויב אזוי, האט זיך דאך געשטעלט א פראגע: תמר האט דאך שוין געהאט פריהער צווי מענער, ער און אונן, מיט וועלכע זי האט קיין קינדער נישט געבוירען, און אין אזא פאל איז דאך אלזא פארהאן א חשש טאמער איז זי אנ'אי־לונית, און אויב אנ'אילונית, איז זי דאך פטור פון יבום, דער דין איז דאך „וכלן שנמצאו אילונית לא חולצות ולא מתיבמות", וממילא איז זי דאך שוין ווידער קיין שום חטא נישט בעגאנגען? — דעריבער קומט די בעמערקונג: „וגם הנה הרה", וואס עס בעווייזט, אז זי איז נישט קיין אילונית, און דעריבער דארף מען זי דן זיין, ווי א „שומרת יבם"...

(רבי ר' העשעל)

## ויאמר יהודה הוציאוה ותשרף... (לח. כד.)

דער בעל־הטורים ברענגט דא די מיינונג פון רבינו יהודה החסיד, אז „ותשרף" מיינט מען נישט, אז ער האט זי דן געווען לשריפה ממש, „אלא שישרפו רושם בין פניה לסימן שהיא זונה"...

אז מען האט ווירקליך אמאל אנגעווענדעט אזא שטראף בנוגע צו זונות, בעווייזט דער פסוק אין יחזקאל (כג. כה.) אין דער ווענדונג צו אהליבה, די אשה מנאפת: „ונתתי קנאתי בך ועשו אותך בחמה, אפך ואזניך יסירו" — און דערויף בעמערקט דארט דער רד"ק: „וזה המשפט יעשו לאשה מזנה תחת בעלה". אויך אין שו"ת הרא"ש (כלל י"ח, סי' י"ג) ווערט געזאגט, אז „עוד היום נהוג באיזו מדינות, שכל זונה המפקרת עצמה לזנות שורפים בחותם של ברזל על מצחה".

וואס עס האט געצוואונגען רבי יהודה החסיד בכלל צו טייטשען, אז „ותשרף" מיינט מען נישט שריפה ממש, — לאזט זיך אפשר ערקלערען דערמיט, ווייל דריי מאל געפינט מען אין דער תורה ביי דער עבירה פון זנות דעם עונש פון שריפה: דא, דאן אין פרשת עריות (אין קדושים) און ביי בת־כהן (אין פרשת אמור); אבער וועהרענד אין פרשת קדושים ווערט אויסדריקליך געזאגט: „באש ישרפו אותו ואתהן", און דאס־זעלבע אויך ביי בת־כהן אין פרשת־אמור — „באש תשרף", ווערט דא לגמרי נישט דערמאהנט דאס ווארט „אש", נאר סתם — „ותשרף", און דערפון, מעגליך, קומט רבי יהודה החסיד צו דער מיינונג, אז דא ווערט נישט געמיינט קיין שריפה אין בוכשטעב־ליכען זין...

(תורה תמימה)

**בעמערקונג פון זאַמלער:**

דידאָזיגע מיינונג פון רבי יהודה החסיד ווערט אויך געברענגט אין ספר „פענח־רזא" (פירושים על התורה מלוקט מבעלי התוספות), וואָס זיין מחבר איז איינער פון די גדולי הראשונים, רבי יצחק ב"ר יהודה הלוי, און ער בעמערקט דאָרט דערויף: „וחלי־לה שמפי קדוש יצאו דברים אלה!"...

„תמר בתו של שם היתה, דכתיב ובת איש כהן כי תחל לזנות וכו' באש תשרף, לפיכך הוציאוה ותשרף" (מדרש רבה)

עס ווערט וואהרשיינליך נישט געמיינט בוכשטעבליך, אז תמר זעלבסט זאָל האָבען געווען שם'ס טאָכטער, דען לויט'ן חשבון אין סדר־עולם איז יעקב, בשעת שם איז געשטארבען, אלט געווען פופציג יאָהר און בשעת מכירת־יוסף איז ער אלט געווען הונדערט און צוואנציג יאָהר, דאָס הייסט, אז תמר, אויב זי איז אפילו געבוירען גע־וואָרען אין לעצטען יאָהר פון שם'ס לעבען, איז זי דאן לכל־הפחות אלט געווען זיבציג יאָהר די מעשה־תמר איז פאָרגעקומען פיערצעהן יאָהר נאָך מכירת־יוסף און עס גע־שיקט זיך אלזאָ נישט, אז יהודה זאָל חתונה מאכען זיין זוהן מיט א זקנה פון זיבציג יאָהר, און נישט אנדערש, נאָר אז מיט די ווערטער „בתו של שם היתה" ווערט געמיינט, אז זי איז געווען שם'ס אנ'אייניקעל. עהנליך דערצו געפינען מיר אין תוספות נזיר כ"ג, וואו אויפ'ן מאמר פון דער גמרא: „רות בתו של עגלון היתה" (סנהדרין ק"ה), ערקלערט דאָרט תוספות, אז מען מיינט נישט בתו ממש, דען פון עגלון ביז בועז איז אריבער מעהר ווי צוויי הונדערט יאָהר, נאָר מען מיינט: פון עגלונ'ס קינדער...

## היא מוצאת והיא שלחה אל חמיה לאמר וכו'... (לח. כה.)

„מכאן אמרו נוח לו לאדם שיפיל עצמו לכבשן האש ואל ילבין פני חברו ברבים" (רש"י)

אין רמב"ם דעות פ"ו ה"ג ווערט געזאָגט: „המתכבד בקלון חברו אין לו חלק לעולם הבא", און דאָס זעלבע אויך אין א צווייט אָרט אין תשובה פ"ג הי"ג. דערויף בעמערקט דאָרט דער כסף־משנה, אז עס איז איהם אונבעקאנט, וואו עס געפינט זיך ערגעץ אין די דברי חז"ל אזא מאמר.

ווייזט אָבער אָן רבי ישעי' פיק אין זיינע הגהות למשניות, אז דאָס איז א בפי־רושער מאמר אין ירושלמי חגיגה פ' אין דורשין.

דערצו דאַרף צוגעגעבען ווערען, אז א חוץ אין ירושלמי געפינט זיך דער דאָ־זיגער מאמר נאָך אין אַן אָרט, אין בראשית־רבה א': „אמר ר' יוסי בר חנינא כל המת־כבד בקלון חברו אין לו חלק לעולם הבא".

(פרדס יוסף)

## ויהי ד' את יוסף ויהי איש מצליח... (לט. ב.)

ער איז געווען נאָהנט צום רבונו של עולם אפילו דאמאָלס, ווען עס איז איהם געגאנגען גוט, ווען ער איז געווען א „איש מצליח"...

(רבי ר' בונם)

**אין דער תפילה פון ראש־חודש בענשען זאָגען מיר: „חיים שיש בהם יראת שמים ויראת חטא" און דאן ווידער נאָך אמאָל: „חיים שתהא בנו אהבת תורה ויראת שמים". נאָך וואָס בעטען מיר עפּיס צוויי מאָל אויף יראת־שמים?**

**ווייל אינמיטען בעטען מיר דערוויל: „חיים של עושר וכבוד", און קוים קומט אריין אין דער מיט „עושר וכבוד", האלט עס שוין מיט׳ן פריהערדיגען יראת־שמים גאנץ שמאָל און מען דאַרף פון דאָס נ״י בעטען אויף יראת־שמים...**

(אין נאָמען פון חפץ־חיים)

**מערקווירדיג! — האָט אמאָל רבי יוסף ענגעל געזאָגט אין א דרשה בדרך־הלצה — בעת עס האנדעלט זיך וועגען „חיים ארוכים" זאָגען מיר: „ותתן לנו חיים ארוכים וכו׳ חיים של טובה, חיים של ברכה וכו׳", זאָלסט אונז געבען — „לנו". דאַ־געגען אָבער בשעת עס קומט צו יראת־שמים זאָגען מיר: חיים שיש בהם יראת־שמים ויראת חטא — „בהם" זיי זאָלסטו געבען...**

## ויהי איש מצליח — ויהי בבית אדוניו המצרי... (לט. ב.)

**דער איד ארבייט, דער איד איז מצליח, אָבער — „ויהי בבית אדוניו המצרי", די גאנצע האָרעוואניע און הצלחה געהט אוועק פאר׳ן מצריי׳ס וועגען, סוף כל סוף קומט דער גוי און נעהמט דאָס אלץ צו...**

(אמרי חן)

## וירא אדוניו כי ד׳ אתו וכו׳... (לט. ג.)

**דערפאר ווייל „וירא אדוניו כי ד׳ אתו", איז אויך „וימצא יוסף חן בעיניו", דען „כל מי שרות המקום נוחה הימנו — רוח הבריות נוחה הימנו"...**

(אמרי חן)

## ויעזב כל אשר לו ביד יוסף וכו׳... (לט. ו.)

**ויעזוב כל אשר לו ביד יוסף — ער פלעגט אלץ איבערלאָזען יוסף׳ן — ולא ידע אתו מאומה — און עס האָט פון דעם אלעם גאָרנישט געפעהלט — כי אם את הלחם אשר הוא אוכל — בלויז פון ברויט פלעגט פעהלען, מעהר ווי ברויט האָט ער נישט אָנגעריהרט...**

(אלשיך)

## ולא ידע אתו מאומה כי אם הלחם אשר הוא אוכל, ויהי יוסף יפה תואר ויפה מראה... (לט. ו.)

**וואָס פאר א שייכות האָט דאָ דער פסוק מיט׳ן אָנהויב?**

**נאָר וועגען דניאל, חנניה, מישאל ועזריה ווערט דערצעהלט, אז זיי האָבען נישט געוואָלט עסען קיין מאכלות אסורות און זיי האָבען זיך ערנעהרט בלויז מיט**

קערנער און דאָך „נראה מראיהם טוב ובריאי בשר מן כל הילדים האוכלים את פתבג המלך" (דניאל א. טו.), און דאָס זעלבע דערצעהלט אונז אויך דאָ די תורה וועגען יוסף'ן: „ולא ידע אתו מאומה כי אם הלחם אשר הוא אוכל", אויסער ברויט האָט יוסף ביי פו־טיפר'ן אין הויז פון קיין שום אנדערע זאך נישט געוואָלט טועם זיין, און דאָך — „ויהי יוסף יפה תואר ויפה מראה"...

(פה קדוש)

## וימאן ויאמר אל אשת אדוניו וכו' (לט. ח.)

דער שפּאָלער זיידע פלעגט זאָגען: בשעת דער יצר־הרע רעדט דיך צו צו א שלעכטע זאך, איז קודם־כל „וימאן", קודם שטויס איהם אָב פון זיך און ערקלער איהם, אז דו ווילסט נישט און וועסט איהם נישט פאָלגען, און ערשט דאן — „ויאמר", מעגסטו זיך מיט איהם אויסשמועסען און איהם געבען צו פערשטעהען, פארוואָס דו ווילסט נישט...

(אילנא דחיי)

## הן אדוני לא ידע אתי מה בבית וכו' ואיך אעשה הרעה הגדולה הזאת... (לט. ח. ט.)

וואָס פאר א שייכות האָט עס איינס צום צווייטען?

נאָר די חז"ל זאָגען: „רובן בגזל ומעוטן בעריות", און אָט דאָס האָט יוסף געזאָגט: „הן אדוני לא ידע אתי מה בבית" וכו', מה־דאָך איך בין אָבגעהיטען אין גזל, כאָטש דער רוב איז דערין נישט אזוי שטארק נזהר, „ואיך אעשה את הרעה הגדולה הזאת", מכל שכן אין עריות, אין וועלכען נאָר א מעוט ווערט נכשל, דארף איך דאָך אוודאי זיין נזהר...

(חיד"א אין נחל קדומים)

## ואיך אעשה הרעה הגדולה הזאת וחטאתי לאלקים... (לט. ט.)

פארוואָס שטעהט עפּעס „וחטאתי", א לשון עבר, נישט „ואחטא"?

נאָר — האָט רבי שמעון סופר געזאָגט דערויף בדרך בדיחות — פוטיפר'ס ווייב האָט גע'טענה'ט צו יוסף'ן: אויך תשובה איז דאָך א מצוה, וואָס א איד דארף מקיים זיין. טאָ מוזטו דאָך אמאָל זינדיגען, כדי דו זאָלסט קענען תשובה טהון?... האָט איהר יוסף דערויף געענטפערט צוויי זאכען: ערשטענס, „ואיך אעשה הרעה הזאת", אויב לשם תשובה דארף איך דאָך נישט בעגעהן אזא מורא'דיג גרויסען חטא, כ'קאָן דאָך יוצא זיין מיט א פיעל קלענערע עבירה. און צווייטענס, „וחטאתי לאלקים", איך האָב שוין אמאָל געזינדיגט און די מצוה פון תשובה האָב איך שוין, אלזאָ, לאנג מקיים געוועזן...

ואיך אעשה הרעה הגדולה הזאת וחטאתי לאלקים...

דערויף ווערט געזאָגט אין מדרש רבה: „וחטאתי לד' אין כתיב כאן אלא וחטאתי לאלקים" וכו'.

פרעגען אלע מפרשים: לויט׳ן ווייטערדיגען אויספיהר פון מדרש (זאל דער לעזער דארט מעיין זיין) ווערט דאך די דאזיגע קשיא אבסאלוט נישט פארענטפערט און עס זעהט זיך פאקטיש קיין שום חילוק נישט פון „וחטאתי לד׳" ביז „וחטאתי לאלקים"?

נאר באמת איז אין מדרש געשטאנען: „וחטאתי לאדוני אין כתיב כאן", און די קשיא פון מדרש איז: יוסף האט דאך אין זיין ערקלערונג כסדר גערעדט וועגען בעל הבית, וועגען פוטיפר׳ן, טענה׳דיג: „הן אדוני לא ידע אתי מה בבית וכו׳" און „איננו גדול בבית הזה ממני ולא חשך ממני מאומה" וכו׳, אז ער קאן פוטיפר׳ן נישט פער־ראטן, אין דער צייט, ווען יענער האט צו איהם אזא אונבעגרענעצטען צוטרוי. אויף אזא אופן האט דאך, אלזא, געדארפט זיין דער אויספיהר: „ואיך אעשה הרעה הגדולה הזאת וחטאתי לאדוני", ווי אזוי קאן איך בעגעהן אזא שווערע זינד געגען מיין הערר, פוטי־פר׳ן, וועלכער האט מיר אלץ אנגעטרויט? „וחטאתי לאדוני" האט דאך געדארפט שטעהן, נישט „וחטאתי לאלקים"?

אבער די שפעטערדיגע מדפיסים, זעהענדיג אין מדרש די ווערטער: „וחטאתי לאדוני אין כתיב כאן", האבען זיי געמיינט, אז עס איז א שם קדש און זיי האבען עס, ווי דער שטייגער איז, פערקירצט און געשריבען מיט ראשי תיבות, און עס איז ארויס־געקומען „וחטאתי לד׳ אין כתיב כאן אלא וחטאתי לאלקים"...

(רבי ר׳ העשעל)

„בני נח נצטוו על העריות"... (רש״י)

אויך פוטיפר׳ס ווייב איז דאך געווען פון בני־נח און אויב אויף איהר איז חל געווען דער חטא, האט ער דאך, אויב אזוי, געדארפט זאגען "וחטאנו"? נאר — ער האט זיך נישט געוואלט מיט איהר מתיחד זיין אפילו אין רעדען, אפילו בלויז „בדיבור"...

(הנ״ל)

## ויבא הביתה לעשות מלאכתו... (לט. יא.)

„שנראית לו דמות דיוקנו של אביו"... (רש״י)

דער טאטע יעקב האט זיך געהאלטען אינ׳ם אלטען, פארצייטישען אידישען שטייגער; יוסף אבער האט געוואלט איינפיהרען א נייעם דרך: ער האט געוואלט ווייזען, אז מען קאן זיין מאדערן, א „מסלסל בשערו ומתקן בבגדיו", און דאך זיין א ירא־שמים... איצט, ווען ס׳איז איהם אונטערגעקומען דערדאזיגער שווערער נסיון — „נראית לו דמות דיוקנו של אביו", האט ער איינגעזעהן, אז ריכטיגער איז דעם פאטערס דרך...

(רבי מאיר׳ל פרימישליאנער)

רבי יהושע׳לע קוטנער איז אמאל געפאהרען אויף דער באהן. אנטקעגען איהם איז געזעסען א פרייער פארשוין, וועלכער האט איהם שטארק געערגערט מיט זיין אונאנשטענדיגער, הפקרדיגער אויפפיהרונג. ווען דער קוטנער רב האט איהם דע־רויף אויפמערקזאם געמאכט, האט יענער חוצפה׳דיג אבגעענטפערט, אז איהם דארף

מען נישט לערנען און זאָגען מוסר, אויסרעכענגדיג דערביי זיין יחוס, אז ער איז דעם און דעם בעריהמטען רב'ס אנ'איייניקעל.

— אויב איהר שטאמט יאָ פון אזא שעהנער משפחה — מאכט צו איהם דער קוטנער — האָט איהר דאך אודאי אמאָל געלערנט א פרשה חומש און א קאפיטעל תנ"ך. וועגען אדוניה, דער זוהן פון דוד המלך, ווערט דערצעהלט: „ולא עצבו אביו מימיו" (מלכים א. ו). אז אין זיין הפקר'דיגער אויפפיהרונג האָט איהם נישט געאהרט און עס האָט איהם נישט אָבגעהאלטען דאָס וואס ער האָט אזא בעריהמטען טאטען, וועלכען ער איז מבזה מיט זיינע מעשים, דאגעגען ביי יוסף'ן געפינען מיר, אז אפילו ווען ער האָט שוין געהאט ביי זיך בעשלאָסען, לויט דער דעה פון איין מאן דאמר, צו טהון אנ'עבירה, איז ווי נור ער האָט זיך פארגעשטעלט „דמות דיוקנו של אביו", פון וואָס פאר א משפחה ער שטאמט און ווער זיין טאטע איז, האָט ער זיך גלייך צוריקגעצויגען...

## ויעזוב בגדו בידה וינס ויצא החוצה... (לט. יב.)

זעהט — פלעגט זאָגען רבי יהושע העשיל אפטער — יוסף הצדיק איז געווען אנ'עומד בפני יצרו, ביישטעהענדיג דעם שווערען נסיון פון אשת פוטיפר, און פונ־דעסטוועגען, צוליעב דעם, וואָס ער איז נכשל געוואָרען אין חטא פון לשון־הרע און שנאת־חנם, האָט ער גורם געווען צום גלות מצרים. יהודה דאגעגען איז נישט בייגע־שטאנען דעם נסיון מיט תמר'ן, און פונדעסטוועגען, צוליעב דער מדה פון רחמנות, וואָס ער האָט ארויסגעוויזען צו זיין ברודער, צוליעב'ן „ויאמר יהודה אל אחיו מה בצע כי נהרג את אחינו", האָט ער זוכה געווען, אז פון איהם זאָל ארויסקומען דער גואל צדק...

## ויתנהו אל בית הסוהר, מקום אשר אסורי המלך אסורים... (לט. כ.)

אין אמאָליגען עגיפּטען — ווי עס דערצעהלען די היסטאָריקער — איז געווען איינגעפיהרט, אז איבער די קרימינעלע און מאָראלישע פערברעכער פלעגט פאָרקומען אנ'עפענטליך פאָלקס־געריכט, דאגעגען די פאליטישע פערברעכער, די „אסורי המלך" פלעגט מען משפט'ן בצנעא, ביי געשלאָסענע טהירען. יוסף און זיין זינד, וואָס ער איז מכלומר'שט בעגאנגען, האָט אבסאָלוט נישט געהאט צו טהון מיט פאָליטיק, און דאָך האָט איהם פוטיפר איינגעשלאָסען צווישען די „אסורי המלך", וואהרשיינליך דערפאר, בכדי מען זאָל איהם נישט דן זיין עפענטליך און דאָס פאָלק זאָל זיך נישט דערוויסען די סקאנדאליעזע געשיכטע מיט זיין „צניעות'דיגע" פרוי...

(בכורי אביב)

## אין שר בית הסוהר רואה את כל מאומה בידו באשר ד' אתו וכו' (לט. כג.)

דער פשט פונ'ם דאָזיגען, אין פלוג אונקלאָרען און צו־לאנגען פסוק, איז: דער שר בית הסוהר האָט נישט געזעהן „את כל מאומה בידו", קיין שום שלעכטס אין דעם, „באשר ד' אתו", וואָס יוסף איז פרום און אָבגעהיטען און אזויפיעל פערנומען מיט גאָט, מחמת ער האָט זיך איבערצייגט, אז טראָץ דעם אלעם איז „ואשר הוא עושה ד' מצליח", אז זיין פרומקייט איז קיין שום שטערונג נישט פאר די מלוכה־אינטערעסען, וועלכע ער ערפילט פינקטליך און מיט ערפאָלג...

(די דאָזיגע ווערטער האָט געשריבען אין דער צוואה צו זיינע קינדער רבי חסדאי אבן שפרוט, וועלכער איז געווען א שר ויועץ ביים קאליף עבד אלרחמן דער דריטער).

אויסערליך איז אויף יוסף'ן קיין שום בעזונדערע פרומקייט נישט קענטיג געווען, ער האָט זיך בעמיהט צו זיין עלעגאנט, צו אימפּאָנירען מיט זיין אויסזעהן, ווי רש"י זאָגט אויפ'ן פסוק „והוא נער את בני בלהה", שהיה עושה מעשה נערות, מתקן בשערו, ממשמש בעיניו כדי שיהא נראה יפה" און דערויף טאקי האָט זיך דער שר בית הסוהר געוואונדערט. ער האָט געזעהען, אז „ואת כל אשר עושים שם הוא היה עושה" אז ער טהוט דאָס זעלבע וואָס אלע און אין זיין התנהגות איז קיין אויסנאהם נישט קענטיג און — „אין שר בית הסוהר רואה כל מאומה בידו באשר ד' אתו", ער האָט נישט בעמערקט אין זיין אויפפיהרונג קיין שום בעזונדערע זאך, וואָס זאָל ווייזען, אז גאָט איז מיט איהם, אז ער איז דורכגענומען מיט יראת-שמים. געזעהען האָט ער בלויז דעם פאקט, אז „ואשר הוא עושה ד' מצליח", אז וואָס ער טהוט, העלפט איהם השי"ת און ער איז מצליח, און דאָס איז פאר איהם, דעם שר בית הסוהר, א גרויס רעטעניש געווען...

(שיחות חכמים)

מען האָט אמאָל דערצעהלט פאר רבי חיים צאנזער, אז רבי אייזיק'ל קאמארנער איז זיך גאָר שטארק קונה שם ביים עולם מיט זיינע מופתים, וועגען וועלכע מען הערט נישט אויף צו רעדען, האָט רבי חיים בעמערקט דערויף מיט א שמייכעל:

„אין שר בית הסוהר רואה את כל מאומה בידו" — מען האָט ביי יוסף'ן גאָרנישט געזעהן, קיין שום צדקות און קיין שום מופתים, און פונדעסטוועגען — „באשר ד' אתו", האָט מען דאך דערקענט, אז ער איז אנ'עהרליכער איד...

## ויהי אחר הדברים האלה חטאו משקה מלך מצרים... (מ. א.)

„נמצא זבוב בפיילי פוטירין שלו" (רש"י)

פון וואָס דער אידישער גורל איז אלץ אָבהענגיג: פון א זבוב, פון א מעשה מיט א פליג!... ווען נישט די פליג, וואָלט דער שר-המשקים נישט איינגעזעצט געוואָרען אין תפיסה, פרעה וואָלט זיך נישט דערוואוסט, אז יוסף איז א פותר הלומות, יוסף וואָלט נישט געוואָרען קיין משנה למלך און ער וואָלט נישט אראָבגעבראכט דעם טאטען מיט'ן גאנצען הויזגעזינד קיין מצרים און אזוי ווייטער... אלץ א דאנק דער פליג!

(כרם הצבי)

## בעוד שלשת ימים ישא פרעה את ראשך מעליך... (מ. יט.)

אלע מפרשים שטעלען זיך דערויף, וואָס די זעלבע ווערטער האָט יוסף געזאָגט סיי צום שר המשקים, סיי צום שר האופים. פון די פערשידענע ערקלערונגען, וואָס ווערען וועגען דעם געגעבען, איז אינטערעסאנט דער פירוש פון אברבנאל, וועלכער טייטש: „ישא את ראשך מעליך", ער וועט דיך דעגראדירען, אראָבזעצען פון אמט. אזוי האָט מען זיך דאן נוהג געווען מיט אלע קרוין-בעשולדיגטע: קודם-כל האָט מען זיי, פאר'ן צוטרעטען צום משפט, דעגראדירט פון זייער אמט און ערשט נאכהער האָט מען זיי געשטעלט פאר'ן געריכט. דעם שר-המשקים האָט ער, אלזאָ פאָרגעזאָגט: „בעוד

שלשת ימים ישא פרעה את ראשך", וועסטו אראבגעזעצט ווערען פון דיין אמט, און דאן — "והשיבך על כנך ונתת כוס פרעה בידו", וועט דיך דער משפט רעהאביליטירען און דו וועסט צוריק דערהויבען ווערען, דאגעגען דעם שר האופים האט ער געזאגט: "בעוד שלשת ימים ישא פרעה את ראשך מעליך" און אינם משפט וועסטו ווערען פעראורטיילט — "ותלה אותך על עץ"...

ביידע חלומות, פון שר המשקים און שר האופים, האבען דאך אנ'עהנליכען אינהאלט געהאט, און וואס פאר אנ'אונטערשיעד האט אייגענטליך יוסף געזעהען אין זיי, וואס ער האט דעם ערשטען חלום פותר געווען לטובה און דעם צווייטען לרעה?

נאר — האט עס מסביר געווען דער דובנער מגיד — צוויי מענשען האבען זיך אמאל אבגעשטעלט אין גאס פאר א בילד, אויף וועלכען עס איז געווען אויסגעמאלט א מענש, וואס טראגט א קארב מיט זעמעל אויפ'ן קאפ. אזוי ווי זיי שטעהען און בעטראכ־טען דאס בילד דערזעהען זיי, ווי א דורכפליהענדער פויגעל שטעלט זיך אוועק אויפ'ן בילד און הויבט אן פיקען די זעמעל פון קארב. רופט זיך אן איינער פון די פארבייגעהער צום צווייטען: דער מאלער זעהט אויס צו זיין א גרויסער קינסטלער, דאס בילד איז ביי איהם ארויסגעקומען אזוי נאטירליך, אז די פייגעל מיינען, אז דאס זענען אמת'ע זעמעל. דערויף ענטפערט איהם דער צווייטער: ניין, דאס איז נישט קיין גרויסער קינ־סטלער. בלויז די זעמעל זענען ביי איהם ארויסגעקומען לעבעדיג, אבער נישט דער מענש, ווייל ווען ער וואלט אויסגעזעהען ווי א לעבעדיגער מענש, וואלט דער פויגעל מורא געהאט צוצוגעהן צו איהם אזוי נאהנט.

און אט דאס האט אויך יוסף בעמערקט אין דאזיגען חלום; אויסהערענדיג דעם חלום, וואס דער שר האופים האט איהם דערצעהלט, אז "והעוף אוכל אותם מן הסל מעל ראשי", אז דער פויגעל האט קיין מורא נישט געהאט און זיך אוועקגעשטעלט פיקען די זעמעל פון קארב, וואס ער האט געטראגען אויפ'ן קאפ, האט ער דערפון פערשטאנען, אז ער האט מעהר נישט פאר זיך קיין לעבעדיגען מענש און אז "בעוד שלשת ימים ישא פרעה את ראשך מעליך"...

## ולא זכר שר המשקים את יוסף וישכחהו... (מ. כג.)

עס איז אנגענומען ביי מענשען, אז אלס סימן נישט צו פערגעסען אין א דרינ־גענדע זאך פערבינדט מען א קניפ אין מלבוש, אדער אין די טאשען־חפצים, וואס מען טראגט מיט זיך, לזכרון.

ווי עס ווייזט אויס איז שוין פארצייטענס, מיט פיעל טויזענדער יאהרען צוריק, געווען אנגענומען דער דאזיגער סימן, ווי מיר געפינען אין מדרש־רבה אויפ'ן דאזיגען פסוק, אז דער שר המשקים, וועלענדיג האבען בזכרון יוסף'ס בקשה "היה קושר קשרים ומלאך בא ומתירם"...

אנ'עהנליכע אנדייטונג אויפ'ן דאזיגען סימן איז אויך צו זעהען אין זוהר פ' תשא (דף ק"ק) וואו עס ווערט געזאגט: "ונטירנא ליה צריר בכנפי דלבושאי דלא יעדי מנן לעלמין".

רבי אהרן טייטיווער, דעם בעל־שם־טוב׳ס אייניקעל, האָט, איידער ער איז נתפרסם געוואָרען אלס צדיק, געוואוינט אין קאנסטאנטין, וואו ער האָט געלעבט אין גרויס דחקות. איינמאָל, בשעת רבי אהרן איז אוועק פרייטאג פארנאכט אין בית־המדרש אריין און אין שטוב איז נישט געווען אנגעגרייט די מינדעסטע זאך אויף שבת, האָט ער זיך געווענדעט צו אייניגע מתפללים און זיך געקלאָגט פאר זיי.

— היתכן — האָט ער געביטערט — אויפ׳ן בעל־שם׳ס אנ׳אייניקעל זאָל קיינער קיין רחמנות נישט האָבען און מען זאָל איהם מיט זיין גאנץ בני־בית לאָזען אויסגעהן ממש פון הונגער?

די דאָזיגע ווערטער האָבען אויף די מתפללים א שטארקען רושם געמאכט. עס איז באלד אויפ׳ן אָרט געוואָרען בעשלאָסען, אז מען זאָל רבי אהרנ׳ען מהיום־והלאה צאָהלען וואָכען־געלד און אז תיכף נאָך שבת זאָלען זיך אלע בעלי־בתים צונויפקומען אויף אנ׳אסיפה און יעדער זאָל זיך דעקלארירען, וויפיעל ער איז זיך מתחייב צו צאָהלען וועכענטליך.

אויפ׳ן וועג פון בית־מדרש א היים האָט זיך ביי רבי אהרן פלוצים דערוועקט א שטארק חרטה־געפיהל: היתכן? וואָס האָט ער געטהון? א גאנצען לעבען איז ער געווען א בעל־בטחון און זיך געהיטען נישט צו ווענדען זיך צו קיין מענשליכע הילף און איצט האָט ער, חלילה, מיט איינמאָל דעם בטחון פערלוירען און דערצו זיך נאָך בענוצט דערביי מיט׳ן נאָמען פון זיין הייליגען זיידען? ער האָט זיך אזש צעוויינט פון גרויס צעַר און ער האָט אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל און מתפלל געווען, אז די בעלי־בתים זאָלען פערגעסען אין דער געגעבענער הבטחה און זיי זאָלען גאָרנישט טהון פאר איהם.

וכך הוה. זיין תפלה איז אָנגענומען געוואָרען און קהל האָט לגמרי פערגעסען אין דעם, וואָס מען האָט שבת אָבגערעדט...

די דאָזיגע מעשה האָט דערצעהלט דער טשאָרטקאָווער רבי, רבי דוד משה (דעם ריזשינערס זוהן) און ער האָט דערביי צוגעגעבען, אז דערמיט ווערט פערשטענדליך דער מדרש אין פרשת וישב: „אשרי הגבר אשר שם ד׳ מבטחו ולא פנה אל רהבים — זה יוסף". איז דאָך אין פלוג קשה: מיר זעהען דאָך, אז אנשטאָט צו האָבען בטחון אין השי"ת, האָט זיך גאָר יוסף געווענדעט מיט א בקשה צום שר־המשקים, ער זאָל איהם דערמאָהנען פאר פרעה׳ן? נאָר מוז זיין — האָט דער טשאָרטקאָווער אויסגעפיהרט — אז יוסף האָט גלייך דערויף חרטה געהאט און ער האָט שפעטער מתפלל געווען און אויסגעפועלט, אז עס זאָל זיין — „ולא זכר שר המשקים את יוסף וישכחהו", אז דער שר־המשקים זאָל איהם קיין טובה נישט טהון און אין איהם אינגאנצען פערגעסען...

דעריבער — שרייבט אין אנ׳אָרט רבי יהודה אריה די מודינא בדרך בדיחות — איז איינגעפיהרט, אז פרשת זכור ווערט געלייענט א שבת פאר פורים און נישט אין טאָג פון פורים זעלבסט, ווייל אום פורים איז דער דין: „חייב אינש לבסומי בפוריא עד דלא ידע" וכו׳, און דער דאָזיגער טאָג איז דעריבער נישט פאסענד פאר „זכור". אין א טאָג פון טרינקען, געדענקט זיך נישט. סימן לדבר: „ולא זכר שר המשקים"...

# מִקֵּץ

די פרשה פון מקץ ווערט שטענדיג געלייענט אום שבת־חנוכה; אָדער עס איז דער ערשטער אָדער דער צווייטער שבת פון חנוכה, דען דער נס־חנוכה, וועלכער איז בעשטאנען פון „מסרת גבורים ביד חלשים ורבים ביד מעטים" האָט אין זיך א שטארקע עהנליכקייט צו דעם, וואָס עס ווערט דערצעהלט אין דער דאָזיגער סדרה וועגען פרעה׳ס חלום פון — „ותאכלנה הפרות רעות המראה ודקות הבשר את שבע הפרות יפות המראה והבריאות" און „ותבלענה השבלים הדקות את שבע השבלים הבריאות המלאות"...

(חנה דוד)

## ויהי מקץ שנתים ימים... (מא. א.)

„ויהי מקץ שנתים ימים" — בשעת דער מענש קומט אויף דער עלטער, צום סוף פון זיינע יאָהרען און טעג — „ופרעה" — דאן ענטפלעקט זיך פאר איהם (פון לשון „כי פרעה אהרן") און ער דערזעהט — „חולם" — אז דאָס גאנצע לעבען איז נישט געווען מעהר, ווי א חלום, א קורצער חלום — „והנה עומד על שפת היאור" — אז ער שטעהט נאָך דעם אלעם ערשט ביים סאמע ברעג, ער האָט גאָרנישט אויפגעטהון און גאָרנישט דערגרייכט...

(רבי משה מיכל מביאלע)

רבי מאיר פרימישליאנער פלעגט זאָגען: „ויהי מקץ", בשעת דער מענש קומט אויף דער עלטער, צום סוף פון זיינע טעג, קוקט ער זיך ארום און ער דערזעהט פאר זיך „שנתים ימים", אז דאָס לעבען וואָס ער האָט דורכגעמאכט, בעשטעהט ס״ה פון א פאָר נישטיגע יאָהרען, וואָס זענען שנעל פערשוואונדען און דורכגעגאנגען מיט גאָר־נישט, מיט שטותים און נארישקייטען...

אויף אַן אַנדער אופן פלעגט זאָגען רבי דוד׳ל טאלנער:

„ויהי מקץ" — וואָס וועט זיין דער סוף? — „שנתים ימים" — מען פערשלאָפט די יאָהרען — „ופרעה חולם" — און מען לאָזט זיך פערנארען פונ׳ם יצר׳ס חלומות, פאנטאזיעס און איינגערעדטע שטותים...

„על ידי שאמר לשר המשקים כי אם זכרתני והזכרתני אל פרעה נתוסף לו עוד שנתים" (מדרש רבה)

פארוואָס עפיס דווקא צוויי יאָהר?

נאָר דער שיעור פון זכירה, ווי לאנג א זאך לאָזט זיך געדענקען, איז א יאָהר,

ווי מיר געפינען אין דער גמרא: „אין המת משתכח מן הלב אלא לאחר שנים עשר חודש" (ברכות נ"ח). אין זיין ווענדונג צום שר־המשקים האָט יוסף צוויי מאָל איבער־גע'חזר'ט די דאזיגע בקשה: „כי אם זכרתני אתך כאשר ייטב לך" און „והזכרתני אל פרעה" און צוויי מאָל זכירה איז צוויי מאָל צו צוועלף חדשים, און דעריבער „נתוסף לו עוד שנתים", איז א עונש נגזר געוואָרען אויף איהם צו זיצען נאָך צוויי יאָהר אין תפיסה. מדה כנגד מדה...

(תוספת ברכה)

## ופרעה חולם והנה עומד על היאור... (מא. א.)

דערויף ווערט געזאָגט אין מדרש: „הדא הוא דכתיב עדות ביהוסף שמו בצאתו על ארץ מצרים שפת לא ידעתי אשמע".

וואָס איז דער זין פון דאָזיגען מדרש?

נאָר אין מדרש תנחומא ווערט ערקלערט, אז צוליב דעם איז פרעה אזוי זיכער געוועזן, אז יוסף האָט איהם ריכטיג פותר חלום געוועזן און אז ער איז א „איש אשר רוח אלקים בו", מחמת ביים איבערדערצעהלען דעם חלום האָט ער בכיון משנה געוועזן פערשיעדענע ווערטער און יוסף האָט איהם יעדעס מאָל אויפמערקזאם געמאכט, אז נישט אזוי, נאָר אנדערש האָט ער אין חלום געזעהען, נישט „עומד על שפת היאור". נאָר „על היאור", נישט „והנה מן היאור עולות שבע פרות בריאות בשר ויפות תואר", נאָר „יפות מראה ובריאות בשר", נישט „שבע פרות דלות ורעות" נאָר „רעות מראה ודקות בשר", נישט „שבע שבלים מלאות וטובות", נאָר „בריאות וטובות", נישט „שבע שבלים צנומות דקות", נאָר „דקות ושדופות קדים".

און דאָס אייגענטליך בעמערקט דער מדרש: „ופרעה חולם והנה עומד על היאור וכו' וידבר פרעה אל יוסף, בחלומי הנני עומד על שפת היאור", דערפון וואָס פרעה האָט משנה געוועזן און איבערדערצעהלט דעם חלום אנדערש, ווי ער האָט איהם געזעהען — „הדא הוא דכתיב עדות ביהוסף שמו בצאתו על ארץ מצרים", אָט דאָס האָט פאר איהם געדיענט אלס עדות און בעשטעטיגונג אין דער ריכטיגקייט פון יוסף'ס פתרון און דערפאר האָט ער איהם בעלויהנט און בעשטימט אלס מושל איבער'ן לאנד מצרים, און איבערצייגט האָט ער איהם דערפאר, ווייל „שפת לא ידעתי אשמע", ווייל בשעת ער האָט געזאָגט צו איהם: „בחלומי הנני עומד על שפת היאור", האָט איהם יוסף ערקלערט, אז דער „שפת" איז נישט ריכטיג, דעם „שפת" האָט ער אין חלום נישט געזעהען...

(מרגניתא דר' מאיר)

„כל שאר נהרות אינם קרוין יאורים חוץ מנילוס וכו' ונילוס עולה בתוכה ומשקה אותה" (רש"י)

און ווי די חז"ל ערקלערען אין פערשידענע ערטער, פאסירט דאָס יאָהר־יעהרליך. יעדעס יאָהר געהט דער נילוס ארויס פון די ברעגען און בעוואסערט דאָס גאנצע לאנד. עס איז דעריבער מערקווירדיג, וואָס אויפ'ן פסוק „ונשקה כיאור מצרים" (עמוס ח. ח.) זאָגט דאָרט רש"י: „נילוס עולה אחת למ' שנה ומשקה את הארץ", אז דאָס פאסירט בלויז איינמאָל אין פיערציג יאָהר...

## שבע שבלים עולות בקנה אחד בריאות וטובות... (מא. ה.)

דאגעגען ביי די שבלים דקות, וועלכע האָבען מרמז געווען אויף הונגער, שטעהט נישט „בקנה אחד".

דען אין יאָהרען פון זאטקייט און שפע איז מעגליך, אז דער מענש זאָל גאנצע זיעבען יאָהר לעבען אין איין שטאנד און מצב, „בקנה אחד", אָהן שום ענדערונגען, זייענדיג אינ'ם זיעבעטען יאָהר דער זעלבער בעל־פרנסה, נישט בעסער און נישט ערגער, ווי אינ'ם ערשטען יאָהר. אנדערש אָבער איז אין דער צייט פון קריזיס און הונגער. אויב דער דאָזיגער מצב דויערט גאנצע זיעבען יאָהר צייט, דאן איז דאָס צווייטע יאָהר ערגער פונ'ם ערשטען, דאָס דריטע — ערגער פונ'ם צווייטען א. אז. וו. אויף אזעלכע יאָהרען איז נישט שייך צו זאָגען: „בקנה אחד"...

(טעמא דקרא)

## ואין פותר אותם לפרעה... (מא. ח.)

„שלא היה קולן נכנס באזניו" (רש"י)

פון דאנען — פלעגט זאָגען רבי אייזעל סלאָנימער — איז צו זעהען, אז פון אלע פשט'לעך איז אמריכטיגסטען שטענדיג דער איינפאכער פשט. די פערשידענע חכמים האָבען געענטפערט פרעה'ן מיט פשט'לעך. איינער האָט געזאָגט: „ז' בנות אתה מוליד", א צווייטער: — „ז' מלכיות אתה מכבש" א. א. וו. איז „לא היה קולן נכנס באזניו". יוסף אָבער האָט איהם ערקלערט איינפאך: „פרות בריאות" און „שבלים מלאות" מיינט מען זאטע יאָהרען, „פרות דקות" און „שבלים צנומות" — הונגעריגע יאָהרען, און דער פשוט'ער פשט האָט זיך טאקי ארויסגעוויזען פאר'ן ריכטיגסטען...

## ויגלח ויחלף שמלותיו... (מא. יד.)

„וספר ושני כסותיה" (תרגום אונקלוס)

אומעטום אין גאנץ תורה, וואו־נאר עס ווערט דערמאָהנט דאָס וואָרט גלוח, זאָגט אויך דער תרגום: „ויגלח", אָדער „יגלחיניה" וכדומה, טאָ־פארוואָס דאָ אויפ'ן וואָרט „ויגלח", מאכט דער תרגום — „וספר"?

האָט געזאָגט דערויף רבי יאשע דינאבורגער:

אויפ'ן פסוק „וקדקד נזיר אחיו" ווערט געזאָגט אין מדרש־רבה: „רבי לוי אמר נזיר ממש היה", עהנליך אויך אין דער גמרא: „מיום שפירש יוסף מאחיו לא טעם יין" (שבת קל"ט), און אויב אזוי איז דאָך קשה: ווי אזוי האָט ער, אלס נזיר, זיך געמעגט לאָזען אָבגאָלען די האָר? (און אזוי פרעגט טאקי דאָרט, אין שבת, דער מהרש"א) און דעריבער פערטייטשט דאָ דער תרגום: „וספר", אז ער האָט זיך נישט געגאָלט, נאָר געשוירען, און א נזיר איז נור אסור בתער, אָדער „כעין תער"...

## והנה שבע פרות אחרות... לא ראיתי כהנה... (מא. יט.)

„אין מראין לו לאדם אלא מהרהורי לבו", דער מענש חלומ'ט ביינאכט דאָס,

וואָס ער זעהט און טראַכט בייטאָג; און — „לא ראיתי כהנה״, אזעלכע משונה׳דיגע זאכען האָב איך גאָר קיינמאָל אין געדאנק נישט געזעהן...

(רבי איצעל וואָלאָזשינער)

## ואומר אל החרטומים ואין מגיד לי... (מא. כד.)

קיין ריזאנוי איז אמאָל געקומען א מגיד און געהאלטען אין שוהל א דרשה, צו וועלכען ער האָט אויך פערבעטען דעם אָרטיגען רב. נאָך דער דרשה איז ער צוגעגאנגען צום רב און געפרעגט, ווי אזוי די דרשה איז איהם געפעלען געוואָרען. מאכט צו איהם דער רב: דריי מאָל, ווערט אָנגעוויזען אין דער מסורה, געפינט זיך דאָס וואָרט „מגיד״ אין תנ״ך: „מגיד דבריו ליעקב חוקיו ומשפטיו לישראל״, „מגיד מראשית אחרית״ און „ואין מגיד״. דאָס איז אנטקעגען די דרייערליי מגידים. דער ערשטער און בעסטער מגיד איז דער, וועלכער איז „מגיד דבריו ליעקב חוקיו ומשפטיו לישראל״, וועלכער איז מהנה דעם עולם מיט גוטע ווערטער און ער ערקלערט פאר איהם דעם זין פון די חוקים ומשפטים אין דער תורה. פאַרהאַן ווידער א צווייטער, שוין מעהר מאָדערנער מגיד, וועלכער איז א „מגיד מראשית אחרית״, וועלכער דער־צעהלט פאר׳ן עולם אינטערעסאנטע מאמענטען פון דער אידישער געשיכטע און רעדט וועגען דער אידישער צוקונפט. דאָס איז אויך א מגיד. פאַרהאַן אבער לײדער, נאָך א דריטער סאָרט מגיד, וועלכער איז א „ואין מגיד״, וועלכער זאָגט גאָרנישט און רעדט סתם שטותים און דאָך האלט ער זיך פאר א מגיד און פערבעט די רבנים צו זיינע דרשות...

## ועתה ירא פרעה איש נבון וחכם וכו׳... (מא. לג.)

מורא האָבענדיג, אז די חרטומים און יועצים זאָלען נישט אמאָל צוליעב קנאה באַגאַטעליזירען דעם פּתרון זיינעם און איהם אויסלאכען, האָט דעריבער יוסף צוגעגעבען צום סוף: „ועתה ירא פרעה איש נבון וחכם״, כדי איטליכער פון זיי זאָל זיין זיכער ביי זיך און מיינען, אז דאָס וועט מען געוויס איהם בעשטימען אויף׳ן דאָזיגען הויכען אמט, מחמת יעדער איינער האָט דאָך אודאי געהאלטען, אז ער איז דער אמת׳ער חכם ונבון...

און אזוי איז טאקי געווען; ווי נור יוסף האָט ארויסגעזאָגט די דאָזיגע ווערטער— „וייטב הדבר בעיני פרעה ובעיני כל עבדיו״, האָבען זיי אלע דערויף מסכים געווען. „כל עבדיו״ — אלע אָהן אויסנאהם...

(דובנער מגיד)

## יעשה פרעה ויפקד פקדים... (מא. לד.)

ווי מיר זעהען, האָט זיך יוסף זעהר קלוג געפיהרט: צוצונעהמען ביים עולם די תבואה, דאָס האָט ער איבערגעלאָזט פאר פרעה׳ן: „יעשה פרעה ויפקד פקידים״, זאָל ער זיך דערמיט בעשעפטיגען, זאָל ער זיך קויפען שונאים ביים פאָלק, דאגעגען שפּעטער ביים טיילען די תבואה — דאָס האָט שוין יוסף גענומען אויף זיך...

(אמרי שפר)

אויב פרעה וויל באמת, אז די פקידים זאָלען אויספיהרען זיין בעפעהל און דאָס פאָלק זאָל זיך צופאסען צו דער פעראָרדנונג פון „ויקבצו את כל אוכל השנים הטובות", דאַן איז קודם־כל — „יעשה פרעה", דאַרף ער עס פריהער אליין טהון און אליין קודם כל ווייזען אביישפיעל פון שפּאָרזאמקייט...

(לקט אמרים)

אין רוסלאנד האָט א מאָל, אין א יאָהר פון אונגערעטעניש, געהערשט א שרעק־ליכע נויט צווישען דער אלגעמיינער, וממילא אויך צווישען דער אידישער בעפעלקע־רונג. אין אלע שטעדט און שטעדלעך זענען געגרינדעט געוואָרען געזעלשאפטליכע הילפס־קאָמיטעטען, וועלכע האָבען אָבער, ווי דער שטייגער איז, א גאנץ קנאפּע פעולה געהאט, און וואָס מעהר קאָמיטעטען — אלץ מעהר האָבען די אָרימע לייט געהונגערט...

האָט רבי יאָשע בער בריסקער דאַן געזאָגט, אז דערמיט ווערט איהם פערשטענ־דליך די זיכערקייט, מיט וועלכע יוסף האָט פאָראויסגעזאָגט פרעה'ן אז „וקמו שבע שני רעב". אין פלוג: פונוואנען האָט זיך צו איהם גענומען אזא זיכערקייט? עס קען דאָך אמאָל פאסירען, אז השי"ת זאָל זיך ביני לביני מרחם זיין און מבטל זיין די גזירה און נישט ברענגען קיין הונגער אויפ'ן לאנד? נאָר, ווי עס ווייזט אויס, איז צוליעב דעם טאקי, כדי ער זאָל נישט אמאָל בלייבען קיין ליגנער, האָט ער זיך בעוואָרענט און געגעבען פרעה'ן די עצה: „יעשה פרעה ויפקד פקדים על הארץ", אז ער זאָל גלייך צוטרעטען צו גרינדען קאָמיטעטען און אוועקזעצען אנ'ארמעע מיט בעאמטע, וועלכע זאָלען זיך בעשעפטיגען מיט'ן צונויפזאמלען תבואה, מיט'ן לינדערען די נויט, און קוים וועלען עקזיסטירען אזעלכע קאָמיטעטען מיט בעאמטע — וועט שוין דאַן זיכער זיין א הונגער...

## הנמצא כזה איש אשר רוח אלקים בו... (מא. לח.)

וואָרום ווען איך וואָלט געווען געפינען, וואָלט איך אודאי נישט אוועקגעזעצט א אידען אויף אזא הויכען פאָסטען, ליידער אָבער האָב איך נישט קיין אנדערען...

(רבי יצחק יעקב ריינעס)

„איש אשר רוח אלקים בו"... אזא איד, וועלכער זאָל אי זיין א „מסלסל בשערו ומתקן בבגדיו", און גלייכצייטיג זאָל אויך זיין „אשר רוח אלקים בו" — דאָס איז א זעלטענהייט, וואָס ס'איז שווער צו געפינען...

(רבי ר' בונם)

## אין נבון וחכם כמוך... (מא. לט.)

געוועהנליך ווערען אידען געריהמט אלס „עם חכם ונבון הגוי הגדול הזה", דען אזוי איז שוין די אידישע טבע: אידען זענען פריהער חכמים און נאכהער נבונים, פריהער חכמה'נען זיי זיך און ערשט דערנאָך קלערען זיי אריין, תופס צו זיין דעם ענין... יוסף אָבער איז געריהמט געווען דערמיט, וואָס ער איז געווען א „נבון וחכם", פריהער — „נבון"...

(אמרי חן)

## אחרי הודיע אלקים אותך את־כל־זאת אין נבון וחכם כמוך... (מא. לט.)

א שענער בעל־הבית, וועלכער האָט געהאט אין שטאָדט די שענסטע קראָם מיט א ריזיגען לאגער סחורה, איז אמאָל געקומען צולויפען מיט א געוואלד צו די ראשי־הקהל, הלמאי מען האָט איהם געשטעלט א צו־גרויסען עטאט. אמת טאקע — האָט ער גע׳טענה׳ט — כ׳האָב א גרויסע קראָם מיט א סך סחורה, אָבער די סחורה איז נישט מיין, עס איז אלץ געבאָרגט, גענומען אויף קרעדיט! דערויף האָבען איהם די ראשי־הקהל געענטפערט: וויבאלד מען גיט דיר אזא גרויסען קרעדיט, איז דערפון אליין א ראיה, אז דו ביסט א איד א נגיד; אנ׳אָרימאַן באָרגט מען נישט אזוי פיעל... יוסף, איידער ער האָט פרעה׳ן אזוי קלוג פותר געווען די חלומות, האָט ער פריהער מקדים געווען און ערקלערט מיט ענייות: „בלעדי" — די חכמה איז נישט מיין — „אלקים יענה את שלום פרעה" — דאָס אלץ איז דעם אויבערשטענס... דערויף האָט איהם פרעה נאָכדעם געענטפערט: „אחרי הודיע אלקים אותך את־כל־זאת" — אויב דו האָסט ביים אויבערשטען אזא גרויסען קרעדיט, איז דערפון גופא א בעוויז, אז „אין נבון וחכם כמוך"; נאראָנים גיט מען נישט קיין חכמה אויף קאָמיסיאָן...

(דובנער מגיד)

## אתה תהיה על ביתי ועל פיך ישק כל עמי... (מא. מ.)

„ג׳ דברים — זאָגען די חז״ל (ברכות נ״ה) — מכריז עליהם הקב״ה בעצמו ואלו הן רעב ושבע ופרנס טוב". הונגער און זאטקייט אין לאנד זענען, משמעות, א סך אָבהענגיג פון די פרנסים, פון די, וואָס פערוואלטען מיט׳ן קהל׳שען געלד און ווי אזוי, אויף וואָס דאָס געלד ווערט פערוועגדעט.

און דעריבער: „אחרי הודיע אלקים אותך את כל זאת", קוים ביזטו אזא גרויסער מומחה אינם „רעב ושובע", — „ועל פיך ישק כל עמי", דאַרפסטו שוין אויך איבער־נעהמען די דריטע זאך און ווערען — פרנס...

(נפתלי שבע רצון)

אין פוילען איז אמאָל געווען א מנהג, אז פרנסים אין די אידישע קהלות פלעגען ווערען בעשטימט אום שביעי של פסח. האָט רבי אלימלך דינאָווער געזאָגט א טעם דערויף: „ג׳ דברים מכריז עליהם הקב״ה בעצמו וכו׳", פון וואָס עס איז צו זעהען, אז פרנס מיט פרנסה האָבען צווישען זיך א נאָהנטע שייכות, וואָסערע פרנסים — אזא פרנסה... און אין שביעי של פסח, בעת קריעת ים סוף, דערמאָהנט מען זיך, אלזאָ, אז פונקט ווי עס קומט אָן שווער מיט פרנסה, דען „קשים מזונותיו של אדם כקריעת ים סוף", אזוי קומט אויך אָן שווער צוצוקלויבען זיך פאסענדע פרנסים...

## ויקראו לפניו אברך... (מא. מג.)

„אברך זה יוסף שהוא אָב בחכמה ורך בשנים" (רש״י)

בשעת דער רבי ר׳ העשיל איז אלס יונגער בחור געקומען איינמאָל קיין בריסק, וועלכע איז געווען זיין געבורטס־שטאָדט, האָט די גאנצע שטאָדט געקלונגען מיט דעם

דאמאָלס שוין בעריהמט געוואָרענעם עלוי, וועלכען דער ב״ח האָט ארויסגעגעבען סמיכה און איהם טיטולירט אלס „יניק וחכים״.

מען האָט דעם יונגען עלוי פאָרגעשטעלט פאר ר׳ שאול וואהל, וועלכען מען האָט פאָרגעלעגט צו נעהמען איהם פאר אנ׳אידעם, און דערביי האָט מען איהם אויך געוויזען די סמיכה פון ב״ח און די שבחים, וואָס ער שרייבט אויף איהם. בעת ר׳ שאול האָט איבערגעלייענט די ווערטער „יניק וחכים״, רופט ער זיך אָן מיט א שמייכעל צום עלוי:

— ביי יוסף׳ן שטעהט: „אברך — אב בחכמה ורך בשנים״. פריהער ווערט געריהמט זיין גרויסקייט אין חכמה און ערשט דערנאָך — די מעלה, וואָס ער איז יונג, א „רך בשנים״, דיך אָבער, ווי איך זעה, ריהמט מען פערקעהרט: פריהער „יניק״ און ערשט שפּעטער — „חכים״...

— איז דערפאר טאקי — ענטפערט איהם דער עלוי מניה וביה — ברענגט רש״י דערויף דעם ווייטערדיגען אויספיהר פון מדרש: „אמר לו בן דורמסקית, עד מתי אתה מעוות עלינו את הכתובים״. אין פלוג: מיט וואָס איז ער דערמיט א מעוות את הכתובים? צי דען געפינען מיר וועניג אין די חז״ל אזעלכע עהנליכע דרשות אויף פערשיעדענע פסוקים? נאָר דאָס טאקי האָט ער געמיינט מיט זיין פראגע: אויב דער פסוק זאָל אויסען זיין דעם דאָזיגען דרש, וואָלט ער דאָך געדארפט הייסען „רכאב״, נישט „אברך״? פריהער וואָלט מען איהם געדארפט ריהמען, אז ער איז א „רך בשנים״ און ערשט דאן די רבותא, אז ער איז אזוי יונג, אז ער איז א „אב בחכמה״...

דערויף זאָל איהם ר׳ שאול האָבען געענטפערט, אז דער פשט פון „עד מתי אתה מעוות עלינו את הכתובים״ איז, אז דאָס איז געגען דעם, וואָס עס שטעהט בפירוש געשריבען אין (איוב יא. יב.) „בישישים חכמה״, אז א אינגעל קאָן קיין חכם נישט זיין... דאָס איז געווען א שטאָך פאר זיין צו־דרייסטע און חוצפה׳דיגע תשובה, פון וועלכע ר׳ שאול איז געווען אונצופריעדען און ער זאָל דערפאר זיך האָבען אָבגעזאָגט פון צו נעהמען איהם פאר אנ׳אידעם. אָנשטאָט ר׳ שאול׳ן איז דער רבי העשיל געוואָרען דער אידעם פונ׳ם דאמאָלס בעריהמטען בריסקער גביר, ר׳ משה ר׳ לייזער׳ס...

## ויקרא פרעה שם יוסף צפנת פענח... (מא. מה.)

פרעה האָט איהם משנה השם געווען, נישט וועלענדיג, ווי עס ווייזט אויס, האָבען א מיניסטער מיט א אידישען נאָמען. אָבער יוסף — דערצעהלט אונז ווייטער דער פסוק — האָט דעם דאָזיגען נייעם נאָמען נישט אָנגענומען און — „ויצא יוסף על ארץ מצרים״, ער האָט זיך ווייטער גערופען מיט זיין אלטען אידישען נאָמען, און דער נאָמען „צפנת פענח״ ווערט מעהר נישט דערמאָהנט...

(ילקוט דוד)

## ויתן לו את אסנת בת פוטיפרע כהן און לאשה... (מא. מה.)

רבי יעקב, דער ליסער רב, דער בעל „נתיבות המשפט״, איז געווען א שטארקער געגנער פון רבי לייב, דער בעל „קצות החושן״, וועגען וועלכען ער פלעגט זיך אָפט זעהר שארף אויסדרוקען.

איינמאָל, בשעת רבי לייב איז געוואָרען ל״ע אנ׳אלמן, האָט ער געשיקט נאָך א

שדכן און איהם פאַרגעלעגט, ער זאָל פאָהרען צום ליסער רב און רעדען מיט איהם, ער זאָל איהם נעהמען אלס איידעם פאר זיין טאָכטער. היתכן? — וואונדערט זיך דער שדכן — ער איז דאָך אייער גרעסטער שונא, ווילט איהר זיך גאַר מיט איהם משדך זיין?

ענטפערט איהם רבי לייב:

— די תורה דערצעהלט אונז, אז בשעת פרעה האָט געזוכט א שידוך פאר יוסף'ן, האָט ער פאר איהם אויסגעזוכט אסנת'ן די טאָכטער פון פוטיפרע, איז דאָך אין פלוג קשה: פוטיפרע איז דאָך געווען יוסף'ס שונא, צוליעב איהם איז יוסף איינגעזעצט געוואָרען אין תפיסה, טאָ ווי פאלט פרעה אויס צו וועלען איהם דוקא מיט איהם משדך זיין? נאָר געטהון האָט ער עס, ווי עס ווייזט אויס, טאַקי דערפאר, ווייל פוטיפרע איז זיין איינציגער געגנער געווען, דער איינציגער, וועלכער האָט איהם געקענט מבזה זיין און דערצעהלען פאר אלעמען, אז דער דאָזיגער משנה־למלך איז ביי איהם אין שטוב אנ'עבד געווען, און דעריבער האָט זיך פרעה בעמיהט און דורכגעפיהרט, אז יוסף זאָל ווערען פוטיפרע'ס איידעם, מחמת קוים וועט ער ווערען זיין איידעם, וועט ער איהם שוין נישט קענען מעהר מבזה זיין...

## ותחלינה שבע שני הרעב לבוא כאשר אמר יוסף... (מא. נד.)

דאַגעגען ביי די „שנות השובע", בשעת די יאָהרען פון זאטקייט, שטעהט נישט „כאשר אמר יוסף"... אזוי איז עס שוין שטענדיג, אין אלע צייטען: יוסף'ס נאָמען דער־מאָהנט מען נאָר דאמאָלס, ווען עס איז א הונגער אין לאנד, אָבער נישט ווען עס הערשט זאטקייט. דאן דערמאָהנט מען נישט, אז דאָס איז „כאשר אמר יוסף", אז מען האָט עס אין א געוויסער מאָס יוסף'ן צו פערדאנקען, אז אויך ער האָט דערין א שטיקעל חלק...

(רבי יצחק יעקב ריינעס)

## ותרעב כל ארץ מצרים... (מא. נה.)

צום לעמבערגער רב, רבי יוסף שאול נאטאנזאָהן, איז אמאָל אריינגעקומען א דורכוואנדערענדער איד און איהם געבעטען, ער זאָל איהם ערלויבען צו האלטען אין בית־המדרש א דרשה, מחמת ער איז נעביך א איד א נצרך, ער האָט עטליכע בוגרות'ן חתונה צו מאכען און נישט האָבענדיג קיין אנדער פרנסה, פאָהרט ער דעריבער ארום איבער דער מדינה האלטען דרשות.

רבי יוסף שאול האָט איהם ערלויבט און ער האָט אויך בייגעוואוינט די דרשה. ארויסגעוויזען האָט זיך, אז א חוץ וואָס דער איד קאָן נישט די מלאכה פון דרוש, איז ער דערצו אויך א כבד־פה, א שטאמלער, און זיין זאָגעכץ האָט קיין אידישען טעם נישט געהאַט.

נאָך דער דרשה געהט צו דער דרשן צו רבי יוסף שאול'ן און פרעגט איהם, ווי עס איז איהם עפעס געפעלען די דרשה זיינע. ענטפערט איהם דערויף רבי יוסף שאול:

אין פ' מקץ ווערט דערצעהלט: „ותרעב כל ארץ מצרים, ויצעק העם אל פרעה ללחם, ויאמר פרעה וכו' לכו אל יוסף אשר יאמר לכם תעשו", דערויף זאָגט רש"י: „לפי שהיה יוסף אומר להם שימולו". פרעגט זיך: פארוואָס עפיס האָט זיי יוסף געהייסען זיי זאָלען זיך מל זיין? נאָר די זאך איז פשוט: אין דער דאָזיגער הונגער־

צייט האָבען זיך געפונען א סך פערזאָנען, וועלכע האָבען זיך שוין פריהער געהאט פערזאָרגט מיט געהעריגע זאפאסען תבואה, און פון יוסף'ן האָבען זיי געוואָלט ארויס־בעקומען פרישע תבואה, כדי צו מאכען דערמיט געשעפט. אין היות ווי ס'איז שווער געווען צו וויסען, ווער עס נויטיגט זיך באמת אין א ביסעל תבואה, ווייל עס פעהלט איהם אויס ברויט אין שטוב, און ווער עס וויל דערביי ציהען א פאסיק, האָט דעריבער יוסף פערלאנגט פון זיי, זיי זאָלען זיך מל זיין, און דער וואָס וועט גרייט זיין דאָס צו טהון, איז א סימן, אז ער איז באמת הונגעריג.

— כ'מוז אייך זאָגען דעם אמת — פיהרט אויס רבי יוסף שאול — אז נישט צו אלע מגידים האָב איך צוטרוי. בשעת זיי קומען צו מיר בעטען רשות צו דרשנ'ען, קלאָגענדיג זיך, אז זיי הונגערען נעביך, אז זיי געהען אויס ל"ע מיט זייערע פאמיליעס פון דחקות, בין איך זיי אָפט חושד, אז זיי נארען מיך, אז טראָגען ביי זיך „קניפלעך" מיט געלד. בשעת איך האָב אָבער געזעהען, ווי איהר, א איד א כבד־פה, שטעלט זיך אוועק זאָגען א דרשה פאר'ן עולם, כאָטש איהר האָט די מינדעסטע השגה נישט אין דרוש, כאָטש עס קומט אייך אָן מיט אזוי פיעל צער און יסורים, איז עס פאר מיר א סימן, אז איהר זענט אנ'ערליכער מאן, טאקי באמת נעביך א גרויסער נצרך.

## לכו אל יוסף אשר יאמר לכם תעשו... (מא. נה.)

„לפי שהי' יוסף אומר להם שימולו" (רש"י)

היתכן — פרעגט דערויף דער האר"י הקדוש אין ספר הגלגולים — פארוואָס האָט עפעס יוסף אזוי שטארק געוואָלט מזכה זיין די מצרים מיט דער מצות מילה און וואָס איז ער דערמיט אויסען געווען?

ענטפערט דערויף דער רבי ר' העשיל: יוסף האָט געזעהען, אז זיינע קינדער, ווי אויך דער גאנצער בית־יעקב, וועלען געצוואונגען זיין צו זיצען עטליכע הונדערט יאָהר אין מצרים, און מורא האָבענדיג פאר'ן „ויתערבו בגוים וילמדו מעשיהם", אז במשך פון דער צייט זאָלען זיי זיך חלילה נישט אויסמישען מיט די גוים און פארגעסען אין זייער אָבשטאמונג, האָט ער געוואָלט, אז זיי זאָלען כאָטש בלייבען ביי דער מצות־מילה. אויב זיי וועלען דערהאלטען דעם אות־ברית איז פארהאן א האָפנונג, אז זיי וועלען בזמן מן הזמנים זיך צוריק אומקעהרען אין אידישען וועג. און כדי דאָס צו בעוואָרענען, האָט ער דעריבער ארויסגעגעבען א פעראָרדענונג, אז די מצריים זאָלען זיך מל זיין, ווייל ווען די מצריים וועלען זיין גע'מל'עט — וועלען עס זיכער אויך די אידען זיי נאָכטהון...

אנ'עהנליכע תשובה האָט אמאָל רבי יונתן אייבעשיץ געגעבען א געוויסען אפיקורס, וועלכער האָט נישט געוואָלט מל זיין זיין קינד. דער אפיקורס האָט איהם געפרובט אויפווייזען, אז לויט דער מיינונג פון פערשידענע געלעהרטע, שטאמט אייגענטליך דער מנהג פון מילה פון די אור־אלטע נישט־אידישע פעלקער, איז צום ערשטען איינגעפיהרט געוואָרען אין עגיפטען וואו דאָס האָט געדיענט אלס צייכען, אז מען געהער צום „אויסדערוועהלטען" עגיפטישען פאָלק און פון דאָרט האָט זיך עס מיט דער צייט איבערגעטראָגען צו א רייהה אנדערע פעלקער, ובתוכם אויך צו די אידען...

— וואָס דארפט איהר — ענטפערט איהם רבי יונתן — זיך פעררופען אויף די געלעהרטע און אויף זייערע וויסענשאפטליכע בעווייזען? איהר האָט דאָך עס בפירוש

אין רש״י: „אשר יאמר לכם תעשו — **לפי שהיה אומר להם שימולו**״, **אודאי האבען** די עגיפטער מל געווען זייערע קינדער, אָבער דער ערשטער, וואָס האָט דעם דאָזיגען מנהג ביי זיי איינגעפיהרט, איז געווען — יוסף, אונזער יוסף...

— עט — מאכט דער אפיקורס — דאָס לעגט זיך נישט אופ׳ן שכל, נאָכוואָס האָט עס יוסף געדארפט? וואָס האָט איהם געארט, אז די עגיפטער זענען נישט גע׳מל׳עט?

— ער האָט עס גערארפט — ענטפער׳ט איהם רבי יונתן — צוליעב אונזערע אפיקורסים, וועלכע האָבען ליעב אין אלע זאכען צו פערקוקען זיך אויף די גוים. בשעת זיי וועלען זעהען, אז עס זענען פאַרהאַן אויך גוים, וואָס זענען מל זייערע קינדער וועט די דאָזיגע מצוה אפשר בעקומען מעהר חשיבות אין זייערע אויגען און זיי וועלען עס נאָכטהון...

## והרעב היה על כל פני הארץ... (מא. נו.)

„פני״ מיינט מען די עשירים, פון זיי האָט זיך אָנגעהויבען דער הונגער. פאר־וואָס רופען זיך די עשירים „פני״? — ווייל דער עושר ווייזט איטליכען זיין שמייכלענ־דיג פָנים, דאגעגען דער אָרימאַן בעהאלט זיין פנים פון בושה. אנ׳אָרימאַן האָט קיין פנים נישט...

(מדרש רבה)

און אזוי זאָגט אויך דוד המלך: „נתתה שמחה בלבי מעת דגנם ותירושם רבו״; מיין הארץ פרעהט זיך, בעת כ׳זעה, אז די גוים זענען זאט, אז זיי האָבען א שפע פון תבואה און וויין, דאן איז — „בשלום יחדו אשכבה ואישן״ (תהלים ד. ה.), קאָן איך רוהיג שלאָפען. קוים אָבער איז עשו הונגעריג, דאן ציטערט אויף מיר די הויט...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

## וירא יעקב כי יש שבר במצרים ויאמר יעקב לבניו למה תתראו... (מב. א.)

אויב ס׳איז „יש שבר במצרים״, אויב די מצריים זענען זאט און האָבען פרנסה, דאן — „למה תתראו״, האָט איהר נישט וואָס מורא צו האָבען, דארפט איהר נישט לעבען אין פחד.... שלעכט און געפעהרליך איז נאָר דאמאָלס, ווען ביי די מצריים הויבט אָן אויספעהלען שבר, ווען עס פיהלט זיך ביי זיי אנ׳עקאָנאָמישער קריזיס, דאן לאָזט מען אויס קודם־כל דעם כעס צו אידען און צום אידישען סטראגאן, דאן נעהמט מען ביי זיי ארויסרייסען דעם ביסען פון מויל...

„למה תראו עצמכם בפני בני ישמעאל ובני עשו כאלו אתם שבעים״ (רש״י)

זאטקייט און עשירות דארף מען פאר קיינעם נישט ארויסווייזען, ווי די חז״ל זאָגען (ב״ב כ״ה): „הרוצה שיעשיר — יצפין״, זאָל ער זיך בעהאלטען דערמיט און וואָס וועניגער אופרייסען די אויגען... און דאָס איז אויך דער זין פון פסוק: „צאננו מאליפות מרובבות בחוצותינו אלופינו מסובלים וכו׳״ (תהלים קמ״ד). מען זאָל זיך נישט ריהמען פאר קיינעם מיט׳ן פערמעגען וואָרום בשעת „צאננו מאליפות״, אויב מיר פערמאָגען למשל עטליכע טויזענד שאָף, „מרובבות בחוצותינו״, ווערען זיי אין גאס,

ביי מענשען אין די מיילער, פערוואנדעלט אין צעהנער טויזענדער. „אלופינו מסובלים", אונזערע אמת'ע אלופים און עשירים האָבען דערפאר דערגרייכט און זענען אָנגעלאָדען געוואָרען מיט אזוי פיעל גוטס, ווייל — „אין פרץ ואין יוצאת ואין צוחה ברחובותינו", ווייל זיי האָבען זייערע פערמעגענס געזאמעלט שטילערהייד, בעשיידען, אָהן פרסום און אָהן צו מאכען רעדען פון זיך אין די גאסען...

(מלאכת מחשבת)

## ויוסף הוא השליט... הוא המשביר... (מב. ו.)

יוסף האָט זיך נישט געפיהרט, ווי די געוויסע מנהיגים, וועלכע בעקומענדיג א שטיקעל התמנות, זעצען זיי זיך אליין אוועק אויבען־אָן מיט פערלעגטע הענד און רינגלען זיך ארום מיט אָהן א שיעור משמשים און משרתים; נאָר — „הוא השליט" און „הוא המשביר"...

(רבי משה־לייב סאַסעווער)

## ויאמר אליהם מרגלים אתם... (מב. ט.)

יוסף האָט פערשטאנען, אז די ברידער זוכען איהם אודאי ארום און, מעגליך, אז בשעת זיי וועלען איהם דערזעהן און זיך אָבשטעלען אויף זיין עהנליקכייט צו זייער פער־לוירענעם ברודער, וועלען זיי פערפיהרען וועגען איהם א חקירה־ודרישה, און נישט וועלענדיג, זיי זאָלען זיך פאר דער צייט דערוויסען ווער ער איז, האָט ער זיי דעריבער בעשולדיגט אין שפּיאָנאזש און אויסגערופען: „מרגלים אתם!" זייענדיג ארומגערינגעלט מיט אזא שווערען חשד, וועלען זיי שוין דאן מורא האָבען צו פערפיהרען מיט ווער א שמועס און אויסצופרעגען זיך, ווער דער משנה למלך איז און פונוואנען ער שטאמט...

(כפלים לתושיה)

## כלנו בני איש אחד נחנו... (מב. יא.)

אויך דאָס איז איינע פון די ארגומענטען, מיט וועלכע זיי האָבען געוואָלט איבער־צייגען יוסף'ן, אז זיין בעשולדיגונג האָט קיין גרונד נישט און אז זיי זענען נישט קיין מרגלים. „כלנו בני איש אחד נחנו", מיר זענען אלע קינדער פון איין טאטען און עס איז דעריבער אנ'אונזין חושד צו זיין, אז א טאטע זאָל שטעלען אין געפאר און ריזיקירען דאָס לעבען פון אלע זיינע צעהן קינדער, וועלכע ער זאָל אוועקשיקען אין א פרעמד לאנד אלס שפּיאָנען...

(רלב"ג)

דאָס וואָרט „נחנו" געפינט זיך דריי מאָל אין תנ"ך: „כלנו בני איש אחד נחנו", „נחנו פשענו ומרינו", „נחנו נעבור חלוצים". דאָס איז א רמז אז אויב „כלנו בני איש־אחד נחנו", אויב אידען לעבען צווישען זיך אין אחדות, דאן איז כאָטש „נחנו פשענו ומרינו", ווען אפילו זיי זאָלען זיין זינדיג און נישט־פרום, דאָך „נחנו נעבור חלוצים", — זענען זיי פערזיכערט אז זיי וועלען גובר זיין זייערע שונאים און צוריקקעהרען אין זייער לאנד...

(חן טוב)

## ערות הארץ באתם לראות... (מב. יב.)

וואָס עפּעס „ערות הארץ״ ?

נאָר אין מדרש רבה ווערט געזאָגט: „הלכו ומצאו אותם בשוק של זונות, אמרו אחינו יוסף יפה תואר ויפה מראה שמא בקובה הוא״. יוסף האָט זיי, אלזאָ, פאַרגעוואָרפען, אז אלס מרגלים זענען זיי בכיוון געגאנגען אין די דאָזיגע אויסגעלאסענע, מיאוסע ערטער, וואו פערשידענע מלוכה־לייט קומען זיך ווייל׳ן און שיכור׳ן און עס איז דאָן לייכט ארויסצוקריגען ביי זיי פערשידענע מלוכה־סודות, און דאָס איז דער פשט: „כי ערות הארץ באתם לראות״...

(רשב״א)

## בזאת תבחנו וכו׳ אם בבוא אחיכם הקטן הנה... (מב. טו.)

וואָס פאר א בעוויז וועט דאס זיין ? צי דערמיט, וואָס זיי וועלען ברענגען מיט זיך זייער קליינעם ברודער, בנימינ׳ען, וועט דערפון ווערען קלאָר, אז זיי זענען נישט קיין מרגלים ?

נאָר פון א קינד, א קליין יונגעל, א מסיח לפי תומו, איז לייכטער ארויסצובעקומען דעם אמת, ווי פון דערוואקסענע, קלוגע און כיטרע פארשוינען: אויב, אלזאָ, זיי האָבען, ווי זיי פערזיכערן, א קליינעם ברודער, טאָ זאָלען זיי איהם אהערברענגען און ער וועט איהם אויג אויף אויג נעהמען אויפ׳ן פערהער און פון איהם וועט ער שוין דערגעהן, וואָס מען רעדט ביי זיי אין שטוב און מיט וואָס די דערוואקסענע ברידער בעשעפטיגען זיך... אבער בנימין, ווי עס ווערט געזאָגט אין מדרש רבה (נשא פרשה י״ד), איז שוין דאמאָלס אלט געווען א דרייסיג יאָהר אוז האָט שוין געהאט צעהן קינדער, און בשעת יוסף האָט איהם דערזעהען האָט ער דעריבער אויסגערופען מיט ערשטוינונג: „הזה אחיכם הקטן אשר אמרתם אלי״, אָט דאָס איז דער קליינער ברודער, פון וועלכען כ׳זאָל קענען ארויסבעקומען דעם אמת ? נייך, פונקט ווי פון אייך אלעמען, וועט אויך פון איהם אונמעגליך זיין עפּיס צו דערגעהן...

(לויט׳ן אלשיך)

## חי פרעה כי מרגלים אתם... (מב. טז.)

אין די צייטען פון רבי נחומ׳קע גראָדנער איז געווען אין גראָדנע א גובערנאַטאָר א שונא־ישראל, וועלכער האָט אָנגעטהון אידען צרות־צרורות. פון רבי נחומ׳קען אָבער האָט ער שטארק געהאלטען, וויסענדיג, אז ער האָט א שם פון א גרויסען צדיק, אנ׳עהרליכער מאן, אנ׳איש אמת.

אין טאָג פון ניי־יאָהר זענען די פרנסים פון דער קהלה מיט רבי נחומ׳קען בראש געגאנגען צום גובערנאטאָר און איהם געוואונשען, ווי דער מנהג איז, „א ניי יאָהר און א ניי גליק״.

אויסגעהערט די ברכות, האָט דער גובערנאטאָר געגעבען אָנצוהערען די פרנסים, אז זיי קענען שוין געהן, רבי נחומ׳קען אָבער האָט ער געבעטען צו בלייבען און דאן ווענדעט ער זיך צו איהם און זאָגט:

— מיין נישט — מאכט דער גובערנאטאָר — אז איך בין אזא נאר. איך וויס גאנץ גוט, אז די אידען האָבען מיך נישט איבריג ליעב, מחמת קיין טובות האָבען זיי

פון מיר נישט, און איך וויס, אז בשעת איהר האָט מיר צוגעווינשען צום נייעם יאָהר האָט איהר עס געטהון בלויז פון יוצא־וועגען, אויס מורא, אין הארצען אָבער האָט איהר מיר בעת־מעשה זיכער נישט געווינשען קיין גוטס... אזוי איז שוין אייער אידישע טבע. אויך יוסף, ווערט דערצעהלט אין דער ביבעל, פלעגט שווערען ביי פרעה׳ס לע־בען, וואָס עס איז איהם מכלומרשט געווען זעהר טייער, באמת אָבער איז ער דערמיט אויסען געווען איהם צו שעלטען... איז מילא אויף די אידען, וואָס זענען מיטגעקומען מיט דיר, וואונדערט מיך נישט, דו אָבער? דו, וועלכער האָסט א שם אלס הויפט עהר־ליכער מאן, אזא איש אמת ווי דו זאָל רעדען מיט׳ן מויל אנדערש, ווי דו טראכסט אין הארצען, היתכן?...

— חס־ושלום! — ענטפערט איהם דערויף רבי נחומ׳קע — דאָס, וואָס מיר האָבען דיר געוואונשען, האָבען מיר עס אלע געמיינט מיט׳ן גאנצען הארצען. מיר האָ־בען דיר געוואונשען א ניי יאָהר און א ניי גליק, וואָס הייסט פאר דיר, אדוני גובערנא־טאָר, א ניי גליק? — דו זאָלסט דערהויבען ווערען צו א העכערער מדרגה, זאָלסט ווערען א גענעראל־גובערנאטאָר, א מיניסטער, א שני למלך, איז דאמאָלס וועסטו דאָך אוועק פון גראָדנע — און אָט דאָס, שווערען מיר דיר, ווינשען דיר אלע אידען פון שטאָדט מיט׳ן גאנצען הארצען...

## את האלקים אני ירא... (מב. יח.)

רבי פנחס הורוויץ (דער בעל „הפלאה״) האָט אמאָל אין אנ׳אינטימען שמועס מיט זיין ברודער, דער רבי ר׳ שמעלקע, זיך אויסגעדריקט, אז ער האָט שוין ב״ה דער־גרייכט צו דער מדרגה פון יראת־שמים.

— וואָס רעדסטו, ברודער־קרוין? — ווערט רבי שמעלקע דערציטערט — ווי קאָן זיך עס א איד אזוי ריהמען און אליין זאָגען אויף זיך, אז ער איז א ירא־שמים? און עניוות וואו איז?

— פון דער תורה — ענטפערט איהם דערויף רבי פנחס — איז צו זעהען, אז מיט יראת־שמים מעג מען זיך יאָ ריהמען. אָט האָט דאָך אויך יוסף זיך געריהמט דער־מיט און אויסגערופען: „את האלקים אני ירא!״... דער טעם דערפון איז, ווייל צו יעדע אנדערע מצוה מוז דער מענש האָבען סיעתא דשמיא, „הבא לטהר מסייעין אותו״, און ער קאָן זיך דערפאר נישט ריהמען מיט דער געטהוענער מצוה, דען זי איז דאָך נישט אינגאנצען זיינע, מען האָט דאָך איהם פון הימעל דערצו מיטגעהאָלפען... ביי יראת־שמים דאגעגען ווערט געזאָגט: „הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים״, פון הימעל העלפט מען איהם נישט צו, דאָס מוז זיך דער מענש אינגאנצען אליין אויסארבייטען, און אויב ער האָט זיך עס אויסגעארבייט — מעג ער זיך דערמיט ריהמען...

## ויקח מאתם את שמעון ויאסור אותו לעיניהם... (מב. כד.)

„רבי יצחק אמר: לעיניהם אסרו, כיון שיצאו להם היה מאכילו ומשקו מרחיצו וסכו״ (מדרש רבה)

מען דערצעהלט וועגען רבי ישראל סאלאנטער, אז עס האָט איהם אמאָל איינער זעהר גראָב בעליידיגט און נאכהער איז ער געקומען צו איהם און געבעטען, ער זאָל איהם מוחל זיין. רבי ישראל האָט איהם ערקלערט, אז ער איז איהם מוחל במחילה

גמורה, דערביי האָט ער איהם איבערגעפרעגט, צי ער נויטיגט זיך עפּיס אין א בקשה, א טובה, איז ער גרייט צו טהון פאר איהם וואָס נאָר מעגליך איז.

— רבי — האָט יענער געשטאמעלט פערשעמט — לאַ־די, וואָס איך האָב אייך בעליידיגט און לאַ־די, וואָס איהר זענט מיר מוחל, ווילט איהר מיר נאָך גאָר טהון טו־בות, פאַרוואָס קומט עס מיר?

— פערשטעהסטו, מיין קינד — האָט איהם רבי ישראל געענטפערט — די גמרא זאָגט: „מעשה מוציא מיד מחשבה ואין מחשבה מוציאה מיד מחשבה" (קידושין נ"ט) און אויב מען וויל באמת ארויסרייסען די שלעכטע מחשבה און די הקפדה, וואָס מען האָט אויף אימיצען, מוז מען טהון דערביי עפּיס א פעולה, א מעשה, דען נור „מעשה מוציא מיד מחשבה"...

שמעון, ווי עס ווערט געזאָגט אין מדרש (מדרש רבה פרשה פ"ד) איז געווען דער ראש־המדברים, דער אָנפיהרער, וועלכער האָט געהעצט די ברידער געגען יוסף'ן און ער איז עס געווען דער, וואָס האָט איהם אין גרוב אריינגעוואָרפען, און ווען ער האָט געוואָלט לגמרי ארויסרייסען פון הארצען די שנאה, וואָס ער האָט געטראָגען אין הארצען געגען איהם, אז ס'זאָל נישט בלייבען ביי איהם קיין שום שפור פון פערדרוס און הקפדה — „היה מאכילו ומשקו, מרחיצו וסכו". מוחל זיין דארף מען נישט בלויז מיט דער מחשבה, נאָר — במעשה!...

(פרדס פתחיה)

## ויפתח האחד את שקו... (מב. כז.)

„הוא לוי שנשאר יחיד משמעון בן זוגו" (רש"י)

פון וואנען איז עס געדרונגען, אז דאָס איז געווען לוי? דען פון ווייטערען פסוק, אין וועלכען עס ווערט דערצעהלט, אז „ויהי הם מריקים שקיהם והנה איש צרור כספו בשקו", אז אלע אנדערע ברידער האָבען געפינען זייערע געלדער ליגען אין די זעק ערשט נאָכדעם ווי זיי זענען שוין געהאט אהיימגעקומען, איז צו זעהען, אז מען האָט איטליכען אריינגעלעגט דאָס געלד אויפ'ן סאמע דנאָ פון זאק, אין וועלכען עס האָט זיך געפינען די שפּייז פאר די אייזלען — און זיי האָבען עס אלזאָ דערזעהן ערשט נאָכדעם ווי זיי האָבען אין דער היים געגומען אויסלעדיגען די זעק. לוי אָבער, נאָכדעם ווי שמ־עון איז פערהאלטען געוואָרען, האָט פון זיין זאק גע־דארפט שפּייזען אויפ'ן וועג צוויי אייזלען: זיין אייזעל און דאָס אייזעל פון שמעון, זיין „בן־זוג", זיין שטענדיגען פּארט־נער, וממילא איז דאָך איהם די שפּייז פון זאק אויסגעגאנגען פריהער, נאָך אין מיטען וועג, און דעריבער האָט ער דעם „צרור כספו" דערזעהען פריהער פון אלע אנדערע ברידער.

(שיחת חכמים)

## קחו מזמרת הארץ בכליכם... (מג. יא.)

בשעת יעקב אבינו — האָט געזאָגט רבי נחמן בראצלעווער — האָט געשיקט זיינע קינדער קיין מצרים, האָט ער זיי מיטגעשיקט דעם זמר, דעם ניגון פון ארץ־ישראל, און דאָס איז דער סוד: „קחו מזמרת הארץ בכליכם"...

דער אלטער מאָדזשיצער רבי, רבי ישראל, איז אמאָל געפאָהרען זומער שפאַ־צירען אין וואלד, פלוצים הערט ער פונדערווייטענס, ווי א פאסטוך שפיעלט אויף א פייפעל און זינגט, האָט ער געהייסען אָבשטעלען די קארעטע און זיך א לאנגע צייט איינגעהערט אינ'ם געזאנג.

— יעדער ניגון — האָט ער געזאָגט נאכהער צו זיינע מקורבים — איז א ווידוי און בשעת א מענש, אלץ איינס א איד, צי נישט קיין איד, איז זיך מתוודה, דארף מען איהם אויסהערען...

## והורידו לאיש מנחה מעט צרי ומעט דבש וכו'... (מג. יא.)

פארוואָס עפיס מעט, א ביסעל ?

איניגע מפרשים זאָגען דערויף, „שלא יתראו עצמן כעשירים".

דער אלשיך ערקלערט, ווייל אויב זיי וועלען ברענגען א גרעסערע מנחה, קאָן עס דערוועקען דעם חשד, אז זיי פיהלען זיך טאקי שולדיג און זיי ווילען איהם מיט דער מנחה אונטערקויפען, משחד זיין...

און דער רלב"ג ערקלערט דערויף : וואָס גרעסער און חשוב'ער עס איז דער שר, וואָס העכער עס איז דער אמט, וועלכען ער פערנעהמט, אלץ קלענער דארף זיין די מתנה, וואָס מען ברענגט איהם. דעם קעניג זעלבסט, למשל, איז מען מקבל פנים בלויז מיט — ברויט און זאלץ...

פון דאמאָלס אָן, א פנים, נעהמט זיך עס — פלעגט זאָגען הרב עקיבא ראבינאָ־וויטש, דער פּאָלטאווער רב — וואָס א גוי גיט מען מיט דער פולער האנד, דאגעגען א אידען איז מען יוצא מיט שהי־פּהי. צוויי מאָל געפינען מיר אין דער תורה, האָט יעקב, בשעת ער האָט געלעבט אין פּחד, געשיקט מתנות, איינמאָל צו עשו'ן און דאָס צווייטע מאָל צו יוסף'ן. צו עשו'ן, וועגען וועלכען ער האָט געוואוסט זיכער, אז ער איז א גוי, האָט ער אריינגעשיקט א ריזיגען טראנספּאָרט : „עזים מאתים ותישים עשרים רחלים מאתים" וכו' וכו', דאגעגען צו יוסף'ן, צום מושל פון מצרים, וועגען וועלכען ער האָט נישט געוואוסט אויף זיכער, אָבער א פנים, אז דאָס הארץ האָט איהם געזאָגט, אז ער איז א איד, האָט ער יוצא געווען מיט „מעט צרי ומעט דבש, נכאת ולוט, בטנים ושקדים", אביסעל האָניג, אביסעל מאנדלען. מיט א איד דארף מען קיין גרויס וועזען נישט מאכען...

## והורידו לאיש מנחה... (מג. יא.)

ווען יוסף האָט אראָבגענידערט קיין מצרים, האָט יעקב געזעהן מיט זיין חכמה און ער האָט מרמז געווען זיינע קינדער, זיי זאָלען מיט זיך מיטפיהרען א מנחה, וועלכע וועט אויף זיי מגין זיין אין גלות : „ואל שדי יתן רחמים"... דאגעגען ביים סוף פון גלות־אדום וועט מקוים ווערען : „והביאו את כל אחיהם מכל הגויים מנחה לד'"...

(מדרש הנעלם)

בשעת דער „רב", רבי שניאור־זלמן מלאדי, אין געזעסען אין תפיסה צוליעב „מלשינות", פלעגט איהם זיינער א פריינד, א געוויסער גביר, בעזאָרגען יעדען טאָג

דורך א שליח מיט כשר עסען. איינמאָל, בשעת דער שליח האָט איהם געברענגט עסען און צוריקגענומען די לעדיגע כלים, האָט מען אין איינער פון די כלים געפונען נאָכדעם א קורץ בריוועלע, בלויז מיט פאָלגענדע ווערטער:
אומרים צדקתך צדק ב„מנחה"...

א געוויסער גראף פון מאגהיים האָט אמאָל געפרעגט ר׳ יצחק ברילן:
— כ׳האָב געהערט זאָגען, אז די אידען בעמיהען זיך זעהר אָפט, בשעת זיי האָבען אויף זיך א משפט, איבערצוקויפען זייערע שופטים מיט פערשידענע מתנות, מיט שוחד. איז עס אמת?
— יאָ — איז בריל מודה, — ס׳איז אמת, אידען טהוען עס...
— וואָס הייסט? — חידוש׳ט זיך דער גראף — אונטערקויפען א שופט, ער זאָל פאלש משפט׳ן? און איהר זענט גאָר מסכים דערויף?
— נישט אויף פאלש משפט׳ן, — ענטפערט איהם בריל, — נאָר פערקעהרט... אָט וועל איך עס אייך ערקלערען: בשעת א איד מיט א גוי קומען זיך לאָדען פאר א גוי׳אישען שופט, איז דער שופט בטבע נוטה צום גוי, פאָרט זיינער א ברודער, פון איין אמונה און נאציע, קאָן ער שוין נישט זעהן קיין זכות פארן איד, אפילו ווען דער איד איז גערעכט... ווען אָבער דער שופט בעקומט פונ׳ם איד א „מנחה", ווירקט די „מנחה" בלויז אויף אזוי פיעל, אז דער איד זאָל ביי איהם געשטעלט ווערען אויף איין מדרגה מיט׳ן גוי, און ערשט דאמאָלס, נאָכ׳ן דאָזיגען „גלייכגעוויכט", קאָן דער שופט משפט׳ן אמת...

## ואל שדי יתן לכם רחמים לפני האיש... (מג. יד.)

אָבער אויף דער בלויזער תפילה און בטחון דארף מען זיך נישט פערלאָזען, צו־זאמען דערמיט דארף אויך זיך: „והורידו לאיש מנחה", דארף מען דערביי אויך אָנ־ווענדען אלע אנדערע נאטירליכע מיטלען. און אזוי לערנען אונז די חז"ל: „יברכך ד׳ אלקיך, יכול בטס תלמוד לומר בכל אשר תעשה"!...

(רלב"ג)

## ירד ירדנו בתחלה לשבר אוכל... (מג. כ.)

צוליעב׳ן נישטיגען ביסען ברויט, צוליעב דער ביטערער פרנסה, מוזען מיר זיך נעביך ערנידריגען, מבזה מאכען און אראָבפאלען פון די הויכע מדרגות, אין וועלכע א איד דארף זיך האלטען...

(רבי מענדעל קאָצקער)

## הזה אחיכם הקטן וכו׳ אלקים יחנך בני... (מג. כט.)

בשעת זיי האָבען געבראכט מיט זיך בנימין׳ען, וועלכען זיי האָבען אָנגערופען פאר יוסף׳ן: „ילד זקונים קטן", איז ער שוין דאן אלט געווען (ווי עס ווערט געזאָגט אין מדרש רבה נשא פ׳ י"ד) דרייסיג יאָהר און געווען שוין א טאטע פון צהען קינדער. בשעת יוסף האָט איהם דערזעהן, האָט ער אלזאָ אויסגערופען מיט פערוואונדערונג:

„הזה אחיכם הקטן אשר אמרתם אלי", אַט דער איז עס דער קליינער ברודער, וועגען וועלכען איהר האָט מיר געזאָגט? אַט דער?... אָ, „אלקים יחנך, בני". ווי ער וואָלט זאָגען: קיין שום בייז אויג... אָהן עין־הרע... שוין איינמאָל א קליין ברודערל, א „ילד זקונים קטן"...

(רבי חיים וואָלאָזשינער)

## כי לא יוכלון המצרים לאכול את העברים לחם... (מג. לב.)

עס בעקומט נישט דעם מצרי דאָס ברויט און ער האָט קיין הנאה נישט פון זיין לעבען, בעת ער זעהט, אז אויך דער איד האָט ברויט, אז אויך דער איד האָט צו עסען...
(רעיונות וחומר לדרוש)

## ותרב משאת בנימין... (מג. לד.)

צוליעב קנאָה האָבען די ברידער פיינט־בעקומען יוסף'ן און איהם קיין מצרים פערקויפט, צוליעב קנאָה איבער'ן „כתונת־פסים" און איבער דער ליעבע, וואָס דער פאָטער האָט צו איהם ארויסגעוויזען מעהר, ווי צו די איבעריגע קינדער. און דעריבער, בשעת יוסף האָט זיך מיט זיי בעגעגענט, „ותרב משאת בנימין ממשאות כולם", האָט ער בכיוון געגעבען בנימינ'ען א פינף־פאַכיגע פּאָרציע, וועלענדיג דערמיט אויספּרוּבען די ברידער, צי האָבען זיי נאָך אין זיך די מדה פון קנאָה...

(מפרשים)

## ותרב משאת בנימין... וישתו וישכרו עמו...

בשעת דער רבי פון גער און דער רבי פון אלעקסאנדער זענען זיך צונויפגעקומען אויף א רבי'שער אסיפה וואו זיי האבען געשלאָסען צווישען זיך שלום, האָט דער רבי פון אלעקסאנדער, אין זיין שמועס מיט'ן גערער, נאָכגעזאָגט א תורה פון זיין פעטער, דער בעל "ישמח ישראל": א תורה וואָס האָט גראָד געהאט א שייכות צום ענין, וועגען וועלכען מען איז זיך צונויפגעקומען...

עס שטעהט: „„וישתו וישכרו עמו" — איז מילא, אויף יוסף'ן איז קיין קשיא נישט, וואָס ער האָט געטרונקען, עס איז איהם געווען גוט אויפ'ן הארצען, זעהענדיג, אז זיינע חלומות זענען ב"ה מקוים געוואָרען; אָבער וואָס איז מיט די ברידער אזוי גרויס געווען די שמחה, וואָס זיי האָבען אזש געטרונקען ביז שכרות? נאָר דאָס איז דאָך ידוע, אז דער „ותרב משאת בנימין" איז געווען צוליב דער מעשׂה מיט'ן „כתונת־פסים", וועלענדיג זיי דערמיט אויספרובען, צי איז נאָך פאַרהאַן ביי זיי די מדה פון קנאָה; און אָט דערפאר טאקע ווען זיי האָבען ביי זיך דערשפירט, אז זיי האָבען שוין לגמרי ארויסגעראטען פון זיך דידאָזיגע מדה־מגונה און זיי פיהלען שוין מעהר נישט קיין שום שמץ פון קנאה, האָט דאָס גופא ביי זיי ארויסגערופען א גרויסע שמחה, און דעריבער — „וישתו וישכרו עמו"...

„ומיום שמכרוהו לא שתו יין ולא הוא שתה ואותו היום שתו" (רש"י)

טא פאַרוואָס האבען זיי איצט יא געטרונקען, און דערצו נאָך אזש ביז שכרות?

נאָר יוסף, ווי עס ווערט דערציילט אין דער גאנצער פרשה, האָט זיי בעשולדיגט אין שפיאנאזש און כסדר געטענה׳ט: „מרגלים אתם!" און פון מרגלים פאדערט זיך גרויס פארזיכטיגקייט הויפטזעכטליך צו זיין תמיד ניכטער, נישט צו שכור׳ן מחמת אין שכרות־צושטאנד קענען זיי זיך לייכט פערראטען און ארויסכאפען מיט אונפארזיכטיגע ווערטער. ווען זיי וואלטען זיך אלזאָ אבגעזאָגט צו טרינקען, וואלט עס נאכמעהר פערשטארקט געגען זיי דעם חשד, אז זיי זענען טאקי מרגלים און דעריבער — „וישתו וישכרו עמו"...

(אמרי חן)

## קום רדוף אחרי האנשים... (מד. ד.)

דערויף ווערט געזאָגט אין מדרש: „כמה דאת אמר רחוק יהיה ביניכם וביני כאלפים באמה" (ילקוט רמז ק״ן).

נאָר — האָט געזאָגט דערויף דער רבי ר׳ העשיל — אויפ׳ן פסוק „וטבות טבח והכן" (מג. טז.) ווערט געזאָגט אין מדרש רבה: „ערב שבת היה ואין והכן אלא לשבת, שנאמר והי׳ ביום הששי והכינו את אשר יביאו". געלאָזט האָבען זיי זיך אין וועג ארויין צומאָרגענס אין דער פריה, ווי עס שטעהט אין פסוק: „הבקר אור והאנשים שולחו", דאָס הייסט, אז זיי זענען ארויס פון דאָרט אום שבת, און דאָס בעמערקט דער מדרש: „קום רדוף אחרי האנשים — כמה דאת אמר רחוק יהי׳ ביניכם ובינו כאלפים באמה", אז מען האָט זיי נישט געדארפט ווייט נאָכיאָגען, דען מעהר ווי א תחום שבת זענען זיי אינ׳ם דאָזיגען טאָג נישט געגאנגען...

## הן כסף אשר מצאנו וכו׳ השיבונו אליך וכו׳ ואיך נגנוב מבית אדוניך... (מד. ח.)

פרעגען דערויף די מפרשים: וואָס פאר א קל־וחומר איז עס? מען האָט דאָך זיי געקענט דערויף ענטפערען, אז ביים ערשטען מאָל האָבען זיי מורא געהאט צו גנב׳ע־נען דאָס געלד, ווייל זיי האָבען זיך געשראָקען, טאָמער וועט יוסף מיט זיין כשוף־בעכער ענטדעקען די גנבה. דעם בעכער דאגעגען האָבען זיי יאָ גע׳גנב׳עט, ווייל קוים געפינט זיך שוין דער כשוף בעכער אין זייערע הענד, האָבען זיי פאר דער ענטדעקונג מעהר קיין מורא נישט?...

נאָר דער קל־וחומר איז דאָ א גאנץ אנדערער: לויט׳ן אידישען דין איז „אבידת עכו״ם מותר", דאגעגען „גניבת עכו״ם" — איז אסור, און דאָס אלזאָ האָבען זיי גע׳טע־נה׳ט: מה־דאָך „כסף אשר מצאנו", דאָס געלד, וואָס מיר האָבען געפינען און וואָס לויט׳ן אידישען דין האָבען מיר עס געמעגט צונעהמען, איז פונדעסטוועגען „השיבונו אליך", האָבען מיר עס אומגעקעהרט צוריק, איז „ואיך נגנוב", טאָ ווי אזוי קענסטו אונז חושד זיין איצט אין גניבה, וואָס איז אסור לויט׳ן אידישען דין?...

(רבי ברוך האלבערשטאם)

## ויאמר גם עתה כדבריכם כן הוא אשר ימצא אתו יהיה לי עבד... (מד. י.)

דאָס איז דאָך נישט כדבריהם, דען זיי האָבען דאָך געזאָגט: „וגם אנחנו נהיה לאדוני לעבדים"?

נאָר דער פשט פון פסוק איז אזוי: „גם עתה", איצט, כל זמן מען האָט דעם בעכער נישט געפינען, און מען ווייסט נישט, ווער דער גנב איז, „כדבריכם כן הוא", וועט טאקי זיין ווי איהר זאָגט, וועט איהר זיין אַרעסטירט און אלע וועט איהר זיין מיינע עבדים. אָבער „בעת אשר ימצא אתו", ווען דער גנב וועט זיך אָבזוכען און מען וועט ביי איינעם פון אייך געפינען דעם בעכער, „יהיה לי עבד ואתם תהיו נקים", דאן וועט נור ער איינער בלויז בלייבען אלס עבד און איהר וועט זיין פריי...

(רבי זאב אויערבאך)

צום סוף פון פ' מקץ איז אָנגעצייכענט: „והתיבות אלפים כ"ה".

פארוואָס ווערט בלויז אין דערדאָזיגער סדרה, און ניט אין קיין שום אנדער סדרה, אָנגעוויזען די צאָהל ווערטער?

עס ווערען דערויף געגעבען פערשידענע תירוצים. על־פי־רוב ווערט געענט־פערט אז די ווערטער „והתיבות אלפים כ"ה" זענען מרמז אויף חנוכה: אכט מאָל „נר" בעטרעפט „אלפים", און די „כ"ה" איז — כ"ה כסליו.

מאנכע פערזיכערן אפילו, אז דידאָזיגע ערקלערונג זאָל שטאמען פון ווילנער גאון.

עס ווערט אויך געגעבען אַן'אנדער ענטפער, וועלכער זעהט־אויס צו זיין פיעל ריכטיגער, נעמליך: וועגען וואָרט „אברך" אין פ' מקץ איז פאַרהאַן אין די חז"ל א פלוגתא צווישען צוויי תנאים, צי „אברך" אין איין וואָרט אָדער צוויי ווערטער: „אב־רך"... און ווי עס איז צו זעהן, איז דער בעל־המסורה מסכים מיט דער מיינונג, אז דאָס איז איין וואָרט — און דעריבער האָט ער געהאלטען פאר נויטיג אָנצווייזען, וויפיעל ווערטער עס געפינען זיך אין דערדאָזיגער סדרה, וועלענדיג דערמיט פעסטשטעלען, אז „אברך" ווערט נ י ש ט געטיילט אויף צוויי ווערטער...

אין דער דייטשער איבערזעצונג פון תלמוד פון ראבינער דר. ר. מ. ראוויטש געפינט זיך פאלגענדער קוריאז:

אין „על הנסים" פון חנוכה זענען פאַרהאַן עטליכע נוסחאות. לויט איין נוסח דארף מען זאָגען: „הרחמן הוא יעשה לנו נסים כשם שעשית לאבותינו בימים ההם בזמן הזה, בימי מתתיהו וכו'" דאגעגען אין תוספות (מגילה ד') ווערט בעמערקט דערויף: „ואין אומר כשם, לפי שכל הברכה אינה אלא הודאה לשעבר, ואין לומר בה דבר שלהבא".

ווערט עס אין דער דייטשער איבערזעצונג פון דערמאהנטען דר. ראבינער איבער־געגעבען בזו הלשון:

„מאן ביטעט על הנסים, ביי מודים, אבער אָהנע דעם נאָמען גאָט דאביי צו זאָגען, ווייל עס זיך אויף דער דינגע אין דער פערגאנגענהייט בעציהט"...

דער לומדישער איבערזעצער האט, ווייזט אויס, נישט פערשטאנען דעם טייטש פון וואָרט „כשם" און ער האָט געלייענט „בשם" מיט א ב', אז דאָס בעציהט זיך אויפ'ן שם הקודש, וועלכען מען דארף נישט דערמאָהנען אין דער תפלה פון על־הנסים, ווייל — ווייל עס רעדט זיך וועגען דער פערגאנגענהייט, דארף שוין דערביי גאטס נאמען נישט דערמאָהנט ווערען...

אָט אזעלכע „תלמידי חכמים" האָבען זיך עס גענומען, ליידער, צו דער איבערזע־צונג פון תלמוד!...

(מקור ברוך)

# וַיִּגַּשׁ

אין „פרי מגדים" או"ח סוף סי' תר"פה געפינען מיר פאַלגענדען כאראקטעריס־טישען רמז: דאָס וואָרט „ויגש", ווערט דאָרט געזאָגט, איז מרמז, אז אויב „יום ו' ג' שבט" (די נוטריקון פון „ויגש"), אויב דער דריטער טאָג שבט, הייסט עס, געפאלט אום פרייטאָג, דאַן — „יפול שלג וקור גדול" (ווידער אמאָל די נוטריקון פון זעלבען וואָרט), וועט דאַן זיין א שווערער ווינטער מיט א סך שניי און גרויסע פרעסט...

דאגעגען — ווערט צוגעגעבען — זאָל רבי לוי יצחק בערדיטשעווער האָבען געזאָגט דערויף, אז דאָס איז, אדרבה, א גוטער סימן, און אז די נוטריקון פון וואָרט „ויגש" בעדייטען דאַן: „שובע גדול וזול יהי'", אז עס וועט דאַן זיין א יאָהר פון זול און זאטקייט...

## ידבר נא עבדך דבר באזני אדוני... (מד. יח.)

דאָס וואָרט „עבדך" בעציהט זיך אויף'ן מצרי, וועלכער האָט זיי אויף יוסף'ס בעפעהל פערהאלטען, מיט דער טענה, אז זיי האָבען צוגעגנב'עט דעם גביע הכסף, און דער פשט איז, אלזאָ: „ידבר נא עבדך באזני אדוני", זאָל דער קנעכט דיינער, וועלכען דו האָסט געשיקט אונז נאָכיאָגען, דיר אריינרוימען אין אויער דעם סוד, וואָס ער האָט געטהון מיט'ן בעכער, אז ער האָט איהם בכיון אונטערגעוואָרפען, אז דאָס האָט ער פאבריצירט געגען אונז א בייזוויליגען בלבול.

(רבי אליעזר אשכנזי)

ביי יהודה'ן איז ענטשטאנען א חשד, אז די אלע פערדריסליכע אינצידענטען צווישען יוסף און די ברידער נעהמען זיך דערפון, וואָס דער איבערזעצער, דעד „המליץ בינותם", גיט נישט איבער ריכטיג זייערע רייד, והא ראיה, אויף די ווערטער „שנים עשר עבדיך אחים אנחנו" האָט יוסף געענטפערט: „הוא אשר דברתי מרגלים אתם", א תשובה, וואָס איז לגמרי נישט ממין הטענה... און דעריבער אלזאָ האָט ער זיך געווענדעט צו יוספ'ן מיט'ן פאָרשלאג: „ידבר נא עבדך דבר באזני אדני", אז עס וואָלט געווען זעהר געוואונשען, זיי זאָלען זיך פארשטענדיגען דירעקט, אָהן א מליץ, און אזוי ארום וועלען אלע מיספערשטענדניסען אויסגעמיטען ווערען...

(רבי וואָלף מגיד)

אויף אנ'עהנליכען אופן בדרך־הלצה:

„ידבר נא עבדך דבר באזני אדני", לאָמיר זיך צונויפרעדען דירעקט אָהן א מליץ, וועלכער פערדרעהט אונזערע ווערטער און דערפון נעהמט זיך דער גאנצער רוגז. א בעוויז דערויף: „כי כמוך כפרעה", אָט זאָג איך איצט, למשל, צו דיר אזעלכע

דריי ווערטער, ווי „כי כמוך כפרעה". אין פלוג דוכט זיך גאנץ איינפאכע און אונשולדיגע ווערטער, וועלכע ענטהאלטען נישט אין זיך קיין שום בייז און קיין שום באליידיגונג, פערקעהרט, זייער פשוט'ער זין איז: „חשוב אתה בעיני כמלך", ולסוף ווי נאָר די דאָזיגע ווערטער ווערען איבערזעצט דורכן מליץ, אזוי בעקומען זיי שוין א גאנץ אנדערען אינהאלט מיט פערשיעדענע פירושים און אויסטייטשונגען און אָנצוהערענישען, אז דאָס האָב איך דיך געזידעלט און געשאָלטען. איינער זאָגט, אז דאָס האָב איך געמיינט: „סופך ללקות בצרעת כמו שלקה פרעה", א צווייטער: „מה פרעה גוזר ואינו מקיים אף אתה כן", א דריטער: „אם תקניטני אהרוג אותך ואת פרעה" און אזוי ווייטער... און דעריבער בעט איך דיך: לאָמיר באזייטיגען די אלע איבערזעצער און מפרשים און — „ידבר נא עבדך דבר באזני אדוני"...

(געהערט פון פלינסקער רב, הרב מיכעלזאָן)

## כי כמוך כפרעה... (מד. יח.)

„מה פרעה גוזר ואינו מקיים וכו' אַף אתה כן" (רש"י)

פרעגט מען דערויף: היתכן? ווי געשיקט זיך עס, אז אוועקשטעלענדיג זיך פאר'ן משנה למלך בעטען ביי איהם רחמים, זאָל מען רעדען צו איהם מיט אזא הארב לשון, מיט אזעלכע בעליידיגונגען?

נאָר דער זין פון די ווערטער איז באמת א גאנץ אנדערער: זאָל זיין — האָט זיך יהודה. געבעטען ביי איהם — אז מיר האָבען טאקי געזינדיגט און מיר דארפען ווערען בעשטראָפט, אָבער דו האָסט רעכט דאָך דאָס אונז מוחל צו זיין און צו שענקען די שטראָף, דען — „כי כמוך כפרעה", דו ביסט אזוי גרויס און חשוב ווי פרעה, און „מה פרעה גוזר ואינו מקיים", פונקט ווי פרעה, בשעת ער איז גוזר אויף וועמען א שטראָף, האָט ער דאָס רעכט נישט מקיים צו זיין, צו געבען דעם בעשולדיגטען אמ־נעסטיע און צו שענקען איהם די שטראָף — „אף אתה כן", ביזט דו אויך בכוח צו טהון דאָס זעלבע...

(אפיקי יהודה)

## אדוני שאל את עבדיו לאמר היש לכם אב... (מד. יט.)

וואו שטעהט דען אין פסוק, אז ער זאָל זיי האָבען געפרעגט וועגען דעם?

נאָר מעגליך, אז זיי האָבען עס געזאָגט בלשון שאלה: „אדוני שאל את עבדיו לאמר היש לכם אָב או אָח"? צי האָסטו דען אונז וועגען דעם געפרעגט? ניין, דו האָסט נישט געפרעגט, נאָר מיר אליין, נישט ווארטענדיג אויף קיין שום חקירה ודרישה, האָבען מיר אלעס דערצעהלט: „שנים עשר עבדיך אחים אנחנו וכו' והנה הקטן את אבינו היום" וכו', און דערפון גופא איז שוין, אלזאָ, געוועזען פאר דיר גענוג קלאָר, אז האָסט נישט צו טהון מיט קיין מרגלים...

(דמשק אליעזר)

צוליעב וואָס האָט עס יהודה געדארפט נאָכאמאָל איבער'חזר'ן די אלע ווערטער, וואָס יוסף האָט איהם געזאָגט?

דען יוסף איז ארויס געגען זיי מיט א בעשולדיגונג: „מה המעשה הזה אשר

עשיתם, הלא ידעתם כי נחש ינחש איש אשר כמוני״, אז זיי האָבען צוגע׳גנב׳עט ביי איהם א ווערטפולען בעכער, מיט וועלכען ער פלעגט מאכען כישוף און דערגעהן אלע געהיימניסען... האָט איהם יהודה, אלזאָ, אין זיין פערטיידיגונג, געוואָלט אויפווייזען, אז נישט־נאָר, וואָס די גאנצע מעשה מיט דער גנבה איז א בלבול, נאָר, אז אויך די טענה וועגען דעם טייערען בעכער מיט זיין מכלומר׳שט געהיימניספולען כח, אז אויך דאָס איז שקר־וכזב, וואָרום והא ראיה: „אדוני שאל את עבדיו לאמר היש לכם אָב או אָח״ — דו האָסט אונז געפרעגט, צי מיר האָבען א פאָטער, אָדער א ברודער. איז אויב עס זאָל אלזאָ אמת זיין, אז מיט׳ן דאָזיגען בעכער קאָן מען אלע סודות דערגעהן, טאָ נאָכוואָס האָסטו עס אונז געדארפט פרעגען, האָסט דאָך געקענט פרעגען דעם בעכער?...

(משנת דרבי אליעזר)

## היש לכם אב או אח... (מד. יט.)

„למה היה לך לשאול כל אלה, בתך היינו מבקשים או אחותינו אתה מבקש״? (רש״י)

פארוואָס זאָגט נישט רש״י ביי ביידע גלייך: „בתך היינו מבקשים או בנותינו אתה מבקש״, אָדער: „אחותך היינו מבקשים או אחותנו אתה מבקש״? צווייטענס, פונוואנען איז עס יהודה אזוי זיכער געווען, אז נישט, אפשר האָט ער זיך טאקי יאָ געוואָלט מיט זיי משדך זיין?

נאָך די ברידער, פערברענגענדיג ביי יוסף׳ן אין שטוב, האָבען זיי געזעהען, אז ער האָט נישט מעהר ווי צוויי זיהן, אפרים ומנשה, קיין טעכטער האָט ער נישט. ווידער האָבען זיי געזעהען, אז עס איז שוין יוסף׳ן בעקאנט די געשיכטע, וואָס עס האָט פאסירט מיט זייער שוועסטער דינה אין שכם, ווי עס ווערט דערציילט אין מדרש, אז יוסף האָט זיי געזאָגט, דאָס זיין בעכער ווייזט איהם, אז צוויי פון זיי האָבען חרוב געמאכט שכם.

און דאָס האָט יהודה איצט גע׳טענה׳ט צו יוסף׳ן: „בתך היינו מבקשים, או אחותנו אתה מבקש״? נישט דו ביזט אויסען געווען, אז מיר זאָלען זיך משדך זיין מיט דיין טאָכטער, דען דו האָסט דאָך קיין טאָכטער נישט, נישט דו האָסט געמיינט זיך משדך צו זיין מיט אונזער שוועסטער, דינה, מחמת נאָך דער געשיכטע, וואָס עס האָט מיט איהר פאסירט אין שכם, שטעהט דיר געוויס דער שידוך נישט אָן...

(בית משה)

## אם לא ירד אחיכם הקטן אתכם... (מד. כג.)

די תורה מיינט דערמיט יענעם סאָרט אידען, וואָס סיי אין חומריות, סיי אין רוחניות זאָרגען זיי נאָר פאר זיך: אבי ב״ה איך האָב צו עסען און צו טרינקען, אבי איך האָב א גאנץ מלבוש און א וואַרים געלעגער... און דאָסזעלבע אויך אין רוחניות: אבי ב״ה איך בין א פרומער איד, א איד א למדן, אבי פאר מיר וועלען אי״ה לאחר מאָה ועשרים שנה געעפענט ווערען די טויערן פון גן־ עדן... אי יענער? — וואָס געהט ער מיך אָן? פאר מיינעטוועגען זאָל יענער געהן אין גיהנום אריין!... זאָגט אונז דערויף די תורה, אז זי קאָן אזעלכע אידען נישט אָנקוקען: „אם לא ירד אחיכם הקטן אתכם — לא תוסיפון לראות פני!״...

(רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער)

## כי לא נוכל לראות פני האיש... (מד. כו)

ביים בעריהמטען גאון, דעם מחבר פון „מחצית השקל״ — ווי ער אליין דער־צעהלט ווענען דעם אין זיין הקדמה צו יורה־דעה — האָט פאסירט א מעשה־נורא. מען האָט הינטער דער שטאָדט געפונען א הרוג, נעבען וועלכען עס איז געלעגען א פערבלוטיגט מעסער — און דאָס מעסער, האָט מען דערקענט, שטאמט פון רב׳ס הויז. א פחד איז אָנגעפאלען אויף דער שטאָדט. עס איז פאר יעדען, נאטירליך, קלאָר געווען, אז דאָס האָט דער רוצח בכונה געקוילעט דעם קרבן מיט א מעסער, וואָס ער האָט פריהער ארויסגעגנב׳עט פון רב׳ס הויז, בכדי דאדורך צו פערוויקלען דעם רב אין א מאָרד־בלבול, — און אלע האָבען דעריבער געראטען דעם רב, אז בעת׳ן משפט אין געריכט זאָל ער לייקענען, אז דאָס מעסער איז נישט זיינס. אָבער דער רב, דער בעל „מחצית השקל״, האָט די עצה נישט געהאָרכט און אויף דער פראגע פון ריכטער האָט ער תיכף מודה געווען, אז אמת, דאָס מעסער איז טאַקע זיינס, אָבער נישט ער האָט ערמאָרדעט, ער ווייסט נישט פון וואָס צו זאָגען, — און דער רב איז בעפרייט געוואָרען... אויף דער פראגע פון די מקורבים, פארוואָס ער האָט זיך נישט געהאלטען אין זייער עצה, האָט ער געענטפערט, אז אזוי געפינען מיר אויך אין דער תורה, ביי יהודה׳ן, וועלכער האָט פערלאנגט פון פאָטער, ער זאָל איהם מיטגעבען בנימינ׳ען טענה׳ענדיג: „כי לא נוכל לראות פני האיש ואחינו הקטן איננו אתנו״, הגם ער האָט דאָך א ברירה געהאט צו נעהמען א פרעמד אינגעל און איהם פאַרשטעלען פאר יוסף׳ן אלס זיין ברודער; ער האָט אָבער נישט געקאָנט פועל׳ן ביי זיך און דאָס הארץ האָט איהם נישט געלאָזט צו זאָגען א ליגען...

## והיה כראותו כי אין הנער ומת... (מד. לא)

צו רבי מענדעלע קאָצקער איז אמאָל געקומען איינער פון זיינע חסידים, אנ׳על־טערער איד, און זיך געקלאָגט פאר איהם, אז ער לעבט ל״ע אין דחקות, אז זיינע קינדער, פאר וועלכע ער האָט זיך אזויפיעל מוסר־נפש געווען און וועלכע זענען אלע בעלי־פרנסה, ווילען פון איהם נישט וויסען און האָבען אויף איהם קיין שום רחמנות נישט.

— וואָס וואונדערט איהר זיך אזוי? — האָט איהם רבי מענדעלע דערויף געענט־פערט — מיר געפינען דאָך עס אין דער תורה. בשעת יוסף האָט פערהאלטען בנימינ׳ען, האָט יהודה זיך געבעטען ביי איהם און גע׳טענה׳ט, אז דער פאָטער יעקב וועט נישט קאָנען איבערטראָגען דעם צער. „והיה כראותו כי אין הנער — ומת״. פרעגט זיך: פארוואָס האָט ער איהם נישט געזאָגט, אז בנימין האָט געלאָזען אין דער היים צעהן קינדער און אז די אלע צעהן קינדער קענען חלילה ארויסגעהן פון צער, דערזעהענדיג, אז דער טאטע איז נישטאָ? איז דערפון, אלזאָ, געדרונגען, אז קינדער זענען זיך נישט אזוי שטארק מצער אויף א טאטען, ווי א טאטע אויף א קינד...

(אהל מועד)

דער טעם — פלעגט זאָגען דער אָסטראָווצער רבי — פארוואָס א טאטע האָט מעהר רחמנות אויף זיין קינד ווי א קינד אויף זיין טאטען, איז דערפאר, מחמת אלע דורות ציהען זיך דאָך ווי אנ׳אונאויפהערליכע קייט פון אדם הראשון און די מידות פון די עלטערען געהען איבער בירושה פון דור צו דור. איז בנוגע די אנדערע גוטע,

מענשליכע מידות, צווישען זיי אויך די מידה פון רחמנות אויף קינדער, זענען זיי אלע איינגעוואָרצעלט געוואָרען אינ'ם ערשטען מענש, אין אדם הראשונ'ען, און פון איהם זענען זיי איבערגעגאנגען צו די ווייטערע דורות. דאגעגען די מידה פון רחמנות צו עלטערען האָט נישט געקענט אין איהם איינגעוואָרצעלט ווערען און ממילא האָבען מיר זי נישט געקענט פון איהם איבערנעהמען, מחמת אדם הראשון האָט דאָך קיין טאטען נישט געהאט...

(פרדס יוסף)

## והנער יעל עם אחיו... (מד. לג.)

„בנימוסין שלנו כתוב ואם אין לו ונמכר בגנבתו, וזה יש לו" (מדרש).

וואָס איז עס פאר אנ'ארגומענט: „בנימוסין שלנו כתוב"? יוסף (ווען יהודה האָט געהאלטען פאר א מצרי) האָט דאָך א ברירה געהאט דערויף צו ענטפערן: אין אייערע „נימוסין" שטעהט אזוי, און לויט אונזערע „נימוסין" איז אנדערש...

דער תירוץ איז: יהודה האָט איהם געוואָלט געבען צו פערשטעהן על־פי שכל, אז בנימין טויג נישט פאר קיין עבד, דען „בנימוסין שלנו כתוב ואם אין לו ונמכר בגנבתו", — אז נאָר דאמאָלס קאָן מען געפינען א בעלן, וועלכער זאָל מסכים זיין ארייננצונעהמען צו זיך א גנב אין שטוב און איהם קויפען פאר אנ'עבד, ווען ס'איז „אין לו", ווען דער גנב איז אנ'אָרימער, א מחוסר־לחם, קאָן מען דאן רעכענען, א קוים וועט ער האָבען ביים בעל־הבית עסען צו דער זעט און אלע נויטיקע הצטרכות'ן, וועט ער שוין מעהר נישט גנבענען... אָבער „וזה — יש לו"! דאָ, אין דעם פאל מיט בנימינ'ען, אויב ער האָט ווירקליך גע'גנב'עט, האָבען מיר צו טהון מיט א טאטענס א קינד, מיט א רייכען גנב, וואָס גנב'עט נישט צוליעב נויט, טאָ ווער וועט אזעלכען וועלען ארייננעהמען צו זיך אין הויז און איהם קויפען פאר אנ'עבד?...

(פנינים יקרים)

## כי איך אעלה אל אבי והנער איננו אתי וכו'... (מד. לד.)

ווי אזוי — פלעגט רבי מאיר'ל פרימישליאנער, צוקומענדיג צום דאָזיגען פסוק, אויסשרייען: — „כי איך אעלה אל אבי", ווי אזוי קענען מיר זיך ווייזען פאר אונזער טאטען אין הימעל, „והנער איננו אתי", ווען אונזערע קינדער זענען נישטאָ מיט אונז... וועה, וועה! „כי עבדך ערב את הנער", מיר האָבען דאָך גאראנטירט פאר די קינדער אונזערע און מיר זענען פעראנטוואָרטליך, מיר האָבען דאָך בפירוש ערקלערט, אז „בנינו יהיו ערבים!"...

## ויקרא הוציאו כל איש מעלי... (מה. א.)

„לא הי' יכול לסבול שיהי' מצרים נצבים עליו ושומעין"... (רש"י)

אונזערע אינערליכע רייבונגען דארפען נישט ארויסגעטראָגען ווערען פאר דער אויסערליכער וועלט: די גוים דארפען נישט וויסען, וואָס עס קומט־פאָר צווישען יוסף'ן מיט זיינע ברידער.

דאָס האָט מען שוין דאַמאָלס פערשטאַנען.
היינט, ליידער, פערשטעהען מיר דאָס נישט...

(פניני קדם)

## בהתודע יוסף אל אחיו... (מה. א.)

פראָפ. דניאל כוואָלסאָן פלעגט אין זיינע בריעף צו די רבנים, מיט וועלכע ער פלעגט פיהרען אנ׳אָפטע קאָרעספּאָנדענץ, זיך אונטערשרייבען מיט׳ן נאָמען, וואָס ער האָט געטראָגען אידער ער האָט זיך געשמד׳ט: יוסף. בשעת ער האָט געפייערט זיין יובילעאום האָבען איהם פיעל אידישע קהלות, ווי אויך רבנים, צוגעשיקט בעגריסונגען, אלס אנערקענונג פאר זיינע אָפטע שתדלנות׳ן לטובת אידען. אויך די אידישע קהלה אין בריסק האָט איהם געוואָלט שיקען א בעגריסונג, אָבער רבי חיים בריסקער האָט דערצו נישט דערלאָזט, ערקלערענדיג, אז מיט א משומד דארף מען קיין שום עסקים נישט האָבען. כוואָלסאָן האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם און ער האָט דאן אוועקגעשיקט צו רבי חיים׳ן א בריעף, וועלכער האָט ענטהאלטען בלויז דעם איינעם פסוק: „ויכר יוסף את אחיו והם לא הכירוהו״... אנ׳אַנדייטונג דערויף, אז ער בעקענט זיך צו זיינע ברודער און טהוט פאר זיי טובות און זיי פון איהם דערווייטערען זיך...

דערויף האָט איהם רבי חיים קורץ אָבגעענטפערט:

דאָרט האָבען די ברידער פערקויפט יוסף׳ן, דאָ אָבער האָט יוסף פערקויפט און פערראַטען זיינע ברידער...

## ויאמר יוסף אל אחיו אני יוסף העוד אבי חי... (מה. ג.)

ער האָט דאָך זיי שוין געהאט געפרעגט, צי דער פאָטער לעבט, סיי בעת זיי זענען געקומען דאָס ערשטע מאָל: „ויאמרו שאול שאל האיש לנו ולמולדתנו לאמור העוד אביכם חי״ (מקץ מג. ז.), סיי ביים צווייטען מאָל: „ויאמר השלום אביכם הזקן אשר אמרתם העודנו חי״ (מקץ מג. כז.), טאָ נאָכוואָס האָט ער זיי איצט ווידער געשטעלט די זעלבע שאלה?

נאָך אויך דאָס איז געוועזן איינער פון די סימנים, מיט וועלכע ער האָט זיי געוואָלט איבערצייגען, אז ער איז עס זייער פערלוירענער ברודער, יוסף, און דער פשט איז: „ויאמר יוסף אל אחיו אני יוסף״, א סימן האָט איהר פון דער שאלה, וואָס איך האָב אייך באלד אין תחילת געשטעלט: „העוד אבי חי״, פרעגענדיג בלויז אויפ׳ן פאָטער און נישט אויף דער מוטער, וועלכע לעבט שוין לאנג נישט, און ווען איך וואָלט נישט געוועזן יוסף — פונוואַנען האָב איך עס געוואוסט און פארוואָס האָב איך אויך וועגען איהר נישט געפרעגט?...

(אמרי יהודה)

## העוד אבי חי, ולא יכלו אחיו לענות אותו... (מה. ג.)

דערויף ווערט געזאָגט אין מדרש רבה: „אוי לנו מיום הדין אוי לנו מיום התוכחה״.

וואָס פאר א דין ותוכחה איז פאַרהאַן אין דער שאלה „העוד אבי חי״?

נאָר יהודה האָט אין זיינע טענות פריהער ערקלערט: „והיה כראותו כי אין הנער

ומת", אז בשעת זייער פאָטער יעקב וועט דערזעהן, אז זיי זענען צוריקגעקומען אָהן בנימינ'ען, וועט ער עס נישט איבערטראָגען און ער וועט שטארבען פון עגמת־נפש, און דערהערענדיג די דאָזיגע ווערטער האָט יוסף זיך נישט געקאָנט מעהר איינהאלטען און ער האָט אויסגערופען: „אני יוסף! העוד אבי חי?" איך בין יוסף „אשר מכרתם אותי מצרימה", לעבט ער נאָך, דער פאָטער מיינער, נאָך דער דאָזיגער געשיכטע? ווי אזוי האָט ער עס געקאָנט איבערטראָגען און פארוואָס האָט איהר דעמאָלס נישט גע־טראכט, אז איהר שטעלט דערמיט אין געפאר זיין לעבען? — און אויף אָט דעם דאָזיגען „דין ותוכחה", אויף די דאָזיגע שטראָף־רייד, האָבען זיי נישט געהאט וואָס צו ענטפערען, „ולא יכלו אחיו לענות אותו"...

(רבי יאָשע בער בריסקער)

## ויאמר יוסף אל אחיו גשו נא אלי... (מה. ד.)

צוליעב וואָס האָט ער זיי גראָד איצט, איז מיטען געשפרעך, צוגערופען נעהנטער צו זיך?

נאָר פון די פריהערדיגע פסוקים, וואו עס ווערט דערצעהלט, אז יוסף האָט זיך זיי געגעבען צו דערקענען, ווייזט אויס, אז די מצריים זענען געשטאנען הינטער דער טהיר און זיך צו אלעם צוגעהערט, ווי עס ווערט געזאָגט: „וישמעו מצרים וישמע בית פרעה", און דעריבער, בעת ער האָט זיי איצט געוואָלט אויסזאָגען דעם סוד פון „אני יוסף אחיכם אשר מכרתם אותי מצרימה", האָט ער זיי צוגערופען נעהנטער, בכדי די מצרים זאָלען נישט דערהערען, אז דאָס האָבען זיי זייער אייגענעם ברודער פערקויפט פאר אנ'עבד...

(אור תורה)

## ועתה אל תעצבו... (מה. ה.)

נאָר נישט ארייַנפאלען אין עצבות. פון דער דאָזיגער מידה מגונה דארף זיך דער מענש אממעהרסטען מרחק זיין... „כי אגיד עוני אדאג מחטאתי" אויף דער „אדאג" געהער צו די חטאים...

(רבי ברוך מעזשיבוזשער)

די איינציגע דאגה — פלעגט זאָגען רבי מרדכי לעכעוויטשער — וואָס א מענש מעג דאגה'ן איז — פארוואָס ער דאגה'ט...

## וישבת בארץ־גושן... (מה. י.)

דער דין איז, און אזוי ווערט גע'פסק'ענט אין שלחן־ערוך, אז אויב דער זוהן איז גרעסער און פערנעהמט אין דער געזעלשאפט א בכבוד'ערן און חשוב'ערן אָרט פאר'ן פאָטער, דארף דער זוהן, אויב ער וויל נישט מזלזל זיין די מצוה פון כבוד־אב, זיך בעמיהען נישט צו וואוינען מיט'ן פאָטער אין איין שטאָדט... אזוי, דערצעהלט מען, למשל, אויפ'ן מהר"ם מרוטענבערג, אז זינט ער איז נתמנה געוואָרען אלס רב, האָט ער אויס־געמיטען צו בעגעגענען זיך מיט זיין פאָטער, וועלכער איז אנ'איינפאכער מענש געוועזן,

כדי דער פאָטער זאָל נישט האָבען חלילה קיין חולשת־הלב זעהענדיג, ווי מען איז דעם זוהן מעהר מכבד פון איהם...

און דאָס איז אויך דער טעם פארוואָס יוסף, אלס שני־למלך, וועלכען אלע האָבען אזוי פיעל כבוד אָבגעגעבען, האָט אָבגעקליבען א וואוינונג פאר יעקב'ן נישט צוזאמען מיט איהם אויף איין אָרט, נאָר אין א צווייטער שטאָדט — „וישבת בארץ־גושן"...

(עקידת דבו)

## וישבת בארץ־גושן והיית קרוב אלי... (מה, י.)

אויב מען וויל לעבען מיט קרובים בשלום, איז אמבעסטען צו וואוינען פון זיי וואָס־ווייטער... אויב „וישבת בארץ־גושן", דאן — „והיית קרוב אלי", וועלען מיר דאן קאָנען זיין צווישען זיך די אמת'ע גוטע פריינד...

(רבי מאיר'ל פרימישליאַנער)

און דאָס — האָט געזאָגט דערויף רבי ישראל ריזשינער — איז דער פשט: „הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד", ווי גוט איז א „שבת אחים", א ברידערליך צוזאמענלעבען, „גם יחד", אפילו דעמאָלס, ווען זיי וואוינען צוזאמען אויף איין אָרט.

געזאָגט האָט ער דאָס געגען דעם טשערנאָבילער רבינ'ס קינדער וועלכע האָבען נישט געלעבט צווישען זיך בשלום און זיך געהאלטען אין איין ארומקריגען...

## והנה עיניכם רואות וכו' כי פי המדבר אליכם... (מה, יב.)

„והנה עיניכם רואות — בכבודי, ושאני אחיכם, שאני מהול ככם" (רש"י)

וואָס פארא שייכות און צוזאמענהאנג האָבען צווישען זיך די צוויי טעמים: „עיניכם רזאות בכבודי" און „שאני מהול ככם"?

ווייל אין פלוג, וואָס פאר א בעוויז איז אייגענטליך געווען פאר זיי דער צייכען „שאני מהול ככם", אויך א גרויסער טייל פון די מצריים זענען דאָך דאן געווען געמל'ט, ווי רש"י זאָגט אויפ'ן פסוק „לכו אל יוסף אשר יאמר לכם תעשו" (מא, נה.) „לפי שהיה יוסף אומר להם שימולו", אז ער האָט זיי אנדערש נישט געוואָלט פערקויפען קיין תבואה, ביז זיי האָבען זיך פריהער נישט מל געווען?

נאָר, ווי עס איז צו זעהן פונ'ם געשטעלטען תנאי, האָט די דאָזיגע פעראָרדנונג ארומגענומען בלויז די ארימעלייט, די וואָס האָבען קיין געלד נישט געהאט צו קויפען תבואה און זיי האָבען דעריבער געמוזט זיך אונטערוואָרפען די גזירה און זיך מל זיין, דאָגעגען די רייכע לייט, וועלכע האָבען געהאט געלד און אומשטאנד געווען פאר דער תבואה צו בעצאָהלען, אויף זיי איז די פעראָרדנונג נישט חל געווען און זיי האָבען פער־שפאָרט דורכצומאכען די דאָזיגע צוואנג־אָפעראַציע...

און דאָס האָט זיי יוסף ערקלערט: „והנה עיניכם רואות — בכבודי", פונ'ם כבוד, וואָס מען גיט מיר אָב, זעהט איהר, אז איך בין גענוג רייך, און דאָס איז דער בעסטער בעוויז: „ושאני אחיכם — שאני מהול ככם", אז כ'האָב עס נישט געטהון צוליעב נויט...

(דבק טוב)

„והנה עיניכם רואות", ווערגען מיין גרויסקייט זאָלט איהר דערצעהלען דעם טאטען דאָס, וואָס איהר זעהט מיט אייערע אויגען, מיר אליין ווילט זיך ווערגען דעם קיין סך נישט רעדען, דען „כי פי המדבר אליכם" און עס איז אונאנגענעהם פאר א מענש זיך אליין צו ריהמען — „יהללך זר ולא פיך"...

(בינה לעתים)

## כי פי המדבר אליכם...

„בלשון הקודש" (רש"י)

וואָס פאר א ראיה איז עס דערפון, וואָס ער רעדט לשון־קודש, אז ער איז זייער ברודער? אויך דער מליץ צווישען זיי האָט דאָך גערעדט לשון־קודש?

האָט געזאָגט דערויף רבי חיים צאנזער:

אייגענטליך איז דאָך שווער צו פערשטעהן, פארוואָס האָבען די ברודער די גאנצע צייט נישט דערקענט יוסף'ן? אמת, טאקי, אויסערליך האָט ער זיך במשך פון דער צייט געענדערט, ער איז אוועק אָהן א חתימת־זקן, און געטראָפען האָבען זיי איהם מיט א חתימת־זקן, זיי האָבען דאָך איהם אָבער געדארפט דערקענען אין קול. „טביעות עינא דקלא" (חולין צ"ו) איז דאָך א סימן־מובהק אויף צו דערקענען א מענשען? — נאָר דער תירוץ איז: דעריבער האָבען זיי איהם נישט דערקענט אין קול, ווייל אין דער היים האָט ער גערעדט לשון־קודש און דאָ — מצרית, און קוים הויבט מען אָן ריידען אויף א פרעמדער שפראך קאָן מען דאן אנ'אייגענעם ברודער נישט דערקענען, ווייל איטליכע שפראך ווערט גערעדט מיט א בעזונדערען אקצענט און בעזונדערען קלאנג, וואָס טראָגט אריין א געוויסע ענדערונג אין דער שטימע, איצט אָבער, „כי פי המדבר אליכם — בלשון הקודש", ווען ער האָט צוריק אנגעהויבען ריידען אין זיין פריהערדיגע, אלטע שפראך, האָבען זיי איהם שוין געקענט לייכט דערקענען אין קול...

יוסף — שרייבט דערויף רבי שאול נאטאנזאָהן — האָט מורא געהאט, אז בשעת יעקב וועט דערהערען, אז זיין זוהן איז משנה למלך אין מצרים, וועט ער זיך אוודאי טראכטען מיט שרעק: ווער ווייסט, ווי ער האלט שוין דאָרט, חלילה, מיט אידישקייט? האָט ער איהם דעריבער געלאָזט דורך די ברידער מודיע זיין: „כי פי המדבר אליכם— בלשון הקודש".מיין שפראך איז וויטער העברעאיש און דאָס איז דער בעסטער סימן, אז איך האָב זיך פונ'ם אידישקייט חלילה נישט דערווייטערט...

און דערפון — פיהרט־אויס רבי יוסף שאול — דארף מען זיך ארויסנעהמען א מוסר־השכל אויף אונזערע צייטען, ווען מען מיאוס'ט זיך בעוה"ר מיט דער לשון־קודש שפראך, כדי צו קענען גילטען אלס „לועזיים". השם ירחם!...

„הייליקע אידען! מיר שעמען זיך פאר אייך, ווי אזוי איהר האָט פערגעסען אייער הייליגע טייערע שפראך, לשון־קודש, וועלכע דערנעהנטערט די ישועה און די אויס־לייזונג. בעונותינו הרבים איז די לשון־קודש'דיגע שפראך געוואָרען ביי אונז ווי א פערזעסענע כלה־מויד, א באליידיגטע און פערוועלקטע, און עס גיט זיך קיינער די מיה נישט צו רעדען אויפ'ן דאָזיגען הייליגען לשון"...

(רבי יונתן אייבעשיץ אין יערות־דבש)

## והגדתם לאבי את כל כבודי במצרים... (מה. יג.)

היתכן? יוסף זאָל זיך בעריהמען מיט אזא מידה מגונה, ווי כבוד און שטאָלצירען דערמיט?

— נאָר — האָט געזאָגט דערויף דער חדושי הרי״ם — יוסף האָט געהייסען אי־בערגעבען דעם טאַטען, אז ער האָט שוין ב״ה דערגרייכט צו יענער מדרגה, ווען ער האָט שוין קיין מורא נישט פאַר כבוד, מחמת ער ווערט שוין מעהר לגמרי דערפון נישט נתפעל...

דער איצטיגער גאנצער כבוד מיינער געהערט „לאָבי״, דען ווען איך וואָלט איהם דאמאָלס נישט געווען געפאָלגט און נישט געגאנגען צו אייך קיין דותן, וואָלט איך דאָך איצט צו דעם אלעם נישט געקומען...

(ראשי בשמים)

## ויפל על צוארי בנימין אחיו ויבך... (מה. יד.)

„על שני מקדשים שעתידין להיות בחלקו של בנימין וסופן ליחרב״... (רש״י)

ער האָט געוויינט, פאַראויסזעהענדיג, אז די שנאת־חנם, וואָס האָט גורם געווען, אז די ברידער זאָלען איהם, יוסף׳ן, פערקויפען קיין מצרים, דיזעלבע שנאת־חנם ועט אויך ברענגען צום חורבן־בית־המקדש...

(רבי ישעיה׳לע פראַגער)

רבי לוי יצחק בערדיטשעווער פלעגט יעדען טאָג מתפלל זיין, אז די שונאים, וואָס האָבען איהם שלעכטס געטהון, זאָל קיין שום בייז נישט געשעהען, אז עס זאָל קיינער, חלילה, צוליעב איהם נישט נענש ווערען...

און ער האָט ערקלערט: אין מדרש (פ׳ ויחי) ווערט געזאָגט, אז דעריבער איז דער בית־המקדש געבויט געוואָרען בחלקו של בנימין און נישט ביי קיין אנדער שבט, ווייל זיי האָבען עוסק געווען במכירת יוסף, פרעגט זיך: טאָ פאַרוואָס גראָד בחלקו של בנימין, פאַרוואָס נישט, אייגענטליך, בחלקו של יוסף? נאָר ווייזט אויס, אז אויך ער איז דערצו נישט ראוי געווען, ווייל צוליעב איהם זענען די ברידער נענש געוואָרען...

## ובנימין בכה על צואריו... (מה. יד.)

„על משכן שילה שעתיד להיות בחלקו של יוסף וסופו ליחרב״ (רש״י)

אין פלוג האָט דאָך געדאַרפט זיין פערקעהרט: יוסף האָט געדאַרפט וויינען אויף׳ן חורבן פון משכן שילה, וואָס וועט זיך געפונען אין זיין טייל לאַנד, און בנימין — אויף׳ן חורבן פון די שני מקדשות, וועלכע וועלען זיין בחלקו?

איז דערפון — האָט דערויף געענטפערט רבי יחזקאל קוזמירער — געדרינגען, אז מיט יענעמ׳ס אונגליק און מיט יענעמ׳ס צער דאַרף מען זיך מעהר איבערנעהמען, ווי מיט׳ן אייגענעם צער...

## וייטב בעיני פרעה ובעיני עבדיו... (מה. טז.)

וואָס זענען זיי אזוי צופרידען געווען דערפון, וואָס יוסף האָט אראָבגעבראַכט זיין גאנצע משפחה קיין מצרים?

ווייל אנדערש ווערט געפיהרט דאָס לאנד דורך א נאמינירטן מושל, וועלכער איז פערזענליך נישט פערבונדען מיט'ן דאָזיגען לאנד, וואו ער האָט קיין שום קרובים נישט און ער בעטראכט זיך דעריבער אלס פרעמדער, צייטווייליגער גאסט, און אנדערש דורך אזעלכען, וועלכער בעזעצט זיך דאָרט מיט זיין גאנצער פאמיליע, מיט אלע זיינע קרובים און ער איז שוין דאן פערזענליך פעראינטערעסירט אינ'ם אויפבליה און וואויל־שטאנד פון לאנד...

(לויט'ן ספורנו)

## ואתנה לכם את טוב ארץ מצרים ואכלו את חלב הארץ... (מה. יח.)

אזוי רעדט מען שטענדיג צו די אידען, בעת זיי קומען זיך בעזעצען אין א ניי לאנד. אנדערש אָבער רעדט מען צו זיי שפעטער ווען זיי זיצען שוין דאָרט...

(ירושלמי פסחים)

## ועינכם אל תחס על כליכם... (מה. כ.)

פון דער היים נאָך האָט יוסף געוואוסט, אז זיין פאָטער יעקב איז שטארק מדקדק אויף דער מינדסטער קלייניגקייט פון דער הויז־ווירטשאפט, ווי עס ווערט געזאָגט אויפ'ן פסוק: „ויותר יעקב לבדו" ,אז „שכח פחים קטנים וחזר עליהם" (חולין צ"א), און דעריבער האָט ער איצט געהאלטען פאר נויטיג אָנצוזאָגען: „ועינכם אל תחס על כליכם", אז זיי זאָלען נישט חס האָבען אויף דעם מעגליכען פערלוסט פון א ביסעל כלים...

(בעלי התוספות)

## לכלם נתן לאיש חליפות שמלות... (מה. כב.)

פארוואָס האָט ער זיי עפעס געשאָנקען נייע קליידער ?

דען פריהער, אין סוף פ' מקץ, ווערט דערצעהלט: „ויקרעו שמלותם ויעמוס איש על חמורו" (מד. יג.), אז, מיט זיין בלבול וואָס ער האָט געמאכט אויף זיי האָט ער גורם געווען, זיי זאָלען אויף זיך די קליידער צורייסען, האָט ער זיי דעריבער איצט אלס פיוס געגעבען א מתנה נייע קליידער...

(פרחי אהרן)

## ולבנימין נתן שלש מאות כסף... (מה. כב.)

פארוואָס האָט ער בלויז בנימינ'ען געגעבען „שלש מאות כסף" און נישט די איבריגע ברידער ?

דען „המוכר עבדו לגוי — זאָגען די חז"ל — קונסין אותו עד מאה בדמים", קנס'ענט מען איהם אויף הונדערט מאָל אזוי פיעל, וויפיעל דער מקח איז. און ווידער ווערט געזאָגט, אז דער געוועהנליכער פרייז פון אנ'עבד איז שלשים כסף, דרייסיג גילדען; פאר'ן פערברעך פון מכירת־יוסף האָבען די ברידער, אלזאָ, געדארפט צאָהלען קנס (לויט'ן נאָרמאלען מקח, הגם זיי האָבען פאקטיש בלויז גענומען פאר איהם „עש־

רים כסף״) דריי טויזענד גילדען, — און היות ווי אין דער „מכירה״ האָבען זיך בע־טייליגט צעהן ברידער (בנימין האָט דערין קיין אָנטייל נישט גענומען), קומט־אויס אויף יעדען דריי הונדערט גילדען... און דאָס טאקע איז געווען דער קנס: „ולבנימין נתן שלש מאות כסף״ — און זיי נישט...

(חתם סופר)

צוליעב דעם — האָט געזאָגט דערויף רבי מאיר יחיאל, דער רבי פון אסטראוו־צע — האָט יוסף געגעבען בנימינען שלש מאות כסף, דען אויפ׳ן פסוק „וישב ראובן אל הבור״ זאָגען די חז״ל (ווערט אויך געבראכט אין רש״י אויפ׳ן ארט): „ובמכירתו לא היה שם שהגיע יומו לילך לשמש את אביו״, יעדער, הייסט עס, פון די צוועלף זיהן, האָט געהאט לויט דער רייה א בעשטימטען טאָג, אין וועלכען ער האָט געדארפט בע־דינען דעם פאָטער. אראָבערעכענדיג די שבתים וימים טובים, ווען זיי האָבען זיך אלע געפינען צוזאמען אין פאָטערס הויז און עס איז דאן נישט נויטיג געווען קיין ספעצ־יעלער דיזשור, זענען במשך פון יאָהר געווען אזעלכע דריי הונדערט דיענסט־טעג, פון וועלכע עס זענען אויסגעפאלען אויף יעדען פינף און צוואנציג טעג. יוסף איז געווען אין מצרים, ביז יעקב איז געקומען אהין, צוויי און צוואנציג יאָהר. במשך פון דער צייט וואָלט ער לויט׳ן חשבון געדארפט בעדיענען דעם פאָטער פינף הונדערט און פופציג טעג, וועלכע זענען דאן פערטיילט געוואָרען צווישען די איבעריגע עלף ברידער און אויף יעדען פון זיי איז אויסגעקומען נאָך פופציג טעג. איז בנוגע די צעהן ברודער, וועלכע האָבען זיך בעטייליגט אין מכירת־יוסף, האָט ער זיי נאטירליך נישט געדארפט בעצאָהלען פאר די טעג, וואָס זיי האָבען געארבעט פאר זיינעטוועגען, מהמת דאָס איז דאָך געשעהען צוליעב זייער שולד און זיי זענען דעריבער מחויב געווען צו פערטרעטען איהם, דאגעגען בנימינ׳ען האָט ער פאר די דאָזיגע ארבייטס־טעג יאָ געדארפט בע־צאָהלען, דען ער איז דאָך נישט שולדיג געווען, ער האָט זיך דאָך אינ׳ם אקט פון מכי־רת־יוסף נישט בעטייליגט. עפ״י דין איז דער סתם שכר פון א שכיר־יום, אויב מען בעדינגט זיך נישט פריהער מיט איהם, א דינר כסף, און א דינר איז שש מאה כסף, נמ־צא, אז פאר די פופציג ארבייטס־טעג איז איהם געקומען דריי הונדערט מאה כסף און דעריבער — „ולבנימין נתן שלש מאות כסף״...

## לכלם נתן לאיש חלפות שמלות ולבנימין נתן... וחמש חלפת שמלות.

(מה. כב.)

פארוואָס שטעהט פריהער „חלפות״ מיט א ו׳, און שפעטער — „חלפת״ אָהן א ו׳? וואָרום אויפ׳ן פסוק „שני לחת העדות״ דרש׳ענען די חז״ל: „לחת כתיב חסר, מלמד שהיו שניהם שוים״. אלזאָ, אויב א וואָרט, וואָס ענטהאלט א מעהר־צאָהל, איז געשריבען חסר, אָהן א ו׳ — בעדייט עס אויף אזעלכע געגענשטאנדען, וועלכע זענען צווישען זיך פולקאָם גלייך; פערקעהרט ווידער, אויב עס איז געשריבען מלא, מיט א ו׳ — הייסט עס, אז זיי זענען נישט גלייך צווישען זיך. דאָס ערשטע וואָרט „חלפות״ רעדט זיך וועגען די קליידער, וואָס יוסף האָט פונאנדערגעטיילט צווישען אלע איבריגע ברידער, יעדען פון זיי צו איין פאָר, און דידאָזיגע קליידער זענען דאָך זיכער נישט אלע גלייך, נאָר צוגעפאסט לויט יעדענס מאָס און וואוקס, און דעריבער איז עס גע־שריבען מלא, מיט א ו׳; דאגעגען דאָס צווייטע וואָרט „חלפת״ בעציהט זיך אויף די

פינף פאַר קליידער, וואָס זענען געגעבען געוואָרען בנימינ׳ען — און זייענדיג בעשטימט פאר איין פערזאָן, זענען זיי דאָך זיכער געווען אלע גלייך, לויט איין מאָס, וממילא קומט שוין דאָ צו שרייבען חסר, אָהן א ו׳...

(רבי חיים בערלין)

## ולאביו שלח כזאת עשרה חמורים נושאים מטוב מצרים... (מה, כג.)

„כזאת — כחשבון הזה" (רש״י)

דען פריהער פאר דעם שטעהט: „ולבנימין נתן שלש מאות כסף". סתם כסף אין דער תורה, זאָגען די חז״ל, מיינט מען א דינר, און „ולאָביו שלח כזאת" איז משמע, אז אויך די פראָדוקטען,וואָס ער האָט געשיקט דעם פאָטער, האָבען געהאט דעם ווערט פון שלש מאות דינרים, און היות ווי פיער דינרים איז א סלע, הייסט עס, אז זיי האָבען בעטראָפען 75 סלעים. די דורכשניטלעכע משא — זאָגען ווידער די חז״ל — פון א חמור איז א לתך, א לתך איז ט״ו סאין. די משא אלזאָ פון עשרה חמורים איז 150 סאין און וויבאלד די 150 סאין האָבען געהאט דעם ווערט פון 75 סלעים, הייסט עס, אז צוויי סאין האָבען בעטראָפען א סלע. יוסף האָט אלזאָ דערמיט מודיע געווען יעקב׳ן, אז ער מעג קומען פון ארץ־ישראל קיין מצרים, דען דער דין איז (בבא בתרא צ״א), אז — „אין יוצאין מארץ לחוץ־לארץ אלא אם כן עמדו סאתים בסלע"...

(עדות ביוסף)

„מטוב מצרים — יין ישן שדעת זקנים נוחה הימנו" (רש״י)

זאָל זיך דער פאָטער, יעקב, נישט בעאומרוהיגען בשעת ער וועט דערהערען, אז זיין זוהן, יוסף, געהט געקליידעט אין די מצרישע בגדי־מלכות און איז געוואָרען א מושל בכל ארץ מצרים. זאָל ער נישט מיינען אז די אויסערליכע ענדערונג האָט חלילה אויך געווירקט אויף זיין אינערליכע, אידישע התנהגות. אלס סימבאל און אנצוהערע־ניש האָט ער איהם דעריבער געשיקט וויין, וועגען וועלכען עס ווערט געזאָגט: „אל תסתכל בקנקן אל במה שיש בו"...

(המגיד)

נאָכוואָס האָט ער איהם געדארפט שיקען וויין פון מצרים? צי דען פעהלט אין ארץ־כנען, וואָס ווערט געריהמט אין דער תורה אלס „מקום תאנה גפן ורמון", גוטער אלטער וויין?

נאָר דער עיקר חשיבות פון יין ישן איז, אז דער וויין זאָל זיין עלטער פון דעם וואָס טרינקט איהם, ווי די חז״ל זאָגען אויפ׳ן פסוק „ויין מלכות רב" (אסתר א. ז.) „שכל אחד ואחד השקהו יין שגדול הימנו בשנים" (מגילה י״ב), און אזא יין ישן, וואָס זאָל זיין עלטער פון יעקב׳ן, וועלכער איז דאן אלט געווען הונדערט און דרייסיג יאָהר, איז נישטאָ אין ארץ־כנען און קאָן נישט זיין, מחמת די חז״ל זאָגען אין ירושלמי אז „אחת לשבעים שנה יורד בארץ־ישראל גשם שוטף ומכלה כל היינות"... און דעריבער האָט ער איהם געשיקט יין ישן פון מצרים.

(תוספת ברכה)

פונוואנען איז געדרונגען, אז עס איז געווען יין ישן?

דען אויפ'ן פסוק „וחברון שבע שנים נבנתה לפני צוען מצרים" (פ' שלח יג. כב.) פרעגט די גמרא (סוטה לד. — ווערט אויך געבראכט אין רש"י אויפ'ן דערמאָהנטען פסוק): „אפשר שבנה חם את חברון לכנען בנו הקטן קודם שיבנה את צוען למצרים בנו הגדול? אלא שהיתה מבונה מכל טוב על אחד מז' בצוען", אז אלע זאכען, וואָס שטאמען פון ארץ־ישראל, זענען חשוב'ער און זיבענפאכיג בעסער, ווי פון מצרים. בלויז מיט איין זאך אָבער האָט זיך מצרים אויסגעצייכענט לגבי ארץ־ישראל, מיט איין ווערטפולע מתנה, וואָס איז אין ארץ־ישראל נישט בנמצא, האָט יוסף געקאָנט מהנה זיין דעם פאָ־טער — מיט יין ישן, דען אזא אלטען ווײן, ווי אין מצרים, וועלכע איז פריהער געבויט געוואָרען, פאר ארץ־ישראל, האָט ארץ־ישראל נישט געקענט האָבען...

(הבאר)

געוועהנליך איז אנ'אלטער מאן ביי זיך שטארק געפאלען, פילענדיג, אז מענ־שען קוקען שוין אויף איהם, ווי אויף א שברי־כלי, א לא־יוצלח, וואָס טויג שוין צו גאָרנישט; בעת מען דערלאנגט איהם אָבער אלטען ווײן, וואָס בעווייזט דעם היפוך, אז וואָס עלטער ער ווערט, אלץ קרעפטיגער און געשמאקער ווערט ער, — דאן ווערט דער זקן ביי זיך מונטערער און געהויבענער, און דערפאר איז „דעת זקנים נוחה הימנו"...

(רבי זלמן מרגליות)

דער ליובאוויטשער רבי (רבי דוב בער) האָט אמאָל בעמערקט, ביים פראווען דעם שבת'דיגען טיש, ווי דער משמש פיהרט בקול־רם א שמועס מיט די נגיד'ישע חסידים וועגען דעם ווײן, וואָס זיי ווילען שטעלען צום טיש, וועלכען ווײן ער זאָל פאר זיי ברענגען און וויפיעל. מאכט ער צו זיי:

אויפ'ן פסוק „נושאים מטוב מצרים" זאָגען די חז"ל: „ששלח לו יין ישן", פאר־וואָס ווערט עס אין פסוק נישט דערמאָהנט בפירוש, נאָר בדרך־רמז? נאָר די גמרא זאָגט: „כשם שהדיבור רע ליין, כך הדיבור יפה לבשמים" (כריתות ו'). ווײן ברענגט מען, ווײן טרינקט מען, אָבער — וועגען ווײן רעדט מען נישט...

די משא פון א חמור, זאָגען די חז"ל (בבא מציעא פ'), איז א לתך, וועלכער ענטהאלט פופצעהן סאין, נײַנציג קבין. די משא פון עשרה חמורים איז, אלזאָ בעשטאנען פון נײַן הונדערט קבין ווײן, און איז דען, חלילה יעקב אבינו אזא שיכור געווען, אז אויף דער קורצער צייט, ביז ער האָט פערלאָזט דאָס לאנד און איז אוועק קיין מצרים, האָט ער אזש נויטיג געהאט אזוי פיעל ווײן, אזש נײַן הונדערט קבין?...

נאָר אין „„סדר הדורות" ווערט געבראכט א מדרש אגדה, אז פאר יעקב'ס אָבפאָהר קיין מצרים איז זיך צונויפגעקומען די גאנצע ארומיגע בעפעלקערונג צוזאמען מיט „כל מלכי כנען וגדולי הארץ", פאר וועלכע יעקב האָט געפראַוועט א משתה, וואָס האָט זיך געצויגען דריי טעג.

דער ווײן איז, אלזאָ, נויטיג געווען פאר דעם דאָזיגען אָבשיעדס־מאָהלצייט און מיט'ן „דעת זקנים נוחה הימנו" ווערט נישט געמיינט בלויז יעקב, נאָך — די זקני וגדולי ארץ כנען...

(קטורת סמים)

## ויאמר אליהם אל תרגזו בדרך... (מה. כד.)

מיטפיהרענדיג פאר'ן פאָטער אזא איבערראשענדע, דערפרעהטע בשורה וועלען זיי דאָך אודאי לויפען אין וועג מיט גרויס געיעג און איילעניש, אָהן אָברוה, אָהן דעם אָטעם איבערצוכאפען, האָט ער זיי דעריבער אָנגעזאָגט גאנץ איינפאך: „אל תרגזו בדרך", איהר זאָלט זיך נישט דענערווירען אויפ'ן וועג, נישט זיין צוטראָגען, נאָר געהן רוהיג, במנוחה...

(בכורי אביב)

„אל תרגזו בדרך — אַל תתעסקו בדבר הלכה" (רש"י)

תורה אליין איז מקרב, „תלמידי חכמים מרבים שלום בעולם", דאגעגען דער עסק מיט דער תורה און די מסחרים, וואָס ווערען מיט איהר און ארום איהר געפיהרט, ברענגט, פערקעהרט, צו מחלוקת, און דערפאר זעהען מיר אזוי פיעל קריגערייען צווישען די רבנים...

„אל תרגזו בדרך, אל תתעסקו בדבר הלכה". לערנען אליין, מעיין זיין אין א דבר־הלכה, קאָן גאָר נישט שאדען, אדרבה! דאָס ברענגט צו התקרבות און צו שלום. היטען זאָלט איהר זיך אָבער פאר'ן „עסק בדבר הלכה", נישט צו מסחר'ן און נישט צו מאכען קיין עסקים מיט דער תורה, דען דאָס ברענגט בלויז צו מחלוקת...

(אמרי חן)

פארוואָס האָט זיי יעקב בשעת זיי זענען געפאָהרען אהינוועגס קיין מצרים, נישט אָנגעזאָגט דאָס זעלבע „אל תתעסקו בדבר הלכה"?

ווייל אהין זענען זיי געפאָהרען הונגעריגע, פול מיט צער און עצבות. און בשעת א מענש איז הונגעריג און מלא צער האָט ער במילא נישט דעם קאָפּ צו לערנען ובפרט נאָך צו קריגען זיך בדבר הלכה. צוריק אָבער זענען זיי געפאָהרען זאט, אויפגערוימט, אָנגעלאָדען „מטוב מצרים", מיט „בר ולחם ומזון". און דאמאָלס גלוסט זיך שוין צו פלפל'ען זיך און דעריבער איז שוין נויטיג געווען צו וואָרענען זיי: „אל תרגזו בדרך — אל תתעסקו בדבר הלכה"...

(רבי צבי הירש אָרנשטיין)

אהינוועג, קיין מצרים, האָט יעקב פערשפאָרט דאָס אנצוזאָגען זיי, ווייל — „אם אין קמח אין תורה"...

(ספר החיים)

אויפ'ן פסוק „כי שמעתי אומרים נלכה דתינה" זאָגען די חז"ל: „נלכה אחר דת של תורה", אז די ברידער האָבען אין זייער משפט איבער יוסף'ן זיך געשטיצט אויף דער תורה... יוסף האָט זיי דעריבער איצט אָנגעזאָגט: איהר זאָלט זיך נישט קריגען אויפ'ן וועג און „אל תתעסקו בדבר־הלכה", איהר זאָלט אייערע קריגערייען נישט פערוואנדלען אין א דבר־הלכה, אין א דין מן התורה, ווי איהר האָט עס געמאכט דאמאָלס בנוגע צו מיר...

„אל תתעסקו בדבר הלכה, שלא תרגז עליכם הדרך"... (רש"י)

דער „מזרחי" וואונדערט זיך פונוואנען רש"י האָט גענומען דעם דאָזיגען פשט, ווערענדיג אין מדרש רבה (פרשה צ"ד) ווערט געדרשנ'ט פונקט להיפך: „אל תעמדו עצמכם מדברי תורה" און דער „מתנות כהונה" ערקלערט דערויף: „אל תפסקו מדבר הלכה", אז יוסף האָט זיי אנגעזאָגט גראד פערקעהרט, אז זיי זאָלען אויפ'ן וועג נישט מפסיק זיין אין לערנען?... און בכדי צו פערענטפערן די דאָזיגע סתירה ווערט אין „מזרחי" אביסעל געענדערט די גירסא פון רש"י.

באמת אָבער האָט דער „מזרחי", ווי עס ווייזט אויס, פערזעהן, אז עס איז א בפירוש'ע גמרא: „אל תרגזו בדרך — אמר להם יוסף לאחיו, אל תתעסקו בדבר הלכה וכו'" (תענית י')...

„דבר אחר, אַל תפסיעו פסיעה גסה"... (רש"י)

איר זאָלט נישט זיין לייכטזיניג אין אייערע האנדלונגען, איהר זאָלט נישט אָנ־נעהמען ווי דאמאָלס ביי מכירת יוסף, קיין איילינגע בעשלוסען...

(הדרש והעיון)

און אזוי טייטשט אויך דער דובנער מגיד דעם מאמר „פסיעה גסה נוטלת אחד מת"ק ממאור־עיניו של אָדם" (שבת קי"ג): זאכען, וואָס ווערען אָבגעטהון איילענדיג, אָהן געהעריגען ישוב־הדעת, פערטונקלען דאָס ליכט פון מענשענס אויג און מאכען איהם קורצזיכטיג אין זיין האנדלונג, אין זיין אָבשאצונג און אין זיין אורטייל...

„אל תפסיעו פסיעה גסה"...

פרעגט דער מהרש"א: פארוואָס האָט זיי יעקב דאָס זעלבע נישט געוואָרענט? ענטפערט דערויף דער מלבי"ם (אין „ארץ חמדה") בדרך צחות:

די גמרא זאָגט (ברכות מ"ג): „פסיעה גסה נוטלת אחת מחמש מאות ממאור עיניו של אדם, מאי תקנתיה? להדריה בקדושי דבי שמשי", אז דער יין של קידוש איז א סגולה צו פערשטארקען צוריק די ראיה, און ווידער זאָגען די חז"ל, אז „מיום שפירש יוסף מאחיו לא טעם טעם יין וכו' אף הן לא טעמו טעם יין" (שבת קל"ט).

אויפ'ן וועג, אלזאָ, אהין קיין מצרים, האָט זיי יעקב נישט געדארפט ווארנען, אז זיי זאָלען נישט געהן קיין פסיעה גסה, מחמת ער איז געווען זיכער, אז זיי וועלען עס אליין נישט טהון צוליעב דעם, וואָס זיי טרינקען נישט קיין וויין און זיי האָבען דעריבער נישט קיין מעגליכקייט צו בענוצען זיך מיט יין־קידוש אלס סגולה געגען דעם... איצט אָבער, ווען זיי האָבען זיך ביי יוסף'ן מתיר געמאכט און צוריק אנגעהויבען טרינקען וויין ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק: „וישתו וישכרו עמו", האָט מען געקענט פון זיי ערוואַרטען, אז זיי וועלען מעהר נישט נזהר זיין בפסיעות גסות, מיט דער האָפנונג, אז זיי וועלען עס מתקן זיין מיט'ן יין־קידוש, און דעריבער האָט ער געהאלטען פאר נויטיג זיי אָנצוזאָגען: „אל תפסיעו פסיעה גסה"...

## וידברו אליו את כל־דברי יוסף... (מה, כז)

„סימן מסר להם וכו' בפ' עגלה ערופה" (רש"י)

וואָס פאר א שייכות האָט דאָ דער ענין פון עגלה ערופה? — דאָס האָט יוסף זיך

דערמיט מתנצל געווען און פערענטפערט, פארוואָס ער פאָהרט נישט צום פאָטער און פערלאנגט, אז דער פאָטער זאָל קומען צו איהם, דען אזוי געפינען מיר אויך ביי עגלה ערופה: „ר׳ אליעזר אומר אם נמצא הראש במקום אחר וגופו במקום אחר, מוליכין הראש אצל הגוף" (סנהדרין פרק ט׳), — כאָטש דער קאָפּ איז דאָך דער וויכטיגסטער און חשובסטער טייל פון קערפּער, דאָך פיהרט מען נישט דעם גוף צום ראש, נאָר דעם ראש צום גוף...

(ספר הדרוש)

## רב עוד־יוסף בני חי... (מה. כח.)

די קינדער האָבען געמומען שילדערן פאר יעקב׳ן דאָס גרויסקייט פון יוסף׳ן, „וכי הוא מושל בכל ארץ מצרים", האָט זיי יעקב איבערגעשלאָגען די רייד און אויסגערופען: „רב!" גענוג! די אלע זאכען זענען שוין פאר מיר איבריג צו הערען; פאר מיר איז פולקאָם גענוג די איינע בשורה, אז „עוד יוסף בני חי"...

(רשב״ם)

## אנכי ארד עמך מצרימה ואנכי אעלך גם עלה... (מו. ד.)

ס׳איז דיר שווער דאָס געהן קיין מצרים, דו ווילסט נישט געהן אין גלות אריין, אָבער נאָך שווערער וועט שפּעטער זיין דאָס ארויסנעהמען דיך פון דאָרט. „ואנכי אעלך גם עלה", בגוואלד ממש וועל איך דיך פון דאָרט ארויסשלעפּען, דען מיט׳ן אייגענעם רצון וועסטו נישט וועלען געהן...

(רבי יעקב, הרב מליסא)

## אנכי ארד עמך מצרימה ואנכי אעלך...

השם יתברך האָט פערבונדען זיין גורל מיט׳ן גורל פון ישראל: בשעת דער עליה פון ישראל ווערט אויך כביכול נתעלה; דאגעגען בשעת דער ירידה פון ישראל איז, חלילה, פערקעהרט...

(מדרש רבה)

ביים געהן אין גלות אריין וועט זיין פריהער „אנכי ארד"; דאגעגען ביים ארויסגעהן פון דאָרט וועט פריהער זיין „אעלך", און נאָכדעם — „גם עלה"... א הבטחה, אז די אידען וועלען אין גלות קיין איין מינוט נישט זיין אָהן דער שכינה...

(כלי יקר)

א איד, בשעת ער ווערט נתעלה, דארף ער די עליה נישט אויסנוצען בלויז פאר זיך, נאָר אויך אין זינען האָבען זיינע ברידער, אויך זיי מעלה צו זיין.

„ואנכי אעלך — בכדי — גם עלה", דו זאָלסט דאן אויך א צווייטען מעלה־זיין...

(קדושת לוי)

עס זענען פאראן — האָט אמאָל געזאָגט דער רבי ר׳ בונם — פערשידענע צדיקים און פערשיעדען איז דער אופן און דרך, ווי אזוי זיי שטייגען אין זייערע מדרגות, און ער האָט עס ערקלערט עפ״י משל:

עס האָט זיך אמאָל א מלך בעזעצט אויף א זעהר הויכען טורם און שווער זענען געווען די געדרעהטע און פערפלאָנטערטע שווינדעל־טרעפּ, וואָס האָבען געפיהרט צום טורם, און שווער איז געווען אנצוקומען צום מלך. האָט איינער, וועלכער האָט געבענקט צו זיין נאָהנט צום מלך, געפּרובט שטייגען אויף די טרעפּ, אָבער ער האָט געבלאָנדזשעט און איז געקומען צוריק צום זעלבען אָרט פונוואנען ער האָט אָנגעהויבען, האָט ער געפּרובט א צווייט מאָל און ווידער געבלאָנדזשעט און פון גרויס פערצווייפלונג האָט ער געגומען שטארק וויינען, ביז דער מלך האָט דערהערט זיין געוויין און איהם ארויפ־גענומען צו זיך.

א צווייטער האָט אויך, ווי דער ערשטער, אָנגעהויבען צו שטייגען, געשטיגען און געבלאָנדזשעט, געבלאָנדזשעט און געשטיגען, אָבער יעדען שטח, וואָס ער האָט בטעות דורכגעמאכט האָט ער בעצייכענט מיט סימנים, אז ער איז שוין דאָ געווען און זיך איבערצייגט, אז נישט דאָס איז דער וועג, וואָס פיהרט צום ציעל, און אזוי לאנג האָט ער געפּרובט און געזוכט, ביז ער האָט סוף כל סוף געפונען, ביז ער האָט זיך דער־שלאָגען צום ריכטיגען וועג און איז ענדליך אָנגעקומען צום מלך.

ביידע — האָט דער רבי ר׳ בונם אויסגעפיהרט — סיי דער ערשטער, סיי דער צווייטער, זענען הויך געשטיגען, דער חלוק צווישען זיי איז אָבער דאָס, וואָס דער צווייטער, דער פּקח, האָט אין זיין שטייגען נישט בלויז זיך אין זינען געהאט און ער האָט געמאכט א וועג אויך פאר אנדערע...

## ואנכי אעלך גם עלה ויוסף ישית ידו על עיניך... (מו. ד.)

בשעת השי״ת האָט געזאָגט צו יעקב׳ן „אנכי ארד עמך מצרימה ואנכי אעלך גם עלה״ איז יעקב אריינגעפאלען אין פארצווייפלונג: ווער ווייסט, צי נאָך אזא ירידה וועט שוין מעגליך זיין אנ׳עליה, אויב מען הויבט אָן זינקען, געהט מען שוין אזוי גיך צוריק נישט ארויף... דערויף האָט איהם השי״ת געטרייסט: „ויוסף ישית ידו על עיניך״ זאָל יוסף דיר שטעהן פאר די אויגען אלס ביישפּיעל, אז מען דארף זיך נישט מייאש זיין. אויך ער, יוסף, איז אראָבגעפאלען צו דער סאמע נידריגסטע מדרגה, עד הדיוטא התחתונה, צו דער לאגע פון אנ׳עבד אין א מצריש הויז און דאָך איז ער מיט איינמאָל נתעלה געוואָרען צו דער העכסטער שטופּע פון א מושל אין מצרים, און דאָסזעלבע וועט אויך זיין מיט׳ן פאָלק ישראל...

(קול יהודה)

וואָס איז דער זין פון די ווערטער „ישית ידו על עיניך״?

נאָר בשעת דער מענש שטארבט איז „מעצמין את עיניו״ פערמאכט מען איהם די אויגען, און היות, ווי יעקב האָט די גאנצע צייט געלעבט מיט דעם טרויעריגען געדאנק, אז יוסף לעבט נישט מעהר, האָט איהם איצט השי״ת געטרייסט און פערזיכערט אז „ויוסף ישית ידו על עיניך״, יוסף וועט דיר די אויגען פערמאכען — ער וועט נישט שטארבען ביי דיין לעבען...

(חצי מנשה)

## ויקחו את מקניהם ואת רכושם אשר רכשו בארץ כנען ויבאו מצרימה...
(מו. ו.)

א מערכה וואָס זיי האָבען מיטגעבראכט מיט זיך אזא פערמעגען, איז פרעה געווען צו זיי אזוי גאסטפריינדליך און אויסגערופען: „במיטב הארץ הושב את אביך ואת אחיך!" ווען נישט דאָס, וואָלט ער זיי זיכער נישט געווען אריינגעלאָזט...

(מלבי"ם)

## ובני אשר וכו' ושרח אחותם... (מו. יז.)

אינ'ם בעקאנטען וכוח, וואָס דער רמב"ן האָט געהאט מיט'ן דאָמיניקאנער פאבלא כריסטיאני וועגען משיח'ן האָט דער דאָמיניקאנער ציטירט א כלומר'שטען מדרש־אגדה, וואו עס ווערט געזאָגט, אז זיעבען וועלען זיצען אין גן עדן אויבענאָן: שרח בת אשר, בתיה בת פרעה און „משיח שפירש את עצמו מעבודה זרה" וכו' און עס איז קלאָר, אז דערמיט ווערט געמיינט דער קריסטליכער משיח.

דער רמב"ן האָט איהם דערויף געענטפערט, אז די ציטאטע איז א פאלשע, עס איז נישטאָ גאָר אזא מדרש, און דערצו איז ער זעהר נאריש אויסגעטראכט, אוועקזעצענדיג משיח'ן צווישען צוויי פרויען...

## ובני דן חושים... (מו כג.)

„בתורתו של רבי מאיר מצאו כתוב ובן דן חושים" (בראשית רבה)

ווייל אויף איינעם איז דאָך נישט שייך צו זאָגען „ובני".

פרעגט זיך: פארוואָס האָט רבי מאיר נישט געמאכט דעמזעלבען תיקון און זיך נישט אָבגעשטעלט אויף אנ'עהנליכען פסוק אין פ' פינחס — „ובני פלוא אליאב", און אין דברי הימים (ב. ח.) — „ובני איתן עזריה"?...

(מקור ברוך)

מאנכע פרובען ענטפערן, אז דאָס איז איינפאך דערפאר, ווייל דער נאָמען „חושים" (מיט „ים" צום סוף) קלינגט ווי א לשון רבים, און צוליעב דעם וואָרט „ובני" קאָן מען אלזאָ א טעות האָבען און מיינען, אז דאָ רעדט זיך וועגען עטליכע קינדער, וועלכע זאָלען האָבען געטראָגען דעמזעלבען נאָמען; דאגעגען אין די אנדערע דערמאָהנטע פסוקים קאָן מען דעמדאָזיגען טעות נישט האָבען — און דעריבער איז אין זיי נישט נויטיג געווען קיין תיקון...

## ויבך על צואריו עוד... (מו. כט.)

„אבל יעקב לא נפל על צוארי יוסף וכו' ואָמרו רבותנו שהיה קורא את שמע". (רש"י)

דער דאָזיגער דרש וועגען וועלכען רש"י דריקט זיך אויס: „ואמרו רבותינו", געפינט זיך נישט, נישט אין תלמוד, נישט אין מדרש. אָבער מעגליך, אז דאָס בעציהט זיך אויפ'ן מאמר אין מס' דרך ארץ זוטא פרק ראשון: „העבר רצונך ורצון חברך מפני רצון שמים, שכן מצינו ביעקב שלא נשק את יוסף", און דערפון איז, אלזאָ, א ראיה, אז

דאָס, וואָס „יעקב לא נשק את יוסף", אין געווען דערפאַר, ווייל ער האָט דאַן עוסק געווען ברצון שמים, און נעמליך: — „היה קורא את שמע"...

(קהלת יצחק)

ווערט געפרעגט: ממה־נפשך, איז דאַן געווען דער זמן קריאת־שמע האָט דאָך אויך יוסף געדאַרפט לייענען און נישט מפסיק זיין, איז ווידער נישט געווען דער זמן, האָט דאָך יעקב אויך נישט געדאַרפט לייענען?

נאָר — האָט געזאָגט דערויף דער טשאָרטקאָווער רבי, רבי דוד משה — די חז"ל זאָגען: „לעולם ירגיז אדם יצר טוב על יצר הרע, אם נצחו — מוטב, ואם לאו יעסוק בתורה, אם נצחו — מוטב, אם לאו — יזכיר לו יום המיתה" (ברכות ה'). ביים אריינקומען קיין מצרים, אינ'ם מקום הטומאה, וואו עס איז שטאַרק די שליטה פון יצר־הרע, האָט דעריבער יעקב אבינו זיך געוואָלט בעוואָרענען מיט אלע דריי מיטלען, וואָס די חז"ל רעכענען אויס. אנטקעגען דעם „יעסוק בתורה" איז — „ואת יהודה שלח וכו' להורות לפניו" און דערויף זאָגט רש"י: „להורות לפניו לתקן לו בית תלמוד שמשם תצא הוראה"; אנטקעגען דעם „יקרא קריאת שמע" איז — „ויבך על צואריו, שהיה קורא שמע"; און אנטקעגען דעם „יזכיר לו יום המיתה" איז — „ויאמר ישראל אל יוסף אמותה הפעם"...

צי האָט שוין יעקב נישט געהאַט קיין אנדער צייט צו לייענען קריאת־שמע, נאָר פונקט אין דערדאָזיגער מינוט?

נאָר דער פשט איז: נישט זעהענדיג יוסף'ן אזוי פיעל יאָהרען און הערענדיג, אז ער איז עולה־לגדולה געוואָרען אלס משנה־למלך „הי' קורא את שמע", זענען געווען זיינע ערשטע ווערטער, וואָס ער האָט אויסגערופען ביי דער בעגעגעניש: „שמע ישראל!" — צי ביזטו פערבליבען א איד? צי שעמסטו זיך נישט מיט דיין אידישקייט?...

(שלמי יוסף)

דער „ישועת יעקב" האָט אמאָל געפרעגט דעם ראָפשיצער רבי'ן, רבי נפתלי'ן, פאַרוואָס חסידים זענען עובר אויף זמן קריאת־שמע. האָט איהם דער ראָפשיצער געענטפערט:

דער חלוק פון חסידים ביז מתנגדים איז, וואָס מתנגדים זענען מדקדק אויפ'ן „זמן" פון קריאת־שמע, און חסידים — אויף דער ווארימקייט פון קריאת־שמע, אויפ'ן „ואהבת"...

## אמותה הפעם... (מו. ל.)

איצט — האָט זיך יעקב אבינו געטרייסט — האָבענדיג מנוחה און ווערענדיג פערזאָרגט מיט פרנסה, וועל איך נור איינמאָל שטאַרבען, וועהרענד ביז איצט, לעבענדיג א חיי צער, האָט ער יעדען טאָג געפיהלט דעם טעם מיתה...

(כלי יקר)

בשעת א פאָטער דאַרף אָנקומען אויף דער עלטער צו א קינד, ער זאָל איהם אויסהאַלטען, פיהלט ער דערביי טעם־מיתה...

(של"ה)

אויפ'ן פסוק „מזמור לדוד בברחו מפני אבשלום בנו" פרעגט די גמרא: „מזמור לדוד? קינה לדוד מיבעי ליה"?!

ענטפערט מען דערויף:

בשעת מען אנטלויפט פון א קינד, איז טאקע „מזמור לדוד", ווארום פיעל ערגער איז, ווען מען דארף נישט אנטלויפען, נאר פערקעהרט — אנקומען צו א קינד...

(געהערט)

## והאנשים רועי צאן כי אנשי מקנה היו... (מו. לב.)

דערויף ווערט געזאגט אין רבינו בחיי: „וכן תמצא רוב הצדיקים שהיו רועים, תמצא בהבל: „ויהי הבל רועה צאן", וכן במשה: „ומשה היה רועה" וכן שמואל הנביא וכו'".

וואו ווערט דערמאהנט, אז שמואל זאל האבען געווען א רועה צאן?

## ואמרתם אנשי מקנה היו עבדיך וכו' כי תועבת מצרים כל רועה צאן... (מו. לד.)

וויבאלד עס איז „תועבת מצרים כל רועה צאן", אויב די מצריים האבען דאס אזוי פיינט, טא נאכוואס האט ער זיי געהייסען זאגען: „אנשי מקנה היו עבדיך"?

נאר יוסף האט מורא געהאט, אז אויב די בני ישראל וועלען וואוינען צווישען די מצריים, וועלען זיי זיך מיט דער צייט מיט זיי אסימילירען און אויסמישען, און ער האט דעריבער געוואלט, אז זיי זאלען זיך בעזעצען אויף א גאנץ אבגעזונדערטען שטח, און כדי פרעה זאל דערצו מסכים זיין, האט ער זיי אנגעזאגט: „ואמרתם אנשי מקנה היו עבדיך וכו'" איהר זאלט איהם דערצעהלען, אז איהר פערנעמט זיך מיט האדעווען פיה, „בעבור תשבו בארץ גושן", און אזוי ארום וועט איהר באקומען א בעזונדערען ארט צום וואוינען, אין ארץ גושן, „כי תועבת מצרים כל רועה צאן", ווארום זיי קענען נישט פאר־טראגען די, וואס באשעפטיגען זיך דערמיט, און זיי אליין וועלען אלזא נישט וועלען, איהר זאלט וואוינען מיט זיי צוזאמען...

(בינה במקרא)

## כמה ימי שני חייך... (מז. ח.)

רבי אריה לייב, דער „שאגת אריה" (אויף וועלכען דער ווילנער גאון האט עדות געזאגט, אז ער איז אימשטאנד געווען דורכצובלעטערען אין געדאנק גאנץ ש"ס במשך פון איין שעה), איז אויף דער עלטער, בעת ער איז שוין געווען א בן־שבעים, אויפגענומען געווארען אלס רב אין מעטץ (פריהער איז ער געווען רב אין וואלאזשין, וואו ער האט געגעבען דריי גילדען א וואך...) אנגעקומען איז ער קיין מעטץ פרשת ויגש און ווי ער איז אריינגעקומען אין שטאדט אריין זענען צו איהם דערגאנגען ידיעות, אז א טייל בעלי־בתים זענען אונצופרידען און זיי מורמלען, הלמאי מען האט אויפגענומען אלס רב אן אן׳אלטען מאן, וועלכער שטעהט שוין מיט איין פוס אין קבר. אוועקשטעלענדיג זיך שבת אין שוהל האלטען די ערשטע דרשה האט ער אנגעהויבען און געזאגט:

מיר געפינען אין דער היינטיגער סדרה, אז בשעת יעקב אבינו איז געקומען קיין מצרים, האט איהם פרעה געפרעגט: „כמה ימי שני חייך"? און דערויף האט איהם יעקב

געענטפערט: „ימי שני מגורי שלשים ומאת שנה, מעט ורעים היו ימי שני חיי". איז איינענטליך קשה: ערשטענס, וואס האט פרעה'ן אינטערעסירט צו וויסן, ווי אלט ער איז? צווייטענס, נאכוואס האט יעקב געענטפערט מעהר, וויפיעל מען האט איהם גע־פרעגט? אויף פרעה'ס פראגע: „כמה ימי שני חייך", איז דאך פולקאם גענוג געווען די תשובה: „ימי שני מגורי שלשים ומאת שנה", צוליעב וואס האט ער נאך געדארפט צוגעבען: „מעט ורעים היו ימי שני חיי"?

נאר בשעת פרעה האט דערזעהן, אז מיט יעקב'ס אנקומען קיין מצרים, איז דאס לאנד געבענשט געווארען, דער נילוס איז אויפגעגאנגען און דער הונגער האט אויפ־געהערט, האט ער מורא געהאט, אז דעם לאנד וועט נישט לאנג בעשערט זיין צו געניסען פון דעם דאזיגען גליק, מחמת יעקב איז שוין אנ'אלטער מאן, און ער האט איהם דעריבער געפרעגט, ווי אלט ער איז, וועלענדיג וויסען, ווי לאנג בערך אזא מענש האט נאך צו לעבען... יעקב האט פערשטאנען דעם זין פון דער דאזיגער שאלה און ער האט איהם דעריבער געענטפערט: „ימי שני מגורי שלשים ומאת שנה מעט", כ'זעה אויס א סך עלטער ווי איך בין אין דער אמת'ן, כ'בין אלט בס"ה הונדערט און דרייסיג יאהר, און דאס איז „מעט", וועניג, „ולא השיגו את ימי שני חיי אבותי", מיינע עלטערען האבען געלעבט א סך לענגער, צו הונדערט און אכציג יאהר, און דאס, וואס איך זעה אויס אזוי אלט איז, ווייל „ורעים היו ימי חיי", כ'האב געהאט שלעכטע יאהרען און בין געעלטערט געווארען פאר דער צייט (עהנליך טייטשט אויך דער רשב"ם).

— דאס זעלבע — האט דער „שאגת אריה" אויסגעפיהרט — איז אויך מיט מיר. כ'בין נישט אזוי אלט, ווי איך דוכט זיך. געעלטערט בין איך געווארען צוליעב דעם שווערען ביטערען לעבען, ליידענדיג שטענדיג דחקות און אויסשטעהענדיג אהן א שיעור רדיפות און מחלוקת'ן... כ'בין איך אבער מבטיח, אז כ'וועל זיין אי"ה ביי איך רב מעהר ווי צוואנציג יאהר!...

און כך הוה...

## ויכלכל יוסף את אביו וכו' לחם לפי הטף... (מז. יב.)

הגם, דערצעהלט אונז דערמיט די תורה, יוסף איז געווען א מושל בכל ארץ מצרים און ער איז אימשטאנד געווען צו פערזארגען דעם פאטערס הויז מיט כל טוב, דאך האט ער זיך צוגעפאסט צו דער צייט, צו די שווערע עקאנאמישע בעדינגונגען אין לאנד און ער האט אויך זיי, זיינע סאמע נאהענטסטע קרובים, צוגעטיילט דעם ביסען ברויט, „לחם לפי הטף", דען — „בזמן שהצבור שרוי בצער אל יאמר אדם אלך לביתי ואוכל ואשתה ושלום עליך נפשי" (תענית י"א)...

(ספורנו)

די גדולי הדור ביי אידען האבען אין די פערשידענסטע צייטען געפיהרט א קאמף געגען מותרות און לוקסוס. כמעט אויף אלע גרעסערע רבנישע אסיפות און צוזאמענ־פאהרען פון די קהלות זענען אנגענומען געווארען שטרענגע בעשלוסען, וועלכע האבען אויפגעפאדערט דער אידישער בעפעלקערונג צו פיהרען א בעשיידען לעבען. איבערהויפט איז געווארענט געווארען נישט צו פראווען קיין פערשווענדערישע שמחות של מצוה. פון צייט צו צייט זענען זאגאר פערפאסט געווארען ספעציעלע תקנות מיט גענויע אנוויי־

זונגען, ווי אזוי די שמחות זאָלען געפייערט ווערען. אין די תקנות, למשל, וואָס עס האָט וועגען דעם פערפאסט דער „נודע ביהודה" ווערט געזאָגט:... „אויף א סעודת בר־מצוה מעג זיין פערבעטען בלויז א מנין מענשען, אויסער דער בעל־הסעודה, דער בר־מצוה, דער סארוועער און חזן. פרויען איז נישט ערלויבט צו פערבעטען, אויסער שוועס־טער און שוועגערינס, טעכטער און שנירען. קיין זינגער און בדחנים איז אויף א סעודת־בר־מצוה נישט ערלויבט צו בענוצען... מכבד זיין אויף אזא סעודה די געסט מיט פיש מעג נור אזא עושר, וועלכער צאהלט שטייערען פיער הונדערט זילבער־קראָן א יאָהר, אָבער נישט מיט קיין טייערע פיש, נור מיט קארפען. פלייש — נור פון איין סאָרט, רינדפלייש, אָדער עופות, אָבער נישטביידע צוזאמען... דער וואָס צאָהלט נישט קיין הונדערט קראָן א יאָהר שטייערען, טאָר נישט מכבד זיין די געסט מיט קיין וויין... אויף א סעודת־אירוסין טאָר מען נישט פערבעטען מעהר פון א מנין, אויסער די נאהנטע קרובים און פינף בחורים מצד דעם חתן. דער סדר המאכלים דארף זיין דער זעלבער, ווי אויף א סעודת בר־מצוה... אויף א סעודת־נשואין מעג איטליכער נעהמען כלי־זמרים, אָבער נישט מעהר ווי פיער מאן. צו דער סעודה טאָר מען נישט פערבעטען מעהר פון פופצעהן מענער און זעקס פרויען, אויסער די נאהנטסטע קרובים. די וואָס צאהלען העכער פון דריי הונדערט זילבער־קראָן א יאָהר שטייערען, מעגען סערווירען דעם טיש לויט זייער איינזעהן, אָבער נישט מיט קיין לאקס און פארעלען. מען טאָר אויך נישט שטעלען קיין צו־טייערע כלים. די, וואָס צאהלען מעהר פון זעקס הונדערט קראָן, מעגען זיך ערלויבען צו פראווען ברייטערע סעודות, דאָך ווערען אויך די עשירים גערעטען, זיי זאָלען בעגרענצען זייערע איבערטריבענע מותרות, בכדי נישט צו פערשעמען את מי שאין לו און זיי זאָלען בכלל חס זיין אויף זייער געלד און נישט פטר'ן זייער מיה להבל ולריק... ביי א ברית־מילה איז פאר אזעלכען, וואָס צאהלט יעהרליך ביז פופציג קראָן שטייערען, ערלויבט צו פערבעטען נישט מעהר ווי צעהן מאן און ער זאָל געבען נישט מעהר ווי צוויי מאכלים, אָבער נישט קיין קאלבספלייש און קיין וויין. דער וואָס צאהלט פון הונדערט ביז דריי הונדערט קראָן, מעג ער פארבעטען פינף און צוואנציג מאן... א סעודת פדיון־הבן האָט דעם זעלבען דין, וואָס א סעודת ברית־מילה.

די דאָזיגע תקנות פלעגען פון צייט צו צייט אויסגערופען ווערען מיט גרויס פרסום אין אלע שוהלען און בתי־מדרשים...

(מופת הדור)

עהנליכע תקנות, וועלכע ווערען איבערגעגעבען באריכות אין ס' „תירוש ויצהר", זענען אויך אנגענומען געוואָרען אין יאָהר תרמ"ו אויף דער גרויסער ווארשאווער אסיפה, וועלכע איז צונויפגערופען געוואָרען דורכ'ן פיעטריקאָווער רב, רבי חיים אלעזר וואקס.

## ויבא יוסף את הכסף ביתה פרעה... (מז. יד.)

נאָכ'ן אראָפברענגען דעם פאָטער און די ברידער קיין מצרים, האָט יוסף נישט געוואָלט מעהר פערוואלטען מיט די מלוכה־געלדער און ער האָט זיי אוועקגעטראָגען צו פרעה'ן, כדי מען זאָל איהם נישט חושד זיין, אז פון דידאָזיגע געלדער האלט ער אויס די אלע קרובים און פאמיליע־לייט, דעם גאנצע עולם פון „שבעים נפש"...

(דברי חכמים)

## ויתום הכסף מארץ מצרים ומארץ כנען... (מז. טו.)

און דערפאר האָט שוין יעקב געמעגט געהן קיין מצרים, דען — „אין יוצאים מארץ־ישראל לחו״ל אלא אם המעות ביוקר״ (בבא בתרא כ״ו)...

## ואת־העם העביר אותו לערים... (מז. כא.)

דעם טעם פארוואָס יוסף האָט דורכגעפיהרט אַנ'איבערגרופירונג פון דער מצרי־שער בעפעלקערונג, איבערפיהרענדיג זיי פון זייערע שטענדיגע וואוין־ערטער אין אנדערע מקומות, איז, כדי זיי זאָלען אויך זעלבסט דערפיהלען דעם טעם פון גרים, פון נע־ונד זיין, — אפשר וועט דאָס ווירקען זיי זאָלען נישט שטאָלצירען איבער די פרעמדע, איינגעוואנדערטע בני־ישראל און זיי נישט מצער זיין...

(כלי יקר. עהנליכעס אין תרגום־ירושלמי)

## רק אדמת הכהנים לא קנה... (מז. כב.)

רבי אפרים זלמן מרגלית, וועלכער איז געווען א עושר גדול און דערצו אויך א קמצן, האָט נישט געוואָלט צאָהלען קיין קהלה־עטאַט, פעררופענדיג זיך אויפ'ן דין אין שולחן ערוך (יו״ד סי׳ רמ״ג), אז תלמידי חכמים „פטורים מכל מיני מסים, בין מסים הקצובים על כל בני העיר, בין מס שהוא קצוב על כל איש לבדו וכו׳״.

די ראשי הקהלה האָבען זיך מיט'ן דאָזיגען ענטפער נישט בעפרידיגט, אָנווייזענדיג אויף א וויטערע שטעלע אין שולחן־ערוך, וואו עס ווערט געזאָגט: „ומיהו אם יש לו מעט אומנות או מעט משא־ומתן להתפרנס בו כדי חייו ולא להתעשר וכו׳ נקרא תורתו אומנתו״ און ער איז יאָ חייב במסים.

עס איז אוועק וועגען דעם פוןביידע צדדים א רייה שאלות ותשובות צו די גדולי הדור, און צווישען די פערשיעדענע ארגומענטען, מיט וועלכע רבי אפרים זלמן האָט זיך בענוצט, האָט ער אויך אָנגעוויזען אויפ'ן פסוק: „רק אדמת הכהנים לא קנה״ אויספיהרענדיג, אז די כהני ישראל דארפען נישט זיין ערגער, להבדיל, פון די כהני מצרים...

יעדע העצע געגען אידען ווערט עפ״י רוב אָנגעפיהרט דורך די גייסטליכע, די כהנים, וועלכע האָבען די שטארקסטע השפעה אויפ'ן המון. יוסף האָט דעריבער אויסגעמיטען נישט צו טשעפען מיט זיי, צו לעבען מיט די כהנים בשלום, מחמת, אז זיי וועלען זיין צופריעדענגעשטעלט אין זייערע פערזענליכע מאטעריעלע אינטערעסען, וועלן זיי זיך דאן אָבהאלטן און נישט רייצען דעם המון געגען די אידען...

(קהלת יצחק)

## וישם אותה יוסף לחוק וכו׳ על אדמת מצרים... (מז. כו.)

נישט די מענשען, האָט יוסף איינגעפיהרט א געזעץ, זאָל מען בעשטייערען, נישט רעכענדיג זיך דערביי צי זיי האָבען, אָדער זיי האָבען נישט פונוואנען צו צאָהלען, נאָר — די ערד. אויב די ערד ברענגט דעם אייגענטימער געווינס הכנסה, „לזרע השדה ולאכלכם ולאשר בבתיכם ולאכול לטפכם״, זאָל גענומען ווערען פון איהר שטייערען פאר דער מלוכה, און אויב נישט — נישט...

(באר יצחק)

# וַיְחִי

**ויחי יעקב בארץ מצרים...** (מז. כח.)

די התחלה פון דער דאָזיגער פרשה וואָלט זיך אייגענטליך געדאַרפט אָנהויבען פונ׳ם לעצטען פסוק אין דער פריהערדיגער סדרה: „וישב ישראל בארץ מצרים בארץ גושן" דען דערויף בעציהט זיך דאָך אלס המשך דער „ויחי יעקב בארץ מצרים". נאָר, ווי עס ווייזט אויס, האָבען די קהלות נישט געוואָלט פערענדיגען די פריהערדיגע סדרה מיט דער פרשה „ותהי הארץ לפרעה וכו'", וועלענדיג זי מסיים זיין מיט א בעסערען אויסלאָז, מיט — „וישב ישראל בארץ מצרים בארץ גושן ויאחזו בה ויפרו מאד"...

(רשב"ם)

„למה פרשה זו סתומה? — לפי שכיון שנפטר יעקב אבינו נסתמו עיניהם ולבם של ישראל מצרת השעבוד שהתחילו לשעבדם" (רש"י)

פרעגט זיך: דער שעבוד האָט זיך דאָך נישט אָנגעהויבען מיט יעקב׳ס טויט. אָנגעהויבען האָט ער זיך ערשט (זעה רש"י פ' וירא ו. טז.), נאָכ׳ן טויט פון לוי, דעם לעצטען פון די שבטים?

נאָר ווי עס ווערט דערצעהלט אין די ווייטערע פסוקים האָבען די בני יעקב געמוזט אָנקומען צו פרעה׳ן נאָך אנ׳ערלויבניש ארויסצופיהרען יעקב׳ן פון מצרים און דערמיט, מיט׳ן דאָזיגען שתדלנות, האָבען זיי שוין אָנגעהויבען פיהלען דעם טעם פון שעבוד...

(ארחות חיים)

פיעל ערגער פונ׳ם שעבוד גופא איז דער „נסתמו עיניהם ולבם", דאָס וואָס די אידישע אויגען און הערצער ווערען פערשטאָפּט, דאָס וואָס מען הערט אויף צו זעהן און צו פיהלען, צוגעוועהנענדיג זיך צום דאָזיגען מצב און שפל׳דיגען ארט לעבען...

(שמועות טובות)

„למה פרשה זו סתומה?... שבקש לגלות את הקץ לבניו ונסתם ממנו" (רש"י)

דערפאַר איז געווען „ונסתם ממנו", ווייל פאַראויסזעהענדיג די צרות, וואָס אידען דאַרפען איבערטראָגען ערב דעם קץ, בעקבתא דמשיחא, איז ער אריינגעפאַלען אין עצבות, און — „אין השכינה שורה מתוך עצבות"...

(רבי נפתלי ראָפּשיצער)

און דערפאַר, ווייל „בקש לגלות את הקץ", האָט ער דעריבער געפונען פאַר נויטיג צו מוסר׳ן די קינדער און אויסצורעכענען זייערע חטאים, דען אזוי זאָגען אונז די חז"ל: „הראשונים שנתגלה עונם נתגלה קצם, אחרונים שלא נתגלה עונם לא

נתגלה קצם״. אום פאַרצובעררייטען דעם דור צו דער גאולה מוז מען איהם פריהער אָנוויזען אויף זיינע חטאים און פעהלערען, נישט זיי צו פערשווייגען און צו פערגלעטען, ווי עס פיהרט זיך, לײדער, בעוונותינו הרבים...

(תולדות יעקב)

דעריבער ווערט נישט דערלאָזט, מען זאָל מגלה זיין דעם קץ, ווייל אויב מען זאָל וויסען ווען דער קץ איז, הערט מען דאן אויף צו פיהלען דעם צער־הגלות, איז דער גלות מעהר קיין גלות נישט...

(שפת אמת)

בשעת דער מלבי״ם האָט אין זיין פירוש אויף דניאל אָנגעוויזען אין די לעצטע פסוקים וועגען דעם זמן, אין וועלכען מיר האָבען זיך צו ריכטען אויפ׳ן קץ, פעסטשטעלענ־דיג זאָגאר די גענויע צייט און די יאָהרען, ווען די גאולה וועט זיך אָנהויבען, האָט ער דאן ערהאלטען א רייה בריף פון פערשידענע רבנים, וועלכע האָבען איהם געמאכט פאָרוואורף, הלמאי ער האָט זיך ערלויבט אויף אזא זאך, ווערענד די חז״ל האָבען וועגען דעם שטרענג געוואָרענט, אויסרופענדיג: „תיפח רוחן של מחשבי קיצין!״.

דערויף האָט זיי דער מלב״ים געענטפערט מיט א משל:

א סוחרישער איד פון פוילען איז אמאָל, פערצייטענס, געפאָהרען קיין לייפציג און ער האָט מיטגענומען זיין קינד, א יונג אינגעל, מיט זיך. קיין באַן איז נאָך אין יענע יאָהרען נישט געווען און די נסיעה האָט מען געדאַרפט דורכמאַכען אין א גע־וועהנליכע בויד, מיט וועלכער מען האָט זיך אָפט געשלעפט עטליכע וואָכען, אָבשטע־לענדיג זיך רוהען אין אלע שטעדטלעך און קרעטשמעס. אזא נסיעה האָט זיך גערע־כענט אלס א וויכטיג געשעהעניש, צו וועלכען עס האָבען זיך געפאָדערט גאָר גרויסע און לאנגע הכנות. עפיס א קלייניגקייט, אזא רייזע, אזא וועג!... נאָכ׳ן אריינזעצען זיך ענדליך אין דער בויד, צו וועלכער די גאנצע משפחה איז געקומען בעגלייטען, און נאָכדעם ווי מען האָט שוין בעוויזען אָבצופאָהרען עטליכע וויאָרסט פון דער שטאָדט, ווענדעט זיך דאָס אינגעל צום פאָטער און פרעגט: טאטע, ס׳איז נאָך ווייט קיין לייפציג? אָנשטאָט צו ענטפערען איהם האָט איהם דער פאָטער אָבגעמאָסטען מיט א שארפען חוזק־בליק, פון וואָס דאָס אינגעל האָט זיך אָנגעשטויסען, אז ער האָט זיך מיט דער דאָזיגער שאלה עפעס גאָר שטארק בענארישט און מעהר האָט ער שוין במשך פונ׳ם גאנצען וועג נישט געוואגט צו שטעלען דעם טאטען די דאָזיגע פראגע... אזוי האָט מען זיך געשלעפט עטליכע וואָכען שטאָדט־איין, שטאָדט־אויס, קרעטשמע־איין, קרעטש־מע־אויס, ביז איינמאָל דערזעהט פלוצים דאָס אינגעל, ווי דער פאָטער ווענדעט זיך צום בעל־עגלה און פרעגט איהם: פעטער, ס׳איז נאָך ווייט קיין לייפציג? דאָ ווערט שוין דאָס אינגעל אויסער זיך און ער שטעלט דעם טאטען א הארבע שאלה: פארוואָס, מאכט ער, בשעת איך האָב דיך געפרעגט, צי עס איז נאָך ווייט קיין לייפציג, האָסטו אויף מיר געגעבען אזא קוק, גלייך ווי איך וואָלט זיך ארויסגעכאפּט מיט דער גרעס־טער נארישקייט, ולסוף פרעגסטו גאָר אליין דיזעלבע שאלה?... כ׳וועל דיר זאָגען מיין קינד, — ענטפערט איהם דער פאָטער — די שאלה איז טאקי דיזעלבע, אָבער עס ווענדעט זיך, ווען מען פרעגט זי. דו האָסט געפרעגט אין סאמע אָנהויב ווען מיר האָבען זיך נור־וואָס געהאט אריינגעזעצט אין דער בויד, נור־וואָס אָנגעהויבען צו פאָהרען, שטעלענדיג קוים די ערשטע טריט צו דער אזוי לאנגע, ווייטע און געפעהר־

ליכע נסיעה פון הונדערטער מיילען; אוועקצושטעלען זיך באלד אין אָנהויב און פרעגען, ווי ווייט עס איז, איז טאקי זעהר נאריש און קינדעריש... איצט אָבער האלטען מיר שוין ביים סאמע סוף, עס איז נור א פראגע העכסטענס פון עטליכע וויאָרסט, און מען קאָן שוין דעריבער גאנץ דרייסט פרעגען, ווי ווייט עס איז נאָך קיין לייפציג.

דאָס זעלבע — האָט אויסגעפיהרט דער מלבי״ם — איז אויך מיט'ן קץ, מיט'ן זמן־הגאולה. בשעת מיר זענען אוועק אין גלות אריין האָבען די הייליגע חכמים אונזערע פאראויסגעזעהען, אז עס שטעהט אונז פאר א זעהר לאנגער און מורא'דיגער וועג, א וועג, וואָס די נסיעה איבער איהם וועט דויערן טויזענדער יאָהרען, א וועג, וואָס וועט זיין פול מיט די שוידערליכסטע נסיונות און שרעקליכסטע ליידען. זיי האָבען אלזאָ איינגעזעהן, אז אויב מען וועט מגלה זיין פאר'ן פאָלק דעם טרויעריגען אמת, ווי מורא'דיג לאנג דער דאָזיגער וועג וועט זיך ציהען און אז דער קץ וועט ערשט קומען אין טויזענדער יאָהרען ארום, וועט אלעמען ארומנעהמען א שרעקליכע פערצווייפלונג. עס וועט אָבגעשטעלט ווערען יעדע טעטיגקייט ביי אידען און עס וועלען אויסגעלאָשען ווערען אלע האָפנונגען, וואָרום ווער איז עס אימשטאנד אזא אונענדליכען וועג דורכצומאכען און ווער האָט עס כח אזוי לאנג צו ווארטען? און זיי האָבען דעריבער ארויסגעגעבען א בעפעהל: „תיפח רוחן של מחשבי קיצין!״ עס זאָל זיך קיינער נישט דערוועגען אויסצוזאָגען, ווי ווייט עס איז. מען טאָר נישט מגלה זיין! איצט אָבער, ווען אלע סימנים ווייזען דערויף, אז מיר האלטען שוין ב״ה ביים סאמע סוף, מעג מען שוין ענדליך אָנווייזען דעם זמן און אויסזאָגען דעם סוד, „ווי ווייט עס איז קיין לייפציג״...

(געהערט פון מלבי״מ'ס א תלמיד)

רבי מענדעלי קאָצקער האָט אמאָל, רעדענדיג וועגען משיח'ן, געזאָגט:

די גאונים האָבען געוואָלט ברענגען משיח'ן און עס האָט זיך זיי נישט איינגעגעבען. שפעטער האָבען דאָס געפרובט טהון די בעלי־התוספות און עס איז זיי נישט געלונגען. דערנאָך האָבען די צדיקים און גוטע־אידען זיך איינגעשפארט אראָבצוברענגען משיח'ן ולא עלתה בידם, און איך זאָג, אז דאָס, וואָס די חז״ל זאָגען: „אין בן דוד בא אלא בהיסח הדעת״, ווערט טאקי געמיינט פשוטו כמשמעו, אז משיח וועט קומען נאָר אין אזא צייט, ווען אידען וועלען זיין אזוי פעריאָגט און פערזאָרגט מיט דאגות־פרנסה, אז זיי וועלען אפילו קיין צייט נישט האָבען צו טראכטען וועגען משיח'ן...

מען האָט אמאָל געפרעגט דעם חידושי הרי״ם: די חז״ל זאָגען, אז „אין בן דוד בא עד שיתיאשו מן הגאולה״ (סנהדרין צ״ז), מיר זענען זיך דאָך אָבער נישט מייאש, מיר זאָגען דאָך יעדען טאָג: „אני מאמין באמונה שלמה בביאת המשיח וכו׳ עם כל זה אחכה לו בכל יום שיבוא״, טאָ ווי אזוי קאָן משיח קומען?

דערויף האָט דער חידושי הרי״ם געענטפערט: אויב מיר האלטען אין דער סברה, אז דערפאר קאָן משיח נישט קומען, ווייל מיר געדענקען אָן איהם, טאָ ברויך מען דאָך שוין נישט קיין גרעסערען יאוש, ווי דאָס אליין איז...

אויפ'ן פסוק „ולקחתי אתכם אחד מעיר ושנים ממשפחה והבאתי אתכם ציון״ (ירמי' ג. יד.) זאָגט דער ווילנער גאון, אז די כונה איז, דאָס די גאולה העתידה וועט ענטשטעהען דורך איינעם, וועלכער וועט גערופען ווערען אויפ'ן נאָמען פון זיין שטאָדט, און צוויי, וואָס וועלען טראָגען דעם נאָמען פון זייער משפחה: „אחד מעיר״ דאָס איז

אליהו, וועלכער ווערט גערופען „אליהו התשבי", „אליהו הגלעדי", און אזוי ווערט אויך געזאָגט אין פסוק: „ויאמר אליהו התשבי מיושבי גלעד" (מלכים א'. יז.), דאגעגען געפינען מיר נישט אין ערגיץ דעם נאָמען פון זיין משפחה אזוי ווייט, אז עס איז פאראן זאָגאר א חלוקי־דעות, פון וועלכען שבט ער שטאמט, (זעה תוספת ב"מ קי"ד ד"ה מהו), „ושניה ממשפחה" מיינט מען משיח בן יוסף און משיח בן דוד, וועלכע ווערען גערופען אויף די נעמען פון זייערע משפחות...

## ועשית עמדי חסד ואמת... (מז. כט.)

דערויף זאָגט רש"י: „שאינו מצפה לתשלום גמול". דער פשט דערפון איז נישט, ווי מען איז געוואוהנליך געוואוינט צו טייטשען, אז דער חסד, וואס מען טהוט מיט א מת, ווערט נישט צוריקגעצאָהלט. די חז"ל זאָגען דאָך בפירוש (נדרים פ"ג): „ודיספוד — יספדון ליה, דיבכון — יבכון ליה"! נאָר דער טייטש איז: „שאינו מצפה לתשלום גמול". עס איז אזא חסד און אזא „טובה", וועלכע קיינער וואַרט נישט אָב...

(כרם הצבי)

## אל נא תקברני במצרים... (מז. כט.)

„סופה להיות עפרה כנים וכו' ושלא יעשוני מצרים עבודת־אלילים" (רש"י)

האָט געפרעגט דערויף דער גערער רבי: יעקב האָט דאָך געוואוינט אין גושן און דאָרט איז דאָך פאר'ן „סופה להיות עפרה כנים" נישט געווען וואָס מורא צו האָבען, דען אין גושן האָבען דאָך נישט שולט געווען די עשר מכות?

נאָר — האָט ער געענטפערט — אָט דאָס טאקי ווערט געמיינט מיט'ן אויספיהר: „ושלא יעשוני מצרים עבודת אלילים", דאָס איז א המשך און פירוש דערצו. היות, ווי ס'איז „סופה להיות עפרה כנים", ווי דאס גאנצע לאנד מצרים וועט געשלאָגען ווערען מיט דער דאָזיגער מכה, מיט'ן אויסנאהם פון גושן, האָב איך דעריבער מורא פאר'ן „ושלא יעשוני מצרים עבודת אלילים", אז די מצריים זאָלען נישט זאָגען, אז דאָס איז אין זכות פון מיין קבר, און זיי זאָלען מיך נישט צוליב דעם פערהייליגען...

„ושאין מתי חוצה לארץ חיים אלא בצער גלגול מחילות" (רש"י)

אנ'עלטערער בעל־הבתישער איד איז אמאָל געקומען צום קאָצקער רבי'ן און איהם דערצעהלט, אז ער קלויבט זיך צו פאָהרען קיין ארץ־ישראל, ווייל ער וויל לעתיד־לבוא אויסמיידען דעם צער גלגול מחילות.

— וועה — האָט דער קאָצקער א געשריי געטהון — וועה, ווי א מענש האָט דאָס ליב דעם ווערעמדיגען קערפער זיינעם, אפילו נאָכ'ן טויט וויל ער איהם פערזאָרגען!...

## וישתחו ישראל על ראש המטה... (מז. לא.)

„שהשכינה למעלה ממראשותיו של חולה"... (רש"י)

וואָרום וועלכער חולה איז עס נישט מהרהר בתשובה? ווייזט מיר דעם כופר, וועלכער זאָל שטארבען — אלס כופר...

(רבי נחמן בראָצלאַווער)

דער קעלמער מגיד איז אמאָל געקומען אין א שטאָדט. האָט מען איהם דער־צעהלט, אז דער אידישער שפּיטאָל האלט זיך ביי פערמאַכען, מחמת די גבירים ווילען קיין געלד נישט געבען.

בין מנחה למעריב, ווען די גאנצע שטאָט איז זיך צונויפגעקומען אין שוהל אריין צו דער דרשה פון בערימהטען מגיד, שטעלט זיך אוועק דער קעלמער אויפן בעלעמער און ווענדעט זיך צום עולם:

רבותי — מאכט ער — כ׳וועל אייך דערצעהלען א מעשה. ווי איהר ווייסט, ליעבע אידען, איז ביי א חולה רוהט די שכינה צוקאָפּענס. ויהי היום, האָט זיך די שכינה אמאָל געקלאָגט פאר׳ן רבונו־של־עולם און געזאָגט: רבונו־של־עולם, האר פון אלע וועלטען! דו שיקסט מיך תמיד אין די אָרימע אידישע הייזער. כ׳קום צוגעהן צום חולה, זעה איך, ער ליעגט אין א שטיבעל ד׳ על ד׳, אויף א צובראָכען בעטעל, אָהן א קישען צוקאָפּענס, די קינדער וואלגערן־זיך־ארום נאקעטע, באָרוועסע, אָהן השגחה, אויסגעהונ־גערטע נאָך א שטיקעל ברויט, דער חולה אליין ליעגט אין יסורים, א פארשמאכטער, א פערטריקענטער, נישטאָ מיט וואָס איהם מחיה צו זיין, נישטאָ מיט וואָס צו רופען א דאָקטאָר, צו קויפען רפואות! כ׳קאָן עס נישט אריבערטראָגען, כ׳קאָן דעם צער נישט צוזעהן... פרעג איך דיך: פארוואָס, רבונו של עולם, שיקסטו מיך נישט אין די רייכע הייזער, וואו מענשען וואוינען אין גרויסע, שענע צימערן, לעבען אין רחבות און האָבען פון כל־טוב?

זאָגט דער רבונו־של־עולם צו דער שכינה: האָסט רעכט, כ׳וועל דיין רצון ממלא זיין.

האָבען די גבירים, לא־עלינו, אָנגעהויבען צו קרענקען. וואו א רייך הויז — דאָרט א חולה ר״ל, און די שכינה האָט שוין נישט געהאט אויף וואָס זיך צו בעקלאָגען: זי האָט גערוהט אין גרויסע, שענע צימערן, צוקאפּענס פון זייבערע, ווייכע בעטען און האָט מעהר דעם צער פון דלות נישט געזעהן.

אז די גבירים, רבותי, האָבען געזעהן, אז ס׳איז שלעכט, אז זיי האלטען אין איין קרענקען, האָבען זיי זיך מיישב געווען און געמאכט א שפּיטאָל פאר אָרימעלייט: זאָל אַן׳אָרימאַן, אז ער ווערט, חלילה קראנק, האָבען דעם קאָפּ וואו אוועקצולעגען, זאָל ער ליעגען אין א ריין, לופטיג חדר, אין א ווייך, ציכטיג בעט, זאָל ער קריגען א דאָקטאָר מיט רפואות, זאָל ער האָבען וואָס אין מויל צו נעהמען און זאָל די שכינה קאָנען רוהען נעבען איהם.

— אָבער היינט, רבותי, — שרייט־אויס דער קעלמער, — אז איהר, גבירים, ווילט מעהר קיין געלד נישט געבען פאר׳ן אידישען שפּיטאָל און ער וועט זיך חלילה מוזען צומאכען, וועט די שכינה ווייטער מוזען קומען צו אייך — צו אייך אין די רייכע הייזער!...

## ויאמר ליוסף הנה אביך חולה... (מח. א.)

דערויף זאָגען די חז״ל (בבא־מציעא פ״ז): „עד יעקב לא הוה חולשא״ (ביז יעקב׳ן האָט נישט עקזיסטירט קיין שלאפקייט)... פון וואנען דרינגען זיי דאָס? — ווייל אומעטום וואו עס שטעהט אין תנ״ך דאָס וואָרט „הנה״, בעדייט עס אויף א נייער זאַך, וואָס איז נאָך ביז־דאָן נישט געווען.

(יפה לקין)

אנ׳עהנליכע ערקלערונג אויפ׳ן וואָרט „והנה״ געפינען מיר אין רשב״ם פ׳ וישב און אין בעל־הטורים פ׳ תזריע.

„מי שיש לו חולה בתוך ביתו ילך אצל חכם ויבקש עליו רחמים“ (ב״ב קט״ז).

א חסיד איז אמאָל געקומען צום אלטען אָסטראָווצער רבי׳ן מיט א טענה, באשר ער האָט פאר איהם מזכיר געווען א חולה, ולסוף איז דעם חולה נאָך אלץ נישט בעסער געוואָרען.

— איז וואָס׳זשע בין איך שולדיג?

— וואָס הייסט? — ברוגז׳ט זיך דער חסיד — די חז״ל זאָגען דאָך „מי שיש לו חולה בתוך ביתו ילך אצל חכם ויבקש עליו רחמים“ און איך בין דאָך דאָן געקומען צו אייך איהר זאָלט אויף איהם מעורר רחמים זיין?

— עס שטעהט נישט — ענטפערט איהם דער אסטראָווצער — „ילך אצל חכם שיבקש עליו רחמים“, אז דער חכם אליין זאָל אויף איהם בעטען רחמים, נאָר ער זאָל טהון צוויי זאכען: „ילך אצל חכם“ און „ויבקש עליו רחמים“, א חוץ דעם, וואָס ער וועט געהן צום חכם, זאָל ער אויך מתפלל זיין אויפן חולה און בעטען אויף איהם רחמים, נישט פערלאָזען זיך בלויז אויפ׳ן רבי׳ן...

מען האָט אמאָל אנגעוויזען רבי אייזיל חריף אויף א פשוט׳ן סלאָנימער איד, א שניידער, נישט קיין איבעריגער בן־תורה, הגם זעהר א פרומער, אז א שכן איז אמאָל אריינגעקומען צו איהם מזכיר זיין א חולה, האָט ער יענעם אנגעווינשען א רפואה־שלימה און דער חולה איז טאקי געזונד געוואָרען, און פון דאמאָלס אָן, דערזעהענדיג, אז זיין ברכה האָט געהאָלפען, האָט דער שניידער זיך אָנגעהויבען פיהרען רבי״ש, מעשה „גוטער איד“.

— איצט ווערט מיר פערשטענדליך — רופט זיך אָן רבי אייזיל — פערוואָס די גמרא זאָגט: „מי שיש לו חולה בתוך ביתו ילך אצל חכם“, פארוואָס שטעהט נישט „ילך אצל צדיק“, נאָר „ילך אצל חכם“? ווייל אויב מען וועט נישט געהן צו קיין חכם, קאָן יענער אמאָל נכשל ווערען און אנהויבען קוקען אויף זיך, ווי אויף א בעל־מופת...

מען קאָן זיין א צדיק און נישט זיין קיין תלמיד־חכם. א ראיה איז פון דער גמרא. די גמרא זאָגט: „לעולם ימכור אדם כל מה שיש לו וישא בת תלמיד־חכם לא מצא בת ת״ח ישא בת גדולי הדור“ (פסחים מ״ט), און דערויף זאָגט רש״י: „גדולי הדור — צדיקים“, זעהט מען דאָך, אז מען קאָן זיין א צדיק און דאָך זאָל געזאָגט ווערען וועגען איהם: „לא מצא בת תלמיד חכם“...

(הרב ברוך עפשטיין)

„ויאמר ליוסף — אחד מן המגידים“ (רש״י)

קיין סלאָנים איז אמאָל געקומען א מגיד, אויף וועלכען מ׳האָט אין דער סביבה שטארק געמורמעלט, אז ער איז נישט תוכו כברו — און דער רב, רבי אייזשע חריף, האָט איהם דעריבער נישט געוואָלט געבען קיין ערלויבניש צו זאָגען א דרשה אין שוהל. האָבען זיך עטליכע בעלי־בתים גענומען פאר איהם משתדל זיין: ס׳טייטש, רבי, וואָס האָט איהר צו איהם? ער איז דאָך א מגיד, און וויבאלד א מגיד, איז ער דאָך זיכער א ירא־שמים!...

ס׳איז גאָר קיין בעוויז נישט, — האָט זיי דערויף רבי אייזשע געענטפערט. — אויפ׳ן פסוק, „ויאמר ליוסף הנה אָביך חולה“ זאָגט רש״י: „אחד מן המגידים“; פרעגט זיך: ווי קומען דאמאָלס אין מצרים אידישע מגידים? (אז דאָס זאָל האָבען געווען אפרים בן יוסף —

דאָס איז בלויז די מיינונג פון איין מאן־דאַמר) — איז דערפון אלזאָ געדרונגען, אז עס קאָן אויך זיין א מגיד א גוי, א פושע־ישראל...

## בני הם אשר נתן לי אלקים בזה... (מח. ט.)

„בזה הראה לו שטר אירוסין ושטר כתובה" (רש"י)

פרעגט מען: אין פריהערדיגען פסוק, אויף „וירא ישראל את בני יוסף ויאמר מי אלה", זאָגט דאָך רש"י, אז יעקב האָט געזעהען, אז זיי זענען נישט ראוי לברכה, ווייל עס וועלען ארויסקומען פון זיי ירבעם ואחאב, טאָ וואָס האָט עס דערצו, וואָס „הראה לו שטר אירוסין ושטר כתובה", מיט וואָס זענען זיי שוין איצט יאָ ראוי געוואָרען לברכה?

נאָר עס איז בעקאַנט דעם מהרש"א'ס קשיא: פארוואָס ווערט א בן סורר ומורה נידון על שם סופו, ווערענד ביי ישמעאל'ן זאָגען די חז"ל, אז השי"ת האָט געענטפערט צו די מקטרגים: „באשר הוא שם", אז מען דארף איהם נישט דן זיין צוליעב די שפעטער־דיגע מעשים? און דערויף ווערט געענטפערט, אז א בן סורר ומורה איז מען דערפאר דן על שם סופו, ווייל ער איז געבוירען באיסור, ווי עס ווערט געזאָגט: „וראית בשביה אשת יפת תואר וכו' לא דברה תורה אלא כנגד יצר הרע וכו' וסופו להוליד ממנה בן סורר ומורה", ישמעאל דאגעגען איז דאָך געבוירען געוואָרען בהיתר, האָט מען איהם דן געווען נאָר „באשר הוא שם".

און דאָס, אלזאָ, האָט יוסף מכוון געווען. זעהענדיג, אז יעקב וויל דן זיין זיינע קינדער על שם סופם, האלטענדיג אז זיי זענען נישט ראוי לברכה, ווייל „שעתידים לצאת מהם ירבעם ואחאב", איז אלס ענטפער דערויף „הראה לו שטר אירוסין ושטר כתובה", אז זיי זענען געבוירען געוואָרען בהיתר און א נולד בהיתר איז מען נישט דן על שם סופו...

(פנינים יקרים)

## ויגש אותם אליו וישק להם ויחבק להם... (מח. י.)

דער רבי ר' בונם, וועלכער איז אין די לעצטע יאָהרען, כידוע, געווען א סגי־נהור, בשעת מען האָט צו איהם איינמאָל פאר כל נדרי אריינגעפיהרט די אייניקלעך, ער זאָל זיי בענשען, האָט ער זיי פריהער ארומגענומען און געקושט.

— מיר געפינען — האָט ער דערויף בעמערקט — אין דער תורה, ביי יצחק'ן, אז נאָכדעם ווי עס איז געווען „ותכהין עיניו מראות" האָט ער געזאָגט: „גשה נא ושקה לי בני", דאָס זעלבע אויך ביי יעקב'ן: „עיני ישראל כבדו מזוקן — ויגש אותם אליו וישק להם". בשעת איין מענש וויל זיך מתקשר זיין מיט'ן צווייטען, איז גענוג דערצו דער חוש־הראיה, דאָס אָנקוקען זיך איינעם דעם אנדערען מיט די אויגען, בעת אָבער מען פערלירט ל"ע דעם דאָזיגען חוש, דאן מוז קומען די דאָזיגע התקשרות דורך חיבוק ונישוק...

## וישלח ישראל את ימינו וישת על ראש אפרים והוא הצעיר... (מח. יד.)

„והוא הצעיר" — ווייל ער איז דער יונגסטער און דעריבער נויטיגט ער זיך אין דער רעכטער, אין דער שטארקערער האנד: דער יוגענד דארף מען שענקען וואָס־מעהר אויפמערקזאמקייט, וואָס־מעהר השגחה, וואָס־מעהר חיזוק...

(תחית ישראל)

## וישלח ישראל את ימינו וישת על ראש אפרים וכו׳... (מח. יד.)

די קרעפטיגסטע אברים פון מענשליכען אָרגאניזם זענען אויף רעכטס, אויך דער מח איז בעיקר קאָנצענטרירט אויף רעכטס. די לינקע אברים זענען שוואכערע, דערפאר אָבער געפינט זיך אויף דער לינקער זייט — דאָס הארץ.

און אזוי איז אויך דער געבוי פון אונזער געזעלשאפטליכען אָרגאניזם: די בעלי־מח, די עלטערע, די מיושב׳דיגע, געהערען צום רעכטען, קאָנסערוואטיווען לאגער. זיי רעכענען זיך מעהר מיט׳ן קאלטען פערשטאנד, ווי מיט׳ן ווארימען געפיהל. דאגעגען די בעלי־רגש, די יונגע, די סענטימענטאלע ציהען איף לינקס — צום הארץ, ביי זיי איז דאָס געפיהל שטארקער ווי דער שכל.

עס וואָלט אָבער זעהר און זעהר געוואונשען געווען, אז ביידע לאגערען זאָלען עטוואָס נאָכגעבען: די עלטערע זאָלען זיך א ביסעל דערנעהנטערען צו לינקס, צום הארץ, און די יונגערע זאָלען פון זייער זייט אויך נוטה זיין א ביסעל צו רעכטס, צום קיהלען שכל, צום מח. דאָס איז אפנים אויך געווען דער וואונש פון אונזער טאטען יעקב און, אלס סימבאָל, האָט ער דעריבער אויפ׳ן עלטערען, אויף מנשה׳ן, ארויפגעלעגט די לינקע האנד, און אויפ׳ן יונגערען, אויף אפרים׳ען, די רעכטע האנד...

(הרב י. ל. הכהן פישמאַן)

## שכל את ידיו כי מנשה הבכור... (מח. יד.)

וואָס פאר א נתינת־טעם און בערעכטיגונג איז עס, אז דערפאר האָט ער געלעגט זיין לינקע האנד אויף מנשה׳ן, כי מנשה הבכור? אויב מנשה איז דער בכור האָט ער דאָך נישט אזוי געדארפט טהון?

נאָר אין פ׳ מקץ ווערט דערצעהלט, וועגען די צוויי נעמען, וואָס יוסף האָט געגעבען זיינע קינדער. דעם עלטערן האָט ער גערופען מנשה, ווייל — „כי נשני אלקים את כל עמלי ואת כל בית אבי״, און דאָס בעדייט, אז יוסף האָט דערמיט אויסגעדריקט זיין צופרידענהייט, וואָס א דאנק דער גרויסער קאריערע, וואָס ער האָט דערגרייכט אין מצרים, האָט ער פערגעסען אין זיין טרויעריגער פערגאנגענהייט, אין אלע דורכגעלעבטע פאסירונגען, פערגעסען אפילו אינ׳ם פאָטערס הויז, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס דער פאָטער האָט איהם אזוי פיעל ליבע ארויסגעוויזען און נישט אויפגעהערט צו טרויערען און צו בענקען נאָך איהם... דאגעגען דעם צווייטען זוהן האָט ער א נאָמען געגעבען אפרים, ווייל — „כי הפרני אלקים בארץ עניי״. דאמאָלס, זעהט אויס, האָט זיך שוין יוסף געהאט אביסעל אָבגעקיהלט פון דער דערגרייכטער קאריערע און ער האָט דער־מיט אויסגעדריקט זיין אינערליכע אונצופרידענהייט, אז כאָטש „כי הפרני אלקים״, כאָטש ער האָט דערגרייכט צו רייכטום און וואוילשטאנד, דאָך איז עס „בארץ עניי״, פיהלט ער זיך גייסטיג ארים און איינזאם אינ׳ם דאָזיגען לאנד, וואָס איז פאר איהם פרעמד און ווייט פון צו זיין א אמת׳ע היים...

פערשידענארטיג האָבען אלזאָ די דאָזיגע צוויי נעמען אָבגעקלינגען אין די אויערען פון זיידען יעקב. דער צווייטער נאָמען איז איהם פיעל ליבער און סימפאטישער געווען, און דעריבער האָט ער זיין רעכטע האנד ארויפגעלעגט אויף אפרים׳ען און די לינקע אויף מנשה׳ן, „שכל את ידיו — כי מנשה הבכור״, און זיין נאָמען האָט ביי איהם ארויס־גערופען נישט קיין איבריג אנגענעהמע געפיהלען...

(ק. עקשטיין)

## האלקים הרועה אותי מעודי... (מח. טו.)

„קשים מזונותיו של אָדם יותר מן הגאולה, דאילו בגאולה כתיב המלאך הגואל אותי, ואילו במזונות כתיב האלקים הרועה אותי"... (פסחים קי"ח)

**דער ענין פון „גאולה", אלס א העכערע, גייסטיגע, זאך, קאָן אויך דער מלאך, וועלכער בעשטעהט פון רוחניות, תופס זיין, און דאָסדאָזיגע שליחות קאָן אויך דורך איהם אויסגעפיהרט ווערען; דאגעגען מזונות, פרנסה — אזא גשמיות קאָן דער מלאך נישט תופס זיין, און דאָס מוז דעריבער געטהון ווערען דורכ'ן רבונו־של־עולם כביכול זעלבסט...**

(תורה תמימה)

## ויברך את יוסף ויאמר וכו' המלאך הגואל אותי מכל רע יברך את הנערים... (מח. טו. טז.)

**דער פסוק הויבט אָן מיט „ויברך את יוסף", ולסוף האָט ער נור געבענטשט די קינדער: „יברך את הנערים", און וואו איז די ברכה פאר יוסף'ן גופא?**

**נאָר דער „יברך את הנערים", דאָס איז די ברכה פאר יוסף'ן. די בעסטע ברכה פאר א מענש איז, אז ער זאָל האָבען גוטע, געראָטענע קינדער.**

(זוהר)

## ויקרא בהם שמי ושם אבותי אברהם ויצחק... (מח. טז.)

**יעקב אבינו האָט זיך געשראָקען, אז דער נייער דור, די אייניקלעך, איבערהויפט יוסף'ס קינדער, וועלכע זענען שוין געבוירען און ערצויגען געוואָרען אין רייכטום און פערקעהרט אין קעניגליכען הויף, זאָלען זיך חלילה נישט אסימילירען מיט די מצר'ישע שכנים, און ער האָט זיי דעריבער געוואָרענט און אָנגעזאָגט: „ויקרא בהם שמי ושם אבותי אברהם ויצחק", אז זיי זאָלען היטען קודם־כל נישט צו ענדערען די נעמען, צו רופען זיך מיט די זעלבע אידישע נעמען, וואָס זייערע עלטערן: „אברהם יצחק וכו'", וואָרום דער ערשטער שריט צו אסימילאציע איז דאָס איבערדרעהען דעם נאָמען...**

(אמרי' חן)

## וידגו לרוב בקרב הארץ... (מח. טז.)

**ביי אלע צעהלונגען אין דער תורה געפינען מיר נישט, אז די בני יוסף זאָלען האָבען איבערגעשטיגען די צאָהל פון אלע איבעריגע שבטים. ערשט נאָכ'ן אריינקומען קיין ארץ־ישראל ווערט געזאָגט: „וידברו בני יוסף את יהושע לאמר וכו' ואני עם רב עד אשר עד כה ברכני ד'" (יהושע יז. יד.), ערשט דאן זענען זיי אין א קורצע צייט, במשך פון עטליכע יאָהר, נתרבה געוואָרען צו אנ'„עם רב", און דאָס איז אויך מרומז אין דער ברכה פון יעקב'ן: „וידגו לרוב בקרב הארץ", אָנהויבען צו מעהרען זאָלען זיי זיך „בקרב הארץ". ערשט דאן, ווען זיי וועלען קומען קיין ארץ־ישראל...**

(ווילנער גאון אין אדרת אליהו פ' ראה)

**פיש האָבען אין זיך די מעלה, וואָס זיי זענען פרים ורבים, וואָס קיין עין־הרע איז אין זיי נישט שולט; זיי האָבען אָבער דעם חסרון, וואָס „כל הגדול מחברו בולע את חברו״. די ברכה איז, אלזאָ, געווען: „ודגו לרוב״, אז זיי זאָלען עהנליך זיין צו די פיש בלויז מיט דער איינער זאך, „לרוב״, מיט דער מעלה פון פרים ורבים אָבער נישט מיט דער צווייטער זאך — מיט „כל הגדול מחברו״ וכו׳...**

(פורת יוסף)

די עקזיסטענץ פון אידען איז חוץ לדרך־הטבע, פונקט אזוי ווי עס איז חוץ לדרך־הטבע און נישט־נאטירליך, אז א פיש זאָל קאָנען לעבען אויף דער יבשה, „בקרב הארץ״...

(חתם סופר)

בימי ניקאָלאי דעם צווייטען האָט דער צורר־היהודים מיניסטער פלעווע צונויפ־גערופען איינמאָל קיין פעטערסבורג אנ׳אסיפת־הרבנים, כדי ארומצורעדען מיט זיי דעם אידישען מצב אין רוסלאנד. די ראשי־המדברים מצד די רבנים זענען געווען: רבי יצחק־אלחנן, רבי חיים בריסקער און רבי אלי׳־חיים פון לאָדז. פלעווע, דער צורר, האָט, ווי דער שטייגער איז, מלמד חובה געווען אויף אידען, ערקלערענדיג, אז אידען פער־מאָגען אין זיך כל מיני מדות־רעות, זענען נידעריגער, ווי די אומות־העולם, וכדומה.

— אָט זעהט, — מאכט ער אין זיין שמועס מיט די רבנים, — פאַרהאַן אין רוסלאנד פערשידענע פעלקער: רוסען, פאָליאקען, לעטען, אידען. ביי קיין אומה ולשון וועט איהר נישט זעהן, אז איינער זאָל ביים צווייטען ארויסרייסען דעם ביסען פון מויל; שניידער, שוסטער, קרעמער לעבען בשלום איינע מיט די אנדערע און אלע האָבען פרנסה. דאגעגען ביי אידען וואָלט איינער דעם אנדערן וועלען אין א לעפעל וואסער דערטרינקען. מאכט זיך א איד א בעקער — איז באלד אנטקעגען איהם דאָ א צווייטע; עפענט א איד א געוועלב — איז באלד אין דער אייגענער גאס דאָ א צעהנדליג געוועל־בער און אלע רייסען־זיך־ארום פאר א גראשען פערדיענסט. א מאָדנע רשעות׳דיג פאָלק די אידען!...

— כ׳וועל דיר זאָגען, אדוני מיניסטער, — רופט זיך אָב דערויף רבי אלי׳־חיים. — די טבע פון בעלי־חיים איז, אז קיין בעל־חי עסט נישט זיין מין: א לייב פערצוקט נישט קיין לייב, א וואָלף פרעסט נישט קיין וואָלף. בלויז איין מין בעל־חי איז פאַרהאַן, וואָס שלינגט איינער דעם צווייטען — פיש... פאַרוואָס? ווייל אלע בעלי־חיים האָבען פאר זיך אָפען די וועלט, קאָנען זיי אומעטום קריגען זייער חיונה. פיש דאגעגען זענען איינגעשפּארט אין וואסער; ארויס אויף דער יבשה טאָרען זיי נישט, ס׳שמעקט מיט טויט, שלינגען זיי דעריבער פון הונגער איינע די אנדערע.

דאָסזעלבע — פיהרט־אויס ר׳ אלי׳־חיים — איז מיט אידען: פאר גוים איז אָפען גאנץ רוסלאנד, פון קאווקאז ביז סיביר, געפינען זיי אומעטום זייער פרנסה; אידען אָבער האָט די מלוכה איינגעשפּארט אין א תחום, א „טשערטא״, חוץ־לתחום טאָרען זיי נישט וואוינען, נישט האנדלען, — טאָ וואָס זאָלען זיי נעבעך טהון? — שלינגען זיי איינע די אנדערע...

## ואני נתתי לך שכם אחד על אחיך... (מח. כב)

**לויט איין פשט מיינט מעז איינפאך: די שטאָדט שכם; לויט א צווייטען פשט**

**ווערט געמיינט דערמיט — די בכוֹרה. ביידע פשטים זענען ריכטיג. דען דער דין איז, אז „אין אדם מקנה דבר שלא בא לעולם״; סיידען, ווען גלייכצייטיג דערמיט איז ער יענעם מקנה נאָך א צווייטע זאך, א „דבר שבא לעולם״. ווּעלענדיג, אלזאָ, אוועקגעבען יוסף׳ן די בכורה, וועלכע האָט נאָך דאמאָלס לויט׳ן דין, פאר מתן־תורה, נישט עקזיס־טירט, האָט איהם יעקב אין איין וועג אוועקגעשענקט אויך די שטאָדט שכם, — און שכם די שטאָדט איז דאָך שוין געווען א „דבר שבא לעולם״...**

(פנים יפות)

**די מפרשים פרעגען:**

**פארוואָס איז שכם שפעטער, לויט׳ן געבאָט פון דער תורה, אריבערגעגאנגען צו די לויים, אלס איינע פון די ערי־מקלט, וועהרענד יעקב׳ס אויסדריקליכער פערלאנג איז דאָך געווען, אז דידאָזיגע שטאָדט זאָל געהערען צו יוסף׳ן?...**

## האספו ואגידה לכם את אשר יקרא אתכם באחרית הימים... (מט. א.)

**דער ערשטער גלות, דער גלות מצרים, איז ענטשטאנען צוליעב שנאָה, צוליב דער שנאת־אחים פון יוסף׳ן מיט זיינע ברידער, און אויך דער לעצטער גלות, נאכ׳ן חורבן בית־המקדש, איז ענטשטאנען צוליעב שנאה, צוליעב שנאת־חנם. יעקב אָבינו האָט זיי אלזאָ מזהיר געווען: „האספו ואגידה לכם את אשר יקרא אתכם באחרית הימים״, זייט וויסען, אז פונ׳ם „האספו״, פון אייער אחדות און צוזאמענלעבונג וועלען זיין אָבהענ־גיג די פאסירונגען און די געשעהענישען פון אחרית הימים...**

(רבי יונתן אייבעשיץ)

**צום „ואגידה לכם את אשר יקרא אתכם באחרית הימים״ איז נויטיג פריהער דער — „האספו״, דאָס צונויפזאמלען און צונויפשליסען זיך אין אחדות. נאָר דאמאָלס איז אנ׳עת־רצון, אין וועלכען עס איז מעגליך צו זאָגען נביאות...**

(אמרי שפר)

**מאָנטאָג און דאָנערשטאָג נאָך קריאת־התורה ווערען געזאָגט א רייה תפלות, פון וועלכע יעדע הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „יהי רצון מלפני אבינו שבשמים״, בלויז די לעצטע תפלה הויבט זיך אָן סתם: „אחינו כל בית ישראל״, אָהן די ווערטער „יהי רצון״.**

**מחמת בשעת עס איז „אחינו כל בית ישראל״, ווען אלע אידען האלטען זיך צוזאמען, איז שוין מעהר נישט נויטיג צו בעטען „יהי רצון״ — דאמאָלס איז שוין ממילא אנ׳עת־רצון...**

(רבי שלום בעלזער)

„ואגידה לכם — בקש לגלות את הקץ ונסתלקה ממנו שכינה״ (רש״י).

**וואָס פאר א זינד איז יעקב בעגאנגען דערמיט, וואָס ער האָט געוואָלט מגלה זיין פאר זיינע קינדער דעם קץ פון גלות, דאָס די שכינה האָט זיך צוליעב דעם אָבגעקעהרט פון איהם?**

**נאָר וועגען דעם קץ פון גלות זענען אנגעצייכענט צוויי זמנים, ווי די חז״ל**

זאָגען: „אני ד׳ בעתה אחישנה, זכו — אחישנה, לא זכו בעתה״. דער זמן פון „אחישנה״ איז נישט קיין בעשטימטער, דאָס איז געוועדעט און אבהענגיג פון די אידען זעלבסט, פון זייער אויפפיהרונג און מעשים, און געשעהען קאָן עס צו יעדער צייט, אין יעדען טאָג, „היום — אם בקולו תשמעו!״ דער דאָזיגער זמן לאָזט זיך אלזאָ נישט מגלה זיין. בע־שטימט איז בלויז דער זמן פון „בעתה״ און קוים האָט זיי יעקב געוואָלט מגלה זיין דעם דאָזיגען זמן, הייסט דאָך עס, אז ער האָט בעטראכט די אידען אלס „לא זכו״, אז זיי וועלען קיין תשובה נישט טהון און דעריבער — „נסתלקה ממנו שכינה״...

(רבי ישראל ריזשינער)

דער קץ פון גלות וועט פאראויסגעזעהען דורך די חז״ל (סנהדרין צ״ח און אין סוף סוטה) אלס א צייט, ווען די אידען וועלען האָבען איבערגעטראָגען מורא׳דיגע צרות. די דאָזיגע צייט ווערט בעצייכענט אלס „חבלי משיח״.

און דעריבער זענען מיר מתפלל יעדען טאָג און בעטען: „ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים״. מיר שטרעבען טאַקי און מיר ווילען מיט די אייגענע אויגען צוזעהן דעם צוריקקעהר קיין ציון, אָבער געשעהען זאָל עס — „ברחמים״, מיט רחמנות, אז עס זאָל מעגליך זיין אויסצוהאלטען און איבערצוטראגען...

(אמרי צדיקים)

דער בעש״ט איז אמאָל אריינגעקומען אין א בית־המדרש, וואו א מגיד האָט גראָד געהאלטען א דרשה, אין וועלכער ער האָט געמוסר׳ט דעם עולם מיט די שארפסטע דבורים און אויסגערעדט אויף אידען כל דאָס בייז... איז דער בעש״ט ארויס פון בית־המדרש און געזאָגט:

בשעת יעקב אבינו, ווערט געזאָגט, האָט געוואָלט מגלה זיין דעם קץ, „נסתלקה ממנו שכינה״. פארוואָס האָט זי זיך פון איהם מסתלק געווען? ווייל בשעת מען וויל מגלה זיין דעם קץ, מוז מען דאָך דערביי אויסרעכענען די אלע אידישע חסרונות פון יענער צייט: „בעקבות משיחא חוצפה יסגי וכו׳ נערים פני זקנים ילבינו, זקנים יעמדו מפני קטנים וכו׳ וכו׳״ (סוטה מ״ט) — און אזעלכע זאכען האָט די שכינה קיין חשק נישט צו הערען...

מיט וואָס אייגענטליך ערקלערט זיך עס, אז „בעקבות משיחא חוצפה יסגי״, פארוואָס קאָן עס די גאולה אנדערש נישט קומען, ביז עס וועט נישט זיין א דור של חוצפה?

— ווייל — האָט דערויף געזאָגט רבי יעקב יוסף פון אוסטרהאָ בדרך בדיחות — די הויפט־טענה, וואָס השי״ת האָט צו אידען, און וועלכע איז מעכב די גאולה, איז, ווי דער נביא דריקט זיך אויס: „בן יכבד אב ועבד אדוניו. ואם אב אני — איה כבודי ואם אדונים אני — איה מוראי״? (מלאכי א. ו.), אָבער ווען עס וועט זיין א דור של חוצפה, „נערים פני זקנים ילבינו״ און „בן מנוול אב וכו׳״, וועט שוין דאן ממילא אוועקפאלען השם יתברך׳ס טענה...

## ראובן בכורי אתה... (מט. ג.)

א בכור, וועלכער איז בלויז א בכור פון דער מוטער און נישט פון פאָטער, ווערט אין דער גמרא (בבא בתרא קכ״ו) אָנגערופען „בכור שוטה״.

פארוואָס קומט עפעס אזעלכען דער נאָמען „שוטה״? פון וואנען נעהמט זיך עס?

ווייל לויט׳ן דין טראָגט אזא איינער אויף זיך בלויז די פליכטען פון א בכור, אָבער אָהן די זכויות; בנוגע צו פדיון־הבן, צו געבען פאר איהם דעם כהן פינף סלעים — דערויף איז ער א בכור, דאגעגען אָבער צו נעהמען פי שנים, צוויי חלקים ירושה — דערויף איז ער שוין נישט קיין בכור.

און דעריבער, ווייל ער גיט בלויז און נעהמט נישט, איז ער א שוטה...

(רבי יעקב עמדין אין הגהות יעב״ץ)

## בסודם אל תבא נפשי... (מט. ו.)

„בסודם אל תבא נפשי — אלו מרגלים״ (סנהדרין ק״מ)

פרעגט דערויף דער מהרש״א: פארוואָס איז דאָס געזאָגט געוואָרען בלויז וועגען שמעון ולוי? אינ׳ם חטא פון די מרגלים זענען דאָך, אויסער יהושע וכלב, געווען אלע שבטים בעטייליגט?

נאָר נאָכדעם, ווי די מרגלים זענען צוריקגעקומען, ווערט געזאָגט אין פסוק: „ויאמרו איש אל אחיו נתנה ראש ונשובה מצרימה״ (במדבר יד. ד.), דערויף זאָגט דאָרט רש״י: „ורבותינו פירשו לשון עבודה זרה״, און אין מדרש ווערט געזאָגט: „כל מקום שנאמר איש אל אחיו — הוא שמעון ולוי״. דעם גרעסטען חטא ביי די מעשה־מרגלים זענען דאן, אלזאָ, בעגאנגען די בני שמעון ולוי, וועלכע האָבען אגיטירט צו געהן דיענען עבודה זרה, און דערויף האָט יעקב מתפלל געווען: „בסודם אל תבא נפשי״, אז דער פסוק זאָל דערביי נישט דערמאָהנען, אז דאָס זענען זיינע קינדער, נאָר עס זאָל געזאָגט ווערען סתם: „ויאמרו איש אל אחיו״, נישט אָנרופענדיג אפילו זייערע אייגענע נעמען...

(רבי יעקב פאָלאָק)

„בסודם אל תבא נפשי — זה מעשה זמרי, בקהלם אל תחד כבודי — זה קרח״ (רש״י)

עס איז בעקאנט די שטעלע אין „מי שלוח״ (פון רבי מרדכי יוסף איזשביצער) אין פרשת פנחס, וואו עס ווערט געזאָגט: „ולא יעלה ח״ו על הדעת לומר שזמרי היה נואף, כי מן הנואף לא עשה הקב״ה פרשה בתורה, אבל יש סוד בדבר הזה״.

דער דאָזיגער מאמר האָט בשעתו, כידוע, ארויסגערופען א שטארקען רעש אין דער לומדישער, ווי אויך אין דער חסידישער וועלט. ווען מען האָט דאָס געברענגט פאר רבי שמואל מאָהליווער, האָט ער דערויף בעמערקט, אז איצט איז איהם פערענטפערט, וואָס אויפ׳ן „בסודם אל תבא נפשי״ זאָגט רש״י: „זה מעשה זמרי״. הגם — האָט יעקב אבינו געזאָגט — עס וועט שפעטער קומען עמיצער און בעווייזען, אז עפ״י סוד האָט זמרי גאָרנישט געזינדיגט, דאָך „בסודם אל תבא נפשי״, מיך געהט נישט אָן דער סוד, נאָר דער איינפאכער פשט...

אויף אנ׳עהנליכען אופן האָט אמאָל געענטפערט רבי יוסף שאול נאטאנזאָהן.

בשעת עס האָט זיך צעפלאקערט די בעריהמטע מחלוקת צווישן צאנז און סאדי־גור, זענען דאן עטליכע חסידים פון איין צד געקומען צו רבי יוסף שאול נאטאנזאָהן פועל׳ן ביי איהם, ער זאָל זיך אנגאזשירען אין דעם ענין און צושטעהן צו זיי, און דערביי האָבען זיי איהם מסביר געווען דעם טיעפען זין פון דער מחלוקת. אויסהערענדיג די אלע הסברות און ערקלערונגען רופט זיך אָן צו זיי רבי יוסף שאול:

— עס קאָן זיין, זעהר און זעהר מעגליך, אז עפ״י סוד זענען פאראַן אין דער „אַזיגער מחלוקת גאָר הויכע כוונות, אָבער עפ״י פשט — איז עס א חילול־השם... און דאָס האָט אויך יעקב אבינו געמיינט מיט די ווערטער: „בסודם אל תבא נפשי, בקהלם אל תחד כבודי״. אויך אין דער מחלוקת פון קרח ועדתו האָט מסתמא געשטעקט א טיע־פער סוד, אָבער — „בסודם אל תבא נפשי״ — האָט יעקב אבינו ערקלערט, ער וויל זיך נישט אריינלאָזען אין׳ם דאַזיגען סוד, פאר איהם איז גענוג דער פשט, און לויט׳ן איינ־פאכען פשט איז עס געווען א מחלוקת געגען משה רבינו...

## כי באפם הרגו איש... (מט. ו.)

„באפם״ מיט דער נאָז, מיט א בלויזען דרעהע פון דער נאָז (בעת מען פרעגט ביי עמיצען אנ׳אויסקונפט אויף איינעם וועגען קרעדיט, אָדער עהנליכע זאכען) קאָן מען אמאָל אוועק׳הרג׳ענען א מענשען...

(א פאָלקס־ווערטעל)

בשעת דער חפץ־חיים — דערצעהלט מען — האָט אָבגעדרוקט זיין ספר „שמירת הלשון״ האָט ער אורעקגעשיקט אנ׳עקזעמפלאר צו איינעם א געוויסען גדול. יענער האָט א בלעטער געטהון דאָס ספר און זיך אָנגערופען:

— וואָס עפעס דוקא „שמירת הלשון״, פארוואָס האָט ער אויך נישט געמאכט א ספר אויף „שמירת החוטם״?

דער שליח וואָס האָט איהם געברענגט דאָס ספר, האָט די בעמערקונג אָנגענומען אלס א הלצה און ער האָט די ווערטער איבערגעגעבען דעם חפץ־חיים.

—ער איז פולשטענדיג גערעכט — האָט דער חפץ־חיים ערקלערט — אויך פאר דער נאָז דארף מען זיך היטען, אויך מיט דער נאָז קאָן מען א סך זינדיגען, מיט א בלוי־זען קרים מיט דער נאָז קאָן מען אמאָל יענעם אומגליקליך מאכען. אזוי שטעהט טאקי בפירוש אין פסוק: „כי באפם הרגו איש״...

## ארור אפם כי עז וכו׳ אחלקם ביעקב... (מט. ז.)

דער „אחלקם ביעקב״ געהט־ארויף אויפ׳ן „אפם כי עז ועברתם כי קשתה״: דעם כעס און קנאות, וועלכער האָט זיך אָנגעזאמעלט אין א צו גרויסער מאָס ביי צוויי שבטים, וואָלט איך וועלען פונאנדערטיילען צווישען אלע צוועלף שבטים פראָפאָרציאָנעל, זאָל יעדער האָבען דערפון א קליין ביסעל, דען בלויז נאָכגיביקייט און צופיעל סבלנות — טויג אויך נישט...

(דברי חפץ)

שמעון ולוי — פלעגט זאָגען רבי נפתלי ראָפשיצער — זענען געווען קנאים לשם־מצוה, זיי האָבען זיך נישט געשלאָגען חלילה גלאט אין דער וועלט אריין, נאָר אָנגענומען זיך פאר דינה׳ן, אויסען געווען מיט זייערע מעשים לשם־שמים און פונדעסטוועגען האָט יעקב אָבינו געשאָלטען זייער קנאות און אויסגערופען: „אָרור אפם כי עז!״... כעס אין קנאות דארף מען ווי־ווייט מעגליך אויסמיידען, אפילו ווען מען האָט דערביי די בעסטע כוונות...

„אין לך עניים וסופרים ומלמדי תינוקות אלא משמעון... ושבטו של לוי עשאו מחזר על הגרנות לתרומות ולמעשרות" (רש"י)

און אזוי־ארום וועלן זיי בײדע אָבגעוואוינט ווערען פון כעס; שבט לוי וועט זיין א „מחזר על הגרנות", א „נצרך לבריות", — און דער, וואָס דארף אָנקומען צו יענעם, מוז זיין א סבלן; די בני־שמעון ווידער וועלן ווערען מלמדים, און — „אין הקפדן מלמד"...

(כלי חמדה)

אין די פריהערדיגע יאָהרען איז אין ווארשא געווען א מנהג, אז בעת א בעל־הבית האָט צוגענומען א מלמד צו זיינע קינדער, איז אויב דער בעל־הבית איז געווען א חסיד, האָט איהם דער מלמד געדארפט צושטעלען א רעקאָמענדאציע פון חידושי הרי"ם, וועלכער האָט אויף איהם עדות געזאָגט, אז ער האָט איהם עקזאמינירט און איינגעפונען, אז ער איז ראוי צו זיין מלמד — איז ער אָבער געווען א מתנגד, האָט ער געפאָדערט פון מלמד א רעקאָמענדאציע פון דאמאָלסדיגען ווארשעווער רב, רבי יעקב געזונדהייט.

ויהי היום איז א חסידישען מלמד אויסגעקומען אָנצונעהמען א מלומדות ביי א מתנגדישען בעל־הבית און ער האָט איהם געדארפט צושטעלען א המלצה פון רב.

געהט דער מלמד אוועק קיין פראגע און דערפרעגט זיך, וואו עס וואוינט דער רב, וועלכען ער האָט פערזענליך נישט געקענט. צוקומענדיג צו די טרעפּ, בעגעגענט ער אראָבגעהן א איד, וועלכער איז געקליידעט ווי א געוועהנליכער בעל־הבית, און ער פרעגט איהם:

— אפשר ווייסט איהר, וואו עס וואוינט דאָ דער יאָקעל? (אזוי פלעגען די חסי־דים דאמאָלס רופען דעם ווארשעווער רב).

— אויף וואָס ברויכט איר דאָס דעם יאָקלען?

— וואָס זאָל איך אייך זאָגען, ר' איד — קרעכצט דער מלמד — עס זאָל איהם אזוי גלוסטען צו לעבען, ווי מיך גלוסט זיין פרצוף אָנצוקוקען, נאָר וואָס זאָל איך טהון, כ'בין א מלמד און עס איז מיר אונטערגעקומען א בעל־הבית, א מתנגד, וועלכער פער־לאַנגט פון מיר דורכאויס א כתב המלצה פון דעם יאָקלען...

— דער יאָקעל — ענטפערט איהם דער איד — איז איצט נישטאָ אין שטוב, אָבער איהר קאָנט אריינגעהן צו איהם און אונטערוואַרטען, אין א האַלבע שעה ארום וועט ער זיין צוריק.

וכך־הוה, אין א האַלבע שעה ארום קומט אריין דער רב, וועלכער איז געווען טאקי דער זעלבער איד, וועלכען דער מלמד האָט בעגעגענט און זיך מיט איהם אויסגע־שמועסט אויף די טרעפּ. דער מלמד איז שטארק מבולבל געוואָרען, אָבער דער רב האָט איהם קיין וואָרט נישט געזאָגט, נאָר גלייך אוועקגעזעצט זיך און אָנגעשריבען א המלצה, אז ער איז ראוי צו זיין מלמד. דער מלמד האָט אריינגערוקט דאָס פּאפּיר אין קעשענע און זיך גיך ארויסגערוקט פון שטוב...

אויף דער פראגע פון די מקורבים, פאַר וועלכע דער רב האָט שפּעטער דער־צעהלט די געשיכטע, פאַרוואָס ער האָט איהם ארויסגעגעבען א כתב־המלצה, אָהן צו פּרובען איהם פריהער, צי ער קאָן טאקי לערנען, האָט דער רב געענטפערט, אז זעהענדיג, ווי ער איז מבולבל געוואָרען, האָט ער איהם נישט געקאָנט פּרובען, ווייל פון גרויס פערלעגענהייט וואָלט ער זיכער נישט אימשטאנד געווען צו ענטפערען.

— און טאָמער איז ער טאקי נישט ראוי צו זיין א מלמד?

— וועגען דעם — האָט געענטפערט דער רב — האָב איך קיין שום קלער נישט, מחמת זעהענדיג, וואָס פאר אנ׳עזות־פנים ער איז, האָב איך אין איהם באלד דערקענט, אז ער שטאמט פון שבט שמעון, דען וועגען שבט שמעון ווערט געזאָגט, אז עס וועלען ארויסוואקסען פון איהם נישט־נאָר מלמדים, נאָר זיי וועלען דערצו אויך זיין גרויסע עזות־פנים׳ער — „ארור אפם כי עז״...

צום לעמבערגער רב, רבי הירש אָרנשטיין, זענען אמאָל געקומען צוויי בעלי דין צו א דין־תורה. איינער פון זיי איז געווען א חסידישער יונגערמאן, וועלכער האָט שטארק דענערווירט דעם לעמבערגער רב מיט זיין שארפער, חוצפה׳דיגער האַל־טונג. רופט ער זיך אָן צו איהם:

— א פנים, יונגערמאן, אז דאָס, וואָס די חסידישע יונגעלייט פערמאָגען אין זיך אזוי פיעל עזות, נעהמט זיך עס דערפון, וואָס דער ערשטער חסיד, וואָס ווערט דערמאָהנט אין דער תורה, איז דער שבט לוי. ווי דער פסוק זאָגט: „וללוי אָמר, תומיך ואוריך לאיש חסידיך״ (דברים לג. ח.), און דערפאר זענען זיי געווען אזעלכע עזות־פנים׳ער. און יעקב אבינו נאָך האָט זיך געקלאָגט אויף זיי: „ארור אפם כי עז ועברתם כי קשתה״...

## יהודה אתה יודוך אחיך... (מט. ח.)

אין דער ברכה פון יהודה געפינען זיך אלע אותיות פון דער תורה, גאנץ א״ב, חוץ דעם אות „זין״, אלס רמז, אז דער נצחון פון מלכות־ישראל, וועלכע וועט שטאמען פון שבט־יהודה, וועט באחרית־הימים נישט קומען מיט דער הילף פון דער שווערד און כלי־זין — „לא בחיל ולא בכח״...

(רבנו בחיי)

## לא יסור שבט מיהודה ומחוקק מבין רגליו... (מט. י.)

יהודה וועט פערזאָרגען די וועלט מיט מחוקקים, מיט געזעץ־געבער, וועג־ווייזער, קולטור־טרעגער, ליכט־פערשפרייטער, און אלס בעלויהנונג פאר דעם אלעם וועט זיין — „לא יסור שבט מיהודה״, וועט פון איהם נישט אָבגעטהון ווערען די רוט, מיט וועלכער מען וועט איהם שמייסען און פייניגען אָהן אויפהער, אָהן רחמנות...

(קול יהודה)

דער סצעפטער, די קרוין פון מלכות־המשיח איז נישט בעזייטיגט געוואָרען, זי ליגט צו יעדע מינוט גרייט. „מיום שחרב בית־המקדש נולד משיח״. ער איז יעדען טאָג גרייט צו קומען, בלויז אין אונז אין די מניעה, בלויז אין אונזערע מעשים איז עס געווענדעט...

(שבט מוסר)

עס וועט נישט אָבגעטהון ווערען די רוט פון אידען, ביז משיח וועט קומען; כסדר וועלען מיר פיהלען אויף זיך די שמיץ, שטענדיג וועט מען אונז שמייסען, כדי

מיר זאָלען אויף א טאָג ניט פערגעסען, וואו מיר זענען אין דער וועלט, אויף א טאָג נישט מסיח־דעת זיין אז מיר זענען נישט ביי זיך אין דער היים...

(רבי יצחק־יעקב ריינעס)

און דעריבער בעטען מיר: „שלא יצטרכו עמך ישראל זה לזה ולא לעם אחר", מיר זאָלען נישט דערגרייכען, חלילה, צו אזא לאגע און מיר זאָלען זיך, חלילה, נישט נויטיגען, אז דער „עם אחר", דאָס פרעמדע שכנ'ישע פאָלק, זאָל אונז דארפען דער־מאָהנען, וואו מיר זענען אין דער וועלט, אז מיר זענען אידען...

(אמרי פז)

## לא יסור שבט מיהודה... עד כי יבא שילה... (מט. י.)

דער פשט איז נישט, אז די הערשאפט פון מלכות יהודה וועט קיינמאָל נישט איבערגעריסען ווערען און קיינמאָל נישט אויפהערען צו עקזיסטירען, דען אָט איז דאָך שוין טויזענדער יאָהרען ווי עס איז בעוה"ר מקוים געוואָרען דער „יולך ד' אותך ואת מלכך אשר תקום עליך אל גוי אשר לא ידעת אתה ואבותיך", נאָר דער זין איז, אז במשך פון דער גאנצער צייט, כל־זמן עס וועט עקזיסטירען דאָס מלכות יהודה, וועט די מלוכה נישט איבערגעהן צו קיין אנדער שבט, און דערפאר טאקי זענען די חשמונאים, הגם זיי זענען געווען חסידי עליון און ווען נישט זיי וואָלטען די תורה ומצוות ביי אידען חלילה פערגעסען געוואָרען, דאָך זענען זיי בענש געוואָרען און זיי זענען אלע אומגעקומען פון שונא'ס שווערד, ווייל זיי האָבען איבערגענומען פאר זיך די מלוכה און דערמיט עובר געווען אויפ'ן „לא יסור שבט מיהודה"...

(לויט'ן רמב"ן)

„עד כי יבא שילה", — ביז עס וועט קומען אחיה השלוני, וועלכער האָט מודיע געווען ירבעם'ען די טרויעריגע בשורה, אז דאָס מלכות־יהודה וועט פון־דאן־אָן נע־שפאָלטען ווערען אויף צוויי מלוכות...

(חתם־סופר)

דאָס, וואָס דער פסוק רופט־אָן משיח'ן מיט'ן נאָמען „שילה", איז אנ'אָנדייטונג, אז דער אידישער משיח וועט געבוירען ווערען פון א „שילית־אשה", ווי יעדער גע־וועהנליכער בשר־ודם... וד"ל.

(חתם־סופר)

רש"י טייטשט: „שילה מלך המשיח", דער רשב"ם: „עד כי יבא רחבעם בן שלמה לחדש את המלוכה", שד"ל און אנדערע: „אחיה השילוני", דער רד"ק: אז „שילה" האָט די בעדייטונג פון „ובשילתה" און דער זין איז: „שילה", זיין זוהן. דאגעגען די לעצטע מבארים ווי ש. מאנדעלקערן און אנדערע, מיינען, אז „שילה" איז פון לשון שלוה, מנוחה...

„מה שמו (של משיח)? דבי רבי שילא אמרו שילה שמו שנאמר עד כי יבא שילה דבי ינאי אמרו ינון שמו וכו' דבי רבי חנניה אמרו חנינה שמו" (סנהדרין צ"ח)

מערקווירדיג! יעדער פון זיי האָט זיך בעמיהט אָנצווייזען, אז משיח טראָגט

דעם זעלבען נאָמען, וואָס זיין רבי, אָדער אז זיין רבי האָט א שייכות מיט משיח׳ן... די תלמידים פון רבי שילא האָבען ערקלערט, אז משיח הייסט שילה, די תלמידים פון רבי ינאי — אז ער הייסט ינאי, און אזוי ווייטער...

א געוויסער רוסישער געלעהרטער און גרויסער שונא־ישראל האָט אמאָל אין א שמועס מיט רבי נחומ׳קע גראָדנער איהם געפרעגט: עס שטעהט אין אייער תורה „לא יסור שבט מיהודה וכו׳ עד כי יבא שילה״, אז ביז משיח, הייסט עס, וועט קומען, וועלען אידען נישט פערלירען זייער מאכט. איז עס נישט קיין איראָניע? וואו האָבען אידען היינט א מאכט? אפילו קיין סטרוזשעס טאָרט איהר דאָך נישט זיין?

— דער פשט פונם דאָזיגען פסוק — האָט איהם רבי נחומ׳קע דערויף געענט־פערט — איז גאנץ אנדערש. די עשרת השבטים זענען ביים בית־ראשון פערטריבען געוואָרען אין גלות אריין, ווייסט קיין שום איד נישט מעהר פון וועלכען שבט ער קומט ארויס, דען „בא סנחריב — זאָגען אונז די חז״ל — ובלבל את כל העולם״. פון דאמאָלס אָן האבען מיר זיך אלע אָנגעהויבען ״רופען „יהודים״, אויפ׳ן נאָמען פון שבט יהודה, וועלכער איז, מיט א קורצע הפסקה פון גלות־בבל, פערבליבען נאָך הונדערטער יאָהרען אין לאנד. ערשט ווען משיח וועט קומען וועט יעדער איינער פון אונז אָנהויבען צו קאָנטראָלירען זיין יחוס, פון וועלכען שבט ער שטאמט.

און דאָס, אלזאָ, איז דער פשט: „לא יסור שבט מיהודה וכו׳ עד כי יבא שילה״, אז ביז משיח וועט קומען, וועלען מיר זיך אלע רעכענען אויפ׳ן שבט יהודה און זיך רופען מיט׳ן נאָמען „יהודים״...

בעמערקונג פון זאמלער:

עהנליכעס געפינען מיר אויך אין מדרש: „יהודה אתה יודוך אחיך. אָמר רשב״י יהיו כל אחי׳ך נקראים על שמך, אין אדם אומר ראובני אנא, שמעוני אנא, אלא „יהודי אָנאָ וכו׳ ״...

(בר״ר פצ״ח)

א געוויסער כומר האָט אמאָל געהאַט א ויכוח מיט רבי מענדעלי רימאנאָווער און ער האָט איהם געפרעגט: עס שטעהט אין אייער תורה „לא יסור שבט מיהודה ומחוקק מבין רגליו עד כי יבא שילה״, ס׳הייסט, אז אייער הערשאפט וועט נישט אָבגעצ־טהון ווערען די גאנצע צייט, אזש ביז אייער משיח וועט קומען. — וואו־זשע איז די דאָ־זיגע הבטחה? וואו זענען אייערע מושלים און מחוקקים?

דאָס וואָרט „עד״ — האָט איהם דערויף רבי מענדעלי געענטפערט — האָט אין תנ״ך צוויי טייטשען: „עד״ איז טייטש ביז און „עד״ איז טייטש אייביג, ווי „בטחו בד׳ עדי עד״. דער פשט פון דאָזיגען פסוק איז, אלזאָ, אזוי: „לא יסור שבט מיהודה ומחוקק מבין רגליו עד״ — די ממשלה פון יהודה וועט נישט אָבגעטהון ווערען אויף שטענדיג, אויף אייביג, נאָר בלויז אויף א געוויסער צייט; וואָרום „כי יבא שילה״ בשעת משיח וועט קומען, וועט זיך דאן צוריק אומקעהרען די ממשלה צו אידען און „ולו יקהת עמים״...

דער בילגורייער רב, רבי שמואל אלי׳ שווערדשארף, איז אמאָל געזעסען אין א געזעלשאפט, צווישען וועלכער עס האָבען זיך געפונען עטליכע „היינטיגע יונגעלייט״, אפיקורסים וועלכע האָבען, ווי צו־להכעיס דעם רב, גענומען זיך וויצלען און אָב׳חוזק׳ן פון אמונת־המשיח.

רבי שמואל אלי׳ האָט זיך רוהיג צוגעהערט און דאן האָט ער זיך געווענדעט צום עולם און זיי דערצעהלט א מעשה:

א פוקס האָט דערזעהען אין וואלד א פויגעל זיצען אויף א בוים, רופט ער דעם פויגעל, ער זאָל אראָבגעהן צו איהם. אָבער דער פויגעל לאָזט זיך נישט איבעררעדען.

— איך פערשטעה דאָך — מאכט ער — נאָכוואָס דו דארפסט מיך, ביזט אוודאי נעביך הונגעריג און עס שמעקט דיר מיין פלייש...

— חלילה! — ענטפערט דער פוקס מיט א פרומע מינע — האסטו דען נישט געהערט דאָס גרויסע נייעס? משיח איז דאָך שוין געקומען, עס איז שוין מקויים געוואָרען „וגר זאב עם כבש,״ איין בעשעפעניש דעם צווייטען טהוט מעהר קיין שלעכטס נישט און דו האסט דעריבער נישט וואָס מורא צו האָבען...

ביני לבינו, אזוי ווי זיי פיהרען צווישען זיךביידע דעם שמועס, דערהערט זיך אין וואלד א קול פון טראָמפייטען און א בילעריי פון הינט.

— וואָס איז דאָס דאָרט? — פרעגט דער פוקס דעם פויגעל — דו, שטעהענדיג אויפ׳ן בוים, זעהסטו דאָך פון ווייטען.

— עט, ס׳איז גאָרנישט — ענטפערט דער פויגעל — יעגער געהען מיט הינט...

— טאקי? — דערשרעקט זיך דער פוקס און גרייט זיך צו מאכען ויברח.

— וואָס אנטלויפסטו, וואָס? — פרעגט איהם דער פויגעל — משיח איז דאָך שוין געקומען, עס איז דאָך שוין מקוים געוואָרען „וגר זאב עם כבש״, איין בעשעפעניש דעם צווייטען טהוט מעהר קיין שלעכטס נישט, טאָ וואָס האָסטו מורא, וואָס?

— יאָ — ענטפערט דער פוקס און מאכט פיס — די צרה איז אָבער, וואָס די הינט, פערשטעהסט איהר מיך, די הינט גלויבען נישט אין ביאת־המשיח...

## אסרי לגפן עירה... (מט. יא.)

די שפע וועט זיין אזוי גרויס, אז מען וועט צובינדען דאָס אייזעל צום פרוכט־בוים און מען וועט נישט מקפיד זיין, וואָס ער וועט די גאנצע צייט שטעהן און עסען וויינ־טרויבען...

(אבן־עזרא)

## זבולון לחוף ימים ישכן... (מט. יג.)

כאָטש יששכר איז עלטער געווען פון זבולון און כאָטש יששכר האָט עוסק געווען אין תורה, און זבולון — אין משא־ומתן, ווערט דאָך זבולון פריהער דערמאָהנט אין די ברכות, סיי אין די ברכות פון יעקב׳ן און סיי אין די ברכות פון משה׳ן: דען דער, וואָס אונטערשטיצט און שפייזט מיט זיין ברויט דעם בן־תורה, שטעהט העכער, ווי דער בן־תורה זעלבסט, און ער איז זוכה צו ביידע וועלטען...

(זוהר)

## וירא מנוחה כי טוב... ויט שכמו לסבול... (מט. טו.)

אויב מען וויל האָבען מנוחה און לעבען רוהיג — דארף מען סבלנות׳דיג אראָב־בויגען די פלייצע און פון א סך עוולות אוועקקוקען און א סך זאכען פערשווייגען...

(רבי בונם מפשיסכע)

אנדערש, אויף א פערקעהרטען אופן, טייטשט דעמדאָזיגען פסוק רבי אייזיק סלאָנימער:

„ויט שכמו לסבול" — קוים הויבסטו־אָן ווערען לגבי ווּעמען נאָכגיביג, קוין ווייזטו ארויס סימנים פון שוואכקייט און הכנעה, דאן — „ויהי למס עובד", אזוי נעמן יענער גלייך רייטען אויף דיר...

## דן ידין עמו כאחד שבטי ישראל... (מט. טז.)

דער טאָג, אין וועלכען עס ווערט, אין די טעג פון ניסן, געלייענט די פרשה פון „נשיא לבני דן", אינ׳ם זעלבען טאָג געפאלט שטענדיג דער ערשטער טאָג ראש־השנה. אלס סימן צו געדענקען אינ׳ם דאָזיגען כלל ווייזט אָן רבי היים צאנזער אויפ׳ן דער־מאָהנטען פסוק: „דן — ידין עמו"...

## יהי דן נחש עלי דרך... (מט. יז.)

אויך די חז״ל גלייכען דעם תלמיד־חכם צו א נחש. „כל ת״ח שאינו נוקם ונוטר כנחש וכו׳".

דען דער נחש דארף צו קיינעם נישט אָנקומען, זיין שפייז און פרנסה איז ערד און ער איז דעריבער פון קיינעם נישט אָבהענגיג. אויך דער תלמיד־חכם דארף אין זיין האנדלונג נישט זיין אָבהענגיג פון קיינעם. זיין ראָליע אלס קנאי, אלס „נוקם ונוטר", ווי בכלל אלע מעשים זיינע דארפען שטאמען פון ריינער אינערליכער איבערצייגונג, אָהן זייטיגע פניות, נישט בכדי צו געפעלען און כדי יוצא צו זיין פאר וועמען עס איז...

(רבי יוסף נאַטאַנזאָהן)

## דן ידין עמו... לישועתך קויתי ד׳... (מט. טז. יח.)

יעדער דיין און מנהיג, וואס פערנעהמט זיך מיט קהל׳שע זאכען, נויטיגט זיך אין געטליכער הילף, אינ׳ם „לישועתך קויתי", ווייל על־פי־רוב זענען זיי ארומגערינגעלט מיט א סך שונאים...

(לוויט׳ן כלי־יקר)

## מאשר שמנה לחמו והוא יתן מעדני־מלך... (מט. כ.)

דאָס איז די העכסטע מדה פון צדקה און נדיבות. „מאשר שמנה לחמו", אליין איז ער א מסתפק־במועט, אליין בעגנוגענט ער זיך מיט ברויט; אָבער פאר יענעמס וועגען איז — „והוא יתן מעדני־מלך"...

(אלשיך)

פאראן אין תנ״ך דריי פסוקים צו זיבען ווערטער, אין וועלכע דאָס מיטעלסטע וואָרט איז „והוא": „מאשר שמנה לחמו והוא יתן מעדני־מלך"; „נדיב נדיבות יעץ והוא על נדיבות יקום"; „אלקים הבין דרכה והוא ידע את מקומה"... דאָס איז אנטקעגען די דריי מדרגות פון צדקה: ערשטענס, ער זאָל אליין געבען — „והוא יתן מעדני־מלך";

צוויטענס, ער זאָל ווירקען, אז אויך אנדערע זאָלען געבען — „ונדיב נדיבות יעץ"; דריטענס, עס זאָל זיין א מתן־בסתר — „אלקים הבין דרכה"...

(הנ"ל)

## נפתלי אילה שלוחה הנותן אמרי שפר... (מט. כא.)

אין אלע ענינים און מעשים איז נויטיג די מדה פון זריזות, פון געשיקטקייט און שנעלקייט. בלויז אין ריידען איז פערקעהרט, דארף מען זיך בעמיהען צו זיין געלאסען צו ריידען במתינות, קלאָר און דייטליך, נישט געכאפט, „נפתלי — אילה שלוחה", דאגעגען ביים ריידען איז ער געווען להיפוך — „הנותן אמרי שפר"...

(כפלים לתושיה)

## משם רועה אבן ישראל... (מט. כד.)

פון די אָהן א שיעור צרות און ליידען וועט ישראל פערוואנדעלט ווערען אין גלות צו א שטיין, וואס האָט נישט קיין שום הרגשה און עמפינדליכקייט, ווערענדיג שטים און פערהארטעוועט, אויפהערענדיג צו פיהלען די גרויזאמקייט פון זיין מצב, און וועגען דער דאָזיגער צייט האָט דער נביא געפונען פאר נויטיג צו טרייסטען אונז: „והסירותי את לב האבן מבשרכם ונתתי לכם לב בשר" (יחזקאל לו. כו.), און דאָס איז אויך דער זין פון די ווערטער: „משם רועה אבן ישראל", אז פאר משיח בן דוד וועט קומען פריהער משיח בן יוסף, וועלכער וועט דער ערשטער אָנהויבען אויפצווועקען און ארייצוגעבען א רוח־חיים אינ'ם „אבן ישראל", וועלכער וועט דאן עהנליך זיין צו א שטיין און זיך געפינען אינ'ם נידריגסטען מצב השפלות...

(לויטין רלב"ג)

## בנימין זאב יטרף... (מט. כז.)

אין מס' סוכה ווערט ערקלערט, אז דערפאר האָט מען פערמאכט דאָס פענסטערל פון „בית בלגה" (איינע פון די כ"ד משמרות כהונה), ווייל א טאָכטער פון דער דאָזיגער משפחה האָט זיך געשמד'ט און ווען זי איז אריין מיט די יונים אין היכל האָט זי אויסגעשריען צום מזבח: „לוקוס, לוקוס! עד מתי אתה מכלה ממונן של ישראל!" און דערפאר איז די גאנצע משפחה געקנס'ט געוואָרען, ווייל מען האָט אָנגענומען, דאָס מסתמא האָט זי געהערט פון די עלטערען, אז זיי רופען דעם מזבח „לוקוס", וואָלף...

און מערקווירדיג! מיט'ן זעלבען אויסדרוק וועגען מזבח בענוצען זיך דאָך די חז"ל גופא, ווי עס ווערט אויפ'ן דערמאָהנטען פסוק געזאָגט אין מדרש פון דער הייניגער סדרה: „ר' פנחס פתר קרייא במזבח, מה הזאב הזה חוטף ואוכל כך היה המזבח חוטף את הקרבנות, בבוקר יאכל עד — את הכבש האחד תעשה בבוקר, ולערב יחלק שלל —ואת הכבש השני תעשה בין הערבים" (בראשית רבה פ' צ"ט)... און אזוי ווערט אויך געזאָגט אין זוהר, אז דערפאר רופט זיך בנימין „זאב", ווייל אין זיין חלק האָט זיך געפונען דער מזבח, וואָס ווערט אָנגערופען „זאב"...

(דברי יואל)

## וזאת אשר דבר להם אביהם ויברך אותם... (מט. כח.)

„יכול שלא ברך לראובן שמעון ולוי ת״ל ויברך אותם, כלם במשמע״ (רש״י)

דערויף בעמערקט דער שפתי־חכמים: „לא מצאתי זה בשום מדרש״.

באמת אָבער איז עס א בפירושער מדרש אין מ״ד נשא פרשה י״ג: „א״ר אלעזר אעפ״י שבירך את השבטים האחרונים וקנתר לראשונים, אלא חזר ובירכם, שנאמר כל אלה שבטי ישראל שנים עשר וגו׳״...

(זאב בערענט)

## קברו אותי אל אבותי אל המערה וכו׳... (מט. כט.)

יעקב אָבינו האָט ווי פאָראויסגעזעהן, אז די מערת־המכפלה וועט אמאָל זיין א געגענשטאנד פאר אונאויפהערליכע סכסוכים און קריגערייען מצד די נישט־אידישע שכנים אין ארץ־ישראל, און ער האָט דעריבער געפונען פאר נויטיג צו געבען א גאנצע ריהע גענויע אָנווייזונגען, וועלכע זאָלען בעשטעטיגען די פולקאָמע, אבסאָלוטע אידישע רעכט אויף דערדאָזיגער מערה — און נעמליך: „קברו אותי אל אבותי אל המערה״... אָבער נישט אין איינער פון די פיעל אנדערע מערות, וועלכע געפינען זיך אויף יענעם פלאץ, נאָר — „אשר בשדה עפרון החתי״... היות אָבער, ווי עס זענען שוין פאָריבער זיעבצעהן יאָהר זינט יעקב האָט מיט זיין הויזגעזינד פערלאָזט ארץ־ישראל, און עס קאָן דאָך מעגליך זיין, אז במשך פון דער צייט האָט ווער פון עפרון׳ס יורשים זיך דאָרט בעזעצט און ער וועט טענה׳ן, אז דאָס איז זיין אייגענטום, וואָס איז צו איהם אריבער בירושה, זאָלט איהר דעריבער ווייזען א שטר־מכירה — „אשר קנה אברהם את השדה״... און וועלען די דאָרטיגע איינוואוינער אפשר טענה׳ן, אז דאָס איז געקויפט געוואָרען פון איינעם, וועלכער האָט נישט געהאט קיין רעכט אויף דער מכירה, זאָלט איהר זיי ערקלערען, אז דאָס איז געקויפט געוואָרען — „מאת עפרון החתי״, וועלכער איז געוועזען דער נשיא פונ׳ם לאנד... און וועלען זיי אפשר פרובען זאָגען, אז דער פלאַץ איז פערקויפט געוואָרען אויף צו בעארבייטען איהם, אָבער נישט אויף קיין בית־הקברות, זאָלט איהר זיי ווייזען, אז ס׳איז דייטליך איינגעשריבען — „לאחוזת קבר״... און וועלען זיי טענה׳ן אז די קניה איז אונגילטיג, ווייל די מערה איז די גאנצע צייט נישט בענוצט געוואָרען דורך איהרע נייע בעלי־בתים און ס׳איז דעריבער א קני׳ה אָהן חזקה, זאָלט איהר זיי דערויף אָנווייזען, אז — „שמה קברו את אברהם ואת שרה אשתו״... און וועלען די בני־ישמעאל קומען מיט א טענה, אז אויב אזוי, זענען זיי דאָך גלייכבערעכטיגטע יורשים, זאָלט איהר זיי ערקלערען, אז — „שמה קברו את יצחק ואת רבקה אשתו״, וואָס עס בעוויזט, אז די בני־ישמעאל האָבען אָבגעטרעטען זייער זכות צו די בני־יצחק... און וועלען אפשר די בני־עשו קומען מיט דערזעלבער ירושה־טענה, דען אויך זיי זענען דאָך פון די בני־יצחק, זאָלט איהר זיי אָנווייזען, אז — „ושמה קברתי את לאה״, אז דער זכות, אלזאָ, אויף דער מערה איז מיט׳ן הסכם פון די בני־עשו איבערגעגאנגען צו מיר... און וועלען די דאָרטיגע איינוואוינער נאָך אלץ זיך פרובען געגענשטעלען און טענה׳ן, אז עפרון, דער נשיא און תקיף, האָט פערקויפט דעם פלאַץ מיט דער מערה אָהן דער הסכמה און ווילען פון דער בעפעלקערונג, זאָלט איהר זיי אָנווייזען, אז — „מקנה השדה והמערה אשר בו מאת בני־חת״, אז די קניה איז דורכגעפיהרט געוואָרען במעמד כולם און אלע זענען דערמיט איינשטימיג געוועזען...

(מפרשים)

## ויגוע ויאסף אל עמיו... (מט. לג.)

„יעקב אָבינו לא מת וכו׳ מקיש הוא לזרעו, מה זרעו בחיים אַף הוא בחיים“ (תענית ה׳)

**אויפ׳ן פסוק „וישמע הדד מלך מצרים כי שכב דוד עם אבותיו“ זאָגען די חז״ל: „מפני מה נאמר שכיבה בדוד ומיתה ביואב, אלא משום דדוד הי׳ לו בנים כמותו נאמר בו שכיבה“, אז דער, וואָס לאָזט איבער נאָך זיך גוטע קינדער, ווערט נישט אָנגעווענדעט אויף איהם דער אויסדרוק „מיתה“, זיין לעבענס־פאָדים ווערט נישט איבערגעריסען און נישט אָבגעשטאָרבען, ווערענדיג ווייטער פאָרטגעזעצט דורך זיינע קינדער.**

**און דאָס איז דער זין: „יעקב אבינו לא מת וכו׳“, און דערפאר איז לא מת, ווייל „מקיש הוא לזרעו“, ער האָט איבערגעלאָזט קינדער וועלכע זענען אין זייערע מעשים געווען געגליכען צו איהם און „מה זרעו בחיים אף הוא בחיים“, מיט זיינע קינדער׳ס לעבען ווערט אויך זיין אייגען לעבען פאָרטגעזעצט...**

(מהר״ל)

**דאָס זעלבע זאָגען די חז״ל וועגען די צדיקים בכלל: „צדיקים במיתתן נקראו חיים ורשעים בחייהם נקראו מתים“ (ברכות י״ח).**

**און דאָס איז אויך דער זין פון די ווערטער, מיט וועלכע דוד המלך האָט זיך אויסגעדריקט: „לא ישבתי עם מתי שוא“, ער האָט זיך געהיטען נישט צו זיצען און נישט צו פערברענגען מיט קיין „מתי שוא“, מיט פאלשע מתים, מיט אזעלכע, וואָס צום עסען און צום טרינקען זענען זיי לעבעדיג, דאגעגען צום טהון א מצוה זענען זיי טויט, זענען זיי געגליכען צו מתים...**

(אגרא דפרקא)

רבי מרדכי זלאָטיפאלער פלעגט זאָגען:

**אז דאָס בעט איז א בעט — איז דאָס קבר א קבר, אָבער אז דאָס בעט איז קבר — איז דאָס קבר א בעט...**

## ויספדו שם מספד גדול וכבד מאד... (נ. י.)

„מספד גדול וכבד. תני, אפילו סוסים ואפילו חמורים“ (סוטה י״ג)

**עס ווערט וואהרשיינליך געמיינט דערמיט גאנץ איינפאך, אז אלס צייכען פון אלגעמיינעם טרויער זענען אינ׳ם דאָזיגען טאָג אויך די סוסים וחמורים געווען געהילט אין טרויער־צייכענס.**

(תורה תמימה)

## ויירא יושב הארץ... (נ. יא.)

„רבי אליעזר אומר איזוריהם התירו“ (ירושלמי סוטה פ״א)

**דאָס ארומנעהמען אויף זיך די גארטעל האָט געדיענט אלס צייכען פון מוט, ענערגיע, ווי מיר געפינען ביים סדר פון ברכות השחר: „כי אסר המיינה אומר ברוך אוזר ישראל בגבורה“ (ברכות ס׳). דאָס אויפבינדען די גארטלען איז ממילא געווען א סימן פון טרויער און מוטלאָזיגקייט...**

(תורה תמימה)

## אביך צוה לפני מותו לאמר וכו׳ אנא שא נא פשע אחיך... (נ. טז. יז)

וואו ווערט דען פריהער דערמאָהנט, אז יעקב זאָל האָבען געהייסען זיינע זיהן, זיי זאָלען בעטען יוסף׳ן, ער זאָל זיי מוחל זיין די זינד, וואָס זיי זענען געגען איהם בעגאנגען ?

באמת אָבער האָבען זיי נישט געדאַרפט וואַרטען, דער פאָטער זאָל זיי אָנזאָגען וועגען דעם. אויך אליין האָבען זיי גאנץ גוט פערשטאנען, אז אויב מען טהוט וועמען שלעכטס דאַרף מען איהם איבערבעטען. געווען זענען זיי אָבער אין ספק, צי דאַרף מען יענעם איבערבעטען אויך אין אזא פאַל, ווען פון דער רעה, וואָס מען האָט יענעם געוואָלט טהון, איז גאָר לסוף ארויסגעקומען א טובה ווי דאָ, ביי יוסף׳ן, וועלכען זיי האָבען פערקויפט פאַר .אנ׳עבד און ער איז דאַדורך עולה לגדולה געוואָרען אלס משנה למלך... אָבער בשעת זיי האָבען געזעהן, אז זייער פאָטער יעקב האָט פאַר׳ן טויט געבעטען מחילה ביי יוסף׳ן פאַרוואָס ער האָט קובר געווען זיין מוטער רחל אין מיטען וועג, הגם אויך דערפון איז שפעטער (ווען נבוזראדן האָט פערטריבען די אידען אין גלות אריין, און זיי זענען פאַרבייגעגאנגען רחל׳ס קבר וכו׳) ארויסגעקומען א טובה, איז זיי אלזא קלאָר געוואָרען, אז אויך אין אזא פאַל דאַרף מען יענעם מפייס זיין.

און דאָס איז דער פשט: „אביך צוה לפני מותו״, מיט זיין אויפפיהרונג פאַר׳ן טויט האָט אונז דער פאָטער געלערענט, אז עס ליעגט אויף אונז די פליכט פון „כה תאמרו ליוסף אנא שא נא פשע אחיך״, אז מיר דאַרפען דיך איבערבעטען פאַר די זינד, וואָס מיר זענען געגען דיר בעגאנגען, הגם עס איז דערפון ארויסגעקומען א טובה...

(רבי מאיר שפירא)

## ויאמר אליהם יוסף אל תיראו וכו׳ ואתם חשבתם עלי רעה אלקים חשבה לטובה... (נ. יט. כ.)

צוליעב וואָס האָט יוסף איצט, אין מאָמענט ווען ער האָט געטרייסט און בערוהיגט די ברידער, נויטיג געהאַט אויפצודעקען די אלטע וואונדען און זיי צו דערמאָהנען אינ׳ם „אתם חשבתם עלי רעה״ ?

נאָר אויך דאָס געהער צו דער בערוהיגונג. „אל תיראו״ — האָט ער זיי געטרייסט — איהר האָט פאַר מיר נישט וואָס מורא צו האָבען, וואָרום ווען איך זאָל אייך אפילו וועלען טהון שלעכטס, בין איך נישט ביכולת, דען „כי התחת אלקים אני״, איז דען א מענש אימשטאנד צו טהון א זאך אָהן דעם אויבערשטענס רצון ? א ראיה האָט איהר פון אייך זעלבסט: „ואתם חשבתם עלי רעה״ און פונדעסטוועגען — „אלקים חשבה לטובה״. ווען, אלזאָ, איך זאָל אפילו יאָ וועלען אויף אייך טראַכטען שלעכטס, וועט עס אויך השי״ת מהפך זיין לטובה...

(הכורם)

## ועתה אל תיראו אנכי אכלכל אתכם... (נ. כא.)

איהר דאַרפט נישט מורא האָבען, אז איך זאָל אייך מעניש זיין פאַר אייער האנדלונג געגען מיר, דען — „אנכי אכלכל אתכם״, און דאָס אליין וועט שוין זיין פאַר אייך א גענוג הארבע שטראָף, דען נישטאָ קיין גרעסערער עונש, ווי אז מען דאַרף אָנקומען צו א פרעמדען טיש...

(רבי יאָשע בער בריסקער)

## אנכי אכלכל אתכם... וינחם אותם וידבר על־לבם... (נ. כא.)

„אנכי אכלכל אתכם" אליין איז ווייניג; צוזאמען דערמיט דארף אויך זיין „וינחם אותם וידבר על־לבם", דארף מען דעם נצרך אויך זאָגען א פּאָר ווארימע ווערטער און איהם איינגעהמען און טרייסטען, דען „המצפּה לשלחן אחרים — עולם חשך בעדו"...

(בינה לעתים)

## וימת יוסף בן מאה ועשר שנים... (נ. כו.)

אין פּרקי דר' אליעזר ווערט געזאָגט: „על ששמע עשר פּעמים עבדך אבי ושתק ולא מיחה נתקצרו עשר משנות חייו".

פרעגט מען: מיר געפינען דאָך אין פּסוק נישט מעהר ווי פינף מאָל „עבדך אָבי"?

ערקלערט דערויף רבי וואָלף סטריקאָווער, אז די קשיא איז גאָר קיין קשיא נישט, וואָרום די תורה זאָגט דאָך בפירוש: „כי המליץ בינותם", אז יוסף האָט גערעדט מיט די ברידער דורך א מליץ; קומט דאָך אויס, אז נאָך יעדען מאָל, וואָס די ברידער האָבען געזאָגט „עבדך אָבי", האָט עס דער מליץ נאָכאמאָל איבערגעחזר'ט פאר יוספ'ן — וממילא האָט ער דאָך דעמדאָזיגען אויסדרוק געהערט גאנצע צעהן מאָל...

## ויקרבו ימי דוד למות ויצו את שלמה בנו לאמר אנכי הולך בדרך כל הארץ... (הפטרה, מלכים א. ב.)

וואָס איז דאָ דער זין פון וואָרט „לאמר"?

נאָר דער פּשט איז: „ויצו את שלמה בנו", פאָראויסזעהענדיג, אז זיין זוהן שלמה וועט לעבען אין אונגעוועהנליכער עשירות און לוקסוס, האָט ער איהם אָנגעזאָגט: „לאמר", אז ער זאָל שטענדיג אין זינען האָבען און ער זאָל שטענדיג זאָגען צו זיך: „אָנכי הולך בדרך כל האָרץ", ער זאָל געדענקען אינ'ם „לאָן אתה הולך", אינ'ם סוף כל האָדם...

(אפיקי יהודה)